ל. טרייסטער

# אַריבער די ברעגן

הויפּט־פאַרקויף
פאַרלאַג משה שמואל שקלאַרסקי
ניו־יאָרק — 1942

# קאַפּיטל איינס

פון גאַסן און געסלעך, וואָס מ׳האָט אין משך פון דורות געבויט און איבערגעבויט, האָבן זיך געצויגן מחנות מענטשן מיט קינדער, מיט פּעק אויף די הענט און זיך געלאָזט צו דער עק־שטאָטישער באַנגאַס. זיי האָבן זיך געצויגן, די דאָזיקע מענטשן, ווי סטאַדעס שאָף, וואָס קומען אַן פון אונטערוועגנס מיט הכנעה און פאַר׳חוש׳טקייט. זיי האָבן זיך געצויגן, ווי פאַרמאַטערטע וואָגלערס, וואָס אַ פאַרפּלייצונג האָט אויסגעוואָרצלט פון זייערע היימען.

באַלעגאָלעס, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער באַנגאַס, לעבן זייערע געשפּאַנען — דראָשקעס, אָמניבוסן, וועגענער — האָבן זיך אומגעדולדיק אַ ריר געטאָן און גענומען שרייען צו די אָנקומענדיקע מיט פאַריבעל און כעס:

— גיכער!

— וואָס גייט עץ אַזוי פּאַמעלעך?

— זיצט שוין אויף, זיצט שוין!

— צ׳וועט דאָך פאַרשפּעטיקן די באַן!

— זאָל מע שוין פאָרן, זאָל מע . . .

געוועז זענען די אָנקומענדיקע מענטשן — יידן: מענער און פרויען, אַלטע און יונגע; יידן, וואָס טייל פון זיי זענען געפאָרן קיין אַמעריקע, און טייל — פאַרטרויערטע, פאַרבענקטע — האָבן באַגלייט.

אויסגעמישט זענען געווען צווישן די וואַנדערער אַלערליי שטאַנדן. ס׳זענען געווען בעל־מלאכה׳ס, וועלכע האָבן געליטן פון בויקאָט, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק אויסגעבראָכן מכלומר׳שט דערפאַר, וואָס יידן האָבן געשטימט פאַר איינעם אַ יאַגעלאָ, אַ סאָציאַליסט, אַלס פּוילנס פאַרשטייער צו דער רוסישער דומע. ס׳זענען אויך געווען קליינקרעמער — נאַפט־פאַרקויפער, ליכט־ און הערינג־הענדלער — וועלכע האָבן זיך נישט געקענט האַלטן אויף די פיס איבער דער „ספּולקע", וואָס די אַנטיסעמיטן, די קולטור־פאַרשפּרייטער פון פּויליש־פּאַטריאָטישן קלוב

אין שטאָט, האָבן געעפנט. אויך זענען געווען פאַכטער, וואָס פּריצים, נאָכן צושטיין צו איינעם אַ צורר־היהודים, אַ פּויליש־נאַציאָנאַלן פירער, ראָמאַן דמאָווסקין, האָבן פאַרטריבן פון די הויפן. אויך יידן — מעקלערס, וואָס האָבן זיך אַמאָל געדרייט אַרום שליאַכטשיצעס צו טאָן אַ געוויס שליחות'ל . . .

ס'איז געווען אַ געגיי ווי אין אַ גירוש. מ'איז געגאַנגען צו צען אין דער ברייט, צו צוואַנציק. מ'איז געגאַנגען קרעכצנדיק, אָכצענדיק. מאַנסבילן האָבן געשריען אויף זייערע ווייבער, וואָס האָבן זיך גאָר־נישט געקענט אויסוויינען פאַר באַגלייטנדיקע שכנים, שכנות. פרויען האָבן געשריען אויף די מענער, וואָס האָבן נישט איינגעשטילט זיך רייסנדיק קליינוואַרג. קינדער האָבן געקלאָגט פון שרעק פאַרן טומל, וואָס זיי האָבן ס'ערשטע מאָל אין לעבן דערזען. ס'איז געווען אַ געפּילדער, אַ רעש, ווי מ'וואָלט נישט געהאַט קיין גענוג צייט צו געזעגענען זיך, ווי פון הינטן וואָלט אַ פייער נאָכגעיאָגט.

פון פענצטער אין הייזער האָבן אַרויסגעקוקט מענער, פרויען. טייל מיט חשק נאָכצוטאָן ס'זעלבע. טייל מיט רחמנות, וואָס איינ־געוואָרצלטע תושבים מוזן זיך זוכן נייע היימען. אויך זענען ביי די טרעפּ און טירן געשטאַנען מענטשן. מ'האָט געקוקט ווי מ'וואָלט איינגעזען, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען אַליין אויך זיין געצוואונגען נאָכצוטאָן ס'זעלבע.

עס איז געווען אַ זומערדיקער, הייסער אינדערפרי — אין תמוז.

---

צווישן אָט די יידן־וואַנדערער און באַגלייטער האָט זיך דורכ־געפּאַקט אַ הויכער ייד מיט אַן עטוואָס גראָלעכער באָרד, אַ ייד אַ ברייטפּלייציקער, מיט שאַרפע, גראָ־באַברעמטע, בלאָע אויגן. ער האָט געפירט הינטער זיך אַ גרופּע טרעגערס מיט לאָפּעטעס, מיט גראָב־אייזנס, מיט העק, און נישט אָפּגעשטעלט זיך אפילו אויף קיין איין ווייל צו זען, ווער ס'פאַרט אַוועק, ווער ס'פאַרלאָזט די קהילה אויף שטענדיק. ניין. ער איז נאָר געגאַנגען.

געווען איז ער — שמעון רימער, דער איבער פּופּציקיאָריקער שטאָט־באַלעבאָס, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק פּטור געוואָרן פון עגמת־נפש'ן, וואָס ר'האָט געהאַט איבער היזקות, איבער פאַרלוסטן אין הייף, וואו פּריצים, איבער אַ שטיק פּוילן, האָבן אים אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, און איז איצט געגאַנגען טאָן עפּעס אַנדערש.

ער וועט נישט גיין וואַנדערן אין פרעמדע לענדער, — טראַכט ער בעת'ן דורכפּאַקן זיך צווישן די פּאַרקלאַגטע מענטשן — ער וועט בלייבן דאָ. דאָ, וואו זיינע עלטער־זיידעס האָבן געמאַכט זייער היים, דאָ, וואו זיין פאָטער מענדל רימער, אַלעמאָל אַ פּראַצאַווניק אין פּריצישע הייף, איז אין אכצן הונדערט דריי־און־זעכציק, אין דער פּאָוסטאַניע קעגן מאָסקווע, געפאַלן אין אַ שלאַכט אויף אַ פעלד. ניין, — טראַכט ער פאַרביסן, שמעון רימער, בעת'ן אַהיימגיין מיט די טרעגער — ער וועט פון דאַנען נישט אַרויסוואַנדערן. מעג זיין ווי שלעכט! קיינער קאָן אים נישט רירן פון דאַנען. זאָל מען אים אפילו וויפיל מאָל נאָכשרייען אין די גאַסן „זשידזשע דאָ פּאַלעסטיני!" פּאַלעסטינע איז טאַקע אַ יידיש לאַנד, אָבער דאָ איז אויך נישט פרעמד. מיט יידיש לעבן, מיט יידיש בלוט איז דאָ איינס געוואָרן די ערד. זיין פאָטערס מצבה איז אַ באַווייז דערויף!

אַריינגעקומען אין קיך פון הויז, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיין פרוי פּערל, וואָס איז, ווי אַן איינגעדאַרטע הון, געזעסן אין אַ ווינקל ביים גלי־אויוון, און צו איר אויסגעשטרעקט אַ האַנט מיט אַ גראָ־הויטיקער, ברייטער דלאָניע:

— אַהער די שליסלען פון די קאַמערן...

פּערל, ווי אַן איבערגעוועקטע פון אַ שווערן שלאָף, האָט גענומען קוקן, ווי ער וואָלט זי געפרעגט וועגן אויסטערלישע יענע־וועלט־זאַכן.

שמעון האָט זי אָבער נישט געלאָזט גאַפּן. ער איז אַליין צו צו איר פאַרטוך־קעשענע, וואו זי האַלט די שליסלען, און האָט אַרויסגענומען אַ בינטל קלינגערס.

— קימיץ! — טוט ער אַ זאָג צו די באַבאַרדיקטע, שמייענדיקע טרעגער — ניש געבאַלעמוטשעט...

פּערל — אין אַ פּאַרקנאָדערטער קופּקע, מיט אַ פּאַרקנייטשטן פּנים — איז איצט אויפגעשטאַנען. זי האָט ראַפּטום אַ קוק געטאָן אויף דער טיר, דורך וועלכער שמעון און די עטלעכע טרעגער זענען אַרויס, און אַ ציטער געגעבן מיט די נאָז־פליגלען: וואָס גייט ער טאָן?... נאָך עטלעכע ווילעס האָט זי זיך אויסגעדרייט, דערזען אין צווייטן צימער, אין אויפנעם־צימער, ווי די עלטסטע טאָכטער, חוה, ליגט אויף דער קאַנאַפּע אַ פאַרוויינטע. זי איז אַריין און האָט זי אַרומגענומען, ווי בעת נויטיקן זיך אין הילף.

— דערבאַרעם זיך, חוה, — טוט זי גיך אַ זאָג — און גיב נאָר אַ קוק וואָס דער טאַטע טוט... דערבאַרעם זיך. ס'דאַכט זיך מיר

אז ער גייט צעלייגן די קאַמערן . . . יאָ, שוין עטלעכע טעג ווי ער רעדט עפּעס צו זיך פונוועגן די קאַמערן . . .

חוה — אַ פאַרוויינטע איבער אירע שידוכים, וואָס גייען אָפּ איינער נאָכן אַנדערן — האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס זען וואָס דער טאַטע טוט. אויך, אויב מעגלעך, זען אָפּהאַלטן אים פון דעם, וואָס ער גייט טאָן, ווארום קיין גוטס קאָן דערפון נישט אַרויס־קומען. צעלייגן די קאַמערן וויל ער איבער דער שכנ'טע, דער אַנטי־סעמיטישער גויע, וואָס שוין אַ לאַנגע צייט ווי זי זוכט זיך דורך „פּראָוועס" אויסריידן, אַז זי איז אַ שותפ'טע צו זיי. איז אָט גייט ער, דער פאָטער, אויף להכעיס צעלייגן אַלץ און זאָגן: נאַדיר, טריפה'נע קישקע . . . נישט מיר, נישט דיר . . . אַ סוף צו אַלע טענות . . .

---

אָבער אַזוי גיך ווי זי איז אַרויס, אַזוי גיך האָט זי זיך באַלד צוריקגעקערט. זי איז געבליבן שטיין פאַר דער מוטער מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן.

שמעון רימער איז אויך אַריינגעקומען. ער האָט גענומען קוקן אויף דעם ווייב, אויף דער טאָכטער און זיי פאַרשעריש באַטראַכט:

— וואָסי? וואָס האָט מע מיר געוואָלט נאָכלויפן? כ'האָב עמיצן באַגאַנוועט? כ'האָב איר, דער פאַרכוואַטער גויע, צוגענומען פּלאַץ? כ'האָב אין דר'ערד אירע פּראָוועס, איר דאָס־און־יענץ און גיי זעך מאַכן אַ גאַרבעריי . . . אַ גאַרבעריי אויף אויסצואַרבעטן סחורות ביליק. ניש צאָלן די סוחרים קאַ עקסטרע געלטער פאַר פעל און קענען אויפן מאַרק פאַרקויפן וואָלוועלער ווי די שנעקעס, די ערלים, וואָס האָבן קיינמאָל ניש געוויסט פון קאַ מלאכה, נאָר חזרים געפּאַשעט . . .

און נאָך עטלעכע ווייַלעס היצן זיך — אַראָפּגענומען זיך ס'כאַלאַטל, אַריינגעטראָגן עס אין צווייטן צימער. אָבער איידער וואָס און ווען — אויסגעדרייט זיך דאָרטן און אָהערגערעדט צו ווייב און טאָכטער, ווי אַז עפּעס וויכטיקס זיך דערמאָנט:

— וואו זענען די יינגען, וואו? . . . ניש געזען זיי? רופט זיי מיר! . . .

די יינגען־אַרבעטער, וואָס זענען געוועזן פאַרדונגען אויפן יאָר, האָבן שוין אַ לאַנגע צייט נישט געטאָן קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער

אריין. ווארים ווי נאר די הייף־ארבעט האט זיך אויסגעלאזט, איז שוין דא נישט געווען צו וואס זיך צו נעמען.

חוה האט זיך איצט געוואלט ארויסרירן פון דער קיך צו גיין נאך די יינגען. זי האט זיך משער געווען, אז זיי זענען ערגעץ אין דרויסן. אבער ווי נאר זי האט געשטעלט א פוס — האבן זיי זיך באוויזן.

איציק, מאיר׳ל, בערל, שיע, כאסקל — אלע פינף יינגען, וואס האלטן זיך שטענדיק צוזאמען, האבן זיך פאמעלעך, ווי ציילנדיק די טריט, אריינגעוואקלט אין דער קיך, גלייך זיי וואלטן נישט אריין דא אין הויז, נאר אין א שענק . . .

— וואו פאניעווייערעט עץ זעך ארום, וואו? — איז שמעון אהער פון דער צווייטער שטוב און זיי גענומען אנקוקן — צ׳ווייסט ניש אז מ׳דארף ענק אין ווארשטאט?

דער שלאנקער הויט־און־ביינִיקער בערל נעמט קוקן פאר׳חידוש׳ט: מ׳דארף אונדז אין ווארשטאט? צו וואס? . . .

— ס׳דאך נישטא וואס צו טאן! . . . — זאגט שיע און שארט זיך אוועק די רויטע טשופרינע פון די אויגן.

— און פרעסן ווילט עץ? — טוט שמעון מיט די כמורנע אויגן א בליץ.

שטיל. איינער קוקט אויפן אנדערן.

— געווען אויפן גאס . . . — זאגט דער שווארצאויגיקער איציק און זיין טריב, ערנסט פנים ווערט, אז פארדראס, גלייכגיל־טיק צו די דערוואַרטע נייע תרעומות פון באלעבאס.

— טוט ענק אויס די קורטקעס! — טוט שמעון א קאמאנדעווע מיטן וויזפינגער — און נעמט ענק העלפן די טרעגערס אין דער קאמער הינטערן הויז . . . ניש געשטאנען! מ׳גייט דא האבן אונדזער איינן אמעריקע . . . עץ הערט? . . . כ׳בין נאך ניש געשטארבן . . .

די יינגען האבן נישט געוואוסט וואס ער מיינט. אויף דער באנגאס האבן זיי געזען ווי ער לויפט אהיים מיט עטלעכע טרעגערס, וואס טראגן גראב־ און האק־מכשירים, אבער צו וואס — האבן זיי נישט געוואוסט. געהערט האבן זיי, מיט עטלעכע טעג צוריק, איז הויז, אז ער וועט נאך עפעס אפטאן דער גויע־שכנ׳טע אזא מעשה, אז זי וועט נישט וויסן וואו דער קאפ איז איר. אבער אז מ׳זאל דארפן טרעגערס צו אזא ארבעט, אויף דעם האבן זיי זיך נישט גערעכנט.

— נו, וואָס שטייט עס? — טוט שמעון נאָכאַמאָל אַ פרעג.

די ייִנגען האָבן זיך אַראָפּגענומען די רעקלעד, אַריינגעטראָגן זיי אין לעצטן שטיבל, וואָס איז אָן פענצטער, אָן אַ הילצערנעם דיל. און נאָך עטלעכע ווײַלעס צוריקגעקומען צו טאָן דאָס, וואָס דער באַלעבאָס האָט געהייסן. זיי זענען אַרוים הינטערן הויז.

שמעון האָט זיך איצט באַרואיקט, אָוועקגעזעצט זיך בײַם וואַרשטאַט־טיש, דאָ אין דער קיך, און אַ קוק געטאָן אויף חוה'ן.

— וואָס אַזוי פאַרווײנט, אַ? . . .

חוה האָט גאָרנישט געזאָגט. שטאָט זאָגן, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ הויכן כליפּ און איז אַריינגעלאָפן אין דריטן צימער, וואו ס'איז איר געלעגער.

שמעון האָט זיך איצט גענומען אַרומקוקן, ווי אַ צעדולטער. וואָס איז דאָס? — טראַכט ער — איז עפּעס דאָ געשען, ווען ער איז נישט געווען אין הויז? האָט געטראָפן עפּעס, וואָס מ'וויל פאַר אים נישט אויסזאָגן?

— וואָס איז דאָ אַזעלכעס? — טוט ער אַ בייזן קוק אויף דער צענויפגעקאָרטשעטער פרוי, וואָס באַהאַלט סודות פאַר אים — וואָס בין יעד גיש קאַ טאַטע? וואָס בין יעד דאָ אַ פרעמדער?

און אויפשטעלנדיק זיך — טוט ער אַ קוויטש, אַזש דאָס האַרץ רייסט זיך אים שיר־נישט אָפּ פון עגמת־נפש:

— וואָס עפּעס סודות?!

מחמת זיין אויפגערודערטקייט האָט פּערל, אין משך פון עטלעכע ווײַלעס, נאָך מער נישט געקענט רעדן. זי האָט זיך אָבער געצוואונגען צו באַרואיקן. איבערהויפּט דערפאַר, וואָס דאָקטוירים, ביי וועלכע זי איז לעצטנס געווען פונוועגן איר האַרץ, האָבן איר אָנגעזאָגט: ווי גאָט איז איר ליב . . . אימער זיך האַלטן רואיק. נישט קימערן זיך. נישט ווערן אויפגערעגט.

— ווילסטו כ'זאָל גיין פאַר דער צייט? — פרעגט זי אים מיט אַ קרעכצנדיקן הרוב'ן קול — טאַ, שריי זשע נאָך העכער . . . סי מיר שוין אַלצאיינס . . .

שמעון איז געוואָרן רואיקער. ער האָט זיך אפילו צוריק אָוועקגעזעצט. פונדעסטוועגן האָט ער אָבער מיט מער עקשנות געפּאָדערט, אַז זי זאָל אים זאָגן וואָס דאָ גייט אָן.

פּערל האָט נאָכגעגעבן.

— ווייסט דאָך, — זאָגט זי קרעכצנדיק — אַז זי, חוה, איז

שוין נישט קיין יונגע . . . מ'זאָלן דערלעבן, אין אַ דריי וואָכן אַרום, סוף תּמוז, ווערט זי איין־און־דרייסיק יאָר אַלט. ווילסטו, אַז זי זאָל זיך פילן גוט?

שמעון — אַ געפּלעפּטער — האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער איז איצט געזעסן מיט האַרץ־ווייטיק. נישט נאָר האָט ער געוואָלט חתונה־מאַכן די טאָכטער, נאָר ער האָט זי אויך אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט. דאָס האָט שטאַרקער געמאַכט די פּיין.

נישט לאַנג צוריק האָט ער געמיינט: אָט, אָט, עס וועט שוין זיין אַן אמת־לייטישער שידוך פאַר איר. דאָס איז געווען, ווען זי איז אַרומגעגאַנגען מיט איינעם אַ פּאָליטיש־אָהער־פאַרשיקטן פון ראַסיי, מיט שלמה'ן. אָבער איבער עפּעס אַ נישט־געראָטנקייט אין דער זאַך, איז ווידער אַלץ געוואָרן אויס.

נאָך עטלעכע מינוט זיצן אַזוי פאַרטרויערט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַריינגעקוקט אין דער דריטער שטוב:

— חוה! — טוט ער אַ רוף — כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדן . .

— וואָס רעדן? . . . טוט זיך פּערל אויך אַ שטעל אויף פון איר פּלאַץ ביים גלי־אייזן און נעמט קוקן אויף שמעון'ען.

— זאָל זי נאָר אַריינקומען . . . — טוט שמעון זי מבטל'דיק אַ מאַך אָוועק מיט דער האַנט און נעמט וואַרטן.

פּערל האָט אָבער אים נישט געלאָזט רואיק וואַרטן און ווייטער געפרעגט:

— מיינסטו אפשר דאָס זעלבע וואָס זי?

— וואָס זי?

פּערל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מורא געהאַט, אַז ס'וועט אויפּסניי ווערן אַ רעש איבער איר האַלטן דעם סוד, האָט זי גענומען דערקלערן.

— זי וויל פאָרן קיין אַמעריקע . . .

שמעון איז געוואָרן אָנגעצונדן:

— קאַן אַמעריקע?!

און אַן שהיות זיך געלאָזט אין דער דריטער שטוב, וואו חוה איז געלעגן אויפן געלעגער.

— וואָס הער'ך עפּעס „קאַן אַמעריקע"!! — טוט ער צו איר אַ געשריי — ווי אַלע האַלידראַנצעס? . . . ווי אַלע קרוע־בלוע? . . . אַ? . . . ביי מיר שטייט מע דאָ!!

און דערפילט ווי דאָס ליב ווערט אים פון כעס עפּעס איינגע־

שרומפּן, בלויז הויט אוןביינער, כאַפּט ער זיך גיך אַן ביי די הויזן, נעמט איבערדוקן די ספּראַנזשקע אויף אַ לעבל, צוויי, דריי קירצער און רעדט אַראָפּ צו דער טאַכטער, ווי אַ טיף באַליידיקטער:

— הם . . . אַמעריקע . . . גאָר פאָרן קאָן אַמעריקע . . .

און נאָך עטלעכע ווײַלעס — מיט אַ שטיל, זיך ברעכנדיק קול:

— אַזאַ ווי דו דאַרף ניש פאָרן קאָן אַמעריקע . . . זאָרג זעך ניש . . . וועסט נאָך וויסן, אַז ביסט ניש קאַ פאַרלוירענע . . . האָב ביטחון . . .

בעת'ן רעדן דערטראָגן זיך רעש'ן און געוואַלדן פון דרויסן, דער באַנגאַס:

— זייט געזונט, ר' שמעון!

— זייט געזונט, פערל!!

אין דרויסן זענען איצט פאַרבייגעפאָרן די באַלעגאָלישע דראָש־קעס, אָמניבוסן, וועגעלעך, וואו ס'זענען געזעסן די יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט מיט ווייב און קינדער קיין אַמעריקע.

פערל, וואָס איז דאָ פריער שמעונ'ען נאָכגעקומען, טרויערנדיק איבער דער טאָכטערס שלעכטן מזל און בכלל איבער דער גאַנצער דאָליע אין הויז, האָט זיך איצט אַ ריר געטאָן. זי איז צו צום אָפענעם פענצטער, ביי וועלכן שמעון איז געשטאַנען, און האָט גענומען אַרויס־פאָכן מיט אַ הענטל:

— זייט געזונט, מיינע ליבע יידישע קינדער . . . זייט געזונט . . . האָט אַ גוטע רייזע . . . זייט מצליח . . .

שמעון, אָבער, האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז אויפגע־הויבן אַ האַנט, געמאַכט רינגעלעך מיט די פינגער און צו זיך געברומט:

— ביי מיר וועט דאָ זיין אַמעריקע . . . אָט־אָ — דאָ . . .

אָפּגעקומען דאָס „נאָכווינטשן", האָט ער זיך אָוועקגערירט פונם פענצטער און זיך אַרויסגעלאָזט פון צימער. ער איז געגאַנגען אַרום הינטערן הויז צו זען ווי די טרעגער און יינגען האַלטן מיטן גראָבן גריבער פאַר פעסער, וואו ער וועט קישען פעל, אויסאַרבעטן פון זיי רימערישע סחורות, כדי צו קענען אויפן מאַרק קאָנקורירן מיט די גויאישע ניי־אויפגעקומענע רימאַרעס.

# קאַפּיטל צוויי

אויפדערנאַכט.

אין אויפנעם־צימער איז געווען זייער ליכטיק. דער בליצלאָמפּ, וואָס העגנגט אַראָפּ פון סופיט אויף באַגילדעטע קייטלעך איבערן טיש, איז געווען אָנגעצונדן, ווי אויף שבת, אויף יום־טוב.ביים טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך, זענען געזעסן: שמעון, די זייער גאָט־פאַרכטיקע פּערל און אַ גאַסט.

אַ זייער חשובער גאַסט איז ער געווען. זיין אַריינקומען האָט כמעט אַלעמען אין הויז אויף די פיס געשטעלט, געמאַכט נייגעריק. געווען איז ער — דער גוט באַקאַנטער אין שטאָט, יאַקל „זאַנב". דעם צונאָמען „זאַנב" האָט מען אים געגעבן דערפאַר, ווייל איין פאָדערש־טער צאָן אין דער אויבערשטער ריי ציין האָט אים אַרויסגעסטאַרטשעט איבער דער אונטערשטער ליפּ.

— איר זעט מיך? — האָט אָט־דער צאָן אָנגעהאַלטן אַן אייביקע זעלבסט־פאַרענטפערונג — כ'בין נישט געקומען אויף דער וועלט מיט שיינקייט, אָבער דערפאַר מיט ערלעכקייט . . . געדענקט עס! . . .

געווען איז ער, דער יאַקל זאַנב, אַ הויכער, אַ מאָגערער. אָנגעטאָן אין אַ פאַרפעצטן היטל, אין אַן אָפּגעבלאַקירטן, שעוויעטענעם, גרינעם כאַלאַטל, אין הויזן, וואו איין לאַטע איז געווען אין שכנות מיט אַן אַנדערער, און אין שטיוול, וואָס די כאַלעוועס זייערע זענען פון אַלט־קייט שוין געווען ציגל־רויט.

זיין איז ער, דער דאָזיקער קנאַפּע־פּופּציקיאַריקער יאַקל זאַנב, אַ רויפעל־סוחר און אַ שדכן. אַ שדכן פון יענע שדכנים, ביי וועמען שדכנות איז נישט קיין פרנסה, נאָר אַ מעשים־טובים־טעטיקייט — צו טאָן אַ באַקאַנטן, אָדער סתם אַ ייד אַ טובה. איי, ס'מאַכט זיך אַמאָל אויך אַ פּאָר קערבלעך? דאָס איז זיך אַ באַזונדער ענין. דער עיקר שבעיקרים — עס אַרט אים נישט ווען דאָס שדכנות־געלט לאָזט

זיך אפילו אין גאַנצן אויס, אַבי דער שידוך איז אַרויף אויפֿן גלייכן וועג.

אַט פֿונוועגן אַזאַ נישט פּרנסה׳דיקן ענין איז ער דאָס אויך איצטער דאָ, ביי שמעון רימער אין הויז, און טראַכט נישט מכוח וויפֿל עס קאָן אים אַרויסקומען דערפֿון, נאָר וועגן תוך זעלבסט: וועגן אַ שידוך.

געקומען דערצו איז עס אַזוי:

היינט, פֿאַר אָוונט, בעת מנחה אין בית־מדרש, שטייט ער אַזוי, יאָקל, ביי מזרח־וואַנט, צווישן אַ לאַנגער ריי אַנדערע חשוב׳ע לייט, האַלט זיך אַ האַנט אויף די אויגן און שאָקלט זיך בעת זאָגן קרבנות. ער שאָקלט זיך פֿאַר׳דביקות׳ט, שאָקלט זיך פֿאַר׳ייאוש׳ט, מחמת שלעכטע קלאַנגען, וואָס הערן זיך יעדן טאָג, קלאַנגען וועגן מלחמה, וועגן שונאי־ישראל. אויך איז ער פֿאַרזאָרגט וועגן סתם אַזוי נישט גוטע סך־הכול׳ען פֿון די אייגענע געשעפֿטן. אָבער בעת דעם דערפֿילט ער אויף זיך אַ האַנט און דרייט זיך אויס.

— שמעון?

— יאָ.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, — קורץ, נאָך „עלינו לשבח" איז מען דאָ אַראָפּגעקומען און אַט זיצט מען ביים טיש און מ׳רעדט.

דאָ אין אויפֿנעם־צימער איז אויך דאָ חוה, די פֿאַרצאַגטע, עלטסטע טאָכטער, מיטן פֿאַרפֿלאָכטענעם, אַש־קאָלירטן קוגעלע אויפֿן קאַרק־גריבל. אָבער זי זיצט אין אַ זייט, אין אַ ווינקל פֿון דער קאַנאַפּע. א ין אַ ווינקל — מעשה געפֿאַלנקייט פֿארן חשוב׳ן גאַסט, וואָס האָט נישט גערן צו רעדן מיט אַ נישט־פֿאַרהייראַטער, דערצו נאָך אַ פֿרעמדער. זי איז געזעסן פֿאַרצאַגט און האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּ.

וואָס דאָ גייט אָן האָט מען אָבער אין קיך נישט געוואוסט. מ׳האָט נאָר געהערט אַ שעפּטשען.

איידער יאָקל זאַנב איז אַריין אַהער אין אויפֿנעם־צימער, האָט מען זיך דאָרטן פֿאַרגאַפֿט אַנגעקוקט און געפֿרעגט: צו וואָס? נאָך וואָס? פֿונדעסטוועגן איז מען אויך איצט אַלצאיינס ווי פֿאַר אַ רעטעניש, כאָטש ס׳איז שוין אַ היבש שטיקל צייט אַוועק זינט דעמאָלט.

---

אין דער קיך איז געזעסן דאָס גאַנצע יונגוואַרג.

עס איז געזעסן פֿייגע, די צווייטע, נישט־חתונה־געהאַטע טאָכטער. גיטל — די דריטע, נישט־חתונה־געהאַטע. אויך שרה׳לע, די יינגסטע,

וואָס איז שוין אין אַכצנטן יאָר. חוץ זיי — אויך די פינף ייִנגען־אַרבעטער: איציק, מאיר'ל, בערל, שיע, און כאַסקל.

אַלע אַכט זענען געזעסן ביים מיינסטער־טיש און האָבן שטאַרק באַגערט צו וויסן, וועגן וואָס מ'עוסק'ט זיך דאָרטן אין צווייטן צימער.

איז עס וועגן אַ שידוך, — טראַכטן זיי — איז אַן עבירה חתונה צו האָבן אויף בלייבן דאָ אין לאַנד. ווייל צו וואָס? אויף גאָר נישט טאָן? מיט וואָס וועט ער זיך פאַרנעמען, דער חתן? מיט זאַכן, וואָס ווערן בויקאָטירט? קורץ און סך־הכול'דיק: אַן עבירה!

זאָל עס אפשר זיין וועגן פעל, ס'הייסט רויע פעל, וואָס מ'גרייט שוין צו פאַר זיי גריבער, פעסער אין אַ קאַמער הינטערן הויז? אויך אַן עבירה, ווייל פאַר וועמען? פאַר די בויקאָטירער, וואָס העצן און רופן, נישט צו קויפן ביי יידן? דער פאַטער, דער באַלעבאָס, איז געוויס אַראָפּ פון זינען... נישט אַנדערש. וואָרום ווי קען מען דאָס דערקלערן?

— יאָך זאָג, — טוט זיך שרה'לע אַ פאָר אַדורך מיט אַ הענטל איבערן קאָפּ שוואַרצע האָר, און די אייגעלעך, ווי ביי אַ פאַרזיכטיק העזל, פליען רעכטס און לינקס — יאָך זאָג, מע דאַרף ניש חתונה האָבן אויף צו בלייבן דאָ... ניין. בעסער צו פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ...

— און מיין שכל זאָגט מיר, — רופט זיך אָן די געלאַסענע, זייער פיל טראַכטנדיקע פייגע, ביי וועמען דאָס פּוכקע, תאווה־וועקנ־דיקע פּנים ווערט בלייך, טריב — מ'דאַרף שוין טראַכטן וועגן אַוועק. וואָס, מאָרגן וועט דען זיין בעסער ווי נעכטן, ווי היינט?...

— ווען יעדער האָב אויף הוצאות, פאָר יעדער שוין היינט... — זאָגט זיך שטיל און האָפנונגלאָז דער הויכער, טויט־פּנים'דיקער בערל.

— מ'זאָגט יאַקאָש, אַז קאַ אַרגענטינע קאָסט אַ היבש ביסל וואַלוועלער ווי קאַ נעוויאָרק... זיצט האַלב פאַרחלומט דער קליי־נינקער מאיר'ל, וואָס איבער זיין פעטקייט זעט ער אויס קלענער ווי ר'איז — מ'דאַרף אויך קאַ געלט נישט אויפווייזן.

— מ'דאַרף פאָרן וואו ס'איז בעסער... — קוקט אַן איטלעכן אייגעם דער מיינסטנס שווייגנדיקער, מיטל־וואוקסיקער איציק, ביי וועמען עס בליצט אַרויס אַ קלוגשאַפט פון די שוואַרצע אויגן.

— ריכטיק!... — טוט די געלאַסענע, בלאָנדע פייגע האַסטיס אַ וואָרף מיט די ברייטע אַקסלען — סי צו דער זאַך... מ'דאַרף פאָרן קאַ ניו יאָרק, קאַ אַרגענטינע... מ'דאַרף פאָרן!... פאָרן וואו ס'לאָזט זיך, אַבי אַוועק פון גהינום דאָ אין לאַנד...

אבער אינדעם האָט זיך דערהערט אַ קוויטש „ווער פּאַרן? וואו פּאַרן?! — אזש ס'האָט זיך געדאַכט, דער סופיט איז אַראָפּגעפאַלן.

ווען מען איז צו זיך געקומען, האָט מען געזען שטיין אין מיטן קיך דעם טאַטן און באַלעבאָס, שמעון רימער, וואָס האָט געקוקט אויף די טעכטער, ווי נישט אָפּצוקומען בלויז מיטן קוויטש.

— יעד וועל ענק געבן אַ פּאַרן, יעד . . . — האָט ער צו זיי געצאַרנט — עך מיינט, צ'זענט הפקר, זענט עך? האַלעדריגעם? ביי מיר וועט עך ניש נאָכטאַנצן קאַ מאַדעס, ביי מיר . . . און לאָמיך מער קאַ פּיפּס ניש הערן וועגן פּאַרן, צ'הערט? . . .

הינטער אים, שמעונ'ען, איז געשטאַנען יאָקל זאַנב. ער האָט געהאַלטן די הענט אויף הינטן, מעשה רואיקייט, פאַרשטענדיקער מענטש, און געקוקט.

די טעכטער, אויך די אַרבעטער, האָבן געשוויגן. זיי האָבן געהאַט צו זאָגן אַ סך. אין קורצן: אַז זיי האָבן דאָ סיי־ווי־סיי גאָרנישט וואָס צו טאָן. זיי האָבן אָבער גאָרנישט נישט געזאָגט, נאָר געהערט.

— גייט נאָך מאַרקלען . . .

מיט דעם „גייט", וואָס ער, שמעון, האָט געזאָגט, האָט ער נישט געמיינט אַלע. ער האָט נאָר געמיינט, אַז עמעצער פון דער גאַנצער כנופיא זאָל זיך אַ ריר טאָן און גיין נאָך דעם זון מאַרקל.

איציק, דער אָנגעזעענסטער אַרבעטער דאָ, האָט זיך באַלד אויפ־געשטעלט און איז אַרויס פון דער קיך.

איצט איז אויך אַרויס יאָקל זאַנב. שמעון, אָבער, האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר און פון דאָרטן נאָכגערעדט אין פירהויז אַריין:

— מאָרגן וועסטו מיר קימען געבן תשובה. אַ? . . . האָב יעד זעד צו רעכטן? . . .

פון דרויסן, וואו יאָקל זאַנב איז שוין געווען, האָט זיך געהערט אַ פאַרלייכטערטע קול:

— אַז כ'זאָג אויף מיין נאמנות, מעגסטו האָבן אמונה אין מיר . . .

---

אין עטלעכע מינוט אַרום איז פון דרויסן אַריינגעקומען אַ ביי־נערדיקער, עטלעך־און־דרייסיק יאַריקער, שפלות'דיקער מאַן, מיט שי־טערע שוואַרצע הערלעך אויף די מאָגערע באַקן, אויף דער גאָמבע, און האָט זיך געשטעלט דאָ אין דער קיך.

געווען איז ער שמעונ'ס און פּערלס איינציקער זון, מאַרקל.

מארקל איז דא, זינט א שטיק צייט צוריק, אויך אן ארבעטער. אבער אויף אנדערע תנאים, ווי די יינגען. די יינגען־ארבעטער זענען געווען אויפן יאר, פאר א קליינעם געהאלט. ער אבער — אויף וואכן־שכירות: דריי רובל א וואך. מ'האט אים טאקע דערפאר גערופן:

— דער וואכן־מענטש.

אפילו די פרוי זיינע, בלומע, האט זיך אזוי באצייכנט:

— כ'בין דאך א וואכן־מענטש! . . .

אז מ'האט אים, מארקלען, אין צייט נישט געגעבן די שכירות, איז זי, בלומע, איינס־צוויי דא אריין מיט א געוואלד צו שווער און שוויגער און האט זיך גענומען קלאפן אין הארץ אריין:

— כ'בין דאך א וואכן־מענטש! . . . וואס מיינט איר וואס, יעד בין א יאר־מענטש? יעד בין נישט קיין יאר־מענטש, נאר א וואכן־מענטש בין יעד! . . .

פערל, די תמיד פארקלאגטע, דאך רואיקע, וואס האט זעלטן־ווען א שלעכט ווארט ארויסגעזאגט אויף עמעצן, האט אבער איטלעכס מאל ביי אזא געלעגנהייט מיט דער שנור, וואס לאזט זיך נישט שפייען אין דער קאשע אריין, א שטאך איר געגעבן:

— וואס דען? כ'זאג דען אמאל אז דו ביסט א „יאר"־מענטש? כ'האב אלעמאל געזאגט און וועל זאגן, אז דו ביסט א „וואך"־מענטש...

געמיינט האט זי דערמיט: ווען מ'זאל זי פרעגן, וואלט זי גע־זאגט: נישט נאר קיין „וואך"־מענטש איז זי נישט, די שנור, נאר אין גאנצן קיין מענטש נישט . . .

מארקלען אבער איז סיי־ווי־סיי קיינמאל נישט באקומען די עטלעכע רובל. ווארום ווער — ווער, ער האט נישט ליב צו נעמען קיין געלט פאר גארנישט. ער זאגט ס'רוב מאל: „אויב א מענטש ארבעט נישט, דארף ער נישט נעמען קיין געהאלט". און ווער ווייסט נאך אזוי ווי ער, אז זיין ארבעט איז נישט ווערט דאס, וואס ער נעמט? עס גייען אוועק וואכן, חדשים און ער טוט נישט די האנט אין קאלטן וואסער אריין. קאן ער נאך נעמען געלט, וואס קומט אים נישט? זאל ער נאך האבן א יהדות? . . . נייז, ווען דער־טאטע זאל אים נישט נייטן, ממש צווינגען, וואלט ער בעסער געוואלט אויסגיין פון הונגער, אבי נישט נעמען קיין נישט־פארדינטע געלט. ער קאן נישט לעבן אויף נדבות!

אט דערפאר גייט ער שטענדיק ארום א דערשלאגענער, קוקט

אויף מענטשן אַ דערשלאָגענער, און רעדט מיט מענטשן אַ געפּאַלענער
בײַ זיך. איבערהויפּט זעט ער אויס שפּלות'דיק, ווען ער קומט אַרײַן
דאַ, צו זײַנע עלטערן אין הויז. אַט אַזאַ נאַטור האָט ער. ער קאָן
נישט לעבן אויף עמעצנס גאָב.

דער פאָטער שמעון, וואָס איז שוין געווען אין דער צווייטער
שטוב, האָט אים אָבער באַלד אַהינגערופן.

מאַרקל איז אַרײַן. ער האָט זיך אומגעקוקט — ווער ס'איז דאָ.
געזען די מאַמע, חוה. בײדע זענען געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, וואָס
איז שוין זינט יאָרן נישט איבערגעצויגן געוואָרן, און האָבן עפּעס יאָ
געשמועסט און עפּעס נישט.

שמעון האָט זיך געזעצט.

מאַרקל — אויך.

שמעון האָט זיך איצט מיט בײדע הענט אָנגענומען בײַ דער
באָרד און געקוקט אויפן זון, ווי ער וואָלט אים געוואָלט חוקר־ודורש
זײַן. זאָל ער אים זאָגן, טראַכט ער, אַלץ וואָס ער האָט דאָ גערעדט
מיט יאָקל זאַנב, וואָלט עס פּאַרנומען צו־לאַנג. זאָל ער אים אָבער
נישט זאָגן, וועט ער, מאַרקל, נישט האָבן קיין השגה וועגן וואָס עס
גייט. הכלל, ער וועט אים פרעגן פּשוט וועגן דעם, וואָס עס גייט אים,
שמעונ'ען, מײנסטנס אָן. נישט וויכטיק יאָקל זאַנבס מיינונגען. וויכטיק
איז דאָס, וואָס ער, מאַרקל, זאָגט. און מיט אים, דעם זון, וויל ער
זיך דאָס טאַקע שואל־עצה זײַן. ס'האַנדלט זיך נישט וועגן קיין כ'ווייס־
וואָס, אַ געשעפט־זאַך, כאָטש וועגן דעם וועט אויך אויסקומען צו רעדן.
ס'האַנדלט זיך קודם־כל וועגן אַ לעבן־זאַך. בקיצור, ער האָט אַראָפּגע־
נומען די האַנט פון דער באָרד, אַוועקגעלייגט זי אויפן טיש און בעת'ן
רעדן געקוקט זיך אויף די פינגער־נעגל, גלײַך ווי ער וואָלט גערעדט
אגב־אורחא'דיק.

— איז וואָס זאָגסטו, מאַרקל? — פרעגט ער אים נאָך עטלעכע
מינוט, ווי צילנדיק צום עיקר — איז דאָס דיר געפעלן, וואָס כ'האָב
דיר געזאָגט?

— וועגן וואָס מײנסטו? וועגן שידוך, צי וועגן בחור?

— וואָס אַ חילוק?

בײַ מאַרקלען איז שוין גאָר אַ חילוק. גייט עס בלויז אין משדך
זײַן זיך, כדי צו פאַר'קנס'ן די שוועסטער, ווײַל זי איז שוין נישט יונג,
איז גאָר נישט קיין שאלה: יאָ גוט, נישט גוט. ווען ס'גייט אָבער וועגן
דעם, מיט וועמען מ'גייט לעבן, בויען אַ וועלט, איז שוין גאָר אַ גרויסער

חילוק. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געוואָלט אַוועקזעצן שפּאַרן מיטן פאָטער, ווייל נישט דער קאָפּ איז אים דערצו און נישט דאָס געמיט, האָט ער בלויז געזאָגט: „סי גוט", וואָס ביים פאָטער מיינט עס סיי אויפן שידוך און סיי אויפן בחור. נאָכדעם האָט ער אָבער צוגעגעבן אַזעלכעס, וואָס אים, מאַרקלען, פאַראינטערעסירט עס לעצטנס טאָג און נאַכט.

— כ'וויים אָבער ניש וואָס זיי, דאָס פאַר־פאָלק, וועלן טאָן נאָך דער חתונה . . . וואָלט ניש בעסער געווען אַז זיי זאָלן באַלד נאָך דער חתונה אַוועק?

שמעון האָט זיך איצט אויפגעשטעלט מיט האַסט:

— וואַ־אַ־אָ־ם? דו רעדסט שוין אויכעט וועגן אַוועק?!

— אַוודאי . . . — זאָגט מאַרקל און שטעלט זיך, פון שרעק, אויך אויף — וואָס דען? . . . און יעד ווייל דען ניש אַוועק? כ'קאָן דען וואָר־אייז, וואָר־אויס נעמען שכירות ווי נדבות . . . אַנטלייי מיר ליבערשט געלט אויף אַ שיפקאַרטע, וועל'ך זיך בעסער פילן . . .

שמעון איז שוין איצטער אין גאַנצן אַרויס פון די כלים. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מ'האָט זיך אויף אים אַזוי אָנגעלייגט מיט דעם „אַוועק". ער האָט געטאָן אַ באָנץ אינם טיש און, אַז איינגע־בויגענער, די פויסט פאַרקוועטשט, אָנגעקוקט זיך מיט איטלעכן איינעם: דאָ מיטן ווייב פערלען, דאָ מיט דער טאָכטער חוהן און דאָ מיט זון מאַרקלען.

— וואָסאַראַ מגפה איז דאָ אַריין? — רעדט ער שוין הייזעריק און זייער שטאַרק אָפּגעשוואַכט — איז אַ דיבוק אין ענק אַלעמען אַריין? . . . וואָס האָט מען זיך עפּעס גענומען רעדן וועגן אַנטלויפן? וואָס איז דאָ? איז שוין דאָ אַלץ אָפּגעשטאָרבן, טויט? איז שוין דאָ גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן? . . . הערט אויף רעדן וועגן „אַוועק", וואָרים כ'וועל ניש גאַראַנטירן פאַר זיך ווען כ'וועל אַריין אין כעס . . .

אַלע אַנדערע האָבן זיך איצט איבערגעקוקט. קיינער האָט נישט געוואָלט רעדן.

אויך פון דער קיך האָבן איצטער זייטיק, ווי בגנבה, אַהערגעקוקט די טעכטער און די פינף ייִנגען־אַרבעטער. זיי האָבן אָבער מייסטנס געקוקט אויף מאַרקלען און געטראַכט באַדויערנדיק:

— מיר האָבן שוין דאָס דורכגעמאַכט . . . אַצינד גייסטו עס אַדורך . . .

מאַרקל האָט נישט געוואוסט, צי ער דאַרף זיך נאָך איצט אַנידער־

זעצן. די סיבה: איטלעך מאָל, ווען דער פאָטער צע׳כעס׳ט זיך, קען מען שוין נאָכדעם מער נישט רעדן. פשוט — מ׳קאָן נישט . . .

אָבער פאַרקערט ווי אַנדערע מאָל האָט דער פאָטער זיך יאָ באַלד באַרואיקט און אים, מאַרקלען, אַ וויז געטאָן אויף דער שטול:

— זעץ זיך . . .

מאַרקל האָט זיך געזעצט.

# קאַפּיטל דריי

אויפֿן מאַרק־טראָטואַר, פֿאַרביי דעם יידישן ביכער־ און ספֿרים־געשעפֿט, איז זייער פֿאַרשמייעט געגאַנגען יאָקל זאַנב און האָט שווער אַריינגעאַרבעט אין אַ יונגענמאַן.

עס איז געווען אין מיטן טאָג. איבערן גאַנצן מאַרק זענען געשטאַנען פּריצישע געשפּאַנען. ברימשקעס זענען געווען אויסגעמישט מיט קאַרעטעס, קאַטשן מיט אָפֿענע זומער־דראָשקעלעך. עס איז געווען ענג ווי אויף אַ יאַריד. טייל פֿערד, גוט אויסגעפּאַשעטע און שיין אויסגעבאַרשטע, האָבן זיך אונטערגעהויבן דיבאָם, אַ יאָג געטאָן מיט די פֿאָדערשטע פֿיס אין לופֿטן, אַזש די עלעגאַנט־אוניפֿאָרמירטע קוטשערס, וואָס ווערן אין הויף בעסער באַהאַנדלט ווי אַנדערע פּאַראָבקעס, זענען שיר נישט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די גוזעסלעך, וואו זיי זענען געזעסן. טייל פֿערד זענען בכלל נישט איינגעשטאַנען. זיי האָבן זיך געדרייט אויף רעכטס, אויף לינקס. זיי האָבן מיט זייערע באַוועגונגען פֿאַרשפּרייט אַזאַ אומרו איבער אַלע פֿערד אין מאַרק, גלייך זיי וואָלטן עפּעס פֿאַרלאַנגט און געהאַט פֿאַרדראָס וואָס זיי קענען עס נישט אויסדריקן מיט זייערע שטומע צינגער. די געשפּאַנען האָבן זיך געוואָרפֿן ווי אָפּגעריסענע פֿלויטן אין אַ ווינט.

געווען איז דער דאָזיקער אָנפֿאַר, מחמת די איינגנטימער פֿון די געשפּאַנען, די פּריצים, וואָס האָבן הייף אין דעם געגענט, זענען זיך צונויפֿגעקומען אויף אַ סעסיע, וואָס די צורר־היהודים'דיקע פֿירער פֿון פּויליש־פּאַטריאָטישן קלוב אין שטאָט האָבן פֿאַררופֿן אויף הײַנט. איז אָט זיצן זיי, די פּריצים, אין איינעם פֿון די קלוב־צימערן, וואָס איבער דער „ספּולקע" דאָ אין מאַרק, און הערן זיך צו צו די טענות און מענות פֿון די פֿירער פֿון קלוב.

יאָקל זאַנב, אָבער, לייגט איצט נישט קיין אַכט אויף דעם גאַנצן אָנפֿאַר דאָ אין מאַרק, אויך נישט אויף דער „זעבראַניע" פֿון די פּריצים, וואָס זייערע אַנטבלויזטע קעפּ זעט מען דורך די אָפֿענע

פענצטער און צעפּראַלטע באַלקאָן־טירן, וואָס גייען אַרויס צום מאַרק. ער, יאָקל, גייט נאָר זייער פאַרשמייעט און אַרבעט אַריין מיט די הענט, מיט די אויגן, מיט דער נאָז, מיטן גאַנצן קערפּער אין דעם מיטגייענדיקן און אַן איבעררייס שווייגנדיקן יונגעמאַן.

געווען איז דער יונגערמאַן אַ הויכער, מיט אַ בלייך, נישט צופרידן, אינטעליגענט פּנים, וואָס געניסט גאַרנישט פון עולם הזה, און דאָך — מיט אויגן וואָס קוקן אויף אַלץ און אַלעמען מיט פאַרגעבונג.

אַנגעטאָן איז ער געווען, דער דאָזיקער יונגערמאַן, זייער ריין. אַ קעלנערל — האָט ער געבלאַנקט. אַ קאַפּעליושל — איז קיין פעדערל דערויף נישט געווען. קאַמאַשן — אַן אַ שטויבעלע. און אַ רעקעלע — אויסגעפּאַסט און אָפּגעפּוצט ווי ערשט פון אונטערן נאָדל אַוועק.

געווען איז ער — בן־ציון שפּירא, דער זייער געאַכטעטער אינטעליגענט אין שטאָט, וואָס האָט זיך נישט געלערנט אין קיין שקאָלעס, נישט געוואַרט און נישט געהאָפט אויף קיין אַטעסטאַטן, אויף קיין טיטולן. ער האָט זיך נאָר אַליין געלערנט! ער האָט זיך אַליין געשאַפן די ביכער, וואָס מ׳קאָן פון זיי לערנען און געניסן, און איז בייטאָג־און־ביינאַכט געזעסן איבער שורה, איבער בלעטל און האָט אַרויסגעדרונגען דעם געדאַנק און דעם זין פון די מחברים און שאַפער.

זיין איז ער — אַ בעל־מלאכה׳ס אַ זון. אָבער מיט אַזאַ זון האָבן אַלע טאַטעס און מאַמעס אין שטאָט געוואָלט געבענטשט ווערן. מ׳האָט געוואָלט באַרייכערט ווערן מיט אַזעלכן, באַטש ס׳זענען געווען שלעכטע צייטן און כאָטש נייע, נישט גוטע טעג, האָט זיך געהערט, האַלטן ערשט אין אָנקומען.

אָבער געווען איז ער שוין נישט קיין יונגער, אָט דער דאָזיקער באַליבטער און זייער באַשיידענער בעל־מלאכה׳שער זון. ער איז געווען פון אַ יאָר איין־און־דרייסיק.

געוויינלעך, ביי לייטן האָט אַזאַ מענטש שוין לאַנג אַ תכלית. אָדער ער האָט אַ געשעפט, אָדער אַ שטעלע אין אַ ביורע, אָדער ער איז גאָר אַ לערער אין אַ שול. דאָ אָבער, ביי די עלטערן אין די הענט און ביי די יידן אין שטאָט, דרייט ער זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס. נישט איינמאָל האָט ער שוין אַפילו אַריינגעגעבן זיין נאָמען אין דער יידישער באַנק „עזרה״. שטאָט אים האָט מען אָבער צוגענומען אַנדערע. איינמאָל — אַ מענטש אַן אומגעשיקטן, אַן אומפּייאַיקן, אַ מאַן וואָס האָט געהאַט פּראָטעקציע. אַ צווייט מאָל האָט מען גאָר צוגענומען אַ מענטש, וואָס איז בכלל נישט נאָענט צום יידישן דת און אַפילו נישט

צום יידישן פאלק, אז אסימילאטאר! היתכן? פרעג אהין, פרעג אהער — אומזיסט ס'מויל זיך קאליע צו מאכן. ווייזט אויס, אז מ'דארף נישט קיין פייאיקייטן, מ'דארף נישט קיין יידישקייט. מ'דארף נאר האבן א ביסל פראטעקציע, א ביסל חוצפה, א פאר עלנבויגנס — און ס'באגערטע ווערט דיר שוין אקעגנגעטראגן אויף א טעלערל.

איז אט אזוי איז ער ארומגעגאנגען א שטיק צייט. ער האט געמיינט: שוין, שוין. אבער צום סוף האט זיך איטלעכע דערוואר־טונג אויסגעלאזט מיט — תירוצים . . .

אז אנדער מאל האט ער פרובירט עפעס אנדערש. געווען איז עס — געבן שטונדן, לערנען יידיש, העברייאיש. האט מען געזאגט: יידיש? מנע! אויך א שפראך! ווער דארף זיך לערנען יידיש? איטלעכער איינער קאן יידיש. איבעריקנס, וואס עפעס ביי אים? ביי אן אנדערן וועט מען קענען אפקומען פאר א שיבוש. מיט אים אבער וועט נישט פאסן צו דינגען זיך, עפעס א חשוב'ער מענטש, אן אינטע־ליגענט איז הכלל אוים מיט יידיש. איי, העברייאיש? דאס איז אויך נישט געוואלדיק נויטיק. ראשית, איז עס דאס אלטע לשון, צו־ווייבטיק, צו־הייליק, אז מ'זאל עס נישט לערנען דורך תנ"ך, דורך משנה, גמרא. שנית, וואס איז עפעס אזוי די גדולה מיטן דיקדוק? אלץ, וואס פעלט איז דיקדוק? מילא, צו באלעבאטים, יודעי־ספר, האט ער נישט געקענט רעדן. זיי האבן זיך געהאלטן פאר גרעסערע בעלי־דיקדוק פון אים. אבער מיט בעלי־מלאכה'ס איז אים געווען נאך שווערער. ממה נפשך — האבן זיי גע'טענה'ט — אויב שוין יא א הוצאה, טא זאל שוין כאטש זיין אויף עפעס ממשות'דיקס, וואס מ'קאן פון דעם עפעס צוריק ארויס־קריגן. אבער סתם זיך לערנען? סתם ווארפן געלט אין וואסער אריין? וואס, אזעלכע „וויגאדעס" האט מען דאס? איבעריקנס, מ'פארגעסט דאך א שפראך סיי־ווי־סיי, אויב מ'רעדט זי נישט. און ווער טאקע, אינדער'אמת'ן רעדט העברייאיש? הכלל, איז אויך אוים מיט העב־רייאיש!

אט אזוי האט מען גערעדט הינטער די אויגן, אין די אויגן, כאטש מ'האט אים סיי־ווי־סיי מקנא געווען פאר זיין קענטעניש. נו, האט ער זיך ארומגעדרייט פוסט־און־פאס, כאטש ער וואלט געווען אזא לערער, אזא פעדאגאג, וואס די שטאט האט אזעלכן נאך נישט געזען.

דערצו איז ער אויך געווען א נישט חתונה געהאטער. דאס האט גורם געווען — ער זאל נאך מער זיין ביי מענטשן אויף די ציינגער.

— געוואלד, — האט מען געמאכט מיט די הענט אויף אלע

זײַטן, — ווי דרייט זיך דאָס אַרום אַזאַ מענטש נע־ונד? ס'וואָלט דאָך געווען וואויל און ליכטיק אַ ווייבל ביי אים! וואָס מישן זיך גאָר נישט אַרײַן אין דעם זיינע עלטערן? וואָס עפּעס אַזוי הפקר?...

דער אמת: זיינע עלטערן האָבן זיך דווקא יאָ אַריינגעמישט. דער פאָטער, אַ טויבלעכער, האָט, אמת, ווייניק געכאַפּט, וואָס ער זאָגט, דער זון. דערפאַר האָט אָבער די מוטער, וואָס איז געווען די גאַנצע פירעריןְ, די דעה־זאָגערין אין הויז, אַלץ באַנומען. דער עיקר: ס'האָט איר אַלצאיינס גאָר נישט געהאַלפן.

ער, בן ציון, האָט געהאַט באַגער צו אַ מיידל, וואָס זאָל אים נישט אַראָפּשלעפּן פון זיינע עולמות־העליונים, נאָר נאָך העכער הויבן. ער האָט זי אין דמיון געזען צווישן געבילדעטע, צווישן רייכע, אָבער — שטות'ן. ער וואָלט פאַר איר געווען אַן תכלית־אויסזיכטן, אַן יחוס, אַ היטלמאַכערס אַ זון... און צו נעמען אַ מיידל פון בעל־מלאכה'ס האָט שוין אים ווידער נישט געשמעקט. מיט וואָס קען זי אים פאַר־אינטערעסירן? חוץ דעם, ער איז שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון דער בעל־מלאכה'שער מסיבה. איז אָט האָט ער זיך אַזוי אַרומגעדרייט יאָר־איין, יאָר־אויס, ביז ר'איז געוואָרן אויס פרילינג־שפּראָץ...

היינט אָבער איז שוין שפּעט צו קלייבן. ערשטנס טאַקע די יאָרן. אַז ער גייט אין די גאַסן, קוקט מען אים נאָך. ער איז זיך משער, אַז מען טייטלט אים אויך נאָך... צווייטנס, אויסזיכטלאָזיקייט. אַמאָל האָט דער פאָטער געפּרוּווט רעדן מיט אים, בן ציונ'ען, וועגן אַ תכלית, אַ מלאכה, אָבער איטלעכס מאָל איז ער ביים אָנהויב שטיל געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז ס'איז פאַרן זון דער גרעסטער קלאַפּ. דעם זונס געמיט איז שוין נישט פאַר דער בעל־מלאכה'שער סביבה. היינט, ווען ער זאָל שוין אפילו יאָ וועלן, בן־ציון, איז שוין אָבער צו־שפּעט, בפירוש צו־שפּעט.

איז אָט דרייט ער זיך אַזוי אַרום, בן־ציון, און ווייסט נישט, אויף וועלכער וועלט ער איז. אין דער בעסערער וועלט נישט אַריינגעוואַקסן. פון דער איינענער וועלט, דער בעל־מלאכה'שער, דעם טאַטנס, שוין אַרויסגעוואַקסן. קורץ: ער איז נישט אַהין, נישט אַהער. ער איז אין לופטן.

דאָך טראַכט ער וואָס צו טאָן. אָבער וואָס טאָן? צו וואָס נעמט מען זיך? ער האָט שוין אויסגעלייענט אַלץ וואָס גייגער, דער דייטשיש־יידישער רעליגיע־רעפאָרמער, האָט געשריבן. ער האָט שוין איבערגעלייענט דר. הערצלס „יודנשטאַט". אויך איבערגעלייענט „קאַ־

פּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס. אויך איבערגעלייענט אַלץ וואָס די נייע שרייבער, די מאָדערנע, ווי מענדעלע מוכר־ספרים, פּרץ, שלום עליכם, אַש האָבן געשריבן. אָבער נאָך דעם אַלעם האָט ער נישט קיין וועג, — אומעטום איז פאַר אים פאַרשפּאַרט. זאָל ער פאָרן קיין אַמעריקע? ער זעט נישט די גליקן. פון מענטשן, וואָס קומען צוריק, הערט ער גאָר קאַפּוירדיקע מעשות. מ'איז דאָרטן נישט קיין יידן, נישט קיין גויים. מ'איז סתם אַזוי! פרייע פויגל . . . טאָ צו וואָס פאָרן? אַריינפאַלן אין אַ תהו־ובהו? חיי־שעה איז דאָך נישט אַלץ! זאָל ער זאָגן אַז ער וועט חתונה האָבן און נעמען אַ נדן און מיטן נדן זען עפּעס אויפטאָן? ס'וואָלט געווען, לויט די אומשטענדן, נישט שלעכט. אָבער וואָס קען מען אויפטאָן? אַז נדנים פון מער איינגעפונדעוועטע מענטשן האָבן זיך נישט געקענט לאַנג האַלטן! אויב אַזוי וועט, ער, בן־ציון, מיט ווייניקער דערפאַרונג, אפשר בכלל מיט קיין השגה נישט אין געשעפטלעכע זאַכן, יאָ עפּעס אויפטאָן? דערצו נאָך אין שלעכטע צייטן? ניין, ס'איז אוממעגלעך. ער קען זיך נישט איינוואָרצלען. נישט איינמאָל האָט ער שוין געטראַכט וועגן אַן אויסוועג. און ער האָט אים אויך שוין געהאַט. יאָ. אָבער אַזאַ אויסוועג וואָלט נאָר געבראַכט חרפּות און בושות דער פאַמיליע, און באַזונדערס דער שוועסטער. איר, דער איינציקער שוועסטער, וואָס איז יונגער פון אים, וואָלט זיין „אויסוועג" נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. זי וואָלט קיינמאָל נישט געקענט קיין שידוך טאָן. מ'וואָלט איר אַלעמאָל פאַרגעוואָרפן דעם ברודערס „אויסוועג". איז דעריבער — ווידער נישט. אפילו אָפּצושיידן זיך פון דער וועלט איז אים שווער. אמת, אים פערזענלעך איז נישט שווער, אָבער, האָט דען דאָס אַ זין, ווען פאַר זיך מאַכט מען גרינג, און פאַר עמעצן אַנדערש אומדערטרעגלעך? איז אָבער וואָס טוט מען פאָרט? וואָס וועט דאָך זיין דער תכלית פון אַזאַ־אָ לעבן? קען נר זיך אַזוי אַרומדרייען אין אַ תהו־ובהו־וועלט און אפילו נישט וויסן, וואָס מאָרגן וועט מיט אים זיין?

בעת ער איז אַזוי פריער, פונקט ווי אַ סך מאָל, אַרומגעגאַנגען מיט זיינע מרה־שחורה'דיקע געדאַנקען פאַרן הויז, וואו זיינע עלטערן וואוינען, איז צו אים צוגעגאַנגען אַט דער שכן יאָקל רויפעל־סוחר און האָט געזאָגט:

— האָסט צייט, בן־ציון? . . . קום אַזוי זיך אַ ביסל שפּאַצירן . . . כ'האָב מיט דיר עפּעס, אַזוי זיך, צו רעדן . . . מעניני־דיומא . . .

בן־ציונ'ען איז טאַקע גאַרנישט אויסערגעוויינלעכעס איינגעפאַלן.

וואָרים פאַרוואָס טאַקע עפּעס מער ווי פון מעניני־דיומא צו רעדן? ניין. אוודאי וועגן גאַנץ פשוט'ע, געוויינלעכע טאָג־זאַכן. וואָרים ער, בן־ציון, לייענט אַלע צייטונגען, וואָס קומען אָן פון די גרויסע שטעט. ער לייענט די רוסישע, די פּוילישע, די יידישע, העברייאישע. ער ווייסט צו דערציילן מענטשן וועגן אַלע געשעענישן איבער דער וועלט. איז אַט איז ער געגאַנגען מיט יאָקלען דעם שכן פונוועגן רעדן אַזוי זיך, וועגן זאַכן מעניני־דיומא.

אָבער ווען אַרוים דאָ אין מאַרק האָט ער, יאָקל, גאָר אָנגעהויבן צו שילדערן אַ שידוך, אַ מיידל מיט אַ נדן, גלייך ער, בן־ציון, וואָלט זיך קיינמאָל קיין אַנדערן נישט פאַרגעשטעלט און קיין בעסערן זיך נישט געוואונטשן.

אוודאי איז אים, בן־ציונ'עו, נישט געווען דערווידער צו הערן וועגן אַ שידוך. אָבער אַ שידוך מיט אַזאַ מיידל, וואָס זי האָט שוין אַמאָל געהאַלטן נאָר פאַר'קנס'ט צו ווערן? ! ניין. און עס האָט אים אָנגעהויבן צו פאַרדריסן נישט נאָר דאָס רעדן אים אַזאַ שידוך, נאָר אפילו דער אופן פאַרבעטן אים אויף אַ שפּאַציר . . .

יאָקל זאָגט האָט אָבער גענומען אין אים אַריינאַרבעטן דאָ מיט גמרא־ווערטלעך, וואָס ער קאָן גוט פון אויסנווייניק, דאָ מיט בײשפּילן וועגן דעם תנא'ס און יענעם תנא'ס טאָכטער, דאָ מיט סוחר'ישע איינ־פאַלן — פּשוט, ער האָט גאַרנישט געלאָזט דעם יונגנמאַן בן־ציונ'ען קומען צום וואָרט. ער האָט אים ווי צוגעמאַכט ס'מויל.

איך בין עלטער . . . — האָט ער געאַרבעט מיט די הענט, מיט דער נאָז, מיט די אויגן, מיטן גאַנצן קערפּער — איך פאַרשטיי מער אין אַזעלכע עסקים . . . האָרך זיך צו צו אַן עלטערן מענטש, וואָס איז דײַנס אַ שכן . . .

בן־ציון האָט זיך טאַקע צוגעהאָרכט. איבעריקנס, ער האָט זיך בכלל אַלעמאָל ליב געהאַט צוצוהערן צו מענטשן. דערצו, אוודאי איצט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אים זעלבסט. איז אַט האָט ער זיך צוגעהערט. אין טייל זאַכן נאָכגעגעבן. אין טייל געמאַכט פּשרות. וועגן אַנדערע געהאַט ספקות, אָבער גענומען וועגן זיי נאָכטראַכטן. די הויפּטזאַך, וואָס ער האָט באַין־אופן נישט געקענט פאַרשטיין איז דאָס: — וואָס טאָן, ווען ער באַשטייט שוין אפילו יאָ? וואָס טוט מען דעמאָלט? צו וואָס נעמט מען זיך, ווען ער האָט שוין אפילו דאָס געלט, דעם נדן, אין דער האַנט, אַ? איז דען דאָ עפּעס, וואָס מ'קען זיך דערצו נעמען?

— איר זעט נישט, ר׳ יאַקל? — טוט ער אַ ווייז אויפֿן אָנפֿאַר אין מאַרק און אויף דער ס ע ס י ע אין פּויליש־פּאַטריאָטישן קלוב, איבער דער „ספּולקע״ — איר זעט נישט, וואָס דאָ טוט זיך? . . .

יאַקל זאָגט איז אָבער געווען אַזאַ מענטש, וואָס האָט געקענט אַפֿילו אַ שטיין איבעררעדן. ער האָט זיך גענומען שטאַרקער אַרבעטן, צו ברענגען נאָך מער ראיות פֿון דער געשעפֿטלעכער וועלט, נאָך מער ווערטלעך און משלים פֿונעם תּלמוד, ביז ער האָט דעם קלוגן און פֿאַר־יאוש׳טן אין ערגעץ נישט דערגאַנגענעם בחור מיד געמאַכט.

בן־ציון האָט זיך גענומען ווישן מיט אַ נאָזטיכעלע איבערן פּנים, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט אַ שוויס, און פֿראַבנדיק גע־קרעכצט:

— כ׳וויים נישט וואָס כ׳טו . . . הז־שלי . . . — קרעכצט ער ווי נאָך אַ שווערער האַרעוואַניע — הז שלי, ווי כ׳וויים נישט וואָס כ׳טו . . . כ׳וויים נישט, צי איז׳ס קרום, צי איז׳ס גלייך . . . כ׳בין — —

—וואָס ביסטו? . . . — האָט יאַקל זאָגב אים האַסטיק איבער־געשלאָגן — ביסט גאַרנישט! . . . ביסט אַ נשמה אָן אַ גוף און דאָס אַליין. יאָ. בדוק ומנוסה . . . ס׳איז ווי אויף דער האַנט. אָבער הער: מ׳טאָר זיך נישט אַזוי אַרומדרייען. ס׳שטייט: שמח בחור בילדותך. אַנישט קומען אַלערליי רעיונות אין קאָפּ אַריין. מרה־שחורה׳דיקע רעיונות. נעם־זשע זיך דעריבער אין די הענט אַריין. ס׳שטייט: מצא אשה מצא טוב . . . זאָרג זשע זיך נישט. וואָס ס׳וועט זיין מיט כּל־ישׂראל, וועט אויך זיין מיט ר׳ ישׂראל. פֿאַרזאָרג נישט קיין וועלט. מיר האָבן אַ לעבעדיקן גאָט אין הימל. ער וועט קיינעם נישט לאָזן פֿאַלן. ס׳שטייט: ברוך ד׳ יום יום. אַפֿילו אַ וואָרים אונטער ד׳ערד איז געשפּייזט . . . הכּלל, וואָס ענטפֿערסטו? אַ?

— מיט איין תּנאי . . . — האָט בן־ציון געוואָלט אויפֿהערן צו ברעכן זיך דעם קאָפּ — נאָר מיט איין תּנאי . . .

— וואָסאַראַ תּנאי? . . . — שטעלט יאַקל אויס פֿאַר׳חידוש׳ט די מילדע אויגן און בייסט אַריין דעם אַרויסשטאַרטשענדיקן, לאַנגן צאָן אין דער אונטערשטער ליפּ.

בן־ציון האָט אָנגעהויבן זאָגן זיין תּנאי.

בעת זיי זענען אַזוי הין און צוריק געגאַנגען איבערן טראָטואַר, איז פֿון אַ זייטיקן געסל אַרויסגעקומען שׂרה׳לע, שמעון רימערס יינגסטע טעכטערל. זי איז אַרויסגעקומען מיט אַ קיישל איינקויפֿעכץ און האָט

זיך גענומען גוט איינקוקן אין די צוויי מאַנצבילן, אין יאָקל זאַנב און אינעם צווייטן, וואָס האָבן עפּעס זייער שווער געאַרבעט.

נאָך עטלעכע ווײַלעס האָט זי זיך געטאָן אַ ריר און גיך זיך געלאָזט אַהיים. זי איז געגאַנגען אַנזאָגן אַ בשורה וועגן דעם, וואָס זי האָט געזען אין מאַרק. אָבער אַ בשורה — בלויז פאַר צוויי שוועסטער, פאַר פייגען און גיטלען. פאַר חוה'ן — נישט.

---

אין פירהויז, הינטער דער פאַרמאַכטער קיך־טיר, איז געשטאַנען שרה'לע, דאָס אומרואיקע שוואַרצאויגיקע „העזל", ווי די אַרבעטער האָבן זי גערופן, און האָט גיך דערציילט פאַר פייגען און גיטלען דאָס, וואָס זי האָט געזען אין מאַרק.

— אַצינד — בליצט זי מיט אירע שוואַרצע קאַרשן־אויגעלעך בעת'ן רעדן — ווייס עך שוין וועגן וועמען דער טאַטע און יאָקל זאַנב האָבן נעכטן אויפדערנאַכט געשמועסט . . .

דאָס קיישל מיט איינקויפעכץ, וואָס זי האָט פריער געטראָגן, האָט זי שוין נישט איצט. זי האָט עס איבערגעלאָזט אין קיך, ווי־נאָר זי איז דאָרט אַריין, און איילִיק אַרויסגעקומען מיט די צוויי שוועסטער דאָ אַן פירהויז צו דערציילן זיי דאָס נײַס.

ביידע שוועסטער, פייגע און גיטל, האָבן, שטאַרק פאַראינטערעסירטע, גענומען זיך טוליען איינע צו דער צווייטער, נאָכדעם — ביידע צוזאַמען — צו דער ייִנגערער שוועסטער און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט וואָס זי דערציילט.

——— כ'בין זיכער אַז דאָס איז ער . . . — זאָגט שרה'לע, — כ'בין זיכער אַז אים וויל מען חוה'ן שדכ'ענען . . .

פייגע און גיטל, וואָס האָבן פּונקט ווי שרה'לע, פּונקט ווי אַלע אַנדערע הויז־מענטשן, חוץ טאַטע־מאַמע, חוה'ן און מאַרקלען, געוווּסט נישט געוואוסט וועגן וועמען מ'האָט נעכטן אויפדערנאַכט געהאַט גערעדט, האָבן איצט אויפגעשטעלט די אויגן, ווי נישט צו גלויבן:

— ער ? !

— דער געלערנטער ? !

בעת זייער שמועס און חידוש'ן זיך איז פון הינטערן הויז, פון דער קאַמער, וואו מ'בויט אויף אַ גאַרבאַרניע, אַנגעקומען דער פאָטער, שמעון רימער, און געבליבן שטיין גאַפנדיק:

— וואָס עפּעס אַ שושקעריי ? — פרעגט ער — וואָסאַראַ סודות ? . . .

אבער איידער זיי האָבן זיך פונאַנדער גענומען — צוריק אַריינ־צוגיין אין די שטובן, איז פון מאַרק אַנגעקומען יאָקל זאַנב.

— כ׳האָב מיט דיר עפּעס צו רעדן . . . — טוט ער אַ זאָג צו שמעונ׳ען און נעמט זיך ווישן דעם שווייסיקן שטערן — תשובה . . .

— תשובה ? — טוט זיך שמעון וואונדערן — טאָקע שוין תשובה ?

— אָבער הער . . . — רוקט זיך יאָקל זאַנב צו נענטער צו שמעונ׳ען און זאָגט אים ווי אויפן אויער — איין תנאי . . .

— וואָסאַרא תנאי ? — שטעלן זיך אויף שמעונ׳ס גרויסע בלויע אויגן.

— ער זאָל פאָרן אין אונדזער הייליקן לאַנד אַריין . . . קאַן ארץ־ישראל . . . .

שמעון טוט איצט יאָקלען זאַנב אַ שטופּ אוועק פון זיך, גלייך ער, יאָקל, וואָלט געווען שולדיג אין דעם גאַנצן „תנאי".

— אויבעט אַ פאָרער ? ! — טוט ער, שמעון, אַ פרעג, אַ געשריי — וואָסאַרא מגפה ? . . . וואָסאַרא אונטערגאַנג איז דאָס ? . . . ווער וועט עס געבן אַ טאָכטער צו פאָרן קאַ כ׳וויים וואו ? אַראָפּ פון זינען, אַראָפּ ? . . . .

שטומקייט. אַלע שווייגן. איינער קוקט אויפן אַנדערן. מערסטנס אָבער קוקט מען אויף יאָקל זאַנבען.

— אַריין אין שטוב ! . . . — טוט שמעון נאָך עטלעכע מינוט שווייגן און גרימעניש אַ גיי צו צו דער טיר און נעמט אַריינטרייבן די גאַפנדיקע טעכטער — ניש געשטאַנען ! . . .

און צום וואַרטנדיקן יאָקלען זאַנב, וואָס זעט אויס ווי זיין טרחה וואָלט געווען אומזיסט, טוט ער אַ זאָג ווי זיך אָפּצוטשעפּען :

— ניש זיין קאַ ברויט פון דעם קאָרן . . . מעגסט עס, דעם יונגעגמאַן אזוי מודיע זיין . . . כ׳באַשטאָט ניש קאַ קינדער אויף אַרומצופאָניעווערען זיך ערגעץ, אויף צו זיין נע־ונד. ניין. כ׳האָב ניש קאַ קינדער פאַר פלי־קעפּ. ניש באַ מיר . . .

יאָקל זאַנב האָט איצט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. זאָל ער צוריקגיין צום בחור, וואָס וואַרט אין מאַרק אויף אַ תשובה, צי זאָל ער נאָך אַריינגיין צו אים, שמעונ׳ען, אין הויז אַריין און האָבן מיט אים אַ שמועס ? אַ ? וואָס זאָל ער טאָן ?

ער האָט אָבער סוף־כל־סוף באַשלאָסן, נישט צו האָבן אויפסניי אַ שמועס מיט שמעונ׳ען און זיך געלאָזט צוריק אין מאַרק אַריין, וואו

עס וואַרט דער פּוסט־און־פּאַס זיך אַרומדרייענדיקער בחור. ער איז אַרוים האַסטיק, ווי מיט כעס. ער איז אַרוים אַ״יך מיט אַ געפּיל, אַז פאַר ברויט גיט מען מיינסטנס צוריק מיט שטיינער. אַ שטיינער — שמעון רימערס ענטפער און זיין אַנטלויפן אין די שטובן. עס איז געווען אַזוי, גלייך דאָס פאַרען זיך, יאַקלס, וואָלט געווען נישט פאַר אים, שמעונ׳ען, נאָר פאַר אַ גאַלע פרעמדן.

— איי, די טבע האדם . . . — קרעכצט ער אוועקגייענדיק — איי, דער מענטש בכלל . . .

# קאַפּיטל פיר

מערסטע מאָל, ווען פּערל האָט געהאַט צייט, האָט זי זיך אַוועק־געזעצט ביים פענצטער, אין אויפנעם־צימער, און געליענט אָדער די צאינה־וראינה, אָדער דעם ספר־הישר, וואָס איז אויף עברי־טייטש. זי האָט געמוזט זאָגן אַ יידיש וואָרט.

אויך אַזוי איצט.

אָבער איצט האָלט זי דערווייל די צאינה־וראינה פאַרמאַכט און קוקט אויף שמעונ׳עז זייער שפּלות׳דיק:

— דו מיינסט, — זאָגט זי — אַז ס׳וואָלט נישט געווען גלייך קיין ארץ ישראל? . . . דאָס, גראָד, געפעלט מיר יאָ . . . כ׳מיין, אַז דער בחור און די טאָכטער חוה זאָלן זיך באַזעצן, זאָל מען זאָגן, אין ירושלים . . .

געווען איז דאָס אַז ענטפער אויף דער בשורה, וואָס שמעון האָט איר געבראַכט נאָכן פאַרלאָזן יאַקל זאַנב.

שמעון איז איצט געשטאַנען נישט ווייט פונעם טיש, וואָס אין מיטן צימער, און האָט זיך אַ־עטאַן אַ כאַלאַטל. ער האָט זיך געגרייט אוועקצוגיין נאָך געלט וואָס ,,מט אים ביי די יודקעס, דער פאַמיליע תבואה־סוחרים. דערהערט אָבער אַזאַ ענטפער, האָט ער אויפגעהערט אַריינצוטאָן די צווייטע האַנט אין אַנדערן אַרבל און זיך אויסגעדרייט צום ווייב:

— דו שוין אויך? . . . — טוט ער אויף איר אַ שאַרפן קוק — דו ביסט שוין אויכעט אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער מגפה?

פּערל האָט איצט אויפגעהערט קוקן אויף אים און, שפּלות׳דיק, ווידער אויפגעמאַכט די צאינה־וראינה.

עטלעכע מינוט האָט זי גאָרנישט געזאָגט. אויך האָט ער, שמעון, געשוויגן. ער האָט נאָר געקוקט אויף איר, און פּערל, פילנדיק אויף זיך זיינע שפּיזנדיקע אויגן, האָט געצוקט מיט די דאַרע אַקסעלעד, ווי אין פלייצעלע וואָלטן איר קאַלטע ווינטעלעך אַרומגעלאָפן. געוואוסט

אבער, אז ער וועט נישט אפשטיין פון קוקן, אז ער וועט נישט אויפ־הערן צו האבן פרעטענציעס צו איר, ביז זי וועט זיך ארויסזאגן, פאר־וואס זי איז קעגן אים, האט זי געוואלט ענטפערן. אבער נישטווילנדיק האט זי גאר אנגעהויבן צו לייענען מיט א תחינה־ניגון:

— און איין גאנציין טאג און איין גאנצי נאכט טוען זיי נישט שווייגין פון צו בעטין אויף ירושלים . . .

שמעון, הערנדיק אזעלכע ווערטער, האט נישט געוואוסט צי זי רעדט צי זי לייענט. אבער ס׳איז אים סיוויסיי נישט געווען קיין חילוק, וואס ס׳איז אזעלכעס, און ער האט גענומען צושטיין צו איר אויפסניי:

— דו הער מיר בעסער אויף אונטערצוגעבן חשק עמיצן פון די קינדער וועגן ארץ ישראל, וועגן א ירושלים! . . . הערסט? דו הער מיר בעסער אויף, ווארן כ׳האב ניש קא קאפ צו אזעלכע פלאפלע־רייען . . . האסט זעד שוין אנגעלייענט מיט די מעשות? וועסט ביי מיר גארניש אויספירן וועגן יענעם לאנד. ניין. ביז משיח וועט ניש קימען און זאגן, אצינד איז די צייט צו גיין, גלויב יעד ניש, אז מ׳דארף זעד לאזן אהינצו . . . הערסט? הער מיר בעסער אויף . . .

נאכן אפרעדן האט ער זיך ארויפגעצויגן דעם צווייטל ארבל און זיך געלאזט גיין.

— זאלסט מיר דא חוה׳ן ניש אונטערגעבן קא חשק . . . — לאזט ער נאך איבער פערלען פארן אפגיין — הערסט? כ׳קען דאך דיך . . . אז דיר קימט עפעס אן, וועסטי אזוילאנג אריינמרוקען אין עמיצן, ביז יענער וועט מיד ווערן . . .

פערל האט גארנישט געענטפערט.

שמעון האט שוין פארשטאנען אז איר שווייגן מיינט הסכמה, און זיך געלאזט אוועק.

---

אין דער קיך, וואו ר׳איז אריין, האט ער געטראפן חוה׳ן זיצן ביים ווארשטאט־טיש. זי איז געזעסן ארומגערינגלט פון די דריי שוועס־טער, פייגען, גיטלען, שרה׳לען, און האט געקוקט אראפ צום דיל.

שמעון האט זיך באלד אפגעשטעלט און געקוקט צו איר פאר־דראסיק:

— וואס זיצסטי אזוי? ! — טוט ער אי א פרעג, אי א קוויטש — די וועלט גייט דיר אונטער?

פארשטאנען האט ער, שמעון, אז די דריי שוועסטער, וואס האבן אין פארהויז געהערט, וואס יאקל האט געזאגט און וואס ער, דער טאטע,

האט געענטפערט, אז זיי, די שוועסטער, האבן איר, חוה'ן, שוין אלץ דערציילט. יא. ער האט אויך פארשטאנען אז מחמת דער בשורה זיצט זי איצט ווי א געפרוירענע און קוקט אראפ, צי ס'עפנט זיך נישט א גרוב, וואוהין זי וואלט געוואלט אריינפאלן.

— יעכל דיר געבן א טרויערן! — טוט ער אויפסנייי צו איר א קוויטש — האסט זעך שוין ניש מיט וואס צו פארנעמען? האסט א מאמע, וואס האלט איר גאנץ לעבן נאר אין איין טרויערן . . .

און נאך א ווייל — מיט ערגערניש:

— שטיי אויף, זאג'ך דיר! . . .

און באלד נאכדעם צו די אנדערע טעכטער:

— און עץ? אויכעט אויפגעשטאנען! נעמט זעך צו קאכן, נעמט זעך! וואס באלעמוטשעט עץ? די וועלט גייט ענק אונטער? . . .

אלע טעכטער זענען אויפגעשטאנען.

און נאכדעם, ווען ער, שמעון, איז שוין געשטאנען ביי דער טיר, האט ער זיך נאך אויסגעדרייט צו דער זיך פייניקנדיקער חוה'ן און איר געזאגט זייטיק, ווי עס וואלט געווען א סוד:

— כ'האב נאך, געלויבט איז גאט, אביסל געלט, אז כ'זאל דיר קענען סילוקן א שיינעם נדן. האב ניש קא מורא . . . כ'קען זעך נאך פארגינען אויסצוקלייבן אזעלכן, ביי וועמען ס'געלט, וואס כ'וועל געבן, זאל ניש זיין ווי ארויסגעווארפן . . . טא. שרעק זעך ניש. ביסט ניש קא פארפאלענע. כ'על זען, אז נאך היינטיקן יאר זאלסטי א שידוך טאן. יא. און א גוטן שידוך . . .

חוה, וואס איז שוין געשטאנען ביים אויוון, ווען ער, דער פאטער, האט זי געטרייסט, האט גארנישט נישט געענטפערט.

שמעון האט אויך נישט פארגעסן אן די איבעריקע טעכטער. אויך זיי האט ער אנגעזאגט נישט ארומגיין מיט פארלוירענע קעפ, און ער האט זיך גענומען ארויסגיין פון הויז.

— אזא אפשטארבעניש . . . — ברומט ער צו זיך אין דרויסן, אויפן וועג צו די יודקעס — אז מ'זאל גארניש קענען זען בא קיינעם קא שמייכל אויף די ליפן! . . . נאר מ'גייט ארום ווי צו נעילה . . . רק מ'קרעכצט. נאר מ'אכצעט. אזא צעטומלט לעבן! . . .

---

ביי די יודקעס, צו וועמען ער איז געגאנגען, איז אים געקומען געלט פאר תבואות. די תבואות האט ער געקראגן פון די פריצים, וואס

זענען אים שולדיק געווען געלט פאַר פיל יאָרן פאַררעכטן זייערע פערד־געשפאַנען.

די חובות, וואָס די פּריצים זענען אים געקומען, זענען געוואַקסן מיט איטלעכן יאָר. איטלעכן יאָר האָט מען זיך געדאַרפט אָפּ'חשבונ'ען און אָפּצאָלן, אָבער מערסטנס איז דערצו נישט געקומען. טיילמאָל זענען זיי, די פּריצים, געווען אין אויסלאַנד און האָבן פאַרהוליעט אַ גאַנצן שניט . . . טיילמאָל, כאָטש זיי זענען געווען אין דער היים, האָבן זיי אים געזאָגט, אַז ווען ער קען נאָך זיי אַרויסבאָרגן אַן אַפּותיקי, וואָלטן זיי אים געדאַנקט פון גאַנצן האַרץ. הכלל, אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס, ביז די חובות זענען אויסגעוואַקסן צו שווערע טויזנטער.

אָבער לעצטנס, אַז מ'האָט אים, מחמת יידן־פיינטשאַפט, אָפּגע־זאָגט פון דער אַרבעט אין די הייף, האָט ער געשטעלט איין תנאי: אָפּרעגעלירן ביז אַ פּרוטה.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט זיי פאַרדראָסן. סטייטש, אַ ייד וועט זאָגן, וואָס זיי האָבן צו טאָן ? איי, ער מעג ? ס'איז פאַר זיין פּראַצע ? זאָל ער דאַנקען גאָט וואָס מ'לאָזט אים לעבן . . . אָבער אַ טענה אַהין, אַ טענה אַהער, ער אַזוי, זיי פאַרקערט, ביז מ'האָט זיך אויסגעהאַנדלט אויף תבואה.

איז אָט האָט ער גענומען די תבואות, וואָס מ'האָט אים צוגע־שטעלט פאַר די חובות, און ער האָט זיי פאַרקויפט צו דער רייכער משפּחה יודקעס.

פאַר די יודקעס איז עס אגב געווען אַ גאָלדן געשעפט. די סיבה ? געקויפט מיט אַ סך פּראָצענט ביליקער, ווי ביי דער ערשטער האַנט. וואָרים, וואָס וואָלט שמעון געטאָן מיט אַזאַ וועלט מיט תבואות ? ער וועט זיך אַוועקזעצן און פון זיי עסן ? ער וואָלט דאָך געקענט אַזוי עסן נאָך אַמאָל אַזוי לאַנג ווי ר'האָט שוין געלעבט און וואָלט אַלץ נישט פאַרטיק געמאַכט. איבעריקנס, איז דען תבואה אַזאַ מין חפץ, וואָס מ'קאָן עס האַלטן ? זי איז דאָך אַ זאַך, וואָס צעקריכט, פוילט ! אָט דערפאַר האָבן זיי אים צוגעדריקט צו דער וואַנט און געמאַכט אין אים אַ גוטן משא־מתן.

אַ גאָלדן געשעפט איז עס אָבער געווען אויך איבער נאָך עפּעס. ווען שמעון האָט זיי פאַרקויפט די תבואות, האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין שום מגע־ומשא מיט די פּריצים, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַנדלט אַלע יאָרן. אינדער'אמת'ן: נישט זיי האָבן נישט געהאַט קיין מגע־ומשא, נאָר פאַרקערט, די פּריצים האָבן נישט געוואָלט האָבן

קיין מגע־ומשא מיט זיי, די יודקעס. זיי האָבן עפּעס געפּלאָנעוועט, די פּריצים, איינגע שפּייכלערס, גרויסע, בשותפות׳ע סקלאַדעס, וואוהין איטלעכער איינער פון זיי זאָל אַריינפירן זיינע תבואות, און אַ גרופּע, וואָס וועט זיך רופן „האַנדל קאָמיסיע", וועט פירן געשעפט מיט אויס־לאַנד, מיט אינלאַנד, וועט אויסצאָלן אָדער מיט באַר, אָדער מיט ווערט־פּאַפּירן, וואָס מ׳וועט אויף זיי קענען איינקאַסירן אין אַ צייט שפּעטער. און נישט נאָר ביי די פּריצים. אַפילו אַ זעקל תבואה ביי אַ פּויער האָבן זיי נישט געקענט קויפן, די יודקעס. גוט־פּאַטרולירנדיקע פּאַ־ליאַקן, חברה־לייט פון פּוילישן קלוב, האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די יארידים און האָבן אָנגעוויזן אויף דער „ספּולקע": דאָרטן אַהין גייט מיט אַלעם, נאָך אַלעם! איר הערט? איר זענט דאָך פּאָליאַקן! נייז? וואָס זענט איר — פּאָליאַקן, צי פּשאַקרעווס?

איז אָט האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט, די יודקעס, צו שמעון׳ס פיל וועגענער תבואות, ווי צו אַן אוצר! עקספּעדיציעס און דאַנציקער האַנדלס־לייט האָבן ווידער אויפגעשיינט פאַר זיי, ווי אין די אַלטע צייטן . . .

אָבער מזומן האָבן זיי נישט געגעבן. זיי האָבן נישט געגעבן אַפילו קיין פּרוטה. די טענה: בע, מע . . . מ׳וועט — —

— די סוחרים דאַרפן דעפּאָנירן, דיסקאָנטירן, מאַכן אַן איבער־זידלונג . . .

וואָס אַזעלכעס עס זענען די דאָזיקע מעשות „דעפּאָנירן", „דיס־קאָנטירן", „איבערזידלונג", האָט ער, שמעון, נישט אָנגעהויבן צו וויסן. זיי זענען געווען פאַר אים עפּעס אַ מין טערקיש לשון. אָבער אַז ר׳האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט, וואָס אַזעלכעס עס זענען די דאָזיקע דריי „געשעפטן" — דעפּאָנירן, דיסקאָנטירן, איבער־זידלונג — האָט מען אים דערקלערט. ערשטנס, אַ מעשה מיט בענק, וואו מ׳דאַרף אַריינלייגן געלט. צווייטנס, אַ מעשה מיט וועקסלען, וואָס מ׳דאַרף פאַר זיי אָפּצאָלן לויט זייער סומע. דריטנס, אַ מעשה מיט איבערשיקן, מיט . . . מיט . . . קורץ, ער האָט איינגעזען, שמעון, אַז זיי קענען אים באַלד קיין געלט נישט געבן. אומזיסט זיין רעדן. ער האָט זיי דערפאַר איבערגעבן אַלץ מיטן גאַנצן בעל־מלאכה׳שן צוטרוי, מיט גלויבן און געהאָפט: אַ ליאַדע טאָג וועט קומען די ישועה. אַ ליאַדע טאָג וועט מען דאָרטן אין דייטשלאַנד — וואָס? . . . אַה, יאָ, דעפּאָ־נירן, דיסקאָנטירן, מאַכן אַן איבערזידלונג, און ער, שמעון, וועט האָבן

פּטור געוואָרן פון אַן עסק, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון די שווינדלערישע פּריצים.

מיט דעם דאָזיקן געלט האָט שמעון געוואָלט זיין גרייט צו באַגעגענען געוויסע דערוואַרטעטע פרייליכע געלעגנהייטן און אומאַנגענעמע צופאַלן. און דערפאַר טאַקע האָט ער געוואָלט קריגן דאָס געלט וואָס גיכער. די דערוואַרטעטע פריילעכע געלעגנהייטן: טאָמער מאַכט זיך אַ שידוך פאַר אַ טאָכטער, זאָל ער האָבן צו געבן נדן, צו מאַכן אַ שיינע חתונה, ווי עס פּאַסט פאַר אים, שמעונ'ען, אַן אָנגעזעענעם מענטש אין שטאָט. און די אומאַנגענעמע צופאַלן: טאָמער נויטיקט מען זיך אין עפּעס בעת אַ צרה אין הויז. וואָס, ער, שמעון, איז דען נאָך אַ יונגערמאַנטשיק? און וואָס עפּעס בלויז ער? זיין פּערל, די פרוי, איז דען מער ווי אַ מענטש? הכלל, דאָס קריגן דאָס געלט ווי אַמגיכסטן וואָלט געווען פאַר אים אַ ישועה.

אָבער געלאָפן איינמאָל צו זיי, די יודקעס, און נישט געקראָגן. געלאָפן אַ צווייטן מאָל און ווידער נישט געקראָגן. געלאָפן אַ דריטן מאָל, אַ פערטן, אַ פינפטן, אַ זיבעטן מאָל — און קיינמאָל גאָרנישט. איז אים איינמאָל איינגעפאַלן צו פרעגן אַ קשיא: וואָס, זיי האָבן נאָך נישט דעפּאָנירט, די דייטשן? נאָך אַלץ נישט דיסקאָנטירט? וואָסאַראַ דייטשן זענען דאָס? מ'שמועסט דאָך, יאַקאָש, אַז זיי זענען פּינקטלעכע מענטשן, אָרענטלעכע. אַז עפּעס פאַרשטייען זיי זייער גוט אונדזער יידישע שפּראַך, נישט אמת?

— אוודאי אמת . . . — האָבן זיי, די יודקעס, אין איין קול געענטפערט — אָבער זיי האָבן נאָך נישט דעפּאָנירט, נישט דיסקאָנטירט . . .

— איז אויף ווען רעכנט מען זעך? — האָט ער, שמעון, זיי געפרעגט.

— אויף ווען? — האָבן זיי, ווי תמ'עוואַטע, אויפגעשטעלט די אויגן — ס'איז דאָ אַזאַ געזעץ, אַ פּראַווע, וואָס אַז מ'וויל, קען מען נישט דעפּאָנירן אַ דעפּאָזיציע און נישט דיסקאָנטירן אַ דיסקאָנטע . . .

שמעון איז ווידער געבליבן געפּלעפט, ווי דאָס סאַמע ערשטע מאָל, ווען ער האָט נישט פאַרשטאַנען די דריי „טערקישע" ווערטער. אָבער נאָך אַ פּראַגע, וואָס עס האָט אים גענומען אַ שיין שטיקל צייט ביז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט זי צו שטעלן, איז ער דערגאַנגען, אַז ס'איז פּונקט ווי צווישן זיי, די יודקעס, און אים, שמעונ'ען. דהיינו:

זיי זאָגן אים צו געלט אויף היינט, און ער, ווען געקומען, הערט גאָר: „נישט היינט, קומט איבערמאָרגן". נאָכדעם, ווען ער קומט איבער־מאָרגן, דערוויסט ער זיך גאָר, אַז ערשט — — נישט מאָרגן, נאָר . . . הכלל, קיין גרויסע חכמות, ווי ער זעט, שמעון, איז דערביי נישטאָ, נאָר וואָס דען? מ'דאַרף מאָנען אַן אויפהער. אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור אַזוי צוצוזאָגן היינט, מאָרגן, און אַלץ נישט האַלטן וואָרט? ס'קאָן דען נישט נעמען אַ סוף אפילו צו אַן אייזערנעם געדולד? מ'דאַרף שוין נישט מער, וואָסאַראַ געדולד ער האָט, שמעון! אָבער אַז מ'וועט אים נאָך אָפּשלעפּן לענגער, וועט ער געבן אַזאַ דזבענק אין אַלע פענצטער ביי זיי, די יודקעס, אַז קעפּ וועלן צעשפּאָלטן ווערן. וואָס איז די מעשה? — וועט ער פרעגן — אַזוי לאַנג אים אָפּהאַלטן עטלעכע טויזנט קערבלעך? צי האָט ער געגעבן סחורה, אַז זיי זאָלן פון אים מאַכן אַ חוזק? זאָגט דעם אמת, אַ רוח אין אייער — — זאָגט דעם אמת, צי האָבן שוין די דייטשן דעפּאָנירט, דיסקאָנטירט, געמאַכט די — — די — — זאָגט דעם אמת, אַנישט וועט אַ מעשה אָפּגעטאָן ווערן . . .

אָט אַזוי טראַכטנדיק גייט ער איצט צו זיי אַראָפּ און קוקט זיך נישט אום אפילו אויף אַ ווייל. יאָ. ער איז שוין גוט בייז. דערצו, נאָך מער דערפאַר, וואָס לעצטנס ווערט וואָס אַמאָל ערגער. נעכטן האָט ער געשיקט אַ טאָכטער, אַז זיי זאָלן געבן ס'געלט, האָט מען איר געענטפערט: אין אָוונט. אין אָוונט, אומישנע אַ ביסל שפּעטער, כדי זיי זאָלן נישט זאָגן אַז ס'איז נאָך צו פרי, האָט ער אויפסניי געשיקט אַ טאָכטער, האָט מען אים דורך איר געענטפערט: וואָס אַזוי איינע נאָך דער אַנדערער? איז וואָס אַז מ'האָט געזאָגט „אין אָוונט"? האָט מען טאַקע געדאַרפט טאָן אַזוי ווי מ'האָט געהייסן? וואָס, ערשט אָנ־געהויבן צו פירן געשעפטן? דער טאַטע ווייסט נישט, וואָס אַ געשעפט איז? קום מאָרגן! . . .

ס'הייסט: היינט.

נו, איז אָט גייט ער איצט אַליין. ער — בכבודו ובעצמו. ער אַליין גייט, ווייל ער וויל זיך מיט זיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּרע־כענען, מאַכן אַ סוף: אַהין אָדער אַהער. לענגער וועט ער שוין נישט לאָזן אָנגיין דעם דאָזיקן קאַץ־און־מויז שפּיל און אויך נישט די תירוצים. היינט מוז ער האָבן ס'געלט. היינט — ווייל היינט הויבט ער אָן אַ ניי געשעפט. היינט גייט ער איינקויפן אַ גרויסע צאָל פעל און אַריינלייגן זיי אין די פעסער, וואָס מ'גראָבט שוין אַריין אין די

אויסגעקאָפּעטע גריבער אין דער קאַמער. הכלל, היינט מוז ער האָבן ס׳געלט, אַנישט וועלן קעפּ פליען.

---

צוגעקומען צום גרויסן הויז, וואָס שטייט הינטער דער שטאָט, ווי אַ באַזונדער וועלטל, האָט ער געטראָפן עטלעכע בלייך־פּנים׳דיקע יודקישע פרויען אין דרויסן, אויפן גרין־געפאַרבטן גאַניקל, און זיך גאָר פון זיי דערוואוסט, אַז די מענער זיינען נישטאָ.

— נישטאָ? — טוט שמעון, אַ פאַרוואונדעטער, אַ קוק מיט זיינע גרויסע אויגן אויף די בלייך־פּנים׳דיקע יודקישע פרויען — וואו זענען זיי?

— אַוועקגעפאָרן.

— אַוועקגעפאָרן? — שמעון האָט זיך געגומען בייסן די באָרד.

— טאָ פאַרוואָס האָבן זיי נעכטן ניש געזאָגט מיין טאָכטער, אַז זיי וועלן היינט אַוועקפאָרן? צו וואָס האָב׳ך אַצינד געדאַרפט מאַכן אַן אומזיסטן גאַנג? . . .

— מיר ווייסן נישט . . .

שמעון האָט זיך אָבער באַלד אַרויפגעכאַפּט אויף אַן אַנדער זאַך.

— און וואוהין זענען זיי געפאָרן?

— מיר ווייסן נישט.

— נישט אונדזער דאגה.

— מיר מישן זיך נישט אין מאַנצבילשע עסקים . . .

— זיי זענען מסתם געפאָרן וועגן געשעפט . . .

שמעון באַטראַכט איצט איטלעכע איינע פרוי, ווי להבדיל אַ הונט, וואָס שמעקט אַרום אַ זאַך אויף וועלכער ער האָט אַ חשד. ער טראַכט: אויב זיי זענען אַוועקגעפאָרן, די פאַרשיוועצעס, די מענער, וועט ער שוין אַצינד דאָ גאָר נישט קענען טאָן, וואָס ר׳האָט איבערן וועג גע־טראַכט, מחמת צו פרויען האָט ער גאַרנישט. ער האָט מיט די פרויען דעם מסחר נישט געמאַכט. אָבער כדי ער זאָל נישט אַוועקגיין מיט גאַרנישט, כדי ער זאָל ווייסן, ווען ער זאָל אַראָפּקומען נאָך אַמאָל, האָט ער בלויז נאָך עפּעס געפרעגט:

— ווייסט עץ כאָטש, ווען זיי וועלן קריקקימען, די מענער ענקערע?

איין פרוי נאָך דער אַנדערער האָט געענטפערט. זיי האָבן גע־ענטפערט אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך פריער נישט געהאַט פאַרשטענדיקט צווישן זיך. און דערפאַר טאַקע — איינע די אַנדערע סותר געווען:

— איך ווייס נישט.

— מאַרגן.

— כ׳גלויב אַז איבערמאָרגן.

ביי שמעון׳עז פינטלען די אויגן, ווי ער וואָלט געקראָגן איין שווערן קלאַפּ נאָכן אַנדערן.

— הייסט עס, אַז ען ווייסט ניש אפילו, ווען די מענער וועלן קריקקימען . . .

נו, גוט. — טראַכט ער — ער וועט דאָ זיין נישט נאָר איבער־מאָרגן, נאָר באַלד מאָרגן און נישט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל, אפילו זעקס מאָל. ער וועט זיי שוין דאָ אָפּהיטן צו גאַנצע טעג. עס געפעלט אים נישט דאָס אַוועקפאָרן און דאָס נישט זאָגן זיין טאָכטער, אַז זיי וועלן היינט נישט זיין אין דער היים. ניין. דאָס פּלאַפּ אַוועקפאָרן געפעלט אים שוין גאָר נישט. אָבער וואָס איז דער תכלית פון אַזוי־אָ שטיין דאָ? ניין. עס איז נישט קיין תכלית. מ׳דאַרף גיין. און גיין נישט אַהיים, נאָר גליַיך אַוועק צו אַן אַנדערן, ביי וועמען ער האָט געלט נישט פאַר קיין תבואות און נישט פאַר קיין אַנדערער סחורה. ניין. דאָס איז געלט וואָס ער האָט געשפּאָרט אין משך פון יאָרן, און וואָס ער האָט גאָרנישט געהאַט דערמיט וואָס אויפצוטאָן, האָט ער עס אַוועקגעגעבן אויף פּראָצענט. און דער דאָזיקער מענטש איז יוסף סאַבאַל, וועמען די שטאָט יידן האַלט, שוין זינט חדשים צוריק, פאַר אַ גרויסער עוולה דאָס, וואָס ער האָט די אַנטיסעמיטן, די שונאי־ישראל, פאַרקויפט אַ קאָמעניצע אויף דער „ספּולקע" און אויפן קלוב. ער, שמעון, האַלט עס אויך פאַר אַ גרויסער עוולה. אָבער אַז ער האָט שוין ביי אים געהאַט ס׳געלט נאָך פון יאָרן פריער, וועט ער עס דען, איבער דער עוולה, צוריקנעמען? אפשר וואָלט ער עס געטאָן. מעגלעך. נאָר וועמען וועט ער עס געבן? דער באַנק „עזרה"? מיט איר וויל ער נישט האָבן צו טאָן. קהל וואָלט זיך באַלד דערוואוסט וועגן דעם און מ׳וואָלט אים, שמעון׳ען, געשטעלט גרעסערע „נאַלאָגן". אַזאַ חברה די „עזרה"־מענטשן! זיי האָבן לאַנגע צינגער . . . און אפשר אַן אַנ־דערן? מיט אַן אַנדערן איז ער אָבער נישט אַזוי זיכער, ווי מיט סאַבאַלן. צו אים, סאַבאַלן, האָט ער צוטרוי, ער קען אים שוין יאָרן. זינט זיי זענען געווען יינגלעך קאָן ער אים. איז אָט צו אים גייט ער.

אָבער פאַרן אַוועקגיין מוז ער זיי, די פרויען, נאָך עפּעס פרעגן.

— זענט עץ כאָטש זיכער אַז אָמשפּעטסטנס איבערמאָרגן וועלן זיי זיין קריק? ענקערע מענער מיין יעך. האַ? . . .

די פרויען האָבן שוין ווידער געמאַכט מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך איינע די אַנדערע סותר געווען. אָבער שמעון האָט שוין איצטער נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, וואָס איינע דרייט מיטן קאָפּ רעכטס, אַ צווייטע — לינקס. און אַ דריטע לאָזט אַראָפּ די אויגן ווי אַ תם. ער האָט זיך גענומען גיין.

— יעך — טראַכט ער — וועל דאָ סיוויסיי זיין מאָרגן, איבער־מאָרגן, אַלע טאָג . . . כ׳על ענק דאָ נאָך זאַמיטשען, ווי אַ זלידנע פליג . . . האָט ניש קאַ מורא. ס׳עט ענק קאַ צרות ניש פעלן . . .

# קאפיטל פינף

פאר זון־אונטערגאנג איז פון פיר־שטאקיקן, געמויערטן הויז, וואס אין איין־און־איינציק אויף דער באנגאס, ארויס א זייער געפוצט יידל, מיט א שפיציקן, גראלעכן בערדל. אנגעטאן איז ער געווען אין א זומערדיקן, העלן היטל, מיט א לענגלעכן דאשיק; אין גלאנציקע, גימזאווע שטיוועלעך, וואס מ׳האט זיך געקענט אין זיי שפיגלען; אין אן אלפאגענעם רעקעלע, וואס איז פון א ליאדע ווינטל ארומגעפלויגן אויף אים, דעם גראלעד־בערדלדיקן מענטשל. ער איז זיך ארויס פון הויז מיט קליינע טריטעלעך, ווי איינער, וואס האלט פון זיך א סך, און האט זיך געלאסן, מיט ווירדע, גענומען גיין מיטן טראטואר צו שמעון רימער אין הויז אריין.

געווען איז ער — דער אייגנטימער פון א סך הייזער: יוסף סאבאל.

געגאנגען איז ער צו שמעון׳ען פונוועגן עפעס א זייער וויכטיקן ענין. אן ענין וואס שמעון וויל מיט אים, יוסף סאבאלן, רעדן פערזענלעך. וועגן דעם האט ער זיך אין דער היים דערוואוסט נאך מיט א סך שטונדן צוריק. מ׳האט אים איבערגעגעבן, אז ווען ער, סאבאל, איז נישט געווען אין הויז, איז שמעון אריינגעקומען און האט געלאזט וויסן, אז ער דארף רעדן וועגן א זייער וויכטיקן ענין. וואס דער דאזיקער ענין איז, ווייס ער נישט, סאבאל. ער איז זיך נאר משער, אז ס׳מוז זיין וועגן געבן א נייעם קאפיטאל. ווארים מיט עטלעכע וואכן צוריק, ווען ער, יוסף סאבאל, האט זיך געזען מיט שמעון׳ען, האט יענער געזאגט:

— דו ווייסט, יוסף, כ׳על דיר האבן צו געבן א נייעם קאפיטאל. פון די יודקעס דארף יעד קירצלעך קריגן אן אפותיקי. וועל׳ך זי דיר צוגעבן צו דער סומע, וואס כ׳האב שוין בא דיר . . . וועסט נעמען? . . .

— כ׳וויים . . . — האט ער, יוסף, זיך מכלומר׳שט געקווענקלט. אין דער זעלביקער צייט האט ער ארויסגענומען א קעמעלע פון א לע־

דערנעם שיידל, וואָס ר'האָט געטראָגן אין אַ וועסטל־קעשענע, און זיך געמאַכט קעמען דאָס בערדעלע, כדי שמעון זאָל נישט מיינען, אַז ער, סאַבאַל, וויל פון אים עפּעס כאַפּן. און נאָך האָט עס געמיינט, דאָס קעמען: ווילסט? גיב... ווילסט נישט? גיב נישט... מיר פעלט נישט קיין געלט, געלויבט השי"ת... כ'זאָל נאָר אַזויפיל וועלן! מענטשן געטרויען...

וואָס אמת, איז אמת. מענטשן האָבן אים אָנגעטרויט געלט, ווי ער וואָלט געווען אַ באַנק. טיילמאָל האָט ער גאָרנישט באַדאַרפט אַזוי־פיל. פּריצים, וועמען ער האָט די מיינסטע געלטער אוועקגעבאָרגט אויף גרעסערע פּראָצענטער, ווי ער האָט געצאָלט צו די שטאָט־מענטשן, האָבן נישט אָפט געמאַכט קיין הלוואות.

איז אָט האָט שמעון געקראָגן נאָך מער חשק אוועקצוגעבן דאָס דערוואָרטעטע געלט און מיט אַ קוועטש פון די אויגן צוגעזיכערט: יאָ, ער וועט עס טאַקע געבן.

אָט, אַ דאַנק יענעם שמועס איז ער זיך משער, יוסף סאַבאַל, אַז שמעון וויל שוין היינט אוועקגעבן דעם קאַפּיטאַל. דערצו, ווייל פאַרן אוועקגיין האָט שמעון נאָך געזאָגט, אַז ער, יוסף סאַבאַל, מוז נאָך היינט זיין ביי אים, שמעונ'ען, אין הויז. אומבאַדינגט היינט. אַז אָפּ־לייגעניש.

אָבער, ער, סאַבאַל, גייט אַראָפּ צו שמעונ'ען ערשט איצט, כאָטש ער ווייסט שוין וועגן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג עטלעכע שעה. ער האָט זיך אומישנע אָפּגעהאַלטן. ער האָט נישט געוואָלט גיין באַלד ווי די נייעס איז צו אים דערגאַנגען, כדי שמעון זאָל נישט מיינען... נו, די זעלבע זאַך: „יוסף סאַבאַל וויל פון אים עפּעס כאַפּן..." ניין. ער, יוסף סאַבאַל, האָט ליב צו גיין געלאַסן, אַז אָקסן־טריט, אָבער דערפאַר מיט אַ פּלאַן... איי, שמעון וועט פרעגן, פאַרוואָס ס'האָט אים אַזוי לאַנג גענומען ביז ער האָט זיך באַוויזן? וועט ער, סאַבאַל, זאָגן: „וואָס מיינסטו, מענטש, כ'בין געזעסן און געוואַרט נאָר אויף דיין געלט? ס'פעלן מיר נישט, ברוך השם, קיין אָנבאָטן צו נעמען געלט... כ'קאָן זיך נישט אָפּזאָגן. מוז גיין דאָ, דאָרטן..."

איז אָט גייט ער זיך פּאַמעלעך נאָכן קאַפּיטאַל, וואָס שמעון האָט שוין אָנגעגרייט, און וועט נאָכדעם אוועקגעבן דאָס גאַנצע געלט צו איינעם, וואָס איז פריער געווען ביי אים, יוסף סאַבאַלן, אין הויז.

ווער דער איינער איז? הם... שוין איינמאָל אַז „איינער". ער איז אַ פּריץ, וואָס איז פריער געקומען צולויפן פון דער אסיפה אין

פּוילישן קלוב. יאָ. יענעם פּריץ וועט ער עס אָוועקגעבן. און ער וועט עס טאַקע באַלד טאָן, ווארים יענער ברענט . . .

— פּאַניע סאַבאַל, — איז ער, דער פּריץ, געקומען צולויפן פון דער אסיפה און האָט גערעדט אין איין אָטעם — דער פּאַן מוז מיר בארגן אַ אַפּותיקי אויף אַ נישט לאַנגער צייט. דער פּאַן מוז! . . . וויל דער פּאַן אַ צייכן, אַ וועקסל? . . . כ'וועל געבן וואָס דער פּאַן וויל, אָבער לאָמיך האָבן . . . וועל אַפילו געבן אַ גוטן פּראָצענט . . .

צי ער, סאַבאַל, ווייסט, אַז דער דאָזיקער פּריץ גיט אַ גוטן פּראָצענט? ער ווייסט עס שוין פון לאַנג. ער האָט אים נאָך געגעבן געלט מיט שיינע יאָרן צוריק און געוואוסט, אַז ביי אים, דעם פּריץ, שפּילט נישט קיין ראָליע נאָך אַ פּראָצענט און נאָך איינער. ער איז אַן אמת'ער שליאַכטשיץ! איין קליניקייט, דער פּאַנסקע־וואָליער שליאַכטשיץ . . . דער גאַנצער געגנט קען דאָך אים. אין דער גאַנצער גובערניע איז ער דאָך באַקאַנט. איי, דער זעלבער פּריץ האָט מיט אַ שטיק צייט צוריק אָפּגעזאָגט שמעון רימער פון דער אַרבעט אין הויף? נו, דאָס טרעפט זיך דאָך. ער איז דאָך נישט אַ שטיין. אַז מ'רעדט אין אים אַריין נאָך אַמאָל וועגן יידן און נאָך אַמאָל, קען ער זיך נישט העלפן און טוט, וואָס אַנדערע טוען. אָבער צו זאָגן, אַז ער איז אַ כלב, אַ שונא־ישראל, דאָס — גאָט באַהיט. אַ באַווייז: אָט איז ער געקומען צו אים, סאַבאַלן, נאָך געלט, האָט ער זיך באַגריסט מיט איטלעכער טאָכטער באַזונדער, און אַפילו געקושט זייערע פינגער.

— האָט דער פּאַן סאַבאַל טעכטער! — האָט ער זיך, נאָכן קושן זייערע פינגערלעך, אויסגעדרייט צו אים, סאַבאַלן, און געגלעט זיך די לאַנגע וואָנצעס — סאַמע שלאַכעצקע נאַטורן . . . סלאַוואָ האָנאָרו . . . פאַרוואָס לאָזט ער זיי נישט אַריין אין די שליאַכטשישע געזעלשאַפטן? מ'וואָלט דאָך זיי געזעצט אויבן־אָן! . . .

— פאַרוואָס איך לאָז נישט? — האָט ער, יוסף, זיך פאַרענטפערט — איך לאָז, נאָר אַנדערע לאָזן נישט . . .

— ניע פּראַוודאַ! ניע פּראַוודאַ!! — האָט זיך דער יאַשניע ווייעלמאָזשני פּאַן פון פּאַנסקע־וואָליע צעשריען און טאַקע מיט כעס אויף. כעס, וואָס מ'האָט לויט דעם נישט געקענט חושד זיין, אַז ער דער פּריץ, מאַכט אַן אָנשטעל. — זאָל מען נאָר וועלן . . . מיר לאָזן שטענדיק אַריין. מיר שטופּן נישט אָפּ אַזעלכע, וואָס ווילן זיך מיט אונדז פּאַראייניקן . . .

וואָס דער יאַשניע ווייעלמאָזשני האָט געמיינט מיטן „פּאַראייניקן”,

האָט ער, סאַבאַל, נישט געוואוסט. ער האָט נישט געוואוסט, צי ער מיינט מיטן „פּאַראייניקן" שמד'ן זיך, אָדער חתונה־האָבן מיט איינעם פון זיי, אָדער גיין האַנט אין האַנט, ווען ס'קומט אויס צו רעדן, אָדער עפּעס טאָן פאַר פּוילן, זי זאָל ווערן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. קורץ, ער האָט נישט געוואוסט. און אין דער אמת'ן, האָט ער זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין קיין ווייטע דרכים. וואָרום צו וואָס? מיינט ער, דער פּריץ, מיטן „פּאַראייניקן" צו שמד'ן זיך, דאַרף ער דאָך, סאַבאַל, ענטפערן: „צו וואָס? קען מען דען נישט זיין אַ ייד און דאָך ווערן גוטע פריינט?" און מיינט יענער מיטן „פּאַראייניקן" — פריינדשאַפט, מוז ער דאָך, סאַבאַל, אָפּן זאָגן: „מיר זוכן די פריינדשאַפט, נאָר איר ווילט זי דאָך נישט. . . ." אָבער צו וואָס? קיין גוטס וואָלטן די דאָזיקע טענות געווים נישט געבראַכט. זיי וואָלטן נאָך דעם מסחר קאַליע געמאַכט. אויב אַזוי, צו וואָס דאַרף ער עס, יוסף סאַבאַל? אַלץ אָבער וואָס ער האָט געוואָלט פרעגן איז: צי נעמט ער נישט אַמאָל, דער פּריץ, דאָס געלט אויף אַזעלכע זאַכן, וואָס שמעקן נישט קיין ייד. וואָרים אָט קומט ער דאָך פון אַזאַ אסיפה, וואו מ'האָט געווים נישט גערעדט קיין גוטס וועגן יידן, וואו מ'האָט עפּעס געפּלאַנירט קעגן יידן. אגב, נאָך אין דער פרי האָט ער, יוסף סאַבאַל, געהערט אין בית־מדרש און אויף דער גאַס, אַז די פּריצים פון אַרום און אַרום זענען זיך היינט צונויפגעפאָרן אויף אַן אַסיפה, וואו זיי וועלן פּלאַנירן, שוין אויפצושטעלן גרויסע לאַגערן פאַר תבואות און אויסקלייבן אַ האַנדל־קאָמיסיע, וואָס וועט פירן געשעפטן מיט אויסלאַנד און מיט אינלאַנד. נו, וואָס מיינט דאָס? נישט קעגן יידן? געווים קעגן יידן. אויב אַזוי, ווי קען ער, יוסף, סאַבאַל, זיין זיכער, אַז דער פּריץ נעמט נישט דאָס געלט פאַר אַזעלכע מעשים־טובים? . . . אָבער ער האָט וועגן דעם אויך נישט געוואָלט רעדן. די סיבה? דער שליאַכטשיץ וואָלט דאָך געקענט זאָגן: „מיר זענען אַזויפיל פּריצים, פאַרמאָגן מיר נישט געגנוג אויף צונויפצוליייגן זיך אַזאַ קליינע סומע? ווען מיר דאַרפן אויף אַזעלכע זאַכן, וואָלטן מיר געקומען צו דיר? . . ." און ס'קען זיין, אַז ער וואָלט אויך געזאָגט: „דו פאַרכעוואַטער זשיד! ווי וואַגסטו מיך צו פרעגן, אויף וואָס איך באָרג זיך געלט? . . ." יאָ, ס'קען מעגלעך זיין, אַז ער וואָלט דאָס אַלץ געזאָגט און נאָכדעם — אַנטלאָפן אַ ברוגז'ער. און וואָס אמת, ער וואָלט גערעכט געווען. הכלל, ער, יוסף סאַבאַל, האָט דערפאַר קיין שמועסן וועגן די דאָזיקע אַלע זאַכן נישט געמאַכט און אים בלויז געזאָגט:

— וואו וועט דער יאשניע ווייעלמאזשני פאן זיין שפעטער? כ'דארף דא באלד האבן געלט, וועל'ך אליין ברענגען . . .

— וואו? — האט דער פריץ זיך עטלעכע ווײַלעס גע'יישוב'ט — דער פאן סאבאל קאן עס מיר ברענגען אין האטעל אריין . . .

— ווען?

— ווען? . . . ארום זון־פארגאנג.

— גוט, — האט ער, סאבאל, צוגעשטימט — אויסגעצייכנט . . .

און אט טאקע איצטער גייט ער אראפ צו שמעון'ען נאך דעם קאפיטאל, ווארים ס'איז שוין באלד שפעט, די נאכט הויבט אן צו־צופאלן. ....

---

אריינגעקומען צו שמעון'ען אין הויז אריין, האט זיך אבער גאר שמעון גענומען מאכן צו אים פרעטענציעס!

— אויף וואס דארף יעדער האבן געלט ביי דיר, אז ווען ס'איז פיקוח־נפש זאל'ך דארפן ווארטן ימים־ושנים, ביז כ'קריג עפעס ארויס פון דיר?

געוועזן איז די טענה אין אויפנעם־צימער.

— וואס געלט, ווען געלט? — האט סאבאל גענומען מאכן חלשות־פאזעס מיטן פנים און מיט די הענט — וואס קריגן, ווען קריגן?

— מאך ניש דיינע טויט־אנשטעלן — זאגט שמעון שוין אביסל אן אויפגעקאכטער — און גיב מיר א פאר הונדערט קערבלעך . . . כ'דארף האבן געלט . . . כ'האב געזאגט די טעכטער דיינע, די פאנ־פעראנקעס, אז כ'דארף דיך באלד האבן. האסטו ניש פארשטאנען, אז כ'מיין געלט? צו וואס דען דארפער דעך? כ'האב דען מיט דיר אנדערע עסקים? . . .

סאבאל האט געקנייטשט מיטן פנים, געצוקט מיט די אקסלען, ווי ער וואלט נישט געוואוסט, צי שטייט ער דא, אדער אונטער א שלאקס־רעגן. נאך עטלעכע מינוט איז ער אבער געקומען צו זיך און ער האט זיך אנגעהויבן צו ציען ביים היטל, ווי עס וואלט אים געווען שווער אויפן קאפ.

— הכלל, — זאגט ער — זע איך דאך, וואס דער וויזיט דיינער האט געמיינט . . . וויל'ך דיר זאגן, אז געלט ליגט נישט אלעמאל גרייט . . . וואס מיינסטו, כ'וואלט בכוח געווען צו צאלן פראצענט, ווען דאס געלט ליגט ביי מיר? כ'מוז דאך אויך עפעס אויפטאן מיטן געלט, נישט?

— דערום וואָס זאָגסטו? — טוט זיך שמעון שוין אַ שטעל אויף בײַם טיש, בײַ וועלכן ר׳איז געזעסן — וואָס דאַרף יעדן הערן אַרים־טאַטעלשע חכמות? . . . אַצינד גייען ניט די דאָזיקע זאַכן . . . כ׳וויל וויסן צו דער זאַך . . .

צו דער זאַך? אוודאי וועט ער, סאַבאַל, אים זאָגן צו דער זאַך. ווען האָט דאָס ער, יוסף סאַבאַל, נישט געזאָגט, אָדער גערעדט צו דער זאַך? ער רעדט און טוט שטענדיק צו דער זאַך. מ׳מעג פרעגן אַ גאַנצע וועלט. איטלעכער איינער קען אים. הכלל, קורץ און טאַקע, אויך איצט, צו דער זאַך:

— ווילסט וויסן צו דער זאַך? . . . זאָגט ער צו שמעונ׳ען — דאָס געלט, וואָס דו ווילסט, קענסטו קריגן ערשט אין עטלעכע טעג אַרום . . .

— ווען? אין עטלעכע טעג אַרום? . . . — גלאָצט שמעון אויס די אויגן.

— זאָל מען זאָגן, — פאַרטראַכט זיך סאַבאַל ווי וועגן אַ פאַר־פּלאָנטערטן ענין — אין אַ טאָג דרײַ, גוט?

גוט? וואָסאַרא גוטסקייט איז עס, ווען ער, שמעון, דאַרף עס שוין, אָט שוין איצט? וואָסאַרא גוטסקייט, ווען ער דאַרף שוין גיין צו סוחרים און מאַכן אַ מסחר פונוועגן פעל? אָבער אַזוי ווי ער קאָן נישט נעמען אַ מענטש און אים צודריקן צו דער וואַנט, מסתם האָט ער דאָך טאַקע נישט, דער סאַבאַל, האָט ער אים געלאָזט מיט זײַנע טענות און זיך אָוועקגעדרייט פון אים.

— נו, גוט . . . נאָר זאָלסט מיר ברענגען דאָס געלט אין שטוב אַרײַן . . . כ׳האָב פײַנט אַרויפצוקימען צו דיר . . . די טעכטער דײַנע מײַנען, אַז יעדן קים עפּעס בעטן בײַ דיר . . . קים אַרײַן צו דיר, לאָזט מען מעך שטיין בײַ דער טיר אין דער קיך . . . וואָס, ס׳פּאַסט שוין ניט דײַנע טעכטער צו רעדן יידיש, נאָר פּויליש? . . . וואָס, ס׳האָט זיי דער גלח באַשווענצלט?

— ווער, מײַנע טעכטער? — טוט סאַבאַל אַן אומשולדיקער און בלאַ־יודעים׳דיקער אַ הויב מיט די אַקסלען — ווער, זיי? טאַקע זיי? . . . כ׳זאָג דיר צו די זאַך אויסצופאַרשן . . .

— אויסצופאַרשן?! — טוט שמעון אַ בייזן בליק אויף סאַבאַלן. אָבער נאָך עטלעכע מינוט שפּאַטישן און עפּעס מיטלײַדנדיקן קוקן, דרייט ער זיך ווידער אָוועק פון אים און נעמט ברומען צו זיך, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען דעם סאַבאַל־מהות — „אויספאַרשן" . . .

ער וועט „אויספארשן״! ... א גאנצער שלעדעוואטעל ... הם ...
און נאך א פאר ווײלעס — מיט אויפרעגונג:

— לערן זיי שכל, ווי אויפצונעמען א מענטש! ... אט וואס ...

סאבאל האט דערויף גארנישט נישט געענטפערט. ער איז נאך געשטאנען און האט געקוקט אויף שמעונ׳ען. שמעון איז געשטאנען ביים טיש און האט געקוקט דורכן פענצטער אין דער גאס אריין. נישט קענענדיק זיך אבער צוזאמענגעמען, נישט וויסנדיק וואס ער קוקט, האט ער זיך צוריק אויסגעדרייט צו סאבאלן און אים גיך געזאגט:

— נו, גוט, אין עטלעכע טעג ארום ...

יוסף סאבאל, וואס איז געווען צעדולט מער פון דעם, וואס ער וועט איצט נישט האבן קיין געלט פארן פאנסקע־וואליער פריץ, איידער פון דעם, וואס שמעון האט געליארעמט און פארגעווארפן, ער, יוסף האט זיך א ריר געטאן ווי פון אן איבערגעריסענעם שלאף. ער האט א מאך געטאן מיט די ליפן, ווי ער וואלט געוואלט זאגן „אלע מיינע בייזע חלומות זאלן אויסגיין צום רימערס קאפ״, און איז אוועק.

שמעון האט זיך אויך גענומען גיין, אבער נישט, ווי מיינסטנס איטלעכן פאר־אוונט, אין בית־מדרש אריין, נאר גלייך צו יאקל זאנב פונוועגן פעל. עס זענען אויך דא אנדערע סוחרים פון רויע פעל. שמעון האט אבער באשטימט צו גיין צו יאקלען. די סיבה: דאס שדכנ׳ען, כאטש ס׳איז דערפון גארנישט מיט גארנישט געווארן. נאך א סיבה: לאנגיאריקע באקאנטשאפט, וואס דארף זיך האלטן נישט בלויז אויף „גוט־מארגן, גוט־יאר״. הכלל, ער האט זיך א צי געטאן ביי דער בארד, ביים היטל און א קוק געטאן אויף פערלען, וואס איז געזעסן דא אויף דער קאנאפע.

— וועסט אנגרייטן א ליכט, צוויי ... — זאגט ער צו איר — הערסט? ... ווארן, ווען כ׳וועל אהיימקימען מיט די פעל, וועט מע דארפן צולייכטן אין דער קאמער, צו זען וואו מ׳איז ... וועסט עס טאן? ...

פערל האט נישט געענטפערט. זי האט געהאלטן דעם קאפ אריינגעטאן אין דער צאינה־וראינה, כאטש זי האט נישט געלייענט, און זיך נישט וויסנדיק געמאכט. די עקשנות: זי איז געווען בייז אויפן מאן פאר זיין אופן רעדן צום איידעלן שטאט־באלעבאס, יוסף סאבאלן.

שמעון האט שוין אבער מער נישט געפרעגט און זיך געלאזט

ארוים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איר שווייגן מיינט — איינשטימיקייט.

---

אין דער יידישער גאַס, נישט ווייט פון שול און בית־מדרש, איז פאַר דער טיר פון דער וואוינונג געזעסן יאָקל זאַנב און האָט געקוקט ווי יידן גייען צו מנחה־מעריב.

פון אַלע געסלעך האָבן אַריינגעשטראָמט יידן. עס זענען געגאַנגען אַלט און יונג. טייל יונגוואַרג איז געגאַנגען אַליין, פאַר זיך. טייל — מיט די עלטערן. מ'איז אַריין דורך די אָפענע גרויסע פאַרקאַן־מויערן אין הויף אַריין און פון דאַנען — אין שול און אין בית־מדרש אַריין.

אויך יאָקל זאַנב האָט זיך געוואָלט לאָזן גיין צו מנחה־מעריב. אָבער איין גאַט ווייסט, אַז ער האָט נישט קיין כוח זיך אויפצושטעלן.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז ער געקומען פון די קצבים. ער איז געוועזן אַוועק צו זיי פונוועגן פעל. אָבער נאָכן אַרומגיין אַזוי פון דעם ערשטן ביז צום לעצטן, האָט ער געקראָגן בלויז עטלעכע פעל. שוין געהערט? בלויז עטלעכע פעל! איז עס נישט אַ וווּנדער? די סיבה: פשוט, מ'קוילעט נישט. מענטשן עסן נישט קיין פלייש. אמת, דאָס דאָזיקע האָט ער געהערט נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. עס איז געוועזן אויף אַן אסיפה ביים רב אין הויז. דאָרטן האָט מען ברייט זיך צעדעדט, אַז די שוחטים הונגערן, אַז דער רב האָט נישט פון וואַנען צו ציען קיין חיונה, אַז דער בית־דין־שמש דרייט זיך אַרום אָן אַ פרוטה. אמת, ער, יאָקל, האָט פאַרשטאַנען, אַז אין אַ גרויסער מאָס איז דאָ שולדיק דאָס, וואָס מ'קוילעט ווייניק, זייער ווייניק. אָבער ער האָט נישט געוואוסט וועגן אַזוי ווינציק ווי ער האָט דערגאַנגען ערשט היינט. פון עטלעכע און צוואַנציק קצבים זאָל נישט זיין מער ווי עטלעכע פעלכלעך?! אויף דעם האָט ער זיך באַין־אופן נישט געריכט. מיט וואָכן צוריק האָט מען נאָך געקענט קריגן אַ פעל פופצן, אַ פעל צען. שוין אָפגערעדט — מיט חדשים צוריק, ווען מ'האָט נאָך געקענט צונויפקלייבן אַ פעל פערציק, דרייסיק. אָבער אַזוי ווי היינט — פשוט עק וועלט. אין גאַנצן צונויפגעקראַצט — נו, אַ וווּנדער צו זאָגן . . . בסך־הכול: דריי פעל.

איבעריקנס, וואָס האָט ער זיך אַוועקגעזעצט קלאָגן אויפן חורבן פעל? וואָס איז דער מער מיטן מסחר פעל גופא? . . . אַז מ'האָט שוין די פעל, ווייזט זיך דען אַ קונה? . . . אפילו אַ שמעק טאָן קומט מען דאָך נישט! אַ נעכטיקער טאָג. ביי אים, יאָקלען, ליגן שוין פעל זינט חדשים צוריק און קיינער טוט נישט קיין שמעק צו זיי. שוין

חדשים ווי עס הענגען ביי אים אַ פּופּציק פּעל און — גאָרנישט. זיי הענגען! מיט וועמען זאָל ער רעדן וועגן מסחר, מיט וועמען? מיט גאַרבערס? וואָלטן זיי באַדאַרפט, וואָלטן זיי אים אַליין אָנגעכאַפּט. ווי שטייט אין פּסוק? נפשי קשורה בנפשו. וואָלטן זיי באַדאַרפט, וואָלטן זיי אַליין געוואוסט דעם וועג. אָבער אַ סימן, אַז זיי דאַרפן נישט, זענען די אַרבעטאָרער, וואָס דרייען זיך נעבעך אַרום פּוסט און פּאָס. נישטאָ קיין אַרבעט. אין אַזאַ צייט איז אפשר בכלל אַז עוולה פון אים, יאַקלען, וואָס ער גייט אין גאַנצן אַ שמעק טאָן צו די קצבים אין די יאַטקעס. וואָרים, ווען עס וועט אפילו שוין יאָ זיין פּעל צו קויפן, וועט ער דען קענען מיט זיי עפּעס אויפטאָן? דאָס ווייב האָט אים אָבער פריער, איידער ר'איז אוועק, געוואָרנט:

— יאַקל, זיץ אין דער היים. האָק ניש דאָנע פּיס. וועסט סיי־ווי־סיי ניש האָבן פון די פּעל מער ווי דאָס עגמת־נפש, וואָס די ווערים עסן זיי. האָסט ניש קאַ לעקציע מיט שמעון רימער? אָט האָט ער דיר נעכטן צוגעזאָגט צו קימען קויפן פּעל. קימט ער? סי געוועזן ניש מער ווי אַן אויסרייד, כדי זאָלסט זיין מער וויליק צו טאָן עפּעס וועגן שידוך . . .

וואָס אמת איז אמת. ער האָט טאַקע צוגעזאָגט, דער שמעון, און איז נישט געקומען. אפילו היינט, ווען ער, יאַקל, איז געווען ביי אים אין הויז, האָט ער, שמעון, אפילו מיט קיין פּיפּס נישט דערמאָנט. הייסט עס, אַז אפילו מיט אים איז אויך שוין אויס! אָבער איז דען דער מענטש געבוירן געוואָרן בלויז צו זיצן? ניין. אַ מענטש איז נישט געבוירן געוואָרן אויף צו האַלטן די הענט פאַרלייגט . . . ער מוז עפּעס טאָן. האָט ער נישט וואָס ער באַדאַרף, באַמיט ער זיך צו האָבן. קאָן ער עס נישט קריגן איצט, האָפט ער אויף שפּעטער . . . דער מענטש הערט קיינמאָל נישט אויף צו האָבן אמונה אויף בעסער. ער דערוואַרט שטענדיק עפּעס אַ נס.

און בעת ער זיצט אַזוי און טראַכט — דערזעט ער פון אַ ווייטן געסל אַרויסקומען עפּעס אַ באַקאַנטן מאַן. אַ מאַן, וואָס דערמאָנט יאָ אַן עמעצן אַ גוט באַקאַנטן, און וואָס דערמאָנט נישט. אַ? ווער איז ער? עפּעס יאָ קענטלעך, און עפּעס נישט. ווער איז דער דאָזיקער? אַהאַ. יאָ . . . שמעון רימער. יאָ. טאַקע שמעון רימער. אַ הויכער, אַ ברייטער. יאָ, טאַקע ער . . . אָבער וואוהין גייט ער? אַ? מסתם אויך צו מנחה־מעריב. געוויס. וואָס דען האָט ער דאָ צו טאָן? אַן ספק. ער גייט אין בית־מדרש אַריין, אָדער אין שול אַריין. אָבער —

ניין. ער גייט גאָר — אַ ? וואוהין גייט ער ? דאָ אהער ? אַ ? אָד, טאַקע דאָ אהער. יאָ, דאָ אהער. אָבער צו וואָס דאָ אהער ? אהאַ ? געווים וועגן שידוך. יאָ. ווארים ער האָט נאָך ביז איצט נישט געקראָגן קיין ענטפער פון בחור בן־ציונ׳ען. אָבער וואָסאַרא ענטפער קען ער, יאָקל, געבן ? ניין. ער, יאָקל, קאָן אים, שמוענ׳ען, קיין וואזשנעם ענטפער פונעם בחור בן־ציונ׳ען נישט געבן. פּשוט ער האָט נישט קיין וואזשנעם ענטפער. ער קאָן אים נאָר זאָגן דאָס, וואָס — נו, דאָס, וואָס ס׳איז געווען צו דערווארטן.

— אויב נישט קיין ארץ ישראל, — האָט בֶן־ציון געזאָגט, — טאָ, צו וואָס נעמען אויף זיך אַן עול ? אין ארץ־ישראל וואָלט כאָטש יאַקאָש געווען גרינגער . . . אַ סך גרינגער . . . אזוי לאָזט דער שכל גלויבן . . .

איז אָט דעם ענטפער קאָן ער אים, שמוענ׳ען, געבן.

אָבער ווען שמעון איז צוגעקומען, הערט ער גאָר עפּעס אַנדערש.

— ווייסט, יאָקל, נאָך וואָס כ׳בין געקימען ?

— פון וואַנען זאָל׳ך וויסן. . .

— וועסט ניש טרעפן . . .

— אויב טרעפן, וועל׳ך שוין מסתמא יאָ טרעפן . . . פונוועגן שידוך . . .

— פונוועגן דעם אויכעט. ס׳הייסט, אויב דער בחור באַשטייט ניש, זאָלסטו מיר זען אַ צווייטן בחור אָפּצוזוכן . . . אָבער פונוועגן נאָך עפּעס . . .

— נאָך עפּעס ? למשל . . .

— פונוועגן פעל.

— פע־לל ? . . . טוען זיך ביי יאָקלען אַ שטעל־אוים די אויגן, ווי מ׳וואָלט אים געגאַנגען צונעמען ס׳לעבן — פע־ע־ע־ל ?

— וואָס שרעקסטו זעך אזוי ? — קוקט שמעון פאַר׳חידוש׳ט — כ׳גיי זיי דען צוכאַפּן ביי דיר ? וואָס שרעקסטו זעך אזוי ? . . .

— אַ ? . . . — האַלט יאָקל אָפּן ס׳מויל, פון וואַנען עס רינט ארויס אַ גאַווער.

— וויפל האָסטו ? — פרעגט שוין שמעון האַסטיק.

— ווי־פי־ל ? . . . — ווערט ביי יאָקלען שיר־נישט ענג אין האַלדז — אַ ? . . . וויפיל ? . . .

— יאָ.

— קום אראָפּ אין קעלער אריין, וועסטו זען . . .

— קום . . .

און שוין פֿאַרגעסן, אַז ר'האָט נאָך נישט קיין מנחה געדאַוונט, אַז ס'וועט באַלד זיין אומזיסט אפילו דאָס דערמאָנען זיך, וואָרים ס'ווערט שפּעט, איז ער, יאָקל זאַנב, אַריין מיט שמעון'ען אין פֿיר־הויז, וואו ר'האָט דעם קעלער, כדי צו מאַכן דעם אומגעריכטן מסחר פֿון פּעל.

— איי, איז דער רבש"ע אַ פֿאַרזאָרגער! . . . — טראַכט ער בעת'ן גיין — אַך, דו אייביק טאַטעלע זיסער . . .

צוגעקומען צום קעלער, האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט און גענומען קוקן אויף שמעון'ען.

— וואָס קיקסטי ? — פֿרעגט שמעון.

— דו ווייסט, שמעון, — זאָגט ער — חוץ מיט חיונה, דאַרף זיך אַ ייד אויך נאָך באַזאָרגן מיט עולם־הבא . . . .

— אַקעגן וואָס זאָגסטי עס מיר ? — קוקט שמעון, ווי ער וואָלט גע'פּטר'ט צייט — כ'בין דען ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן ? . . .

— כ'האָב נאָך נישט געדאַוונט קיין מנחה.

— נאָך ניש ? . . .

— ניין.

— נו, וואָס ווילסטי ? יעד זאָל פֿאַר דיר דאַוונען ?

— ניין, איך וויל דאַוונען . . .

— נו, האַלט יעד דעד צו ?

— כ'ווייס . . . אפשר ביסטו אויף גיך . . .

— מאַך זעד ניש צו־נאַר און גיי דאַוונען . . . וואָס, יענע וועלט וועל'ד דיך לאָזן אַנווערן ? גרויסער גביר מיינער . . .

— נו, קום . . .

יאָקל זאַנב האָט זיך איצט צוריקגעקערט און איז אַריין אין שטוב צו דאַוונען מנחה.

שמעון איז מיטגעגאַנגען.

# קאַפּיטל זעקס

אַנטקעגנאיבער דער גרויסער קאַמעניצע, וואו יאָקל זאַנב האָט געוואוינט, איז געשטאַנען אַ צוויי־שטאָקיק הויז, אַן אַש־גראָס, אַן אָפּ־געבלאַקעוועטעס, וואָס איז אין אַ לויטערן טאָג געווען איינגעטונקען אין זון בלויז אַ שטונדע אָנדערטהאַלבן — פאַרמיטאָג. אויך אַזוי איצט. פאַרביי דעם דאָזיקן הויז האָט זיך איצט זייער פאַרזאָרגט געדרייט איינער פון די לאַקאַטאָרנס קינדער: בן־ציון.

אַרויסגעקומען איז ער, בן־ציון, פון הויז, כדי צו באַטראַכטן אַן עסק, וואָס דער פאָטער האָט אים פאָרגעשלאָגן ערשט נישט לאַנג צוריק.

איינער אַ פריינט, אַ שכן, גייענדיק היינט פון בית־מדרש, האָט אָפּגעשטיגן ביים פאָטער אין הויז און געזאָגט, אַז ר׳האָט אַ וואונדער־לעך געשעפט פאַר בן־ציונ׳ען. דהינו? אַ שיפס־קאַנטאָר. עפּענען אַ שיפס־קאַנטאָר. פשוטו כמשמעו. אַזוי ווי היינט גייט אָן אַ גרויסע עמיגראַציע קיין אויסלאַנד, איז פשוט געוואונטשן, אַז איינער אין דער שטאָט זאָל האָבן אַזאַ עסק, וואָס זאָל מענטשן פאַרלייכטערן די צרות און קלאָפּאָטן. נאָך דעם האָט דער פאָטער געזאָגט צו אים, בן־ציונ׳ען:

— סע וואָלט טאַקי גיוועזן די גלייכסטע זאַך, וואָלט עס גיוועזן . . . דערצי — פאַר דיר . . . וואָלסט ניש געדאַריפט קאַ סך אַרביטן, וואָלסטי ניש, און נאָך גיקענט אַמאָל אַראַנקיקן אין אַ ספר, אָדער אין אַ ביכל...

— יאָ, יאָ . . . — האָט די מוטער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — כ׳לעבן . . . אַזאַ יאָר אויף מיר . . . איבעררעכן זיך עס, בן־ציון . . .

איז אָט: כאָטש דאָס גאַנצע עסק האָט אים נישט געשמעקט, דאָך האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט פון הויז צו טראַכטן דעריבער. ס׳מיינט נישט חלילה, אַז ער האָט געמוזט האָבן דעם דרויסן, כדי צו טראַכטן. חס־וחלילה. ער האָט עס אָבער געטאָן, כדי צו זיין, כאָטש אויף אַ שטיקל צייט, ווייט פון די עלטערן, וואָס ווילן אים שוין זען אויף אַ געוויסן דרך; וואָס ווילן, אַז ער זאָל שוין האָבן אַ געוויסן אָנהאַלט אין לעבן. ער האָט נישט געוואָלט זיי אַנטוישן מיט איינמאָל. ער

האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן, כאָטש אויף אַ שטיקל צייט, האָבן די אילו־זיע, אַז איצטיקס מאָל וועט יאָ עפּעס אַרויסקומען פון דעם דאָזיקן פאַרגעשלאָגענעם פּלאַן.

איז אַט דרייט ער זיך אַזוי און וויל זיי געבן וואָס מער צייט פאַר דער אילוזיע; כאָטש ער האָט שוין לאַנג באַשלאָסן: ניין. באַ־שלאָסן — נאָך פריער, ווען ר׳האָט פון פאָטערס מויל געהערט וועגן דעם ענין.

בעת ער דרייט זיך אַזוי קומט יאַקל זאַנב אַרוים פון זיין דירה.

יאַקל איז איצטער אַרוים זייער פּאַרנומען. ער האָט געקלאַפּט מיט די שטיוול, ווי געוואָלט מיט זיי אָנזאָגן אַז מ׳זאָל אים נישט פאַרהאַלטן, אַז ער האָט נישט קיין צייט. און די אויגן זיינע, די שטענדיק עפּעס פאַראומערט־זוכנדיקע קאַווע־אויגן, זענען געווען גע־ווענדט צום הקדש־געסל, וואו ס׳וואוינען אַ סך בעל־מלאכה׳ס.

דערזען בן־ציונ׳עו, איז ער אָבער געבליבן שטיין, האָט צוגעלייגט אַ האַנט־פּלאַך צום שטערן און גענומען זיך יישוב׳ן: זאָל ער אים, בן־ציונ׳עו, נאָך אַמאָל איבערפרעגן, צי זאָל ער אים שוין מער נישט איבערפרעגן? ס׳הייסט — וועגן שידוך. צי זאָל ער ביי אים נאָך אַמאָל אַ טאַפּ טאָן דעם דופק, צי זאָל ער שוין מער נישט טאַפּן? ער מיינט — אָקעגן דעם נעכטיקן ענטפער. אין אמת׳ן איז דאָך אַ מענטש — נישט מער ווי אַ מענטש. און עס קען דאָך דערפאַר אַמאָל געמאָלט זיין, אַז ער, בן־ציון, האָט זיך שוין באַזינען, אַז ר׳איז נישט גערעכט. נאָר וואָס דען? גאָר פּשוט: ער האָט נישט קיין קוראַזש צוצוקומען און זאָגן, „ר׳ יאַקל, אַזוי און אַזוי . . . כ׳האָב חרטה אויף מיין נעכטיקן ענטפער . . .״ דערפאַר, הייסט עס, דאַרף ער, יאַקל, אַליין צו אים צוגיין און זאָגן: הער נאָר, דו אַזוינער און אַזוינער . . . וואָס ביסטו אַ יינגל? אפשר האָסטו חרטה? אויב יאָ, דאַרפסטו זיך אַרומדרייען אין דרויסן און נישט האָבן קיין קוראַזש צוצוקומען צו מיר און מודה־זיין? עפּן ס׳מויל! אַנו, לאָמיר הערן! . . . יאָ, ער, יאַקל, וועט צוגיין. און פאַרוואָס טאָקע נישט? עס וועט אים עפּעס אָפּקומען פון די פּיס? און אַז עס איז פאָרגעקומען אַ שינוי ביי אים, בן־ציונ׳עו, וועגן דעם ענין, אין דעם איז ער כמעט זיכער. וואָרים, אויב נישט, טאָ צו וואָס דאַרף ער זיך דרייען אַזוי פאַרכמורעט דאָ אין דרויסן? הכלל, יאָ, אַהינגיין. און טאָקע שוין. די אותו רגע. און ער האָט זיך טאָקע גענומען גיין.

צוגעקומען, האָט ער זיך פאַרלייגט די הענט אויפן הינטן און

גענומען רעדן אזוי, גלייך ער וואָלט געווען אין אַ ספק, צי ר'האָט גוט געטאָן וואָס ר'איז אַהערגעקומען.

— כ'בין צוגעקומען, — זאָגט ער צו בן־ציון'ען — כדי נאָך אַמאָל אַ פרעג טאָן וועגן דיינע מחשבות . . . ס'הייסט, צי דו האָלטסט זיך נאָך בּאַ דעם, וואָס נעכטן. צי האָסטו עפּעס געענדערט . . . און צוגעקומען, זאָג'ך דיר, אויף מיין נאמנות, בּינ'ך בּלויז דערפאַר, ווייל, ראשית, אַ שכן, כ'וויל אַז זאָלסט אריינקומען אין אַ שמאַלצגרוב, והשנית, ווייל ס'קען זיין אַז זאָלסט נאָך פאַרשפּעטיקן. יאָ, אויף מיין נאמנות. וואָרים אָט האָב'ך דאָ אָקאָרשט געוואָלט גיין צו איינעם אַ טייערן יידישן מענטש, וואָס האָט אַ בּחור אַ דימענט, און דורכ־שמועסן זיך פונוועגן דעם זעלבן ענין. יאָ, אויף מיין נאמנות, פונ־וועגן זעלבן ענין. הכלל, הער'ך אַ תשובה? . . .

בעת ער האָט גערעדט האָט פון פענצטער אין צוויי־שטאָקיקן, הילצערנעם הויז אַרויסגעקוקט אַ גרויער, קאַלטענעוואַטער קאָפּ, מיט אַ ליים־קאָליר פּנים, וואָס איז געווען איינגעטונקען אין בּלויז בּאָרד און פּאות. דער דאָזיקער קאָפּ, ווי פון אַ ווילדן, האָט געקוקט אויף יאָקל זאַנבן, אויף בן־ציון'ען און, ווי אַ שטומער, עפּעס געמאַכט מיט די ליפּן.

געווען איז ער: בן־ציון'ס פאָטער: כיל.

צוגעקומען צום פענצטער איז ער, כיל, ווייל ער האָט געוואָלט וויסן, צי ס'איז אמת וואָס מ'האָט אים אין שטוב געזאָגט, אַז בן־ציון דרייט זיך אַרום פאַרן הויז. אויב יאָ, וואָלט ער געוואָלט מיט אים רעדן, אחוץ פונוועגן דעם ענטפער אויפן שכנ'ס עצה, אויך פונוועגן עפּעס אַנדערש. עס איז וועגן דעם, וואָס מ'שמועסט, אַז אין די צייט־טונגען שטייט געשריבן. באשר אין אויסלאַנד איז מיט אַ שטיקל צייט צוריק דער'הרג'עט געוואָרן עפּעס איינער אַ מלוכה־מאַן און דערפאַר האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן אַ שכנות'דיקן לאַנד, וואָס רופט זיך עסטרייך, און אַ לאַנד, וואָס רופט זיך, דאַכט זיך, סערביע. אָבער ווען ר'איז צו צום פענצטער, האָט ער גאָר דערזען, אַז בן־ציון איז נישט אַליין. יאָקל דער שכן שטייט לעבן אים און רעדט עפּעס אריין אין אים אַז אויפהער. „כ'על נישט שווערן, טראַכט ער, כיל, אַז ער רעדט וועגן דעם זעלבן . . . ס'הייסט, אויבעט וועגן דער מלחמה . . . וואָרן, ווער עס וויל וויסן עפּעס נייעס וועגן דער וועלט, קומט צו בן־ציון'ען. די סיבה? גאַנץ פּראָסט. ער איז בקי, דער זון, אין אַלע ידיעות פון דער וועלט. יאָ . . .”

אבער אינדעם טוט ער זיך א ריר, יאַקל, און גייט אוועק אַ ביי־זער. פשוט אַ בייזער. הייסט עס, טראַכט ער, כיל, אַז יאַקל האָט מיט בן־ציונ'ען וועגן אַזעלכעם נישט געשמועסט. וואָרים אויב יאָ, טאָ, פאַרוואָס האָט ער געדאַרפט אַוועקגיין אַ בייזער, פאַרוואָס? ער האָט אים אָבער אַפילו נישט געקענט פרעגן, ווייל אַט איז ער, יאַקל, נישט געגאַנגען נאָר פשוט געלאָפן.

---

נאָך עטלעכע ווײלעם לויפן האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט.

צוויי יידן — איינער אַ באַן־שנעלער, אַ שוסטער, דער צווייטער אַ טעלעגראַף־סלופּ־הויכער, אַ שניידער — זענען אָנגעקומען פון הקדש־געסל, וואו ס'וואוינען בעל־מלאכה'ס. דער שוסטער האָט גע־טראָגן אַ בעטגעוואַנט צו פאַרקויפן און דער שניידער האָט געהאַלטן אַ ליידיק זעקל אונטערן אָרעם אויף צונויפצוזשעברעווען אַ ביסל קאַר־טאָפליעם פון שטאַטישע פויערים, באַקאַנטע, און פון יידישע גבירים. דערזען יאַקל זאַנבן, האָבן זיי זיך אָבער אָפּגעשטעלט, נישט געלאָזט אים, יאַקלען, ווייטער גיין און גענומען שאַרגעווען מיט זייערע מיילער, ווי אַ וואַסער אונטער גיך זיך דרייענדיקע רעדער פון אַ מיל.

— יאַקל!

— ר' יאַקל!!

— יאַקל!!

— ר' יאַקל!!!

יאַקל, וואָס האָט זיך געוואָלט פון זיי אָפּטשעפּען און לויפן ווייטער, האָט אויסגעשטעלט די אויגן מיט רציחה:

— וואָס ווילט עץ? ... וואָס זענט עץ אַראָפּ פון זינען? ...

— יאַקל! — האָבן זיי ווידער געשריען.

— ר' יאַקל!!

— עץ קענט אינץ ניש פאַרשטיין.

— עץ ווילט אינץ ניש פאַרשטיין.

— וואָס פאַרשטיין, וועז פאַרשטיין? — האָט יאַקל גערעדט מיט נאָך מער כעס — וואָס ווילט עץ פון מיר?

— הערט מיט קאָפּ!

— הערט געדולדיק!

— זאָגט אינץ דעם אמת.

— דעם ריינעם אמת.

— איז וואָר, אַז שמעון רימער האָט נעכטן באַנאַכט גיקויפט באַ

ענק פופציק פעל און נאָך געהייסן צושטעלן מער ? . . .

— איז׳ס וואָר ?

— זאָגט דעם אמת.

— דעם ריינעם אמת.

— געקויפט פעל ? — טוט יאָקל אויפסניי אַ שטעל אויס זיינע אויגן — ביי מיר ? שקר וכזב ! נישט געשטויגן, נישט געפלויגן . . . אַלע בייזע חלומות, וואָס האָבן זיך מיר גע׳חלום׳ט די נאַכט און יענע נאַכט און אַ גאַנץ יאָר, זאָלן אויסגיין צו משומדים׳ס קעפּ . . . ווער ? וואָס ?

יאָקל, כאָטש אַ פרומער, האָט נישט געוואָלט זאָגן דעם אמת. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ ביין אויג. אויך פאַר נאָך עפּעס האָט ער מורא געהאַט. טאָמער וועלן זיך אָרעמעלייט דערוויסן, אַז ס׳איז אמת, וועט מען אָנהויבן קומען צו אים, ווי נאָך מצה־וואַסער. איט־לעכער איינער וועט עפּעס פאַרלאַנגען. איז כאָטש ער האָט פאַרשטאַ־נען, אַז זיי זענען בעל־דאַרפערס, דאָך האָט ער געהאַלטן, אַז ער מוז נישט די גאַנצע וועלט פאַרזאָרגן. שוין אָפּגערעדט, אַז ס׳איז בכלל אוממעגלעך פאַר איין מענטש צו פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט. דערצו, נאָך אַ מענטש מיט אַזאַ קבצנ׳ישן בייטל, ווי ער, יאָקל, האָט. אָבער אַזוי ווי די היימישע קבצנים וואָלטן זיך מיט זיין, יאָקלס, בייטל אויך גאַנץ פיין צופרידנגעשטעלט, האָט ער דערפאַר נישט געהאַלטן פון זאָגן דעם אמת, און זיך אויך געבייזערט.

— ניין ! — האָט ער נאָך אַמאָל געלייקנט שטיין און ביין — נישט אמת . . . שקר וכזב . . . נישט געשטויגן, נישט געפלויגן . . .

— סטייטש, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן ? — האָט דער שוסטער פאַרקרומט ס׳מויל — סטייטש, ס׳איז ניש אמת ?

— מ׳שמועסט דאָך איז דער גאַנצער שטאָט ! . . . זאָגט דער שניידער.

— כ׳ווייס נישט . . . ווערט שוין יאָקל אומרואיק — כ׳האָב נישט קאַ קאָפּ צו אַזעלכע פּוסטע זאַכן . . .

— פּוסטע זאַכן ? — פאַרשטעלט דער באַן־שנעלער רויטבערדל־דיקער שוסטער דעם וועג פאַר יאָקלען, וואָס האָט זיך געקליבן עוקר צו זיין.

— פּוסטע זאַכן ? . . . חזר׳ט איבער דער שניידער דעם שוס־טערס ערנסטע פראַגע.

— ווי קענט עץ דאָס אָפּלייקענען, — זאָגט ווידער דער שוס־

טער — ווען די גאַנצע שטאָט שמיסט אַז שמעון האָט געקריגן פון אויסלאַנד אַ פּאַדראַד אויף פּאַסן צו מאַשינען . . . טראַנסמיסיאָנען רופט מען זיי . . . און אַכעט, אַז ער׳ט צושטעלן וויפיל נאָר ער׳ט האָבן אַזעלכע, ס׳הייסט, טראַנסמיסיאָנען . . .

— ווי קענט עץ דאָס אַפּליקענען, — זאָגט דער הויכער, דאַרער שניידער, וואָס איז געווען ווי אַ שטיקל תלמיד ביים שוסטער — ווען מ׳ווייסט, אַז ער, שמעון, האָט אַכעט געקריגן אַ פּאַדראַד פון שטאַטישן פּולק? אַ פּאַדראַד אויף אויסגעאַרבעטע פּעל, וואָס ער קען צושטעלן וויפיל ער׳ט נאָר האָבן . . .

— וואָס מאַכט עץ ענק געפּייגערט? — קוקט דער שוסטער יאָקלען גלייך אין די אויגן אַריין.

— יאָ! יאָ! — באַמקעט צו דער שניידער — מ׳שמועסט דאָך אַז מ׳האָט נעכטן באַנאַכט געזען ווי שמעונ׳ס אַרבעטאָרער און אויך טרעגערס האָבן געשלעפּט פּעל איבערן גאַנצן מאַרק . . . אויך גויים האָבן געזען! איז וואָס מאַכט עץ זעד ווי געפּייגערט? . . .

— לאָזט מיך צורו! . . . — טוט שוין יאָקל אַ געשריי און נעמט לויפן, ווי ס׳וואָלט אים עמעצער געיאָגט — באַפאַלן מיך ווי אַ כאַפּטע כלבים . . .

איצטער איז ער געלאָפן ווי נישט אָפּצושטעלן זיך, אפילו מ׳זאָל אים וואָס טאָן. ער איז געלאָפן אַהין, וואוהין ער דאַרף. און דאָס מיט מער אַמביציע עפּעס אויפצוטאָן ווי ער האָט געהאַט פריער, איידער ר׳האָט זיך באַגעגנט מיט בן־ציונ׳ען. די גרעסערע אַמביציע האָט ער געהאַט דערפאַר, ווייל בן־ציון, מיט וועמען ער האָט נישט לאַנג צוריק גערעדט, האָט אים, יאָקלען, געגעבן אַז אָפּ׳פּטר׳נדיקן, אַ נבזה׳דיקן ענטפער. דער ענטפער? — גייט און זעצט אַ צווייטן אַריין אין שמעון רימערס שמאַלצגרוב . . . איך גלויב נישט אין קיין יידישע שמאַלצגריבער . . .

אַן אַריסטאָקראַטעלשער קאָפּ . . . — טראַכט יאָקל זאָגנ מבטל׳דיק וועגן בן־ציונ׳ען — ער גלויבט נישט אין קיין יידישע שמאַלצגריבער! אַריסטאָקראַטעלשער קאָפּ . . . און אַז ראָטשילד און אַנדערע, ווי ער, זענען די גרעסטע מיליאָנערן אויף דער וועלט, גלויבט ער נישט, דער תנא באַרטעק, אין קיין יידישע שמאַלצגריבער . . . אָט דאָס איז דער סוף פון די אויפגעקלערטע . . . זיי פאַרגייען נישט ווייט. ניין. עפּעס ווערט סוף־כל־סוף קאַליע ביי זיי אין מוח. יאָ. דער שכל ביי זיי אַרבעט, אַרבעט, אָבער מיטאַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ און זאָגט

צום בעל־דבר, דעם באַלעבאָס זיינעם: עד כאן . . . ביז אַהער האָב איך דיך געקענט פירן. פון דאַנען אָבער — אוממעגלעך. די סיבה: ווייטער איז גאָלע פינצטערניש . . . אָבער אַזוי ווי דער בעל־דבר דער באַלעבאָס, הייסט עס, האָט נישט קיין קוראַזש צוריקצוגיין, מענטשן וועלן לאַכן ס'גרעסטע געלעכטער, גייט ער באַדיי אין דער פינצטערניש, אַבי געגאַנגען! וואָס איז אָבער דער סך־הכל דערפון? דער סך־הכל דערפון איז — אַט דער קלוגער זאָג: „איך גלויב נישט אין קיין יידישע שמאַלצגריבער”. הם . . .

אַט אַזוי טראַכטנדיק איז ער אַרויף צום הקדש־געסל, וואו ס'איז דאָ עמעץ אַנדערש פאַר שמעון רימערס טאָכטער.

---

צוגעקומען נאָנט פון הויז, וואו ער, יאָקל, האָט געדאַרפט אַריינגיין, האָט ער אָבער געטראָפן אַן עולם, דורך וועלכן ס'איז געווען שווער זיך דורכצופּאַקן.

אויפן טראָטואַר, אויפן ברוק זענען געשטאַנען ווייבער און מענער, בחורים און מיידלעך. און פון די אָרעמיקע הייזער, וואו די טירן זענען געווען אויפגעפּראַלט, האָבן נאָך מענטשן געהאַלטן אין אַרויסקומען און פאַרגרעסערן דעם עולם אין דרויסן. זיי זענען אַרויס, ווי כוואַליעס, וואָס אַ צעשטורעמטער ים שליידערט איבער די ברעגן.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אָנגעלאָף נאָך מיט אַ שטיק צייט צוריק. צום ערשט האָבן זיך באַוויזן עטלעכע, ווי די שוואַלבן אין פרילינג. שפּעטער איז די צאָל געוואַקסן אויף צוויי מאָל אַזויפיל, אויף דריי מאָל. איצט איז די צאָל — ווי אויף אַ חתונה. און מ'טומלט, מ'שרייט, ווי אויף אַ יאַריד.

יאָקל האָט זיך נישט געוואָלט דאָ אָפּשטעלן, אפילו נישט אויף אַ ווייל. ער האָט נישט געוואָלט אפילו פרעגן, וואָס דאָ גייט אַן אַזעלכעס. ער האָט געוואָלט אויסמיידן דעם בעל־מלאכה'שן הו־האָ, ווי מ'מיידט אויס אַן אָנשטעקנדיקע קרענק. אָבער אינדעם האָט זיך פון עולם דערהערט אַ געשריי און מ'איז צו צו אים:

— אָט ביי עם וועט מען אַלץ דערגיין.

— ביי עם וועט מען זער אַלץ דערוויסן.

— צו וואָס זעד מאַטערן, פרעגן איינער ביים אַנדערן קשיות?

— ער ווייסט . . .

— ער איז דאָך אָבעט אַ מחותן אויף דער חתונה . . .

— זאָגט, ר' יאָקל!

— עפנט א מויל.

— לאזט זעך ניש צופיל בעטן.

— עץ ווייסט דאך, אז מיר האבן ניש ליב צופיל צו בעטן . . .

אבער יאקל האט נישט געקענט ענטפערן. זיינע אויגן זענען געווען פול מיט שרעק. זיינע ליפן האבן געציטערט.

— אבער וואס ? — האט ער נאך עטלעכע מינוט קוים ארויסגערעדט — וואס זאל איך ענק זאגן ?

— עץ ווייסט וואס . . .

— עץ ווייסט וואס מיר ווילן . . .

— זאגט וועגן שמעון רימער . . .

— זאגט, צי ס'איז אמת וואס מ'שמיסט . . .

— וואס שמיסט מע ? — איז יאקל שוין געווארן צו שטארק אויפגעבראכט — וואס ווילט עץ פון מיר ?

— מיר ווילן גארניש פון ענק . . . מיר ווילן נאר וויסן צי ס'איז אמת, אז שמעון רימער האט געקריגן דריי פאדריאדן, איינעם פון אויסלאנד, איינעם פון שטאטישן פולק און איינעם פון גענעראלשטאב . . .

— יא, זאגט ! עץ ווייסט דאך . . .

— מ'זאגט דאך אז ר'האט געקויפט ביי ענק הונדערט און פופציק פעל און זעך נאך געהייסן צושטעלן מער . . .

— זאגט, ר' יאקל !

— פארציילט ! . . .

יאקל האט אויסגעשטעלט די אויגן, ווי ער וואלט אויפגעהערט צו זען. וואסארא פאדריאדן ? — טראכט ער — וואסארא הונדערט־און־פופציק פעל ? ווער האט שוין געמאכט פון פופציק דריי מאל אזויפיל ? וואס טוט זיך מיט די דאזיקע מענטשן ? וואו לעבן זיי ? אויף וואסארא וועלט געפינען זיי זיך ? זיי טראכטן דאך ווי קינדער. זיי לעבן דאך ווי נאראנים, ווי אראפגעפירטע פון זינען . . .

— יא ! יא ! ! — טוט ער אבער פלוצלונג א שריי אויס, ווי אויף להכעיס, און אויך דערפאר, ווייל ר'האט שוין געוואלט פטור ווערן פון דעם עולם — יא, פאדריאדן ! . . . הונדערט און פופציק פעל ! . . . געווים . . . אמת . . . אלץ אמת . . .

עס האט אים שוין איצטער נישט געארט, וואס ארעמעלייט, נאכן דערהערן אז אלע בבא־מעשיות זענען אמת, וועלן זיך א לאז טאן און ביי אים אפרייסן די טירן . . . נייז. ס'האט אים שוין גארנישט

גערט, אבי — אבי צו ווערן פריי פון עולם. און ער האָט טאַקע נישט געמאַכט קיין טעות. דערהערט זיינע רייד, האָט דער עולם טאַקע באַלד געמאַכט פּלאַץ פאַר זיינעטוועגן, און ער, יאָקל, איז אריין אין הויז.

אין דעם הויז האָט געוואוינט אַ בכבוד'ער, עלטערער מענטש, וואָס איז יאָר־איין, יאָר־אויס געווען דער ימים־נוראים'דיקער בעל־תפילה אין שול. אַ גאַנץ יאָר האָט ער, אָבער, געלעבט פון איינבינ־דעריי, אויך פון דעם, וואָס די פרוי האָט ביי די שוחטים געפליקט פע־דערן פון עופות, און אַ ביסל אויך פון צאָלונגען, וואָס דער זון זיינער אַן אַסיסטענט־בוכהאַלטער אין דער גרויסער זייף־ און ליכט־פאַבריק „העלפאַנט" אין שטאָט, האָט וועכנטלעך צוגעטראָגן.

ווען יאָקל זאַנב איז אריין אין הויז, איז דער עולם געבליבן שטיין, ווי אין עפּעס אַ פאַנטאַסטישן חלום. אָבער באַלד געקומען צו זיך און זיך געטאָן אַ רייס אָפּ פון דעם בכבוד'ן איינבינדערס הויז, ביי וועלכן זיי האָבן ליב געהאַט צו פאַרזאַמלען זיך, און זיך גע־לאָזט, ווי שפּענער מיטן ווינט.

— אמת! — האָבן זיך געהערט געשרייען פון צווישן עולם.

— טאַקע אמת, וואָס מ'האָט געזאָגט . . .

— שמעון עפנט אַ פאַבריק . . .

— ער האָט זי שוין געעפנט. . .

— ר'דאַרף האָבן אַ סך אַרבעטאָרער . . .

— ס'וועט זיין אַרבעט פאַר הונדערטער מענטשן . . .

— מ'עט שוין נישט דאַרפן וואַנדערן . . .

— אַ סוף צום עמיגרירן . . .

— גאָט שיקט די רפואה פאַר דער מכה . . .

איינע אַ פרוי, אַ געלהאָריקע, מיט אַ געפּאַלבט פּויערטע־פּנים, אָנגעטאָן אין לאַטעס און אין שמאַטעס, דורך וועלכע מ'האָט אַרויס־געזען שטיקער לייב, האָט גיך אַ כאַפּ געטאָן אַ יינגל, אירס אַ זונדל, וואָס האָט זיך אַ באָרוועסער געפּלאָנטערט צווישן עולם, און אים גיך פאַרפלייצט מיט אַ ים ווערטער, וואָס זענען אַריין אין יינגלס קעפּל ווי אַ ווינט.

— גיך נעם די פּיס אויף די אַקסלען און טראַסקיי! . . . גיך יאָג־אָן דעם טאַטן און זאָג אים, אַז ר'זאָל ניש פאַרקויפן ס'בעטגע־וואַנט . . . אָבעט זאָג עם, אַז ער וועט קענען קריגן אַרבעט . . . ר'וועט זעך ניש דאַרפן דרייען אַ קאָפּ מיט שוסטעריי . . . ס'האָט

זעד גיעפּנט אַ פֿאַבריק און מ'גיט שוין אַרבעט . . . גיד, ווי אַ ווינט . . .
ווי אַ בליץ . . . מאַד עס ווי אַ טעלעגראַמע, וואָרן ער וועט נאָך פֿאַרקויפֿן ס'בעטגעוואַנט און מ'וועט ניש האָבן ווינטער מיט וואָס זעך צוצודעקן . . . אַ פּייל פֿון בויגן ! הערסט ? קיק ניש ווי אַ געץ . . .
גיך . . .

דאָס יינגל, אַ פֿערצניאַריקער באַלמעלאָכע ביים פֿאָטער אין שו־סטער־וואַרשטאַט, אַ יונגער בעל־עול, וואָס איז אַרויס פֿון חדר נאָך מיט יאָרן צוריק, האָט זיך געטאָן אַ ריר, ווי אַ מאַגנעטיזירטע נאָדל. ער האָט זיך אונטערגעהויבן די צוויי פּאַלעס פֿון לאַנגען שמאַטעדיקן כאַלאַטל און — גאַלאָפּ צום טאַטן. ער איז געלאָפֿן אין מאַרק אַריין, וואוהין דער פֿאָטער האָט זיך נאָר־וואָס אַריינגעדרייט פֿון דער יידישער גאַס.

---

אַריינגעקומען אין מאַרק, האָט ער דערזען אַזאַ גרויסן, געדיכט־קעפּיקן עולם, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך צו געפֿינען דעם טאַטן.
דער עולם — שוסטערס, שניידערס, קירזשנערס, סטאָליאַרעס — איז געשטאַנען אויפֿן טראָטואַר, פֿאַר דעם העברייאיש־יידישן בוך־געשעפֿט, און האָט געשמועסט וועגן שמעון רימער און זיינע פֿאַדריאַדן.
דאָס פֿערצן־יאָריקע יינגל האָט זיך פֿונדעסטוועגן גענומען זוכן. איידער וואָס און ווען האָט זיך אָבער דער עולם אַ לאָז אַראָפּ געטאָן פֿון טראָטואַר, ווי אַ באַרג וואָלט זיך אָפּגעריסן פֿון אָרט, און גענומען זיך ציען ווי אַ פֿינצטערע כמאַרע, וואָס איז אָנגעלאָדנט מיט דונער־קראַפֿט. אַלע, ווי איינער, זענען מיט רעש און געפּילדער אַראָפּ אויף דער באַנגאַס און האָבן פֿאַרשפּרייט קולות, ווי אַ מחנה נשרפֿים, וואָס לויפֿן אַקעגן פֿייערלעשער, אויף וועלכע זיי האָבן לאַנג געוואַרט.
— צו שמעונ'ען !
— צו שמעון רימער !
— ער גיט אַרבעט !
— יאָ, געניטע אַרבעטאַרער, צי ניש־געניטע . . . ער גיט אַרבעט . .
— האָט געעפֿנט אַ פֿאַבריק פֿאַר הונדערטער מענטשן . . .
— מ'עט ניש דאַרפֿן וואַנדערן !
— ניש זוכן קאַ נייע היימען . . .
— געקימען די ישועה . . .
דאָס פֿערצן־יאָריקע יינגל איז מיט. ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז דער

פֿאַטער איז דאָ ערגעץ צווישן עולם, נאָר איינס־צוויי וועט זיין שווער אים צו געפֿינען.

צוגעקומען צו שמעון רימערס הויז, האָט מען גענומען אַריינ־שטעקן די קעפּ אין די פֿענצטער, וואָס זענען געווען אָפּגעפּראַלט. אָבער מ׳האָט אין די שטיבער קיינעם נישט געזען. עס איז געווען שטיל, ווי אין אַ וויסטעניש.

— אויפֿן הויף! — איז געוואָרן אַ געשריי.

— אויפֿן הויף אַרויף!!

מ׳איז אַוועק מיטן וועג, וואָס אַרום דעם הויז, און אַרויף אויפֿן גרויסן, נישט־ברוקירטן פּלאַץ, וואו ס׳שטייען בלויז עטלעכע קאַמערן.

אויפֿן פּלאַץ, וואָס מ׳רופֿט „הויף", איז איצטער געווען אַ גע־פּאַרעריי און האַוועניש, ווי בעת בויען אַ געביידע.

שמעון רימער, אין בלויזע הויזן און אין אַ העמד, איז געשטאַנען איבער אַ קאַסע, וואָס איז מיטן שפּיץ געשטעקט אין דער ערד, און האָט מיט אַ קיזלשטיין געשאַרפֿט די שאַרף. מאַרקל, אויך אין בלויזע הויזן און אין אַ העמד, איז געשטאַנען ביי אַן אויסגעצויגענעם שטריק, וואָס איז געווען געצויגן פֿון איין עק פּלאַץ צום צווייטן, און האָט אויפֿגעהאַנגען פֿעל מיט די האָר אַרויף, כדי זיי זאָלן זיך אויס־טריקענען אונטער דער זון, איידער מ׳וועט זיי אָפּגאָלן מיט דער שאַרפֿער קאַסע. און די פֿינף אַרבעטער, — איציק, מאיר׳ל, שיע, בערל, כאַסקל, — אויך אין די בלויזע הויזן און העמדער, זענען גע־שטאַנען געבויגן און האָבן מיט רידלען געקאַפּעט גריבער, וואו מ׳וועט אַריינשטעלן סלופּעס. אויף די סלופּעס וועט מען אַרויפֿקלאַפּן אַנ־דערע סלופּעס, וואו ס׳וועלן זיין אייזערנע האַקעס, ווי ביי תּליות, און אויף זיי וועט מען אויפֿהענגען די טרוקענע, אָפּגעגאָלטע פֿעל, וואָס מ׳וועט דרייען מיט דרענגער, כדי זיי זאָלן זיך גוט אויסאַרבעטן אויף רימאַרסקע סחורות. און די עטלעכע טרעגער, וואָס שמעון האָט מיט צוויי טעג צוריק געדונגען צו טאָן אַרבעט אין אַ קאַמער, זענען איצטער דאָ אויפֿן פּלאַץ געשטאַנען אָפּגערוקט פֿון שמעון׳ען און זיין כאַליאַסטרע און האָבן מיט שאַרפֿע מעסערס געשניטן קעפּ און ווידלען פֿון נאַסע פֿעל, וואָס זענען אין קופּעס געווען צעשפּרייט. אויך האָבן זיי אַראָפּגעשניטן פֿון די פֿעל דעם חלב, וואָס די קצבים האָבן זיך געפּוילט צו טאָן. אויך זענען דאָ געווען די טעכטער. אַלע פֿיר טעכטער — חוה, פֿייגע, גיטל, שרה׳לע, — האָבן זיך געפּאַרעט אַרום דעם ברונעם, וואָס איז געווען דאָ אויפֿן פּלאַץ. איינע האָט

געפּאַמפּעט מיטן אייזערנעם הענטל. אַ צווייטע האָט אונטערגעהאַלטן בלעכענע עמערס אונטערן פּלומפּ. און די איבעריקע צוויי האָבן גע־נומען די עמערס, ווען פולע, זענען אריין אין דער גאַרבעריי־קאַמער און האָבן דאָרטן אריינגעגאָסן ס׳וואַסער אין די פעסער, וואָס זענען שוין געווען איינגעקאַפּעט אין דער ערד. אויך איז דאָ, אויפן הויף, געווען פערל. זי האָט אָבער גאָרנישט געטאָן. ערשטנס, ווייל זי קאָן נישט, האָט אַ מיחוש, שפּייט מיט בלוט. צווייטנס, ווייל דאָקטוירים האָבן איר נישט לאַנג צוריק אָנגעזאָגט: ווי גאָט איז איר ליב . . . אימער זיך האַלטן רואיק. נישט קימערן זיך, נישט ווערן אויפגע־רעגט . . . איז אָט שטייט זי דאָ און קוקט, ווי אַזוי די נייע אַרבעט גייט צו, די אַרבעט, וואָס דער מאַן האָט אויף דער עלטער זיך אונ־טערגענומען, גלייך ער וואָלט געווען אַ יינגל און געהאַט האָפענונגען אויף מתושלח׳ס יאָרן.

דערזען אָבער דעם גרויסן עולם, וואָס איז אָנגעלאָפן אויפן פּלאַץ, ווי אַ מחנה גזלנים, מערדער האָט מען אויגנבליקלעך אָוועקגעלייגט די אַרבעט און מ׳האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, ווי צו ציילן די רגע׳ס פון לעבן.

— ווייסט עמעצער וואָס דאָס באַדייט? . . . — האָט איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט.

נאָך עטלעכע מינוט שטומעניש האָט אָבער שמעון געלאָזט די קאַסע שטעקן אין דער ערד און איז צו צום עולם.

דער עולם האָט געכאַפּט אַ ציטער. אַ ציטער נישט פון דעם, וואָס ער, שמעון, גייט זיי עפּעס פרעגן, נאָר פון זיין אופן גיין. ער איז גע־גאַנגען עפּעס אַזוי, ווי ער וואָלט אומגעריכט געקענט אָפּטאָן װער ווייסט וואָס. זיי האָבן דערפּאַר עפּעס מאָדנע געשוויגן. אי זיי האָבן געוואָלט רעדן און אי זיי האָבן נישט געהאַט קיין קוראַזש צו עפענען ס׳מויל.

— וואָס ווילט עך? — טוט שמעון זיי ווי מיט כעס אַ פרעג — וועגן וואָס זענט עך דאָ אַזוי פּלאָף אַריינגעפאַלן, האַ?

קיינער האָט אָבער נישט געעפנט ס׳מויל. שטומקייט. מ׳האָט נאָר געקוקט. ווער נאָר ס׳האָט געשריען אין גאַס, אין מאַרק, האָט איצט געשטומט. און די וואָס האָבן דאָרטן געשטומט, האָבן זיך איצט פאַרלאָזט אויף די רווישערס . . . אָבער די רווישערס האָבן איצט געהאַט עפּעס תרבות. ווי נאָר זיי האָבן דערזען דעם באַלעבאָס, וועגן וועמען זיי האָבן געהערט, אַז איבערנאַכט איז ער געוואָרן איבערגליקלעך און

אַז ער וועט ווערן אַ מיליאָנער פון די פּאַדריאַדן, אַזוי האָבן זיי באַלד דערפילט אַ פּראַסט אין די ביינער.

שמעון האָט אָבער ווידער געפרעגט:

— נו, וועגן וואָס זענט עץ דאָ געקימען? . . . לאָמעד הערן . . .

ווידער שטומקייט. אָבער נאָך עטלעכע ווײַלעס האָט זיך איינער יאָ אָנגענומען מיט מוט.

געווען איז ער — דער באַן־שנעלער שוסטער, וואָס האָט געטראָגן אַ בעטגעוואַנט צו פאַרקויפן איבער הונגער אין הויז, וואו ס׳דרייט זיך אַרום אַ געזינדל פון אַ גרויסער צאָל נפשות, אַז עיז־הרע.

— וואָס ווילסטו? — טוט איצט שמעון צו אים אַ רעד, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז דאָס גייט ער, דער שוסטער, רעדן בלויז פאַר זיך און נישט פאַר אַלעמען — האַ? וואָס ווילסטו?

— עץ זעט, רעב שמעון? . . . — זאָגט דער שוסטער נישט דרייסט, דאָך וואַגנדיק.

— וואָס זען? — פרעגט שמעון.

— עץ זעט אינזער הילוך? . . .

— וואָס הילוך?

דער שוסטער ענטפערט נישט. ער האַלט דאָס בעטגעוואַנט און שווייגט.

שמעון קוקט אויף דעם שוסטערס הילוך. ער קוקט אויף דעם צעריסענעם כאַלאַט, אויף די צעריסענע הויזן, פון וואַנען מ׳זעט שמוציקע קניען. ער קוקט אויך אויף די אַנדערע בעל־מלאכה׳ס. אויך ביי זיי זעט ער ס׳זעלבע. ער קאָן אָבער נישט פאַרשטיין, צו וואָס דער שוסטער האָט אים געהייסן אָנקוקן דעם הילוך. נו, איז וואָס, אַז ער זעט אים, דעם הילוך? ס׳איז דען ס׳ערשטע מאָל, וואָס ער זעט אַזאַ הילוך? ס׳איז דען נייעס פאַר אים?

— אָבער צו וואָס הייסטו מיך קיקן? . . . טוט ער פלוצלונג אַ פרעג דעם שוסטער — צי בין יעך ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן? . . .

דער שוסטער האָט געשוויגן. ער האָט עפּעס געמאַכט מיט די ליפּן, אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען. נאָך עטלעכע ווײַלעס האָט ער אָבער ווידער גערעדט:

— עץ זעט אָבעט אינדזערע פּנים׳ער, רעב שמעון? . . .

שמעון קוקט ווידער. וואָס וויל ער, דער שוסטער? — טראַכט ער, — געוויס זעט ער! . . . אָבער דעסטגלייכן: ס׳איז דען ס׳ערשטע מאָל? ר׳איז דען ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן? געוויס זעט ער!

ער זעט אריינגעפאלענע באקן, געריגצלטע באקן, געלע באקן. ער זעט קורצע נעזן מיט קנייטשן, לאנגע נעזן מיט קאלד־קאליר. ער זעט גליענ־דיקע אויגן מיט א קללה אין די אפלען; זיך לעשענדיקע אויגן מיט א געבעט נאך עפעס... ער זעט — ער זעט... נו געוויס זעט ער...

— אבער וואס מיינט דאס אלץ? — טוט ער שוין האסטיק א פרעג, מחמת מ'באלעמוטשעט אים אויף גאר נישט מיט נישט — וואס ווילט עץ? זאגט, וואס ווילט עץ? וואס בין יעד, אין א געריכט, וואס דו פרעגסט מיך קשיות? זאגט, וואס עץ ווילט... געוויס זע יעד הילוך און פנימ'ער... געוויס... און כ'זע חוץ דעם נאך עפעס אכעט... סארע פראגע איז דאס, צי כ'זע? ... געוויס זע יעד...

ערשט איצט האט זיך ארויסגערוקט א גרעסערער בריה — א הויי־כער מאן, א דינער ווי א ביימש־שטעקעלע, א ייד מיט א ציגן־בערדעלע און מיט א הילצערנעם פוס, א געוועזענער סאלדאט אין דער רוסיש־יאפאנעזישער קריג ביי פארט ארטור, און האט זיך א שטעל געטאן ווי א גענעראל פון אן ארמיי.

— הערט, ר' שמעון... — זאגט ער מיט א קוויטש ווי פון א שיסנדיקן הארמאט — יאך בין שוין דורכגעגאנגען ס'קאלטע און ס'ווארעמע... אן אטאקע? אן אטאקע! א קויל אין לייב? א קויל אין לייב! אקעגנשטעלן זיך א פעלדפעבל, אן אפיציר? יאך האב זעך ניש געשראקן אפילו פארן קייסער... אפילו פארן גיהנם שרעק יאך זעך ניש... יאך קים שטענדיק פנים אל פנים מיט אלע געפארן און דריי זעך ארויס א גאנצער... יא, ווי עץ זעט מעך א לעבעדיקן. איי, א פוס ווייניקער? ניש דער פוס איז דער עיקר, ס'לעבן איז בילכער... איז הערט־זשע... וואס וועל יאך אפהאלטן אי ענק, אי אינץ, זאל מע צוגיין צו די קניידלעך און צום טייוול מיט דער הגדה... עץ ווילט וויסן וועגן וואס אינץ זענען געקימען? הערט־זשע... שוין יארן ווי מיר האבן ניש באנייט קא ניי מלבוש... שוין חדשים ווי מיר האבן קא העמד ניש איבערגעטאן. שוין צייטן ווי מיר האבן קא שטיקל פלייש ניש געהאט אין מויל. שוין וואכן ווי מיר וויסן ניש, וואס מילך איז... איז — איז זייט־זשע ענק מרחם... טוט א טובה... דער, וואס זיצט אויבן, אויב ס'איז דא אזוינער אויבן, וועט געוויס אזא זאך ענק ניש פארגעסן... גיט אינץ ארבעט... אט פשוט אינץ צו ראטעווען פון אונטערגאנג...

בעת ער האט גערעדט איז פערל געשטאנען אין א זייט און האט זיך געווישט די אויגן. אויך האט זי עפעס געמאכט מיט די ליפעלעך,

ווי געבעטן דעם רבונו־של־עולם פאר די ארעמע יידנס לעבן. אויך זענען די איבעריקע — מארקל, די ארבעטארער, די טרעגערס, די טעכטער — געשטאנען, ווי זיי וואלטן געוואלט מיט עפעס צוהעלפן דעם ארעמען עולם. שמעון אליין, כאטש אויך א טיף גערירטער, איז אבער געשטאנען נישט ווי צו צעלאזן זיך אין טרערן, נאר אויפצו־קלערן דעם עולם זייער טעות און, אין דער זעלבער צייט, זיי ארײנ־געבן מוט.

— הערט זשע ענק צו . . . — האט ער באלד אנגעהויבן, ווי ער וואלט מורא געהאט, אז א ווײלע שפעטער וועט זיין צו שפעט — ניש יעד גיב ארבעט און ניש יעד דערוואַרט, אז כ'זאל קענען עמעצן געבן ארבעט, אחוץ די, וואס ארבעטן ביי מיר שוין לאנג . . . אבער כ'האב א פלאן . . .

— א פלאן ? — איז געווארן א געשריי צווישן עולם.

— סארא פלאן ?

— וואסארא פלאן ?

— זאל מען הערן !

— ניין . . . ניש אצינד . . . — האט שמעון געמאכט מיט אן אויפגעהויבענער האנט צום עולם, אז זיי זאלן זיך איינשטילן — פריער מוזט עץ זאגן אלע באלמעלאכעס אין שטאט, אז זיי זאלן היינט קימען צו מנחה־מעריב אין בית־מדרש אריין, און דארטן וועט מע שוין אליץ רעדן . . . אפשר וועט יא זיין ארבעט פאר אלעמען . . .

— יא ?

— ס'וועט זיין ?

— ווי אזוי ?

— אצינד גאר ניש זאגן . . . — דרייט שמעון מיטן קאפ.

— ווילט עץ אצינד גארניש זאגן ? — האט דער עולם נישט געקענט איינרוען.

— ניין . . . — האט שמעון ווידער געדרייט מיטן קאפ און זיי געהייסן שוין צעגיין זיך און לאזן ווײסן וועמען נאר זיי קענען.

די מענטשן האבן זיך איצטער אײנער דעם אנדערן גענומען אנקוקן. זיי האבן געוואוסט נאך וואס זיי זענען אהער געקומען. זיי ווייסן אבער נישט מיט וואס זיי גייען אוועק. דאך, אז שמעון האט זיי געזאגט אז ער האט א פלאן, האבן זיי געגלויבט. זיי האבן שוין פון יארן לאנג צוריק געוואוסט, אז סתם אין דער וועלט אריין רעדט ער קיינמאל נישט. זיי האבן זיך דערפאר א ריר געטאן אויף זיין

פארלאנג און אים פארזיכערט, אז זיי וועלן טאן ווי ער האט געהייסן.

— מיר וועלן טאן! — האבן זיי געשריען.

— מיר וועלן רעדן . . .

שמעון איז איצטער צוריק צו זיין קאסע, האט זיך אריבערגעבויגן מיטן קיזלשטיין איבער דעם שארף און גענומען ווידער שארפן.

— גוט, — טראכט ער — וואס דער עולם איז דא געווען . . . זייער גוט . . . האב שוין לאנג געוואלט ארויסקימען מיט דעם פלאן . . . אצינד אבער וועט עס צוגיין גיכער . . .

און ער האט זיך גענומען מיט מער עקשנות, מיט מער חשק צו שארפן די כלי . . .

# קאַפּיטל זיבן

ווי אומיסטן צעטיילט אין גרופּעס זענען טשאַטעס פייגל געפלויגן אונטערן הימל צו לאָזן וויסן זיך־פאַרגעסענע פון זייער מיז, אַז די זון פאַרגייט און די נאַכט מיט פאַרהוילענע געפאַרן קומט אָן. זיי האָבן בהלה'דיק געקלאַפּט מיט די פליגעלעך, טרעוואָגעדיק געפּישטשעט און זיך געטראָגן רונד־אַרום דער שטאָט. זיי האָבן זיך געטראָגן אַז אויפהער און אָן אַ חשבון. אָבער וואָס מער דער הימל־שטח אויף מזרח איז געוואָרן טונקל און אויף מערב — שרפה'דיק, אַלץ מער זענען אַט־די טשאַטעס פייגל געקומען נענטער איינע צו די אַנדערע און האָבן זיך גענומען דרייען אין אַ קליינינקן קרייז איבערן מאַרק, ווי צו געזעגענען זיך פאַרן אַפּפליען אין די נעסטן.

אין מאַרק איז געווען שטיל.

אויפן טראָטואַר, וואו ס'איז די „ספּולקע", דער פּוילישער קלוב, זענען געגאַנגען עטלעכע מיטליאַריקע יידן־פּיינטלעכע קריסטן און פאַרלעך און האָבן צווישן זיך עפּעס אויפקלערנדיק גערעדט. הינטער זיי זענען געגאַנגען עטלעכע סטודענטן, וואָס זענען אַהיימגעקומען פון דער גובערניע־גימנאַזיע אויף פּעריען. איינער פון די שילער איז געווען שמעון רימערס קריסטלעכער שכנ'טעס אַ זון. אַ צווייטער — אַ זון פון דעם אַנטיסעמיטישן לאָמען רעיענט, דעם רעדלפירער פון פּוילישן קלוב. אַ דריטער — אַ זון פון דעם שטאָט־לערער, דעם פּאַליאַק, וואָס לערנט רוסיש און וואָס קנעלט אויך מיט די „ספּולקע"־פירער, וואָסאַראַ נייע סחורות זיך איינצושאַפן . . . און די איבעריקע גימנאַזיסטן — זיין פון אויך אַנגעזעענע שטאָט־קריסטן.

אויפן צווייטן טראָטואַר, וואו עס איז דאָס העברייאיש־יידישע בוך־געשעפט, איז געגאַנגען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו אַ פרייליכס געזאַנג, אַ געזאַנג, וואָס איז געקומען פון אָפענע פענצ־טער אויפן דריטן שטאָק פון אַ יידישער קאָמעניצע.

אויבן, אויפן דריטן שטאָק, צווישן די אָפענע פענצטער, זענען

אויך געשטאַנען אָפּן די שויבן־טירן פון באַלקאָן, וואָס איז געווען אין בלומען איינגעטונקען. און אויפן באַלקאָן איז, אין בלויזן קאָפּ, אויף אַ שטול געזעסן אַ הויכער מאַן, אַ פּופּציק־יאָריקער, מיט אַ גע־ראַזירטן פּנים, און האָט אַראָפּגעקוקט אין מאַרק אַריין, צי מ׳קוקט נישט אַרויף צו אים, אָדער צו דער וואוינונג, פון וואַנען עס הערט זיך דאָס געזאַנג פון זיין טאָכטער, פאַניע.

געווען איז די פאַניע אַ יונגע, בלאָנדע מיידל, וואָס איבער איר גענגל אין דרויסן און איבער אירע אָפּערע־קליידלעך זענען מענטשן אַראָפּגעפירט געוואָרן פון זייער גלייכן, באַלעבאַטישן וועג. יידישע יונגעלייט האָבן פאַר איר געמאַכט ווארעם. פּוילישע קאַוואַליערן האָבן זיך פאַר איר געניויגט און געקושט אירע פינגער. פּריצים האָבן זיך אָפּגעשטעלט און איר נאָכגעקוקט. די טראָטואַר־פּלאַטעס האָבן גע־גליט, ווען זי איז איבער זיי געגאַנגען. פּרוּיען האָבן זיך דערפילט געפאַלן פאַר זייערע מענער, ווען דערזען זי. זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר נישט געראָטן. מענער האָבן זיך געראַנגלט מיט תאווה־גע־דאַנקען, וואָס זיי האָבן נישט־ווילנדיק געטראַכט, ווען באַמערקט זי. און יינגלעך, מיידלעך, צען־צוועלף־יאָריקע, זענען געוואָרן אַלערליי קאָלירן, זענען געוואָרן ווי פריטשמעליעט, ווען זיי האָבן אויף איר געקוקט.

איצטער־אַ זינגט זי, די דאָזיקע פריילין פאַניע, וואָס איז אַ בוי־גענוודיקע, אַ שלאַנקע, אַ הויכע, מיט כשוף־פיסלעך און מיט ריטמיש זיך באַוועגנדיקע הענטעלעך, וואָס ווען זיי הויבן זיך אויף, דאַכט זיך, אַז זיי שפּילן אויף אַ האַרפע. איצט זינגט זי, די פריילין פאַניע, און איר פאָטער, אַן אַסימילאַטאָר, וואָס איז דער דירעקטאָר פון דער יידישער באַנק „עזרה", זיצט זיך אויפן באַלקאָן, וואו עס כוואַליען זיך אַריין די סאַליע־גאַרדינען פון די שויבן־טירן, און קוקט אַראָפּ אין מאַרק אַריין, צי מ׳קוקט נישט אַרויף צו אים, אָדער צו זיין וואוינונג, פון וואַנען עס טראָגט זיך דאָס קול פון זיין טאָכטער, וואָס איז אַמאָל שטאַרק־אַנגרייפנדיק, ווי עטלעכע אָרגלען, און אַמאָל טרעלנ־דיק ווי אַ קאַנאַריקל.

קיינער אָבער קוקט נישט און הערט נישט אַחוץ דער יידישער יונגערמאַן, וואָס גייט הין און צוריק אויפן טראָטואַר, וואו עס איז ס׳העברייאיש־יידישע בוך־געשעפט. און דאָס איז — בן־ציון, דער אויפגעקלערטער, דער אינטעליגענט, וואָס טראַכט, בעת׳ן הערן דאָס געזאַנג, וועגן עיקר אין העגעלס פילאָזאָפיע, וועגן איינציקן גייסטיקן

שורש, פון וואַנען אַלץ קומט און וואוהין אַלץ קערט זיך אום צוריק. די אַנדערע מענטשן, וואָס גייען אויפן טראָטואַר, וואו די „ספּולקע" איז, די ציוויל־געקליידעטע, אַנטיסעמיטישע קריסטן און די גראַ־אוני־פאַרמירטע סטודענטן, הערן זיך נישט צו. זיי זענען פאַרנומען אין עפּעס בילכערס. אָבער ער, בן־ציון, דער אינטעליגענט, וואָס שטאַמט פון אַ פאָטער אַ היטלמאַכער, הערט יאָ און האָט הנאה. ווען נישט בושה, וואָלט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביים הויז און זיך צוגעהערט צו איטלעכן מינדעסטן שטייגן און אַראָפּלאָזן זיך פון פרייליין פאַניעס טאָן. אָבער ער כאַפּט אַזוי אויך אויף געגנוג . . .

*) Nic mnie, nic mnie nie potrzeba,
Niechaj pobiegną młodzieńce,
Niechaj mię pochwycą za ręce,
Niechaj poigram z niemi chwileczkę.

אים, בן־ציון'ען איז נישט געפעלן געוועזן, וואָס זי, פאַניע, זינגט די דאָזיקע שורות, כאָטש זיי זענען פון דעם גרויסן פּאָעט מיצקעוויטשן. און דאָס נישט דערפאַר ווייל זיי זענען נישט גוט. ניין. ער וואָלט נע־וואָלט, אַז זי זאָל זינגען שטילע שורות, נישט אַזעלכע אָפענע, שרייענ־דיקע, בושה'לאָזע, וואָס פּאַסן נישט פאַר איר, לויט זיין פאַרשטעלונג. דאָך האָט ער זיך צוגעהערט.

— ווען מיט איר, טראַכט ער, וואָלט איך פאַרבליבן דאָ . . . וואָלט נישט געטראַכט וועגן אַוועק . . . נישט געטראַכט, וואָס ס'וועט זיין שפּעטער, נאָך דער חתונה . . .

ער האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין קלאָרן דין־וחשבון, פאַר־וואָס ער וואָלט אַזוי געטאָן. פיזישע תאווה, האָט ער געטראַכט, איז נישט די אורזאַך. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ גרויסער אַנהענגער פון העגעלן, האָט ער עס זיך געפּרואווט דערקלערן דורך דעם פילן זיך ממש אין אַ ספּיריטועלער אַסאָציאַציע מיטן קאָסמישן גייסט, אַ געפיל, וואָס זי, פאַניע, איז גורם מיט איר גאַנצן מהות.

— יאָ, טראַכט ער, ס'איז איר טראַנסצענדענטאַלע קראַפט, וואָס איז אַ טייל פון יענעם איינציקן וועלט־גייסט. די קראַפט, אונטער

---

*) גאָרנישט, גאָרנישט, איך דאַרף מער גאָרנישט,
זאָלן קומען יונגעלייט
אַ נעם טאָן מיך פאַר די הענטלעך,
און זאָל'ך זיך מיט זיי אַ רייץ טאָן אַ ווייל.

וועמעס שליטא אוממעגלעכס קען ווערן מעגלעך. יאָ, אַזוי איז עס און פּאַרטיק. פֿאַר איר וואָלט איך אַפילו דאָס אומלאָגישסטע געטאָן . . .

אַרויסגעקומען איז ער דאָ אין מאַרק, ווייל מ׳האָט אים אין דער היים שוין אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן וועגן אַ שידוך טאָן. דערצו נאָך, ווייל ער האָט זיי געזאָגט זיין מיינונג וועגן אַ שיפּסקאַנטאַר. אָבער ערשט נישט לאַנג צוריק איז געווען איבער די כוחות איינצו־שטיין אין דער היים. און דאָס דערפאַר, ווייל ס׳האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז שמעון איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך רייך און אַז ער עפנט אַ פאַבריק, וואו הונדערטער מענטשן וועלן האָבן צו פאַרדינען. און חוץ דעם גייט ער טאָן נאָך עפּעס, וואָס מ׳וועט זיך דערוויסן ערשט היינט אין אָוונט, אין בית־מדרש, וואו עס וועלן זיך צונויפקומען בעל־מלאכה׳ס. אפילו זיין טאַטע, בן־ציון׳ס, וואָס איז טויב, גייט אויך. אַט דערפאַר, וואָס מ׳איז צו אים צוגעשטאַנען מיט אַ טענה, פאַרוואָס ער טוט נישט דעם שידוך מיט שמעון רימערס טאָכטער, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס פון הויז.

נו, איז ער שוין דאָ. אָבער קומט אים דען עפּעס אַרויס דערפון, אַז ער איז שוין אַט־אַ־דאָ? און אַז ער הערט שוין אַט דער שיינער פריילין פאַניעס זינגען, קומט אים אַרויס מער ווי דאָס, וואָס ס׳האַרץ ווערט אים צועקלעמט? . . . ניין. זי, פאַניע, וואָס ליגט מסתם צענדליקער מאָל אין מעת־לעת אין מענערס אָרעמס, איבערהויפּט אין די אָרעמס פון קריסטלעכע „אוזשענדניקעס" און אַנדערע לייט פון די העכסטע פּענצטער, זי פאַניע, וואָס באַגערט סאַלאַנען, באַלן, טענץ, קאָנ־צערטן, שאַמפּאַניער, וועט מיט אים נישט חתונה האָבן. אַ שאָד זיין טראַכטן וועגן איר. אַ שאָד זיין מאַטערן זיך. און אַפילו אַ שאָד זיין אַרויסקומען דאָ כמעט איטלעכן פאַרנאַכט, כאָטש נישט אַלעמאָל דאַרף ער אַנטלויפן פון דער היים. אַ שאָד זיין אָפּהיטן די פאַר־אָוונט־שטונדע, ווען זי זינגט. ער דאַרף אַט די טראַנסצענדענטאַלע קראַפט, וואָס האַלט אים דורך אומגעזעענע פעדים צוגעבונדן צו איר, פאַניען, פאַרניינען, נעגירן און זאָגן: ס׳אַ ליגן! ס׳וועט דערפון גאָרנישט זיין. די טראַנסצענדענטאַלע קראַפט פיניקט נאָר אים. זי רעגט זיין כוח־הדמיון. זי וויל אים פשוט גייסטיק אומברענגען, און אפשר אויך פיזיש גיך דערפירן אים צום סינטעז — טויט. יאָ, דער שפּיל זיינער מיט פאַניען, דער שפּיל, וואָס איז איר לחלוטין נישט באַקאַנט (און ווען אפילו יאָ), איז גאָרנישט ווערט. מ׳דאַרף נעמען אַלץ שכל׳דיק, פּראַגמאַטיש. אַט נאָר דאָס, וואָס איז מעגלעך. אַזוי ווי עס לערנט

עמנואל קאנט אין זיין פילאזאפיע וועגן פראקטישער פארנונפט. חוץ דעם איז דא נאך א סיבה, וואס איז גורם אז עס זאל גארנישט זיין צווישן אים, בן־ציון׳ען, און פאניען. דאס איז אט דאס גלאטיק ראַ־זירטע, גלח׳ישע פנים מיט דער לאנג־פארקיילעכיקטער אדלער־נאז. ער מיינט, בן־ציון, פאניעס פאטער, וואס מ׳רופט אים אויף פויליש: פאן קארפ. אט דער פאן קארפ, דער דירעקטאר פון דער יידישער באנק „עזרה", וואס איז נישט יידיש־רעליגיעז און נישט יידיש־נאציאנאל, נאר רופט זיך „פאליאק פון יידישער אפשטאמונג", דער דאזיקער גאטלאזער אסימילאטאר, וואס זיצט איצט אויפן באלקאן, וואו עס כוואליען זיך אריין די סאליע־גארדינען פון די שויבן־טירן, וועט געוויס נישט וועלן געבן זיין הסכמה אויף א פאמיליארער פארבינדונג מיט אים, בן־ציון׳ען. דאס איז זיכער. א פאקט: עס גייט אים גארנישט אן, וואס די טאכטער פארקערט מיט קריסטן. אדרבה. ער איז נאך אין זיבעטן הימל. עס איז פאר אים א גרויסע דערהויבונג, א געוואל־דיקע דערגרייכונג. הכלל, אומזיסט זיינע טראכטענישן וועגן איר. עס וועט דערפון גארנישט זיין. ער דארף זיך ארויסשלאגן אלע דמיונות פון קאפ.

אבער נאכן אפגיין אזוי א שטיק צייט הין און צוריק, נאך גוט אנמאטערן זיך, האט ער אבער פארט נישט געקענט ארויסשלאגן זיך אט די נארישע געדאנקען וועגן פאניען, און איז ווידער געקומען צום שווין לאנג דערטראכטן שלום: טראנסצענדענטאלע קראפט. יא, ס׳איז, אן מינדעסטן ספק, דא א קראפט וואס איז איבער שכל. דער חשבון, אז צוויי מאל צוויי איז פיר, איז נישט אלעמאל דער פינקט־לעכער ענטפער. יא, ער קען זיך פארט נישט ארויסשלאגן די נארישע געדאנקען פון קאפ. ער האט זי פארט ליב . . . זי באהערשט אים דאך.

און אזוי טראכטנדיק איז ער אוועק פון מארק. ער איז אוועק, ווייל שוין מיד פון גיין הין און צוריק, און איז געגאנגען אהיים. עס האט זיך אים נישט געגליסט צו גיין אהיים, אבער ער איז פארט געגאנגען.

---

אין שמאלן, פאר׳חושכ׳טן האנדל־געסל, צווישן מארק און דער יידישער גאס, וואו בן־ציון איז געגאנגען, איז געווען א געפאַרעריי פון דריי גרופעס מענטשן.

איין גרופע מענטשן איז געשטאנען צווישן א באלעגאלישן גע־שפאן און א קאלד־געוועלבל, ביי וועלכן מ׳האט געוואויגן זעק מיט

קאַלך אויף אַן ענגלישער וואָג. און וויפל נאָר אָפּגעוואויגן, האָט מען זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער באַלעגאַלישער פור. דאָרטן, ביי דער ענגלישער וואָג, איז געשטאַנען אַ הויכער מאַן, אַ שוואַרצער, ווי אויסגעקנאָטן פון סמאָלע. געווען איז ער דער מקובל ר׳ בעריש קאַלך־קרעמער, וואָס איז צו גאַנצענע נעכט געזעסן איבער ספרים אין בית־מדרש, באַטאָג געגאַנגען ביי די ווענט, אָדער געשטאַנען ביים געוועלבל און האָט גערעדט צו זיך, צו מענטשן וועגן עקבתא־דמשיחא. אפילו אין צייט פון מסחר האָט ער זיך אויך מער פאַרנומען מכוח די סימנים פון דער נאָנטער גאולה, איידער וועגן דער קוואַליטעט פון דער סחורה. לעבן אים, וואָס האָט, וועגנדיק, אויך איצט גערעדט וועגן די רמזים פון משיח׳ס גיך קומען, איז געשטאַנען מאַרקל, שמעון רימערס זון. מאַרקל האָט געהאַלטן אַ פּאַפּיראָסיקל אין מויל און זיך צוגעהערט צו די רייד, ווי אַן אַרעשטאַנט צום באַפרייאונגס־אורטייל פון אַ ליבן ריכטער. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער, מאַרקל, נישט פאַרגעסן צו פאַרשרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר די צאָל פונטן פון איטלעכן זאַק מיט קאַלך, וואָס מ׳האָט, נאָכן אָפּוועגן, אַרויפגעוואָרפן אויף דער באַלעגאַלישער פור.

געווען איז דער דאָזיקער קאַלך פאַר די פעל, וואָס מ׳וועט קישען אין די פעסער, וועלכע זענען שוין אַריינגעקאַפּעט אין דער ערד פון דער קאַמער.

אַ צען הייזער וווייטער פון קאַלך־געוועלבל איז געשטאַנען אַ צווייטע גרופּע מענטשן. אויך צווישן אַ באַלעגאַלישן געשפּאַן און אַ קראָם. אָבער דאָ האָט מען געוואויגן „האַלון. און אויך פאַר שמעון רימערס פאַבריק.

געשטאַנען איז דאָ ביי דער וואָג נישט קיין מאַנספאַרשוין פון שמעון רימערס הויז, נאָר אַ פּרויענצימער — אַ מיידל. געווען איז זי שמעון רימערס עלטסטע טאָכטער: חוה.

יאָ, — טראַכט בן־ציון, וואָס האָט זי דערזען, — דאָס איז זי, דאָס דאַרע, געל־פּנים׳דיקע מיידל, וואָס זעט אויס זייער ערנסט. זי, חוה, האָט אים נישט געזען. זי איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער וואָג, וואו דער סוחר, — אַ פעטלדיק יידל, מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד, — האָט געוואויגן זעק מיט האַלון. אָבער כאָטש זי האָט אים נישט געזען, דאַך האָט ער, בן־ציון, גענומען גיך פאַרבייגיין. ערשטנס, איבער דעם ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן איר פאָטער, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער וואָלט באַשטאַנען אויפן שידוך ; אַן ענטפער, וואָס זי, די טאָכטער,

וואָלט זיך איבער אים זייער פֿאַרשעמט, ווען זי וואָלט דערזען אים, בן־ציונ'ען. צווייטנס, כדי מ'זאָל שפּעטער ביי איר אין דער היים נישט שמועסן, אַז ער, בן־ציון, שלענדערעוועט אַרום איבער די גאַסן און אַז ס'איז אַן עבירה אים צו געבן אפילו איין פּרוטה נדן. פּשוט, אַן עבירה. וואָרים אַזאַ שלענדעראַוואָניק טויג זיך נישט אויס אפילו אַן עק ביי אַ קאַץ צו פֿאַרבינדן. וואָס יאָ ער קאָן טאָן, איז אויפעסן אַ מלוכה־אוצר.

ער איז דערפֿאַר גיך פֿאַרביי, ווי ס'וואָלט אים עמיצער געטריבן. ערשט ווען אָפּגעלאָפֿן אַ סך הייזער ווייטער, וואו ס'שטייט אַ דריטע גרופּע מענטשן, האָט ער זיך אויפֿגעהערט צו יאָגן. ער איז שוין געווען, אַזוי צו זאָגן, ווייט פֿון דער סכנה. ער האָט גענומען אָפּדעכען ווי פֿון אַן אנגסטלעך שווערער אַרבעט.

— אוי, ווי דער מענטש וויל האָבן אַ גוטע רעפּוטאַציע, כאָטש ער שטייט ביים אָפּגרונט . . .

דאָ, אַ פּופצן הייזער ווייטער, האָט זיך די דריטע גרופּע מענטשן געפּאַרעט ביי אַ סקלאַד, פֿון וואַנען זי האָט אַרויסגעקייקלט אייזערנע פֿעסער מיט טראָן. געווען זענען די אַרויסקייקלער — די טרעגער, וואָס שמעון האָט געדונגען נאָך מיט צוויי טעג צוריק. נאָכן אַרויסקייקלען האָבן זיי, די טרעגער, אַרויפֿגעלאָדעוועט די פֿעסער אויף אַ באַלעגאַלישן וואָגן, וואָס שמעון האָט אָהערגעשיקט, פּונקט ווי צו די אַנדערע געוועלבער.

באַדאַרפֿט האָט שמעון רימער דעם טראָן אי צו די פֿעל, וואָס ער וועט דרייען אויף די הילצערנע געשטעלן, וואָס ער האָט אויפֿגעשטעלט אויפֿן הויף, און אי צו די פֿעל, וואָס ער וועט ווייקן אין די פֿעסער.

דאָ ביי דער סחורה האָט ער, שמעון רימער, נישט באַדאַרפֿט האָבן קיין אייגענעם מענטש. ערשטנס, האָט ער נישט קיין מורא געהאַט, אַז די טרעגער וועלן עפּעס אַראָפּ'גנב'ענען, ווען דער יצר־הרע וועט זיך ביי זיי צעצינדן. די פֿעסער זענען דאָך פֿאַרמאַכט! צווייטנס, האָט מען נישט געדאַרפֿט וועגן די פֿעסער מיט טראָן. אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפֿט, איז בלויז מודיע־זיין דורך די טרעגער צום סוחר: שיקט מיר אַזוי פֿיל און אַזויפֿיל פֿעסער טראָן און באַלעמוטשעט נישט די מענטשן . . . דאָס אַלץ. איי, געלט? קיינער האָט זיך נישט געקווענקלט וועגן געבן שמעונ'ען סחורות אויף קרעדיט. זיין וואָרט איז געווען ווי געלט. ער איז קיינעם נישט געקומען קיין פּרוטה. אַחוץ דעם, ווי קאָן מען אָפּזאָגן אַזאַ מענטש, וואָס איז אַ גביר־אדיר אין

שטאָט? דערצו, מ׳זיצט דאָך גאַנצע טעג אין די קראָמען און מ׳בעט אויף אַ קונה! און אַז עס יאָוועט זיך שוין יאָ אַ קונה, איבערהויפּט אַזאַ איינער, וואָס לײַדיקט אויס מיט איינמאָל אַ גאַנצן סקלאַד, וועט מען ערשט גיין מאַכן אַ קרום פּנים? ס׳געלט איז ווי אין באַנק. און דער מסחר, ווען נאָר איינמאָל געמאַכט אַן קווענקלעניש, אַז מורא, וועט אים, שמעון׳עז, שוין ברענגען נאָך אַמאָל און ווידער.

הכלל, דער טראַן־סוחר, פּונקט ווי די אַנדערע הענדלערס, האָט געמאַכט דעם מסחר בלויז אויפן וואָרט.

און נישט נאָר זיי. דאָס זעלבע וואָלטן געטאָן אויך אַנדערע סוחרים. זאָלן זיי נאָר האָבן מזל. די צרה איז אָבער, וואָס זיי שפּילט דאָס גליק נישט צו אַזוי. און ס׳איז טאַקע נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי זיי קענען עס איבערטראָגן. אָט שטייען זיי אין דרויסן פאַר די טירן, קוקן און קוים וואָס זיי קענען רעדן.

ווי נאָר ס׳איז צו זיי אין די געוועלבער און אין די סקלאַדעס דערגאַנגען די ידיעה, אַז שמעון רימער האָט געשיקט באַלעגאַלישע געשפּאַנען מיט מענטשן איינצוקויפן סחורות פאַר דער נייער פאַבריק, איז געוואָרן אַ בהלה. ס׳זענען אַרויס מאַנצבילן, פרויען, בחורים, מיידלעך. מ׳איז אַרויס אויף די שוועלן, אויף די טראָטואַרן און מ׳האָט גענומען קוקן אַהינצו, וואו עס שטייען די באַלעגאַלישע געשפּאַנען און די מענטשן. זיי האָבן געקוקט מיט אויגן, ווי ביי געשאַכטענע שאָף. זיי האָבן געדענקט אַזוי שווער, גלייך זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז מיט אים, שמעון׳עז, שעפּן זיך שוין אויס אַלע קונים. און זיי וואָלטן טאַקע געמעגט מורא האָבן. ווייל וויפל שמעון׳ס האָט מען אין שטאָט? און חוץ דעם, וויפל סחורות דאַרף ער דאָס, וואָס די דריי סוחרים וועלן אים נישט קענען צושטעלן? און באַזונדערס זעענדיק, וואָסאָראַ טומל ס׳איז דאָרט ביי די פאַמיליעס פון די גליקלעכע משא־מתן־מאַכנדיקע סוחרים, האָבן זיי, די נישט מזל׳דיקע, געפילט ווי דאָס האַרץ גייט זיי איבער מיט טרערן . . .

— גיי נאָר, שיינדעלע, — שרייט דעם מקובל׳ס פרוי, אַז איינגעדאַרטע יידענע מיט אַ שנאָבל־נעזל, צו אַ קליין טעכטערל — און ברענג מיר אַ פּאָר פונט פערוועס סאָרט מעל . . . שוין לאַנג ניש געווויסט דעם טעם פון אַ טייגל . . .

— יחיאל׳עלע! — מאַכט דעם פעסלדיקן האָלץ־סוחר׳ס ווייב צו אַ דרייצן־יאָריקן יינגל — בן־יחיד׳ל, גיב נאָר אַ לויף צו פיווועלע

שוסטער און זאָג עם, אַז ר׳זאָל קימען מיר אָנפּאַסן אַ פּאָר שיך . . .
שוין לאַנג ניש געהאַט אין וואָס אַריבערציטערעטן די שוועל . . .

— טו זעד נאָר אַ ריר, ציפּקעשי, — טוט ר׳ אהרן טראָן־הענד־לערס פרוי, אַ יידענע אַן אשת־חיל, אַ סוחר׳טע מיט אַ פּיסק, אַ געשריי צו אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיק, צוועלף־יאַריק מיידל, וואָס האָט זיך אין דרויסן געשפּילט מיט אַ שוואַך פּיגעלע — טו זעד נאָר אַ ריר און גיב אַ פלי צו כאַנטשע דער נייטאַרין . . . פרעג זי, וויפיל אַרשין שייבלערס סחורה מען דאַרף אויף אַן איינשיט צו אַ בעטגעוואַנט . . .
די פעדערן זענען מיר שוין באַלד אַרויסגעפלויגן פון דער אַלטער לאַכע און כ׳האָב שוין אפילו ניש וואו אַ לאַטע צו לייגן . . .

יאָ, עס איז געווען אַ פרייד ביי די פאַמיליעס פון די דריי גליק־לעכע געשעפטלייט. אַ פרײלעך געטומל. און דאָס וועט געווים אָנ־האַלטן שיינע יאָרן. וואָרים, אַז מ׳באַהאַנדלט שמעונ׳ען גוט, וועט ער דען גיין צו אַנדערע סוחרים? איז אָט דערפאַר מעגן זיי, די לאַ־יצלח־דיקע געשעפט־לייט, טאַקע זיין טרויעריק. אָבער דאָך . . . דער טייוול איז נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים. זיי מיינען, די לאַ־יצלח־דיקע געשעפטלייט, זייער איצטיקע לאַגע. אמת, ס׳איז טרויעריק, מ׳זעט נישט אַריין קיין קונה, דאָך וועט פון איצטער אַן אַנדערש ווערן. און טאַקע צוליב שמעון רימערס מסחרים. וויאַזוי? פּשוט. אַז מ׳וועט האַנדלען, אַז מ׳וועט פאַרדינען, וועט מען זיך פאַרגינען. אָט, למשל, האָט זיך ר׳ בעריש קאַלך־קרעמערס פרוי שוין פאַרגינען „פערוועט״ סאַרט מעל. און דעם האַלון־הענדלערס פרוי — שיך. און דעם טראַן־סוחר׳ס פרוי — אַן איינשיט. און דאָס איז ערשט אַן אָנהויב. שפּעטער וועט זיך זיי פאַרגליסטן עפּעס אַנדערש. און מאָרגן וועלן זיי האָבן אַנדערע באַגערן. און בלויז זיי? און וואו זענען די מענטשן, וואָס וועלן לייזן פאַר מעל, פאַר שיך, פאַר איינשיט־סחורה? זיי וועט זיך גאָרנישט פאַרגליסטן? וואָס פעלט זיי גאָרנישט אוים? און חוץ זיי, וואו זענען די אַרבעטער, וואָס וועלן אַרבעטן ביי שמעונ׳ען אין דער פאַבריק? זיי וועלן שווייגן אויף גאָטס וועלט? הכלל, דאָס רעדל וועט זיך דרייען אַרום און אַרום, דאָס הייסט — דער גראָשן וועט אָנ־הויבן צו גיין פון האַנט צו האַנט און איטלעכער איינער וועט פון אים עפּעס אָפּלעקן. מען וועט זיך פילן אַנדערש. דער מעל־סוחר וועט דאַרפן דעם שניידער. דער שניידער דעם קאַשע־הענדלער. דער קאַשע־הענדלער דעם פוטער־און־קעז־קרעמער, און אַזוי ווייטער און ענדלאָז. קורץ, זיי, די אַזוי־צו־זאָגן, לאַ־יצלח׳דיקע סוחרים, וואָס שמעון האָט

צו זיי קיין געשפּאַנען נישט געשיקט, וועלן אויך געניסן פון דער שפע . . . ס׳וועט זיין אגיל ואשמח! די איינציקע זאַך, אָבער, וואָס איז נישט אַזוי דערפרייענדיק, איז דאָס, וואָס שמעון רימערס פאַבריק איז אַ בת־יחידה. מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ סך פאַבריקן! איז אָבער די קשיא: וואָס וואָלט מען געטאָן מיט אַזויפיל סחורות? יידן אַליין קענען דען פאַרברויכן אַלץ? מ׳מוז דאָך אָנקומען צו אומות־העולם אויך! אַנישט וועט זיך דאָך דאָס רעדל ווידער אויפהערן צו דרייען און דער וואָגן וועט ווידער ליגן אין זומפּ. אויב אַזוי, טאָ וואָס טוט מען? וויאַזוי קען מען מאַכן, אַז דאָס רעדל זאָל זיך דרייען, בעת אַ שטעקן — דער בויקאָט — ליגט אין אים און האַמעוועט? נישט אַנדערש, נאָר מען דאַרף גיין אין בית־מדרש אַריין און הערן, וואָס שמעון רימער האָט צו זאָגן. ער האָט דאָך געזאָגט, אַז ר׳האָט אַ פּלאַן, ווי אַזוי די שטאָט זאָל אויפגעריכט ווערן.

— הכלל, אין בית־מדרש אַריין! . . . — איז געוואָרן אַ געשריי צווישן דעם עולם מענער, נאָך אַפּ׳חקירה׳ן אַ וועלט.

— אין בית־מדרש אַריין! . . .

— דאָרטן וועט מען זעך אַלץ דערוויסן . . .

— לאָמיר הערן זיינע תרופות, שמעונ׳ס.

— אפשר האָט ער גוטע פּלענער.

— ר׳איז דאָך אַ בריה אויף אַ סך זאַכן.

— אַז בריה׳שאַפט וואָלט ער דאָך ניש געקראָגן די פּאַדריאַדן.

— הכלל געגאַנגען.

— יאָ, ס׳ווערט שפּעט.

געזען אַזאַ גרויסער עולם לאָזט זיך אין בית־מדרש אַריין, האָט אויך ער, בן־ציון, געקראָגן חשק. אייגנטלעך האָט ער גאָרנישט וואָס צו טאָן אין דער היים, אָבער אין בית־מדרש קאָן ער אַמאָל הערן נייעס. ער קאָן הערן, למשל, וואָס שמעון, אַ נישט געבילדעטער מענטש, האָט צו זאָגן נאָך טאָמאָס מאָר אין „אוטאָפּיע", נאָך קאַרל מאַרקס אין „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט", נאָך דר. הערצל אין „יודנ־שטאַט". און ער האָט זיך טאַקע באַלד געלאָזט מיטן וועג אין בית־מדרש אַריין.

# קאַפּיטל אַכט

אויף דער גאַס, אַקעגנאַיבער דער שול און דעם בית־מדרש, זענען געשטאַנען מענטשן אין גרופּעס און האָבן גערעדט וועגן געשעפטן.

עס איז שוין געווען עטוואָס טונקל. פון טייל הייזער האָבן אַרויס־געלייכט לעמפּלעך. פון בית־מדרש האָבן אַרויסגעפינקלט פלעמלעך פון בליצלאָמפּן, וואָס הענגען אַראָפּ פון סופיט, און אויך פלעמלעך פון יאָרצייט־ליכט, וואָס טייל יתומים, יתומות האָבן אָנגעצונדן נאָך זייערע טאַטעס און מאַמעס.

די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין גרופּעס, האָבן אָבער נישט געוואוסט, צי ס'איז נאָך טאָג, אָדער צי ס'איז שוין אָוונט. זיי זענען געווען אַזוי פאַרקאָכט אין זייער שמועס, אַז קיין ענדערונג אין צייט איז זיי איצט נישט אָנגעגאַנגען. צייט, שמייט, — וואָלטן זיי איצט געזאָגט ווען מ'דערמאָנט זיי, ווי זיי האַלטן אין דער וועלט, — דער עיקר אין לעבן איז, צו האָבן עפּעס וואָס צו טאָן מיט דער צייט. איז אָט שטייען זיי דאָס איצטער און פּלאַנירן, וואָס צו טאָן מיט דער צייט.

ערשט נישט לאַנג צוריק זענען זיי אָנגעקומען פון פאַרשידענע ווינ־קלען, כדי צו גיין אין בית מדרש אַריין צו מנחה־מעריב. אינדעם האָבן זיי זיך אָבער אָפּגעשטעלט אָט דאָ, נישט ווייט פון שול און בית־מדרש, און זיך גאָר גענומען רעדן. פאַרוואָס דאָ? זיי וואָלטן דען נישט גע־קענט טאָן ס'זעלבע אין בית־מדרש? געוויס. אָבער דער שמועס האָט זיי אויסגעזען צו זיין אַזוי וויכטיק, אַז קיין פּיצל צייט האָט מען נישט געקענט פאַרלירן. איבעריקנס, אין בית־מדרש וואָלטן זיי נישט געקענט רעדן אַזוי הויך און אַזוי פיל. מ'וואָלט זיי געשטערט פון אַלע זייטן. איר וועט נישט האָבן קיין צייט צו רעדן נאָכן דאַווענען? — וואָלט מען געגוואַלדעוועט פון אַלע זייטן — וואָס לאָזט איר נישט הערן דעם בעל־תפילה, וואָס לאָזט איר נישט? זאָל זיין שטיל, זאָל! . . . זייט נישט מפסיק! . . . איז אָט דערפאַר זענען זיי געבליבן דאָ און טוען זיך, וואָס זייער האַרץ גלוסט.

— יאַכ'ל דיר זאָגן, — מאַכט איין ייד צו אַ צווייטן אין אַ גרופּע

— אז קצבים קוילן ניש קא בהמות, וועט שמעון רימער זוכן פעל מיט ליכט . . .

— און אויב דו מיינסט, — זאגט א ייד צו א מיטשמועסער אין א צווייטער גרופע — אז שמעון וואלט נישט געווען צופרידן צו צאלן א פאר קאפיקעס מער אויפן פוד, האסטו, במחילה, א גרויסן טעות.

— וואס? — זאגט א ייד צו די ארומיקע פון א דריטער גרופע — עס גייט מיר פארציילן, אז אין דארף קען מען קריגן פעל ביי פויערים? יאך אליין האב דאך שוין געזען בערג מיט פעל ביי זיי . . .

— אז עס ווילט, — זאגט א פארטראכטער ייד צו צוויי יידן, וואס זענען געווען די צוהערער פון א פערטער גרופע — זאל מען מאכן שותפות. דו, לייביש, גיי אין איין דארף; דו, פייוול, אין א צווייטן און יאך אין א דריטן. און וואס גאט וועט באשערן, זאל זיין שותפות . . . נו, באשטאנען? . . .

— מענטשן! — שטרעקט אוים אן ענערגישער יונגערמאן די הענט צו עטלעכע יידן אין א פיפטער גרופע און קוקט, ווי ער וואלט זיך געבעטן רחמים — שמעון דארף אצינד א וועלט מיט פעל. א קלייניקייט אזעלכע פאדריאדן, וואס ער האט געקראגן? ! הכלל, עס ווילט זיך ארויסלאזן איבער שטעט און שטעטלעך אויפצוקויפן, וואו נאר עס וועט זיך מאכן א פעלכל? א? זאגט! אויב עס באשטייט, גייט מען שוין אהיים און מ'לייגט זיך צונויף די פאר קערבלעך, וואס איטלעך איינער האט, און יאזדא . . . הכלל, מסכים?

געווען זענען אט די שמועסער — דארף־לייפער, פישערס, בהמה־הענדלער, וואס האבן שוין לאנגע צייטן נישט געהאט צו וואס זיך צו נעמען. אלע איז געווען, ווי טויט. איצטער אבער האבן זיי דערזען נייע קוואלן פון חיונה און זיי קענען דערפאר נישט איינרוען.

בעת זיי האבן אזוי אומרואיק גערעדט און פלאנירט, זענען פון פארשידענע זייטן אנגעקומען אנדערע יידן. די זשופיצעס צעקנעפלט. די פאלעס צעפלויגן. די היטעלעך אויף די שפיץ קעפ. און די פים — נישט זיי האבן זיך געאיילט, נאר זיי זענען געלאפן, ווי נאך א דאקטאר פאר א חולה־מסוכן.

געלאפן זענען די יידן אין בית־מדרש אריין. אלע מאל זענען אט די יידן נישט געוואלדיק אפגעהיטן אין דאווענען מיט א מנין אין בית־מדרש, אדער ערגעץ אנדערש וואו. ניין. די דאזיקע מענטשן זענען אלע מאל די גאט־להכעים'ניקעס אין שטאט. אנדערע יידן, וואסארא צרה עס זאל נאר נישט קומען אויף זיי, הערן זיי אלץ נישט

אויף צו גלויבן. זיי זאָגן: גם זו לטובה. ווער קען דען משיג זיין השי"ת'ס כוונות? — טענה'ן זיי. דער רבש"ע פּרובירט אויס דעם מענטש אויף פאַרשידענע אופנים, כדי צו זען, צי דער פּרובירטער, וואָס קומט פון דער ערד און קערט זיך אום צוריק צו איר, איז ראוי צו פאַרשטיין דעם וועג פון שלימות. . . די גאָט־להכעיס'ניקעס האָבן זיך אָבער אַלעמאָל געבונטעוועט. וואָס שלימות, ווען שלימות? — האָבן זיי געשריען — מיט וועמען שפּילט ער זיך אַרום, מיט וועמען? מיט קליינע קינדער? מיט קראַנקע פּרויען? וואָסאַראַ פּאָליטיק פירט ער? וואָס איז ער אַ גענעראַל, אַ קיסר? מ'דאַרף אים אָפּגעבן כבוד? מיר וואָלטן געוואָלט זען, ווי ער אַליין וואָלט זיך געפילט, ווען ער וואָלט געהאַט אַ מאָגן, געדאַרפט צאָלן דירה־געלט און נישט געהאַט, וואָס צו געבן דעם ווייב צו מאַכן עפּעס וואַרעמעס פאַרן קליינוואַרג, וואָס קען נאָך אפילו קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן? וואָסאַראַ בריה איז ער, אַז ער איז נישט קיין בשר־ודם און דאַרף גאָרנישט? . . . אָט דערפאַר האָבן זיי זיך פיל מאָל אָפּגע'ברוגז'ט און דורכגעלאָזט מנחה־מעריב'ס, אָדער ס'דאַווענען אין דער פרי, און פיל מאָל נישט געוואָלט אפילו אַריינשמעקן אין אַ מקום־קדוש. אַזוי ווי דו ביסט צו אונדז, — האָבן זיי ס'רוב מאָל גע'טענה'ט צום רבונו־של־עולם — אַזוי זענען מיר צו דיר . . . מיר צאָלן דיר צוריק מיט די זעלבע מטבעות, וואָס דו צאָלסט אונדז . . . אַז מלחמה איז מלחמה . . . אָבער איצט זענען זיי, די גאָט־להכעיס'ניקעס, געלאָפן אין בית־מדרש אַריין, אַזוי אַז קיין צען פּולקן סאָלדאַטן וואָלטן זיי נישט געקענט צוריקהאַלטן. וואָס איז געשען? זיי האָבן דען שוין חרטה אויף אַלעם? ניין. זיי זענען די זעלבע וואָס פריער. זיי לויפן אָבער אין בית־מדרש אַריין, ווייל זיי מיינען, אַז שמעון רימער האָט שוין אָנגעהויבן צו רעדן. איי אָט לויפן זיי, ווי פאַרשפּעטיקטע.

געוועזן זענען זיי אויפגעקלערטע בעל־מלאכה'ס, וואָס האָבן זיך אַליין גערופן „קלאַסן־באַוואוסטע פּאָלקסמאַסן". זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט מלחמות, אַ רעוואָלוציע, און צום ווייפלטן מאָל שוין איבערגעלייענט בונדישע בראָשורן, וואָס האָבן זיך ביי זיי פאַרוואַלגערט נאָך פון פיפטן יאָר אָן. איז אָט לויפן זיי, כדי צו הערן, וואָסאַראַ נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע איבערקערעניש עס גייט איצט פּאָרלייגן דער שטאָט־גביר שמעון רימער.

נישט געלאָפן איז אָבער בן־ציון. ער, בן־ציון, וואָס איז איצט געגאַנגען פון מאַרק, איז זיך פּאַמעלעך, געלאָזן צו צום בית־מדרש

און אַריין אין פירהויז. דאָ איז ער אָבער געבליבן שטיין. ער האָט דאָ געטראָפן זיינס אַ חבר, מיט וועמען ער איז שוין באַקאַנט זינט יאָרן. געווען איז דער חבר — יאָסעלע בוכהאַלטער, דעם איינבינדערס זון, וואָס אַרבעט אַלס אַסיסטענט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער גרויסער זייף־און־ליכט־פאַבריק, „העלפאַנט", וואָס געהערט צום דעם באַרימטן שטאָט־מאַגנאַט, לאַזאַר אַמסטערדאַם.

---

געווען איז ער, יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער, אַ נידעריקער, מיט באַגילדעטע ברילעכלעך אויפן קליינינקן נעזל. אָבער ווי קליין ער איז געווען, יאָסעלע, אַזוי גרויס אומרואיקייט האָט אין אים געשטעקט. ער האָט נישט געקענט איינשטיין. האָט ער עמיצן אָנגעקוקט, האָט ער געפינטלט מיט די געלע אייגעלעך, ווי פליגן וואָלטן אים געקראָכן אין די אַפּלען. האָט ער גערעדט, איז דאָס רעדן געווען כאַפּנדיק. ער האָט פאַרשלונגען די ווערטער, די „סענטענצן", ווי ער האָט, לויט די גראַמאַטיק־ביכלעך, אָנגערופן די אַרויסגערעדטע געדאַנקען, און אין דער זעלבער צייט עטלעכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט דאָס געזאָגטע.

— זי פאַרשטייען מיך ניט . . . — האָט ער נאָך דערצו, אויף אַ דייטשמערישן לשון, געמישט מיט רוסישע, פּוילישע און פראַנצויזישע ווערטער, באַשולדיקט די צוהערער, וואָס האָבן געהאַט טענות, אַז זיי ווייסן נישט, וואָס ער רעדט — זי קענען ניט נאָכפאָלגן קיין געדאַנק . . . ניעט. טרודנאָ. אינען פעלט אילוזיאָן, פליגלען . . . זי קענען ניט באַנעמען קיין אינטעליגענטע שפּראַך, פאַר עקסעלאַנס . . . אינעם ווערטער־שאַץ איז, פאַרדאָן, מיזעראַבל . . .

און נישט נאָר אומרואיק אין רעדן, אפילו אויף אַ שפּאַציר איז ער נישט געווען געלאַסן. ער האָט זיך געדרייט, ווי אַ שלאַנג, אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרטן. ער האָט גאָרנישט געקענט גיין קיין גלייכן וועג. נישט איין מאָל האָט מען אים דערפאַר טאָקע געפרעגט:

— זאָג נאָר, יאָסעלע . . . און וואָס וועסטו טאָן אין אַ באַן? . . . קריכן אויף די בענק? אַראָפּשטופּן דעם לאָקאָמאָטיוו פון די רעלסן?...

און אפילו זיצנדיק האָט ער אויך געמוזט עפּעס טאָן. דאָ האָט ער געקלאַפּט מיט די הענט אין די קניען. דאָ האָט ער אויסגעפּלאַכטן עפּעס, אָדער געמאַכט פאַרשידענע פיגורן מיט די פינגערלעך. ער האָט אפילו רואיק נישט געקענט זיין, ווען ר׳איז געשטאַנען.

אַט אַזוי אויך איצט. ער שטייט ביי דער טיר, האַלט זיך אָן מיט איין האַנט ביי דער פּוטרינגע און וואַרפט זיך, אַמאָל רעכטס, אַמאָל

לינקס. אמאָל הויבט ער זיך אונטער, שטעקט אַריבער די אויגן איבער די מענטשן, וואָס שטייען פאַר אים, כדי צו קענען זען, וואָס ס׳טוט זיך ווייט אין בית־מדרש, און אַמאָל בייגט ער זיך אראָפּ, זוכט צווישן די עלנבויגנס און די קערפּערס פון די מענטשן, צי ס׳איז נישטאָ קיין שפּעלטל דורכצופּאַקן זיך.

געוועזן איז אָט דער אומרואיקער מענטש — נישט קיין יונגער, כאָטש ער האָט אויסגעזען יונג. ער איז געווען שוין ווייט אַריבער די דרייסיק. אָבער קיינער, חוץ די שטאָט־יידן, האָבן נישט געקענט טרעפן, ווי אַלט ער איז. מ׳האָט אים געקענט אָננעמען פאַר צוואַנציק. פאַר פינף און צוואַנציק. קיינמאָל אָבער נישט העכער. די מוטער און דער פאָטער האָבן טאָקע דערפאַר נישט איין מאָל געשריען:

— געוואַלד! זיין יונגקייט וועט עם אומברענגען . . .

— אַז ער עלטערט זעך ניש אפילו אין שכל . . .

וואָס שייך „אין שכל" האָט ער זיך אָבער שוין גאָר געעלטערט. יאָסעלע. ער האָט נישט איינגעשטימט ווען דער אָדער יענער גע־וואוינהייט און אויפפירונג פון מענטשן. ער האָט, למשל, געטייטלט אויף די לאַנגע מלבושים, אויף די בערד; אויף דעם ווי מאַנסבילן באַציען זיך זייער נישט טאַקטיש, נישט קאַוואַליעריש צו זייערע פרויען, ווען זיי גייען אויף דער גאַס. ער האָט אויך געטייטלט אויף דער דער־ציאונג, וואָס עלטערן גיבן זייערע קינדער, אַ דערציאונג, וואָס שליסט איין נאָר רעליגיע. ער איז אפילו אַוועק פון די עלטערנס און די שטאָט־מענטשנס באַגריפן אין הלכות פאַמיליע־לעבן. וואָס? — פלעגט ער טענה׳ן צו זיינע עלטערן, ווען זיי האָבן זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן מיט קרעכצן און באַדויערענישן איבער זיין נישט וועלן חתונה־האָבן — איר מיינט, כ׳וועל זיין איבערגעפּירט, אַז משיח וועט פון מיר נישט אַרויסקומען? היינטיקע צייטן האָט מען נישט חתונה, אום צו האָבן קינדער, צו פאַרזאָרגן די מענטשהייט. ניין, אַלטפרענקישע עלטערן! היינט האָט מען חתונה, אום דעם אייגענעם אינדיווידואום נאָכצוקומען, די אייגענע עמאָציאָנען . . . היינט האָט מען חתונה אוים ריינער ליבע צו זיך . . . יאָוואָל.

איטלעכס מאָל, אַז די עלטערן האָבן דערהערט אַזאַ אויפקלערונג, אַזאַ „דאַטשישקייט", אַזאַ גויאישע פילאָזאָפיע, האָבן זיי ביידע אויפ־געהויבן אַ זייער קרעכצנדיק קול:

— געוואַלד! זיין יונגקייט וועט עם אומברענגען . . .

— אַז ער עלטערט זעך ניש אפילו אין שכל . . .

ער, יאָסעלע, האָט זיך אָבער דערפון גאָרנישט געמאַכט. און פאַרוואָס זאָל ער זיך יאָ דערפון עפּעס מאַכן? אַז ער שטייט מײַלן ווײַט פון זיי! און נאָר פון זיי? פון אַלע מענטשן אין שטאָט שטייט ער מײַלן ווײַט! איבעריקנס, זיי אַמוזירן אים, אַט די אַלט־פרענקישע יללות פון די עלטערן. זיי פאַרווײַלן אים אַזוי, אַז ער טיילט די הנאה מיט אַנדערע.

— ווייסט, — טוט ער אויך איצט אַ מונטערער זיך נעמען טיילן מיט דער הנאה, ווי נאָר ער האָט דערזען דעם חבר בן־ציון — איך האָב שוין היינט ווידער געהאַט אַ קריטעריום פון מײַנע עלטערן! . . . ווייסט פּילייכט איבער וואָס? איבער אַ שידוך! . . . עפּעס איינער אַ מאָן איז געווען היינט ביי אונדז און פאַרגעשלאָגן אַ פריילין, און אַז איך בין אַהיימגעקומען פון דער קאַנצעלאַריע און האָב אויסדריק־לעך געאַנטוואָרטעט: „ניעט", אומזאָנסט דאָס רעדן, האָט מיך מײַן מוטער באַקלאָגט איבער מײַן יונגקייט און מײַן פאָטער איבער מײַן שכל . . . האָסט באַדאַרפט הערן! . . . .

און נאָך אַ פּאָר ווײַלעס האַלטן די הענטעלעך אויף די באַקעס און די ברוסט אַרויסגעשטופּט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסזעצן מיט אַ שלוקערץ און מיט אַ געלעכטער, האָט ער גענומען קוקן אויף בן־ציון'ען, צי ער האָט אויך הנאה:

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם, אַ?

בן־ציון איז אָבער נישט געווען פאַראינטערעסירט אין אַזאַ הנאה. שטאָט ענטפערן האָט ער גאָר געפרעגט וועגן עפּעס אַנדערש:

— ווי קומסטו דאָ אַהער?

געווען איז די פראַגע, מחמת יאָסעלע האַלט נישט פון פרומקייט, קומט זעלטן אין שול, אָדער אין בית־מדרש אַריין. אמת, ער, בן־ציון, איז אויך נישט קיין פרומער, קומט זעלטן ווען אין שול, אָדער אין בית־מדרש, אָבער איצט איז ער געקומען אינגאַנצן צוליב עפּעס אַנדערש.

— כ'בין געקומען, — זאָגט יאָסעלע — צוליב דעם, וואָס דו . . . ס'הייסט, צוליב שמעון רימער . . .

בן־ציון האָט זיך געוואונדערט:

— האָסטו אויך וועגן אים געהערט?

ס'קליינע יאָסעלע האָט אויסגעשטעלט די אויגן:

— ווייסטו דען נישט אַז די גאַנצע שטאָט ווייס? אויסער דעם, כ'האָב דען געקענט נישט קומען? מ'האָט דאָך מיך פון דער פאַבריק

באשטימט! . . . דער הער לאזאר אמסטערדאם זעלבסט . . . יעי באגו . . . יא. דיר אויסזאגן א סוד: ווען ער שעמט זיך נישט, דער הער לאזאר אמסטערדאם, קומט ער זעלבסט. סלאווא האנארו . . . נאר אז ער קומט נישט צו קיין דאוונען א גאנץ יאר, וועט ער פלוצים היינט אריינפאלן? . . . פאנימאיוש? . . .

און איידער בן־ציון דער רואיקער, דער געלאסענער מענטש האט נאך אנגעהויבן צו ענטפערן, איז דאס אומרואיקע קליינינקע יאסעלע שוין געהאט ארוים מיט עפעס אנדערש.

— ווייסט, — זאגט ער — היינט אויפדערנאכט איז א זעבראניע ביי פאננא זאשקע אין הויז. וועסט קומען? די גאנצע אינטעליגענץ, פאר עקסעלאנס, איז פארבעטן . . . אויך דו . . . וועסט קומען? קום . . . א זייער וויכטיקע זעבראניע . . . נישט געווען גענוג צייט ארויסצושיקן איינלאדונגען, האב איך געזאגט, אז איך וועל דיר לאזן וויסן און אויך אנדערע. אלזא, וועסט קומען? קום . . . א זייער ברענענדיקע פראבלעמע צו פארהאנדלען. אלע אינטעליגענטע מענטשן, אלע בעסערע מענטשן מוזן זיין . . . אלזא . . .

בן־ציון האט נישט געענטפערט. ער איז נאר געשטאנען און האט געקוקט אויף דעם חבר. מיט וואס קען מען אים דארטן פאראינטע־רעסירן, ביי דער פאננא זאשקען אין הויז? — טראכט ער — וואס איז דאס אזעלכעס, די פראבלעם, וואס מ׳מוז זיך צוליב איר גיך צונויפקומען?

געווען אין די פאננא זאשקע דעם הער לאזאר אמסטערדאמס נישט פארהייראטע טאכטער, ביי וועלכער די שטאטישע אינטעליגענץ פלעגט זיך צונויפקומען פון צייט צו צייט וועגן פארשידענע שטאטישע ענינים. אבער זינט פארזאמלונגען קומען פאר ביי איר, האט מען נאך קיין איין מאל נישט אזוי אומגעריכט און אזוי ראשיק צונויפגערופן א פאר־זאמלונג, ווי דאס מאל.

— ווילסט וויסן וועגן וואס? — טוט ס׳קליינע יאסעלע א זאג — וועגן א פאגראם . . . יאוואל. ווער נישט איבערראשט . . . קלאר ווי דער טאג . . . סטודענטן, וואס זענען אהיימגעקומען אויף פעריען, גרייטן זיך צו, און דער פויליש־פאטריאטישער קלוב העלפט זיי אין דער ארבעט . . .

— בן־ציון, א פארוואונדערטער, האט גענומען פארשעריש קוקן אויף יאסעלען:

— א פאגראם? . . .

— יאָ . . .

— ביסט זיכער אין דעם?

— אַז צווייפל . . . — קוקט יאַסעלע אויף בן־ציון'ען, ווי אויף איינעם, וואָס איז ערשט געקומען פון אַן אַנדער וועלט — וואָס ביסטו אַזוי איבערראַשט? ווילסט נישט גלויבן? . . . .

ניין, בן־ציון האָט טאַקע נישט געוואָלט גלויבן. ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז איצט, ווען ס'הערן זיך קלאַנגען וועגן אַ מלחמה אויך דאָ אין לאַנד, זאָלן די פּאָליאַקן גאָר אין זינען האָבן צו מאַכן אַ פּאָגראָם. איצט — טראַכט ער — דאַרפן זיי דאָך אין זינען האָבן עפּעס אַנדערש! זיי דאַרפן דאָך טראַכטן ווי צו באַפרייען פּוילן דורך דער אַנקומענדיקער קריג. זיי דאַרפן דאָך אויסניצן די געלעגנהייט פון דעם ריס צווישן די אָקופּאַנטן: רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך . . . און כאָטש ער האָט פריער, אין מאַרק, באַמערקט ווי פּוילישע סטודענטן און טוער פון פּויליש־פּאַטריאָטישן קלוב דרייען זיך אויפן טראָטואַר און רעדן עפּעס סודות'דיק, דאָך האָט ער אפילו איצט נישט געוואָלט גלויבן, אַז עס זאָל האָבן אַ שייכות מיט דעם, וואָס יאַסעלע האָט געזאָגט. „ניין! — האָט ער געוואָלט זאָגן צו יאַסעלען — ס'איז נישט מעגלעך . . . די פּאָליאַקן האָבן איצט וועגן וויכטיקערס צו טראַכטן.” אָבער ער האָט איצט שוין נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן. יאַסעלע האָט געהאַלטן דאָס קעפּל צווישן יידן און מיט אַלע כוחות זיך גענומען אַריינפּאַקן ווייט אין בית־מדרש.

געזען אַזוי, האָט בן־ציון נישט געוואָלט בלייבן דאָ איינער אַליין און זיך אויך גענומען דורכפּאַקן.

---

אין בית־מדרש איז געווען קאָפּ אויף קאָפּ. נאָך קיינמאָל איז אין אַזאַ געווײנטלעכן אָוונט נישט געווען אַזאַ געדרענג ווי איצט. אויף מזרח־זייט זענען געווען די שטאָט־פּני. אויף דרום און צפון קלענערע מיוחסים, ווי קרעמערלעך, שפּיליטערס, קאַשע־מאַכערס און אַנדערע פון זעלבן שטאַנד. און אויף מערב־זייט בלויז בעל־מלאכה'ס: שוס־טערס, שניידערס, סטאָליאַרעס, רימאַרעס, קאָוואַלעס, קירזשנערס און אַנדערע. ס'איז געווען ענג — קיין שפּילקע צו וואַרפן. און ענג — נישט נאָר אויף מערב, נאָר אויך אויף די אַנדערע זייטן. און דאָס נישט איבער די גרעסערע און קלענערע מיוחסים, וואָס בסך־הכּל זענען זיי אַ קלענערע צאָל, נאָר איבער די בעל־מלאכה'ס.

אַנדערע מאָל איז די גרעניץ צווישן מזרח און מערב, ווי אַ גרעניץ

צווישן לענדער. אויף אריבערצוטרעטן דארף מען זיך גוט צוגרייטן. די מזרח'ניקעם — פסיכיש, און די מערב'ניקעם — אי פסיכיש און אי מיט תקיפות. דאס זעלבע, ווען מ'דארף אריבער די גרעניץ צווישן דרום און מערב, אדער צווישן מערב און צפון. אמת, מיט וויניקער צוריקגעהאלטנקייט און שרעק, אבער אויך מיט איבערלייגונג. היינט אבער — אינגאנצן אנדערש! בעל־מלאכה'ס האבן זיך היינט געפילט אזוי אויפגעהייטערט, אז זיי האבן זיך גארנישט געוואלט פריער איבער־לייגן, נאר גענומען איטלעך שטיקל פריי פלאץ בגוואלד און בגראנדע. זיי זענען אריבער אויף מזרח, אויף דרום, אויף צפון. זיי האבן פאר־פלייצט אלע „לענדער", ווי א זיגעריש חיילות, וואס באפאלט איין שונא נאכן אנדערן. און נישט נאר אין פארכאפן שטח זענען זיי געווען גוואלד־און־גראנדעניקעס. אויך אין אנפירן ס'דאווענען מנחה־מעריב. איינער א דרום'ניק האט זיך אוועקגעלאזט צום „ברעטל" און געגעבן דעם טאן פון א שליח־ציבור. אבער אינדעם איז צו א בעל־מלאכה, א תושב פון מערב, און האט א דזבענק געטאן מיט דער פויסט אין עמוד: היינט האבן מיר ס'ווארט! איז אט שטייט ער, דער בעל־מלאכה, ביים עמוד, אויף מזרח־זייט, און פירט די גרענדע, ווי ער וואלט געווען א קאפעלמייסטער פון אן ארקעסטער. איבער דער גאנצער צייט שטייט ער מיינסטנס אויף די שטיוול־שפיצן און טאנצט מיט די אפצאסן, ווי ביי „קדוש, קדוש . . ." ער רייבט זיך בעת מעשה דעם שטערן, אמאל מיט איין האנט, אמאל מיט דער צווייטער, גלייך ער וואלט געארבעט אויף א גרויסן געדאנק, און גלאצט מיט די אויגן ארויף צום באלקן, דורך וועלכן עם דארף אדורך זיין געבעט צום אל־מעכטיקן, אין וועמעס האנט ס'ליגן די שליסלען צו אלע גוטינקע זא־כעלעך.

די מזרח'ניקעם האבן זיך אבער נישט געלאזט פירן פון בעל־מלאכה. טייל האבן געדאווענט פאר זיך. טייל האבן אפגעדאווענט מנחה און דעם מעריב געלאזט אויף שפעטער. טייל האבן געהאלטן די הענט אויף די אויגן, ווי זיי וואלטן געדאווענט, אבער אין דער אמת'ן האבן זיי געכיכיקעט פון בעל־תפילה'ס עברי־זאגן. זיי האבן געכיכיקעט אזוי, אז זיי זענען געווען פשוט שטארקער פון אייזן, אויב זיי האבן נישט ארויסגעפלאצט מיט א הילכיק געלעכטער. אלע האבן אבער אנגענומען דאס בעל־מלאכה'שע אנשיקעניש באהבה. ערשטנס, ווייל ס'וועט לאנג נישט אנהאלטן. צווייטנס, ווייל זיי האבן געוואלט הערן שמעון רימער. אייגנטלעך האט זיי אויך נישט געפאסט צו הערן, וואס שמעון

רימער, אַ פּראָסטער חי־וקים, האָט צו זאָגן. זיי זענען דאָך עפּעס פּאַרט לומדנים, מיוחסים, אָנגעזעענע, גרויסע געשעפטסלייט. געהערט אָבער, אַז ער, שמעון, האָט געעפנט אַ פאַבריק, אַז ער איז עפּעס אויסערגעוויינלעך באַגליקט געוואָרן, אַ פאַקט — די שטאָט לעבט שוין אויף פון זיינע געשעפטן, זי האָט געקראָגן אַן אַנדער פּנים, האָבן זיי אָפּגעמאַכט ביי זיך: אויך גיין אין בית־מדרש אַריין און הערן וואָס ער זאָגט.

— אפשר וועט זיך אויך עפּעס מאַכן פאַר אונדז . . .

— אַ געשעפט, אַז ס'איז גוט, איז דאָך נישט פאַר איינעם ! . . .

— אַז מ'עט זען, דער פּלאַן זיינער איז אַ פּלאַן, וועט מען אפשר אויכעט צושטיין צום פּלאַן.

— וואָס, די וועלט איז דען געשטעלט געוואָרן פאַר איינעם ?

— הכלל, געגאַנגען.

— יאָ, גערירט זיך . . .

איז אָט זענען זיי דאָ און וואַרטן, אַז דער בעל־תפילה זאָל שוין פאַרטיק מאַכן. עס וואַרטן : ר' יעקב דאַמסקי, דער שניט־סוחר, וואָס האָט לעצטנס שלעכטע געשעפטן. ר' משה שפּערלינג, דער מעל־סוחר, וואָס פאַרקויפט לעצטנס ווייניק מעל. ר' ברוך ווינער, דער שיך־הענד־לער, וואָס זעט אַריין אַ קונה, ווען ס'איז דריי טעג ראש־חודש. ר' צבי פיינמאַן, דער הורטאַוניק פון גרויפּן און קאַשע, ביי וועמען די מייז מאַכן זיך שמחות אין די זעקלעך, וואָס ליגן אין סקלאַד. אויך זענען דאָ געווען ר' ליבער אשכנזי, דער וויין־סוחר. ר' צדוק אייזנקרעמער. ר' נחמן טאַבאַק־הענדלער. ר' ישראל ציגעלניק. צום רומל האָבן בלויז צוגעפּעלט : ר' יוסף סאַבאַל, וואָס מאַכט אָפענע און סודות'דיקע געשעפטן מיט די אַנטיסעמיטן. דער לעדער־סוחר, ר' ניסעלע האָדלם איידעם, וועמען די רימאַרעס רופן „באַזשע". און דוד'ל פון די קלעש־טשעס, אַ ייד וואָס טראָגט אַרום אַ בייז האַרץ אויף שמעון'ען, פון ווע־מען ער ציט נישט קיין פּרוטה לייזונג. די, וואָס זענען דאָ, זענען אָבער געקומען אין צייט. ווי מ'וואָלט זיי באַשטעלט. ווער אָבער ס'איז נישט נאָר נישט געקומען אין צייט, נאָר איז אפילו נאָך נישט דאָ, איז שמעון רימער. דער בעל־תפילה ביים עמוד האַלט שוין ווייט מיטן מעריב, אָבער אים, שמעון'ען,, זעט מען נאָך נישט.

נישט ווייט פון שולחן, וואָס שטייט אין מיטן בית־מדרש, האָבן זיך שוין, אגב, אָנגעהויבן צו הערן תרעומות פון אומרואיקע מענטשן :

— האָט מען אים טאָקע נישט געזען ביי מנחה ?

— אפשר יאָ ? . . .
— ס'קען דאָך נישט זיין, אַז ער זאָל צוזאָגן און נישט קומען . . .
— וואָס 'עט ער מאַכן אַ בלאָזע פון מענטשן ? . . .
— און אפשר האָט ער חרטה אויף אַלעם ?
— ס'איז דאָך נישט מיגלעך, אַז ס'האָט גאָרנישט געזאָלט פאַרקומען . . .
— אפשר איז ער יאָ דאָ ? . . .
— ס'איז דאָך אַזוי ענג, אַז מ'קען קוים אַ פּנים אַרויסזען . . .
— ניין, ר'איז נישטאָ . . .
— יעדן קען דערקענען אפילו אין דער פינצטער, אָבער אַז ר'איז נישטאָ, קען מען אים נישט זען . . .
— כ'על שווערן, אַז ר'וועט שוין נישט קומען . . .
— געוויס . . . אַז ניש געקומען צו מנחה, איז אוודאי ניש צו מעריב.

בן־ציון, וואָס איז געשטאַנען לעבן די שמועסער, האָט געטראַכט, מסתם איז ער, שמעון רימער, פאַרנומען איצטער ביי זיין נייער פאַבריק. אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט פאַרגעסן נישט נאָר אָן דער אסיפה, נאָר מעגלעך אויך אָן דאַוונען. אַ סברה, אַז טאַקע אַזוי, זענען די וועגענער סחורות, מיט וועלכע ער טוט זיך, מסתם, באַשעפטיקן, נאָכ־דעם ווי מ'האָט זיי געבראַכט צו פירן פון דער גאַס צו דער פאַבריק.

אָבער ווען מ'האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן מעריב, האָט זיך שמעון באַוויזן.

אין גאַנצן בית־מדרש איז געוואָרן שטיל און אַ געקוקעריי. מ'האָט געקוקט פון מזרח, פון דרום, פון צפון, פון מערב. מ'האָט געזען ווי ער פּאַקט זיך דורך צווישן די מענטשן אויף מערב־זייט, און פרעגט אויף רעכטס און לינקס, גלייך עפּעס צוצואיילן.

— וואו איז דער שמש ? — האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן — וואו איז ער ? קענ'ך עם האָבן ? כ'וויל עם שוין זען !...

איבערן בית־מדרש האָט זיך אויסגעבליקלעך צעטראָגן אַ רוף פון אומצייליקע קולות :

— וואו איז דער שמש ?
— דער שמש !
— דער שמש וואו איז ?

שמעון רימער — אין אַ שבת'דיקן אויבער־מלבוש, אין אַ שבת־דיקן היטל מיט אַ הויכן דעניק און אַ לאַנגן דאַשיק — האָט זיך גע־

שטעלט נישט ווייט פון שולחן און אומגעקוקט זיך אויפן עולם, צי מ׳זוכט, אדער מ׳שיקט אים שוין צו דעם שמש.

געווען איז דער שמש אויף מזרח־זייט. ער האט זיך עפעס גע־קנייטשט לעבן איינעם א באלעבעסל, וואס האט נאך מיט א יאר צוריק שנדר׳ט א געוויסע סומע אויף קהל׳שע צוועקן און נאך נישט געגעבן אפילו קיין פרוטה. דערהערט אבער זיין נאמען, האט ער זיך, דער שמש, באלד בארואיקט און גענומען גיין צו שמעונ׳ען.

געווען איז ער, דער שמש, א מיטלוואוקסיקער, מיט אן אראפגע־בויגענעם, באוואקסענעם קאפ, און מיט א פאמעלעכן, שווערן טראט פון א געברעכטן. צוגעקומען צו שמעונ׳ען, האט ער אויפגעהויבן די שווארצע אויגן און גענומען קוקן ווי א געהארכזאמער.

וואס שמעון האט געזאגט צום שמש, האט דער עולם ארום נישט געוואוסט. מ׳האט נאר געזען ווי נאכן אפזאגן עפעס גייט שמעון אריבער אויף צפון־זייט, זעצט זיך אויף זיין „שטאט", און דער שמש בלייבט שטיין ביים שולחן, נעמט דארטן דעם הילצערנעם קלאפער אין דער האנט אריין אוןווארט ביז דער בעל־תפילה וועט פארענדיקן מעריב.

דער עולם ארום איז איצט געווען אומרואיק. מ׳האט געקוקט אויף שמעונ׳ען ווי אזוי ער זיצט, וואס ער טוט. און אז מ׳איז מיד געווארן קוקנדיק אויף אים, האט מען זיך אויסגעדרייט צום בעל־תפילה. פון אייניקע פלעצער אויף מזרח־זייט זענען אפילו געפאלן באפעלן צו אים, דעם בעל־מלאכה׳שן שליח־ציבור:

— גארגל נישט!

— מאך פארטיק!!

— וועסט אן אנדער מאל קרייען!!!

סוף־כל־סוף האט דער בעל־מלאכה אראפגענומען פון זיך דעם טלית און אויך גענומען קוקן צו שמעונ׳ען.

שמעון איז איצטער נאך געזעסן אויף זיין „שטאט". ער האט אויפגעשטעלט איין עלנבויגן אויפן שטענדער, אנגעלענט די גאמבע אויף דער האנט־פלאך און אין אזא פאזע האט ער געקוקט מיט איין אויג אמאל אויף רעכטס, אמאל אויף לינקס. ער האט געוואלט זען, צי מ׳איז געקומען א שמעק טאן און אנטלויפן, צי זיצן מיט געדולד, צוהערן זיך צו אלעם, וואס ער וועט זאגן, און זיין גרייט צו טאן, וואס ער וועט הייסן. ער דאט געוואלט אין איטלעכן איינעם גוט אריינקוקן. די סיבה: ער האט פיינט געהאט פוילקייט און פאלשקייט אין א

מענטש. ער האָט ליב געהאַט: אויב דו באַגערסט עפּעס, טאָ נעם זיך ערנסט אַרבעטן, כדי צו דערגרייכן עס. דו ל נישט קיינעם דעם קאָפּ, אויב דו האָסט נישט קיין חשק אפילו דיין קאָפּ איינצושטעלן, וועז נויטיק. איז אַט האָט ער זיצנדיק געדרייט מיט די אויגן אויף אַלע זייטן און געטראַכט, צי ער וועט רעדן צו מענטשן, אָדער צו דער וואַנט.

אָבער אינדעם — דריי דונערנדיקע הילכן האָבן זיך צעטראָגן איבערן בית־מדרש, ווי דער דאַך וואָלט אַראָפּגעפאַלן. געוועזן זענען די הילכן פון די קלעפּ, וואָס דער שמש האָט מיט דעם הילצערנעם קלאַפּער געגעבן אין לעדערנעם קישעלע, וואָס אויפן שולחן.

אין בית־מדרש איז איצטער געוואָרן שטיל. אַזוי שטיל, אַז מ׳האָט פון ווייט אין דרויסן, פון דער יידישער גאַס, געהערט דורך די אָפענע פענצטער אַ גערייד פון צוויי פאַרשפּעטיקטע בעל־מלאכה׳ס:

— קים גיך! ער רעדט שוין מסתם, שמעון . . .

— זעסט ניש, אַז כ׳קריך ניש? . . .

שמעון האָט זיך איצט אויפגעשטעלט, איז פּאַמעלעך צו צום שולחן און גענומען קוקן אויף מזרח־וואַנט.

די באַלעבאַטים, וואָס זענען דאָרטן, ביי מזרח־וואַנט, געזעסן זייער ברייטלעך, האָבן איצט געקוקט אויף שמעונ׳ען, ווי אויף איינעם, וואָס דאַרף זיין, לויט קלאַנגען, דער משיח. זיי אָבער גייען אים שטעלן צו אַ נסיון און זען, צי ער איז נישט איינער פון יענע פאַלשע משיחים, וואָס יידן האָבן שוין איבער זיי, נישט איין מאָל, זייער אַ סך געליטן.

שמעון האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן פאַר די אַלערליי בליקן, וואָס זענען געפאַלן צו אים פון מזרח. ער האָט זיי אפילו אין אַכט נישט גענומען. אמת, ס׳איז געווען ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער איז געגאַנגען רעדן פאַר אַן עולם. אמת אויך, אַז אפילו ס׳ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אַלע זיינע משפחות פון די פריערדיקע דורות. אָבער אויך דאָס האָט אים נישט געשראָקן. ער איז געשטאַנען רואיק, האָט געהאַלטן די הענט אויפן שולחן און נאָר אין זינען גע־האַט איינס: דאָס, וואָס ער גייט זאָגן, זאָל געהערט ווערן אומעטום אין בית־מדרש, אין אַלע ווינקעלע. קיין וואָרט זאָל נישט פאַר־לוירן גיין. און דערפאַר טאַקע האָט ער זיך באַלד גענומען אומקוקן אויף דרום־זייט, אויף צפון־זייט, אויף מערב־זייט און געוואָלט זען, צי מ׳איז אומעטום שוין גרייט צו הערן.

— כ׳על בעטן, — זאָגט ער מיט אַ נידעריק קול, איידער ער

נעמט זיך צום „רעכטן און גערעכטן" — אז ס'זאל זיין שטיל, ווארן כ'האב ניש ליב איבערצו'חזר'ן עטלעכע מאל איין זאך . . . און אויכעט, אז מ'זאל מיר ניש איבערהאקן אין די רייד, ווארן כ'האב פיינט צו ווייזן אן ארבעט, איידער זי איז פארטיק געמאכט . . . כ'על בעטן, אז אלע זאלן זער רואיק צוהערן ביז צום סוף און דערנאכמאל וועט מען קענען פרעגן און זאגן, וואס מ'וועט וועלן . . .

דער עולם ארום האט זיך טאקע געהאלטן זייער שטיל. און ער, שמעון רימער, האט גענומען פארלייגן זיין פלאן, וואס האט זיך אנגעהויבן מיט א ווענדונג:

— רבותי . . .

# קאַפּיטל ניין

ווען די דריי וועגענער אין האַנדל־גאַסל, צווישן מאַרק און דער ייִדישער גאַס, זענען געווען אָנגעלאָדנט מיט די מאַטעריאַלן, וואָס מ׳האָט געוואויגן און געשלעפּט, זענען די באַלעגאַלעס און די מיט־געשיקטע מענטשן אוועק מיט די געשפּאַנען צו דער פאַבריק און האָבן גענומען אַראָפּלאָדעווען אַלץ אין דער גאַרבעריי אַריין.

שמעון רימער און די אַרבעטער זענען נאָך דעמאָלט געווען אויפן הויף. זיי האָבן פאַרענדיקט אַ געוויסע אַרבעט אַרום דער גאַרבעריי. דערזען די געשפּאַנען, האָבן זיי זיך אָבער אויפסניי אָנגענומען מיט כוחות און אָנגעהויבן העלפן מאַרקלען און די טרעגערס.

אַז אַלץ איז שוין געווען אין אָרדענונג, האָט זיך איטלעך איינער אָפּגעשטויבט און דערמיט פאַרענדיקט דעם לאַנגן טאָג אַרבעט. אַ טאָג, וואָס האָט זיך געצויגן פון זון־אויפגאַנג ביז שטערן האָבן שוין געפינקלט אין הימל.

בעת׳ן אָפּשטויבן זיך האָט שמעון געשמועסט עפּעס מיט די טרעגער, אויך מיט די באַלעגאַלעס, און ווען פאַרטיק, גענומען גיין אין הויז אַריין. אויך זענען אַריין חוה און די אַרבעטער.

מאַרקל איז אַהיים צו זיין פאַמיליע. די טרעגערס, וואָס אַרבעטן שוין ביי שמעון רימער דעם דריטן טאָג, זענען אוועק אין זייערע היימען. און די באַלעגאַלעס — אין זייערע.

ביי שמעון רימער אין הויז האָט מען איצט גענומען גרייטן אָוונטמאָל. איין טאָכטער האָט אין אויפנעם־צימער, וואָס גילט אויך פאַר אַן עס־שטוב, פאַרשפּרייט אַ טישטעך אויפן טיש. אַ צווייטע האָט געטראָגן ברויט און זאַלץ. אַ דריטע — גאָפּל, מעסער. מ׳האָט זיך געפּאָרעט ווי נאָך אַ תענית.

שמעון, די אַרבעטער, חוה, — איינער נאָכן אַנדערן — זענען צו צום פאַס מיט וואַסער, אין קיך, האָבן זיך געוואַשן די הענט, די פּנים׳ער, און ווען אָפּגעווישט זיך, אַריין אין דער צווייטער שטוב צו זעצן זיך צום טיש.

פייגע, גיטל, שרה׳לע האָבן זיך איצט שוין געפּאָרעט אין דער קיך, אַמאָל מיט טעפּ ביים קאַמין, אַמאָל מיט טעלערס, מיט שיסלען ביים וואַרשטאַט־טיש. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפגעבן די געקעכצער.

אין דער קיך איז געוואָרן ווי אין אַ בעדל. און באַלד האָט זיך דאָס בעדל אויסגעשפּרייט אין דער צווייטער שטוב אַריין.

די מענטשן, וואָס זענען געזעסן ביים טיש, האָבן זיך איצט גע־נומען צו די טעלערס און שיסלען, וואָס מ׳האָט אַריינגעבראַכט. בעת׳ן עסן זענען זיי איינגעהילט געוואָרן מיט פּאַרע, ווי מיט אַ נעפּל.

אויך איז דאָ ביים טיש געזעסן פּערל. געזעסן איז זי שוין דאָ נאָך איידער שמעון, די יינגען און די טאָכטער זענען אַריינגעקומען. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אָנהויבן עסן פריער, ביז דער גאַנצער עולם וועט נישט זיצן ביים טיש. זי איז זייער אָפּגעהיטן אין אַזעלכע זאַכן. זי האָט ליב אָרדענונג, באַלעבאַטישקייט אויף טריט און שריט. זי האָט ליב גוטע יידישע מידות, פיינע אויפפירונג.

איצטער, בעת׳ן עסן, זענען אָבער שמעונ׳ס הנהגות נישט אַזוי ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ער עסט און טראַכט וועגן בית־מדרש, וועגן די בעל־מלאכה׳ס, וואָס פאַרזאַמלען זיך דאָרט. ער טראַכט אויך וועגן זיין פּלאַן, וואָס ר׳האָט פאַרצוליינגן. עס הייבט אים אונטער! ער קוקט אַרוים דורך די פענצטער און זעט ווי אין דרויסן איז שוין טונקל. ער קוקט אויפן טיש און זעט, אַז נישט אַלץ איז שוין צוגע־גרייט. ער עסט ערשט דעם ערשטן טעלער געקעכץ, און צושטעלן וועט מען נאָך, מסתם, צוויי, דריי. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט איינ־האַלטן, וואַרטן געדולדיק און זיך אויפגעשטעלט.

— זאָגט נאָר דאָרטן, טעכטער! — האָט ער אַ קוק געטאָן אין דער קיך — האָט עץ נאָך אַ סך אויפצוגעבן?

— וואָס איז דען? — האָבן אַלע דריי טעכטער, פייגע, גיטל, שרה׳לע אַריינגעשטעקט די צעפּאַרעטע פּנימ׳ער מיט די צעשויבערטע קעפּ האָר.

— אדער גיט מיר אַלץ מיט איינמאָל, — זאָגט ער, שמעון, — אַנישט לאָזט מיר ס׳איבעריקע אויף שפּעטער, ווען כ׳וועל אַהיימ־קימען . . . אַצינד מוז יעך גיין . . .

פּערל האָט גענומען שרייען, איינשטילן אים, אַז ער וועט זיין באַציייטנס, מ׳האָט נאָך נישט דאָרטן, אין בית־מדרש, סיי־ווי־סיי קיין מעריב אָפּגעדאַוונט. אָבער ער, שמעון, האָט איצטער חרטה געהאַט אפילו אויף דעם, וואָס ר׳האָט אַקאָרשט געזאָגט. אפילו ווען מ׳דער־

לאנגט אים איצטער אלץ מיט איינמאל, וואלט ער אויך נישט געבליבן זיצן. ווארים ער וויל נישט, אז אין בית־מדרש זאל ווערן א געטומל, אז נישט נאר איז ער, שמעון, נישט געווען ביי מנחה, נאר אפילו ביי מעריב ווייזט ער זיך נישט.

— ניין! — טוט ער פאריבלדיק א קוק אויף פערלען — כ׳וויל ניש, אז מ׳זאל מיך רופן שווינדלער . . . כ׳גיי . . . ס׳עסן וועט מיר ניש אנטלויפן . . .

פערל האט פארקרומט ס׳פנים, ווארים דאס געמיטלעכקייט, ס׳באַלעבאטישע רואיקייט און די פיינע מידות בעת׳ן עסן זענען צעשטערט געווארן. זי האט אויפגעהערט צו קוקן אין זיין זייט.

שמעון רימער האט זיך אבער גארנישט געמאכט דערפון. לגבי דעם עגמת־נפש, וואס ער וואלט געהאט פון דעם בית־מדרש־עולמ׳ס שלעכטע מחשבות וועגן אים, האט דער פרוים פארדראס אויסגעזען מינדערוויכטיק. נאך עטלעכע מינוט אנטאן זיך האט ער גענומען ארויסגיין פון הויז.

אז ר׳איז שוין געווען אוועק, האט מען זיך דא פאמעלעך גענומען בארואיקן און מער־ווייניק אויך באַרעכטיקן זיין עקשנות, שמעונ׳ס.

— דו ווילסט, מאמע, — אז מ׳זאל האבן א שלעכטע מיינונג וועגן טאטן?

פערל האט גארנישט געענטפערט. זי האט נאר פארגאסן א טרער און איז געבליבן שטיל.

— שטענדיק פארביטערט זי ס׳לעבן, — טראכט איציק.

— אז א מענטש זאל שטענדיק וויינען! — לאזט מאיר׳ל אראפ דעם קאפ אז אומצופרידענער.

— אז זי קען נישט פארליידן, — טראכט דער גנעלער שיע וועגן דער באלעבאסטע — טא וואס וואוינט זי מיט אים, דעם מאן?

ענדלעך אבער האט מען אפגעגעסן און מ׳האט זיך אויפגעשטעלט.

די יינגען האבן זיך גענומען גרייטן אוועקצוגיין אין גאס, וואו זיי וועלן פארברענגען א פאר שעה ביז לייגן זיך שלאפן. און חוה איז צו צו די שוועסטער אין דער קיך און געפרעגט זיי, ווער ס׳וויל צוגיין צום בית־מדרש און הערן, וואס דער טאטע זאגט. איטלעכע איינע האט זיך אבער אפגעזאגט. די סיבה: אלע האבן נאך פריער געהאט צוגעזאגט די יינגען צו גיין מיט זיי אויף א שפאציר ערגעץ אין דרויסן,

איז דעריבער ווילן זיי נישט ברעכן זייער ווארט.

— נו, אויב אזוי, — זאגט די בלייך־הויטיקע, ביינערדיקע חוה — וועל׳ך אליין גיין.

און זי נעמט זיך טאקע באלד גיין אין דריטן צימער, וואו זי האט אירע מלבושים.

---

אנגעטאן זיך, איז זי, חוה, ארויס.

אויפן וועג צום בית־מדרש זענען געגאנגען נאך מענטשן, עלטערע און יונגע. אלע האבן זיך געאיילט אין בית־מדרש אריין. טייל האבן געהאט צו זיך טענות, וואס זיי זענען נישט געגאנגען פריער און טייל — פאריבל אויף אנדערע, איבער וועמען זיי האבן זיך פארשפעטיקט.

חוה׳ן איז אין אנהויב נישט אנגעגאנגען, וואס מענטשן רעדן צווישן זיך. אבער געהערט, אז ס׳איז וועגן איר פאטער, האט זי זיך אומגעקוקט, געוואלט זען די פנימ׳ער, נישט נאר הערן, אבער ס׳איז געווען אוממעגלעך איבער דער פינצטערניש.

צוגעקומען צום בית־מדרש, פון וואנען זי, חוה, האט געוואלט הערן איר פאטער, האט זיך גאר דערטראגן צו איר א רעש, א געטומל. גיך, ווי צו העלפן עמיצן, איז זי אריין אין הויף, וואו עס איז געווען ליכטיק פון די לאמפן, וואס האבן געברענט אין בית־מדרש, און האט זיך געשטעלט ביי א פענצטער.

קיינער איז דא, אויפן הויף, נישט געווען. די מענטשן, וואס האבן זיך געאיילט אויפן וועג, זענען שוין געווען אין בית־מדרש. מ׳האט דערפאר געקענט זען און הערן אלץ, וואס ס׳קומט פאר אינע־ווייניק.

אינעווייניק, אין בית־מדרש, זענען איצטער געשטאנען אלע באלעבאטים פון מזרח־וואנט און אינאיינעם, ווי אפגעשמועסט זיך, געשריען:

— וואס מיינסטו, געלט?

— מ׳זאל דיר געבן געלט?

— געלט פאר בעל־מלאכה׳ם?

— וואס האט מע ניש קיין אייגענע צרות?

געשריען האבן זיי אלע צו שמעון רימער, וואס איז געשטאנען ביים שולחן און האט גערעדט. אבער קיינער האט איצט נישט געקענט הערן קיין ווארט פון אים. די געוואלדן פון מזרח זענען געווען אזעלכע שטארקע, אז מ׳איז פשוט פארטומלט געווארן. דערצו, האט אויך

דער עולם, הינטער שמעונ'ען, אויף מערב־זייט, נישט געשוויגן. מ'איז געשפרונגען איבער טישן, מ'איז אַרויף אויף בענק און מ'האָט גע־וואָרנט מיט פויסטן צו מזרח.

— צו וועמען גראָזשעט עץ מיט פויסטן? — האָט מען גע־שריען פון מזרח־זייט.

— צו וועמען?

— צום ארון־קודש?

— צו וועמען? המון! . . .

— צו וועמען? ערב־רב! . . .

— צו וועמען? קרוע־בלוע! . . .

פנימ'ער האָבן זיך געצונדן. היטלעך זענען געפלויגן. ס'האָט געהאַלטן ערב געשלעג.

שמעון רימער, אַביסל פאַר'חוש'ט, דאָס היטל אַרויפגערוקט אויפן מוח, די שבת־זשופּיצע צעקנעפּלט, דאָס שאַליקל אויפן העמד־קאָלנער צעבונדן, האָט אַ קוק געטאָן אויפן דערנעבן־שטייענדיקן שמש, און באַלד האָבן זיך דערהערט עטלעכע קנאַק אינעם לעדערנעם קישעלע:

— אחת! שתים! שלוש!

אין גאַנצן בית־מדרש איז אַדורך אַ ווינט. פּונקט ווי אין סאַמע אָנהויב האָט מען אויך איצט גענומען קוקן צום שולחן. מ'האָט אָנ־געהויבן אַראָפּצוקריכן פון די טישן, פון די בענק. טייל פון מערב־זייט האָבן נאָך געקוקט צו די באַלעבאַטים אויף מזרח, ווי נישט געקענט זיך שיידן. טייל האָבן נאָך אַרויסגעלאָזט אַ בייז וואָרט פון מויל. אָבער אַלע, אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן באַרואיקן און זיך זעצן. אויך די באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך פריער אויפגעכאַפּט פון זייערע פּלעצער מיט צעצונדענע פּנימ'ער און אויגן, אויך זיי האָבן זיך גענומען זעצן. זיי האָבן נאָך, וואָס אמת, געקוקט פאַריבלדיק אויף שמעונ'ען, וואָס האָט גורם געווען, אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן אַ נישט־שיינע מידה — צו כעס'ן זיך, אויפצוויוכען זיך. אָבער אין תוך זענען זיי געווען גאַנץ צופרידן, וואָס זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שוואַכקייט. ס'איז זיי נאָר אַ שאָד, וואָס אַז זיי האָבן שוין געהאַלטן אין דער „אַרבעט", האָבן זיי געדאַרפט שמעון רימער מער סילוק'ן.

— אַ העזה! — טוט זיך איינער, פון עגמת־נפש, אַ וואָרף מיט די אויגן אויף שמעונ'ען, אָבער רעדט נישט צום בעל־דבר, נאָר צו אַ שכן, אויך אַ גביר.

— אַ משונה'דיקער איינפאַל! ענטפערט דער שכן.

— אזא ווילדער גערדאנק! — רופט זיך אפ א דריטער, וואס קען אויך נאכנישט איינרוען.

— א בעל־מלאכה'שער קאפ. — זאגט א פערטער.

— געהערט א פארטל?

— דאס קען נאר א פוסטער מוח.

— נו, גיי און מאך אזעלכן פאר עפעס רעכטס אין שטאט...

שמעון רימער, וואס האט דאס אלץ נישט געהערט, אבער געזען, ווי מ'וואָרפט זיך נאך אויף מזרח, ווי די פיש אויף דער יבשה, האט געהייסן דעם שמש געבן נאך עטלעכע קלעפ, כדי עס זאל ווערן נאך מער שטיל.

— הויכע קלעפ! — זאגט ער צום חלשות'דיק אויסזעענדיקן שמש — וואס שרעקסטו זיך?... דער שולחן וועט צעבראכן ווערן... וועל איך באצאלן פאר אן אנדערן.

דער שמש האט געגעבן העכערע קלעפ און אין אלע פיר זייטן פון בית־מדרש איז ענדלעך שטיל געווארן, אזוי שטיל אז מ'האט געקענט הערן ווי ביי עמיצן האט זיך א שאקל געטאן א קעשענע מיט קליינגעלט.

און אז שמעון האט געזען, עס איז שוין טאקע שטיל, האט ער זיך צוריק אראפגערוקט דאס היטל צום שטערן, פארקנעפלט זיך די זשופּי־צע און זיך אנגענומען מיט איין האנט ביי דער בארד, ווי ער וואלט געפילט, אז דער פונדאמענט שאקלט זיך נאך אונטער אים און דערפאר מוז ער זיך אן עפעס אנהאלטן.

אפגעשטאנען אזוי עטלעכע מינוט, האט ער א קוק געטאן אויף רעכטס, צו דער טיר, וואו עס זענען צוגעקומען נייע פנים'ער. ער האט פארשטאנען, שמעון, אז די דאזיקע מענטשן האבן געוויס נישט געהערט, וואס ער האט פריער געזאגט, איידער די מזרח־באלעבאטים האבן אויפגעהויבן דאס געוואלד, און דערפאר וועלן זיי מיינען, אז ער איז אומגערעכט. ווארים פארוואס קומען צו גיין צו מענטשן און זאגן: „עך דארפט געבן געלט". געוויס, ווען א מענטש ווייסט נישט וועגן וואס עס גייט, קען ער טראכטן, אז אזא פארלאנג איז ריינע גזילה. דערפאר, הייסט עס, דארפן אויך יענע וויסן, פארוואס. אבער אויפסניי אנהויבן דאס, וואס ער האט פריער געזאגט, וואלט געווען א נארישקייט. עס האט אים שוין אזוי אויך גענומען זייער לאנג. נאר וואס דען? סיי־ווי־סיי דארף ער דאך איצט נאך אמאל געבן צו פאר־שטיין די פריער אויפגעשפרונגענע מזרח'ניקעס וועגן דעם, וואס ער האט געגנוי געמיינט. מעגלעך, זיי האבן אים נישט גענוג גוט פאר־

שטאַנען. אויב אַזוי וועט ער שוין מוזן נאָכאַמאָל אָנהויבן אויפסניי, אָבער מאַכן ס'עסק זייער קורץ, און יענע, די נייע פּנים'ער, וועלן אין דער זעלבער צייט האָבן אַ געלעגנהייט צו באַשטימען, וועך עס איז ווערט פאַר'משפּט צו ווערן: ער, שמעון, אָדער די מיוחסים.

און ווי געטראַכט, אַזוי געטאָן. ער האָט תיכּף אַראָפּגענומען די האַנט פון דער באָרד, ווי ער וואָלט זיך שוין געפילט פעסט, און אָנגע־שפּאַרט זיך אָנעם שולחן.

---

— יעך גלויב, — הויבט ער אָן און קוקט צו די באַלעבאַטים, אויף מזרח־זייט — אַז מ'האָט מעך ניש גענוג גוט פאַרשטאַנען ... עס מאַכט זעך טיילמאָל אַזוי. דעריבער, כּדי עס זאָל ניש קימען צו נייע געטומלען, וועל יעך נאָכאַמאָל, אָבער בקיצור, זאָגן, וואָס יעך מיין און וויל. זאָל נאָר זיין שטיל.

טייל עולם האָט זיך איצט אומגעקוקט אין אַלע זייטן. איטלעך איינער פון זיי האָט געוואָלט זיין אַ משגיח אויף שטילקייט. אָבער מ'האָט איצט נישט געדאַרפט קיין משגיחים. פון אַ סך טומלען, מאַכן געוואַלדן איז מען געוואָרן אַזוי מיד, אַז מ'האָט אַליין אָנגעהויבן אַכטונג צו געבן אויף זיך.

געזען, אַז ס'איז טאַקע, ווי ער וויל, האָט שמעון אויפסניי אַ קוק געטאָן צו די באַלעבאַטים אויף מזרח־וואַנט און ווידער גענומען רעדן:

— וואָס יעך וויל? — פרעגט ער — דאָס איז מסתם געווען די קשיא פריער, און דאָס איז מסתם די קשיא אויך אַצינד, נאָכדעם ווי יעך האָב שוין אָפּגערעדט, אויב כ'מאַך ניש קאַ טעות, מער ווי אַ האַלבע שעה. אָבער, כּדי מ'זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל וויסן, וואָס יעך וויל, מ'זאָל שוין מער ניש מאַכן קאַ טעות, מ'זאָל מיך שפּעטער ניש אויס־טייטשן שלעכט, ניש אויף דער גאַס און ניש אין דער היים, וועל יעך, ווי געזאָגט, נאָכאַמאָל איבער'חזר'ן ...

דער עולם האָט איצט געקוקט אויף אים, ווי מ'וואָלט געוואָלט ביי אים ס'וואָרט פון מויל אַרויסרייסן.

— יעך וויל שפּע אין דער שטאָט! — האָט ער פּלוצים הויך אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען און באַגלייט זיין אויפגערעגטקייט מיט אַ זעץ אין טיש — יעך וויל פּרנסה פאַר אַלע יידן! ... גענוג מיטן דחקות! אַ סוף זאָל'ס נעמען צום הונגער און שנאָרעריי פון הונדער־טער מענטשן! ...

— הורא! — איז פּלוצים געווארן א געשריי פון אַלע זייטן, אחוץ פון מזרח־וואַנט.

— הורא, ר׳ שמעון!

— שפּע!

— פּרנסה פאַר אַלע יידן!

שמעון האָט אַ גלאָץ געטאָן צום שמש:

— גיב נאָך עטלעכע זעץ... וואָס שלאָפסטו? וואָס, ס׳געברעד־פאַסיקל האָט אויף דיר געפּלאַצט?... פּונקט אַצינד ביסטו אַריין מיט דיין שלים׳מזל... נו, שטאַרק זעך! האָב ניש קאַ מורא. יעכ׳ל דיר פאַר דעם באַלוינען. ד׳עסט ניש אַרבעטן אומזיסט...

דער שמש האָט איצט אַריינגעלייגט דעם גאַנצן כוח אין הילצער־נעם קלאַפּער. ער איז אפילו אַריין אין גוואַלדער אמביציע — אַרויס־צואווייזן פיזישע גבורה.

— ראַז! דוואַ!! טזשי!!! — האָט ער, צוליב דעם געזיכערטן פּאַרדינסט, שוין אפילו די קלעפּ גענומען ציילן אויף גויאיש, אויך צו קריצן מיט די ציין, ווי אַז דעם וואָלט ס׳האַרץ נישט געווען דערביי — זיי פאַרשטייען דאָך נישט, — זאָגט דער שמש צו שמעון׳עס חניפה׳דיק — אַז מ׳רעדט צו זיי, ווי צו מענטשן... זיי דאַרפן דאָך אַז מ׳זאָל צו זיי רעדן מיטן קולאַק!...

— וואָס וואַרפסטו זעך, ווי אַז עשו? — טוט שמעון אויף אים אַ בייזן גלאָץ מיט די אויגן — יאָגסט זעך נאָך הינט, דו היצעל, דו?...

געזען אָבער, אַז ס׳איז שטיל, שטילער ווי פריער, איז ער, שמעון, צוריק אַריין אין דער קאַליע:

— ווייסט עץ שוין — זאָגט ער ווידער צום עולם, אָבער שטי־לער, — וואָס יעד וויל... דאָס איז, הייסט עס, מיין כוונה... אָבער ווי מאַכט מען, אַז ס׳זאָל זיין שפּע און פּרנסה, אָדער צום ערשט פּרנסה און נאָכדעם שפּע? האַ?... ווי אַזוי מאַכט מען עס? קאָלומבוס, ווייסן אַלע, האָט אַנטדעקט אַמעריקע. ס׳ווייסן שוין וועגן דעם אפילו קינדער אין די וויגן. אָבער ווי אַזוי האָט מען געמאַכט, אַז ס׳זאָל פון אַ לאַנד פון שטיינער און ביינער ווערן ס׳הייניטיקע אַמעריקע, ס׳הייסט אַ לאַנד מיט שפּע און פּרנסה, אָדער צום ערשט מיט פּרנסה און נאָכדעם מיט שפּע? אַ?... ס׳איז דאָך ניש גענוג, וואָס מ׳אַנטדעקט עפּעס, וואָס מ׳האָט אַ פּלאַן! מ׳דאַרף דאָך אויכעט קענען בויען. איז אָט, בקיצור, וואָס: ראשית, אַלע באַלעמעלאַכעס הויבן אָן צו פאַרקויפן זייערע סחורות וואָלוועלער. פאַרוואָס וואָלווע־

לער? כדי דער פויער, וואָס ווערט צוגערעדט פון גלח און אַנדערע משחיתים צו קויפן אין „ספּולקע", זאָל זען, אַז דער ייד מיינט ניש, אין תוך, רייך צו ווערן, נאָר צו לעבן זעד רואיק און האָבן פּרנסה. שנית, ווי אַזוי מאַכט מען אָבער דאָס, אַז מ'זאָל קענען פאַרקויפן וואָל־וועלער? אָט אַזוי: איטלעכער פאַכמאַן קריגט די סחורות פון דער ערשטער האַנט, און דאָס מיינט, אַז ער האָט שוין ריוח, וואָרים ער דאַרף ניש צאָלן דעם צווייטן, דעם דריטן, דעם פיפטן סוחר קיין געלט פאַר שאַלאַטן־שמשות. אָבער כדי צו קריגן די סחורות פון דער ערשטער האַנט, דאַרף מען דאָך זיין אַ גביר, און מיר, ווי די גאַנצע וועלט ווייסט, האָבן דאָך ניש קיין באַלעמעלאַכעס־גבירים. איז לייג יעד פאַר, אַז אין איטלעכן פאַך זאָלן זעד צוזאַמענגיין די באַלמעלאַכעס און אַרבעטן בשותפות. איז דאָך די קשיא: וואו וועט מען נעמען געלט אויף סחורות, אַז אינאיינעם איז מען נאָך גרעסערע דלפנים? אָט דערפאַר איז מיין עצה פריער געווען, אַז די באַלעבאַטים אין שטאָט, די גבירים, זאָלן צולייגן אַ האַנט.

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געמיינט, אַז איצט, איבער דעם אויפסניי דערמאַנען די הילף פון די גבירים, וועט ווידער ווי פריער ווערן אַ טומל. אָבער געזען אַז מ'שווייגט, איז ער געוואָרן מער אויפגעהייטערט פאַר זיין מיטגעפיל צו די אָרימע און פאַר זיין פּלאַן און ווייטער אויפגעקלערט.

— נו, אַצינד, אַז ס'איז שוין ניש קאַ גוואַלד, וועל'ך גיין וויי־טער. הייסט עס, אַז מ'פאַרשטייט שוין, וואָס ס'דאַרפן טאָן די מענטשן פון איטלעכן פאַך און וואָס ס'זאָלן טאָן די גבירים פאַר זיי. איז די טענה: וואָס וועלן די גבירים האָבן דערפון? וואָס זענען זיי משרתים בחינם? זיי לייגן דאָך אַריין געלט! און אויב זיי וועלן גאָרניש האָבן דערפון, טאָ פאַרוואָס זאָלן זיי אַריינלייגן? איז, ערשטנס, זאָג יעד, דאַרפן זיי יאָ אַריינלייגן. די שטענדיקע טענה פון זיי, אַז זיי זענען די טאַטעס פון דער שטאָט, דאַרף ניש בלויז געזאָגט ווערן, נאָר אויכעט באַוויזן ווערן. זיי, די באַלעבאַטים, זיצן ביים רב און זאָגן דעות. זיי נעמען זעד אַלע שענסטע כיבודים, ווען ס'קומט עמעץ אין שטאָט אַריין, צי עס איז אַ שליפּע פון דער גובערניע, אָדער פון פּעטערבורג אויס. און חוצדעם, צו וואָס זיצן אויבן אָן, אין מזרח, אויב זיי טראַכטן ניש וועגן די מענטשן, וואָס דרייען זעד אָרום נאַקעט און הונגעריק? אָבער, אויב זיי ווילן פאָרט ניש זיין אַזעלכע בני־רחמנים און ווילן דאָך לעבן פון פעטן בייז, וועל יעד זיי זאָגן, אַז ס'וועט זיך

זיי סיוואָס לוינען. דהיינו, זיי וועלן זיין די באַלעבאַטים און די באַלעמעלאָכעס וועלן נעמען שכירות. ווילט'יר ניט זיין קיין באַלעבאַטים, טאָ זייט חלקים־נעמער, שותפים, און קלייבט אויס אינאיינעם מיט די באַלמעלאָכעס איינעם, וואָס טויג זעך אויס, און יענער וועט פירן די געשעפטן . . . הכלל, איז עס אַ שלעכטער פּלאַן?

געזעגן, אַז מ'שווייגט, האָט ער זיך צענומען די באָרד אין צוויי העלפטן, ווי ער וואָלט שוין אין טייל פון רעדן, גאָט צו דאַנקען, בשלום אריבערגעקומען, און זיך גענומען גיין ווייטער.

— אָבער מיינט ניט, אַז דעם פּלאַן האָב יעך נאָר פאַר אַנ־דערע . . . יעך אַליין אַרבעט אויכעט שוין לויט דעם פּלאַן. אָט האָב יעך שוין געעפנט אַ פאַבריק פון לעדער. זאָלן די שאַלאַטן־שמשים, די סוחרים פון דער צווייטער, דריטער, פינפטער האַנט רעדן וואָס זיי ווילן. יעך אַליין וועל דאָ זיין די ערשטע האַנט און יעך וועל געבן דעם פויער די סחורה אַזוי וואָלוול, אַז דער גלח מיטן פריץ און מיט דער „ספּולקע" אינאיינעם וועלן קעגן מיר ניט קענען זיין קיין בריות. יעך קען באַ־שטיין צו לעבן אויף ברויט מיט וואַסער אַ יאָר, צוויי יאָר, אַבי דעם בויקאָט צו ברעכן. דער גלח, דער פריץ און די ספּולקע־משרתים וועלן אָבער ניט קענען טאָן דאָס, וואָס יעך. זיי וועלן אויף ברויט מיט וואַסער ניט לעבן. אָבער ס'האָלט נאָך ניט דערביי, אַז מ'זאָל דאַרפן אַראָפּלאָזן זעך צו בלויז ברויט מיט וואַסער. יעך קען דאָ איטלעכן איינעם פאַרזיכערן, אַז מ'וועט קענען אי פאַרקויפן וואָלוול און אי גרייטן שיינע פיש, גרויסע חלות אויף שבת. יאָ . . . און לויט דעם פּלאַן האָב יעך געעפנט אַ פאַבריק ניט נאָר פאַר מיר אַליין, נאָר אויכעט פאַר אַלע איבעריקע לייט פון מיין פאַך.

און דאָ טוט ער זיך אַ דריי אויס צו מערב־זייט און ווייזט מיט אַ פינגער אויף אַ גרופּע געל־פּנים'דיקע, פאַראַרעמטע יידן, וואָס זענען געוועזן אַנגעטאָן אין לאַטעס און שמאַטעס.

— אָט זיצן זיי דאָ, די איבעריקע חברה פון מיין פאַך. און יעך רוף צו זיי שוין אַצינד, בקול רם, בפני עם ועדה, ווילן זיי אַריינטרעטן אין צעך? ווילן זיי צוטראָגן אַ חלק און ווערן שותפים לויט זייער חלק, אָדער ווילן זיי אַרבעטן ביי מיר אויף וואָכן שכירות? יעך רוף דאָס צו זיי אָפן. זאָל ניט קיינער זאָגן, אַז יעך וויל נאָר מאַכן ביי אַנדערע אָרדענונג און ביי מיר ניט. יעך האָב ניט ליב קיין שפּילעכ־לעך. ווילן זיי, די פאַבלייט מיינע, איז עס שוין געמאַכט. ווילן זיי אָבער מאַכן שבת פאַר זעך, וועט זיין שלעכט. יאָ, שלעכט. וואָרן יעך

וועל ניש קיקן, ווער זיי זענען און וועל רייסן א פאס אויף רעכטס און לינקס. ווארן א ייד, וואס וויל ניש אריין אין צעד צו צעשמעטערן די גויים׳ס בלבול, די גויים׳ס בויקאט, איז קיין ייד ניש, און מ׳דארף אויף אים קיין רחמנות ניש האבן . . . יא, קיין שום רחמנות.

און צוריק זיך אויסדרייענדיק צו מזרח האט ער שוין גענומען רעדן מיט א שטילער קול, ווי עס וואלט אים עפעס ווי געטאן.

— יעד וויס, — זאגט ער איצטער, קוקנדיק אויף די חשוב׳ע לייט, — אז מ׳וועט מיך דערפאר זידלען, כ׳מיין, פאר מיין פארקויפן וואלוול. די אייגענע יידן, די פאכלייט מיינע, וועלן מיך זידלען, זיי וועלן זאגן די תוכחה אויף מיר . . . אבער יעד וועל זעד ניש שרעקן, ווארן כ׳פיל, אז דער רבש״ע איז מיט מיר . . . יעד גיי ניש קיין קרומען וועג . . .

איצטער איז געווען אזוי שטיל אין בית־מדרש, אז מ׳האט געקאנט הערן ווי א הויז־טיר אין דער גאס מאכט זיך צו. איטלעכער איינער האט געקוקט אויף דער גרופע רימארעס, וואס זענען געזעסן אויף מערב־זייט. איטלעכער איינער האט געוואלט פון זייערע אויגן, פנים׳ער ארויסלייענען, וואס זיי גייען טאן: צושטיין צו שמעון רימער, אדער מאכן שבת פאר זיך. אבער ס׳איז געווען שווער צו דערגיין, ווייל זיי האבן געהאלטן די קעפ אראפ, די הענט איבער די אויגן, ווי אין טרויער, און געשוויגן.

שמעון האט אויך גענומען קוקן אויף זיי. אבער געזען, אז זיי זיצן פאר׳עקשנ׳ט פונקט ווי פריער, האט ער זיך צוריק אויסגעגלייכט און ווידער גענומען רעדן.

— און אצינד, שלישית, — זאגט ער — אבער וואס וויל יעד מיט שלישית? אט וואס. עץ האט שוין אצינד גיט פארשטאנען, וואס יעד מיין. עץ ווייסט שוין, וואס יעד וויל. איז די טענה: נו, אויף וועג זשע ווארט מען? ווער רופט זעד אז דער ערשטער, וואס שטייט צו צום פלאן? יעד פארשטיי, אז טייל פון ענק, באלעבאטים, טוען מסתם טראכטן: און וואו ביסטו אליין, שמעון? פארוואס באווייזט דו ניש אז דו טוסט אויך אריין א פינגער אין קאלטן וואסער? בלויז דיין אייגן געשעפט האסטו אין זינען? איז, ערשטנס, ניש אוועקצומאכן די כוחות, וואס כ׳דארף אוועקלייגן פאר מיין אייגן געשעפט. דערצו, גלויב יעד נאך אז די איבעריקע פאכלייט פון מיין מלאכה וועלן צושטיין צו מיר. זיי וועלן לאנג ניש קענען זיין קיין עקשנים. דאס ברויט וועט זיי צווינגען. און דערפאר וועל יעד שוין האבן א גרויסן עול אויף מיין

קאַפּ. אַ קליינינקייט, צו באַזאָרגן אַזויפיל משפּחות מיט פּרנסה? אָבער, צוווייטנס, כדי עס זאָל ניש ליגן ענק, באַלעבאַטים, קיין שטיין אין וועג, טראָג יעד אַליין אויך צו אַ גרויסע סומע פאַר דער שטאָט־זאַך, און זאָלן שוין די שניידערס, די שוסטערס און די אַנדערע באַלמעלאָכעס וויסן, אַז זיי שטייען אויף אין דער פרי מיט אַ בטחון אויף חיונה... נו, איז עס אַן אָנהויב?

— הוראַ, שמעון! — איז געוואָרן אַ געשריי אויף מערב, צפ׳ן, דרום.

— הוראַ, ר׳ שמעון!

— יישר־כוח!

אָבער שטאָט אַ נגיד זאָל זיך אַרויסהויבן צווישן עולם און עפּעס זאָגן, האָט זיך גאָר אויף אַ באַנק באַוויזן אַ קליין־געוויקסיק מענטשל, מיט ברילעכלעך, מיט אַ קאַפּעלישל אויפן שפּיץ קאָפּ, און געשריען, ווי פון אַ הונטם אַ בים:

— יידן! די אַנטיסעמיטן וועלן יעצונד אומגעהויערער אויפּ־הוזשען דעם נאַראָד... יידן! כ׳וואָרן אייך! שטייט נישט צו צום הער שמעון׳ס פּלאַן! עס רעדט זיך שוין אַזוי אויך וועגן אַ פּאַגראָם... יידן, דערבאַרמען זי זיך...

דער עולם האָט איצט גענומען קוקן פון אַלע זייטן. מ׳האָט אויך גענומען רעדן, טומלען.

אויך האָט שמעון גענומען קוקן אויף דעם מענטשל, אָבער באַלד זיך אויסגעדרייט צום שמש און אים געפרעגט:

— וואָס האָט ווידער אַצינד ביי דיר געפּלאַצט... די הויזן?... נעם אַרויס די הענט פון די קעשענעס!... מאַך שטיל, מאַך!...

און ווען ס׳איז געוואָרן שטיל, האָט זיך שמעון ווידער אויסגע־דרייט צום יונגענמאַן מיט די ברילעכלעך, אָבער איצט נישט נאָר געקוקט, נאָר אויך געפרעגט:

— וואָס ווילסטו, קאַרליק?... דער באַלעבאָס דיינער, דער זייף־און־ליכט־פאַבריקאַנט, אַמסטערדאַם, טוט אויך גאָרנישט? ער וואַרט אויכעט ביז די גויאישע שונאים וועלן זען קלאַפּן על־חטא?...

בעת שמעון האָט גערעדט צום יונגענמאַן, איז גיך צוגעקומען יאַקל זאַנב פון צפון־זייט און אים, שמעון׳ען, אַ שלעפּ געטאָן ביי אַ פּאָלע:

— דערבאַרעם דעך, שמעון, — רוימט ער אים איין אין אויער —

און שווייג . . . דער יונגערמאַן איז דאָך דער בחור, וואָס כ'האָב אים היינט געזעהן א שידוך מיט דיין טאָכטער . . .

— ווער מען ? . . . — קוקט זיך אום שמעון אויף יאָקל זאַנב — עם ? דעם איינבינדערס זון ? . . . כ'האָב עם ניט דערקענט . . . איבעריקנס, זאָג עם, ער איז סיוויסיי א פאַרשיוועץ ! . . .

און אוועקדרייענדיק זיך פון יאָקלען, דעם צווייטן שטערער, האָט ער זיך געווענדט צום עולם:

— אַצינד האָבן מיר ניט וואָס צו רעדן וועגן פּאָגראָמען ! . . . חוץ לזה, אז מ'וועט מיך האַרגן, וועט מע אפילו קיין פּאָגראָמען אויך ניט האָבן . . . אַז דער פויער וועט זען, ווער ס'באַשווינדלט עם, מיר יידן, אָדער דער גלח, דער פּריץ, די ספּולקע, וועט ער זעך ניט לאָזן צורעדן צו א פּאָגראָם . . . די הויפּטזאַך אבער, אָנהויבן טאָן, וואָס יעדער האָט געהייסן . . .

אויף מזרח-זייט האָט זיך איצט אָנגעהויבן א געגיי. איינער נאָך דעם אַנדערן האָבן זיך די באַלעבאַטים אויפגעהויבן און גענומען ארויסגיין פון בית-מדרש.

— כ'האָב שוין מער גאַרניש וואָס צו טאָן, — זאָגט ר' יעקב דאַמסקי, דער שניט-סוחר, — נאָך איינצוגיין מיט שניידערס אין שותפות . . . — און גיט באַלד צו א פוילישן שפּריכוואָרטל: „שעווצי, קראַווצי ניע סאַן לודזשיע".

— כ'האָב געמיינט, מי יודע סאָראַ פּלאַן ער האָט, שמעון . . . — זאָגט ר' משה שפּערלינג, דער מעל-סוחר — וואָס האָט עם צו טאָן מיט מיר ? אפשר זאָל'ך שותפות מאַכן מיט די פּרעסערס ?

— זאָלסט זיך קיינמאָל ניט צוהערן צו א בעל-מלאכה . . . — זאָגט ר' ברוך ווינער, דער שוך-הענדלער — וואָס ווייסט אַזעלכער וועגן אויפטועכצער ?

— איי, סי שלעכט ? — דרייט מיט די אויגן דער גרויער ר' ליבער אשכנזי, דער וויין-הענדלער, — טאַ וויאַזוי איז געווען אין אַנדערע צייטן ? וויאַזוי זענען יידן איבערגעקומען אַמאָליקע צרות ?...

— ניי, לייג אַריין געלט אין א זאַך, וואָס אַרום איר שטייען כאַ-פּערס, שלינגערס . . . — זאָגט ר' צדוק אייזנקרעמער צו ר' נחמן טאַבאַק-פּאַרקויפער, — סי דאָך אַז עולם אויסגעהונגערטע וועלף . . . זיי וועלן דאָך ניט שוינען פרעמדס . . . מ'וועט דאָך גנב'ענען פון אַלע זייטן. קענסט דען א גנב דערהיטן ? . . . .

— דער איינציקער אויסוועג איז נדבות . . . — זאָגט דער רויט-

בערדלדיקער ר׳ ישראל ציגעלניק, וואָס גייט זיך אָנגעטאָן פּראַנטיש, האַלב מאָדערן, אין אַ קעלנערל און אין אַ געפּאַסט סאַקעלע — אַזוי איז געווען און אַזוי וועט עס בלייבן . . .

— אייסעך . . . — ברומט זייטיק ר׳ צבי פיינמאַן, דער הור־טאַווניק פון גרויפּן און קאַשע, — גע׳פּטר׳ט אַזאַ שטיק צייט אויף גאָרניש מיט ניש . . . געווען בעסער אַריינגעקוקט אין אַ ספר . . .

שמעון, וואָס איז איבער דער גאַנצער צייט געשטאַנען ביים שולחן, נאָכגעקוקט די באַלעבאַטים ווי זיי גייען אַוועק אַן אַן ענטפער, האָט זיך אָנגענומען ביי דער באָרד, גלייך ער וואָלט איצט נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן, און געטראַכט עפּעס זייער פאַרבימערט. אָבער ווען די באַלעבאַטים זענען שוין געווען אין דרויסן, האָט ער זיך אויסגעדרייט צום בעל־מלאכה׳שן עולם, וואָס איז געווען פאַר׳ייאוש׳ט איבער די מזרח־לייטס גלייכגילטיקייט, און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס ער האָט זיך אַוועקגענומען פון דער באָרד:

— נאָכניש אוים! . . . יעב׳ל נאָך רעדן מיט אַן אַנדערן . . . מיט יענעם וועט מע קענען רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן . . . יענער פאַר־שטייט . . . און די, וואָס זענען דאָ געזעסן אויף מזרח־זייט, זענען נאָר גוט צו זיצן ביים רב אויף אַן אסיפה און רעדן וועגן אַ באָד, וועגן שחיטה . . . מאָרגן וועל׳ך ענק קימען זאָגן, וואָס כ׳האָב געמאַכט ביי יענעם . . .

בעל־מלאכה׳ס, וואָס זענען געשטאַנען נאָנט, זענען צו אים צו, גענומען פרעגן, ווער עס איז „יענער". אָבער שמעון האָט מער גאָר־נישט געוואָלט זאָגן און זיך אַרויסגעלאָזט פון בית־מדרש.

— מיר׳ן רעדן מאָרגן . . . — האָט ער געזאָגט הינטער זיך — זעט נאָר, אַז אויבעט מאָרגן זאָלן זעד אַלע באַלעמעלאָכעס צונויפ־קומען דאָ . . .

צווישן די בעל־מלאכה׳ס איז באַלד געוואָרן אַ גערודער. איינער דעם אַנדערן האָט תיכף איבערגעגעבן, וואָס שמעון האָט געזאָגט, און מ׳האָט גענומען שפּעקולירן, ווער עס איז דער נייער אונטערשפּאַרער.

# קאַפּיטל צען

כּל־זמן יאַסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער האָט נישט געבּאַפּט קיין פּסק פון שמעון רימער, איז ער מעשה איבער־מענטש געשטאַנען אין בית־מדרש און האָט, בלויז צוליב אַנשטענדיקייט וועגן, אויסגעהערט דעם פּלאַן. אָבער ווי נאָר ער איז געוואָרן באַליידיקט, האָט ער אַלץ דאָ גענומען האַסן.

— קום. — האָט ער געזאָגט צו בן־ציונ׳ען — קיין איין מאָמענט דאָ ניט מער . . . ווערעשטשע, איבעריקנס, שוין די העכסטע צייט צו גיין צו פאַננאַ זאַשקען . . . אין אינטעליגענטע הייזער דאַרף מען קומען פּינקטלעך . . .

בן־ציון האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט:

— ווילסט גיין, טאָ גיי. איכ׳ל אָבער נאָך זיין דאָ. מיך פאַר־אינטערעסירט, וואָס דאָ וועט אַרויסקומען . . .

אין אמת׳ן האָט בן־ציונ׳ען פאַרכאַפּט אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט יידן. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן יידישן לעבן אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד, אין מאַראָקאָ, אין טערקיי, אומעטום. עס האָט אים זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט, מיט וואָסערע פּרנסות יידן פאַר־נעמען זיך אין איטלעכן לאַנד באַזונדער; מיט וואָס די פּרנסות זענען אַנדערש פון די באַשעפטיקונגען אין די פאַרגאַנגענע צענדליקער יאָרן, אָדער יאָרהונדערטער. עס איז אים אויך שטאַרק אָנגעגאַנגען, ווי אַזוי די יידן לעבן בכלל. האָט ער געהערט, אַז אין אַמעריקע זענען פאַראַן צעכן, אָדער ווי מ׳רופט זיי דאָרטן „יוניאָנס", איז עס אים געפעלן געוואָרן.

— ענדלעך אַרויף אויפן ברייטן טראַקט . . . — האָט ער פאַר עולמ׳ס גערעדט באַגייסטערט — פּונקט ווי ביי אַנדערע פעלקער . . .

האָט ער געהערט, אַז זיי, די יידן אין אַמעריקע, האָבן אויך הילפס־פאַראיינען, אָדער ווי מ׳רופט זיי דאָרטן „לאַנדסמאַנשאַפטן", איז ער ווידער מלא־שמחה געוואָרן:

— גוט! — האָט ער אויסגערופן — די יידישע מידה ווערט נישט פאַרגעסן . . .

און אַז ר׳האָט דערזען אין די בלעטער, אַז דייטשע יידן קלייבן זיך בויען אַ העברייאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, איז אים פון פרייד אַ שוויים אַרוים אויפן שטערן.

— אַך, האָט ער, ווי אַ פּלוצים אויפגעריכטער טאַטע פון קינדער, אַנגעהויבן שאָקלען מיטן קאָפּ — ווי נויטיק דאָס איז שוין לאַנג געווען . . . וואָס דאַרפן זיך יידישע יונגעלייט בעטן ביי די אומות־העולם, קלאַפּן אין די טירן און מ׳זאָל זיי דאָך נישט אַריינלאָזן אין די הייזער פון וויסן? . . . אַן אייגענער אוניווערזיטעט! אָט!

און איצט, אין בית־מדרש, הערנדיק ווי שמעון רימער לייגט פאַר אַ פּלאַן, וויאַזוי צו ראַטעווען זיך פון בויקאָט און, הויפּטזעכלעך, ווי־אַזוי צונויפצובינדן אַלע יידן אין איין גרויסן, ברידערלעכן כוח, נישט נאָר דורך דער תורה, דורך אמונה אין גאָט, נאָר אויך דורך עולם־הזה, דורך שאַפן און געניסן, האָט ער זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון התפעלות און גענומען רעדן צו יידן אַרום זיך:

— אַך, וואָסאַרא גאָלדענער אידעאַל . . . איי, סאַראַ גרויסער גייסט עס לעבט אין דעם־אַ פּשוט׳ן בעל־מלאכה . . . ווי יידיש און וועלטלעך! ס׳איז דאָך דער אַנגעוויזענער דרך פון אונדזערע אַמאָליקע יידישע נביאים און דער אידעאַל פון די בעסטע זין פון אונדזער דור!...

און אַז דער חבר יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער האָט זיך גע־שטעלט קעגן שמעונ׳עז, נאָכדעם, אַ קאַלטער צו זיין, בן־ציונ׳ס, באַ־גייסטערונג, גענומען אָפּגיין, האָט ער, בן־ציון, אָנגעקוקט אים ווי אַ חסר־דעה׳דיקן.

— פּאָגראָמען, קרבנות דאַרפן אונדז נישט אָפּהאַלטן פון אַרויס־קומען מיטן אמת . . . — האָט ער איינגע׳טענה׳ט מיטן ווידערשפּעניקן פריינט — אמת איז פאַר אונדז די איינציקע שוץ . . . אין אַנדערע כוחות זענען דאָך אונדזערע שונאים שטאַרקער פון אונדז . . .

יאָסעלע האָט אָבער דערויף גאָרנישט געענטפערט און אַ באַליי־דיקטער פון שמעון רימערס פּסק, זיך געלאָזט אַרויס.

— מ׳דאַרף לעבן וועדליק עטיקעטע . . . — האָט ער נאָר איבער־געלאָזט צו בן־ציונ׳עז — אַז מ׳זאָגט, אין צייט, דאַרף מען קומען אין צייט . . .

בן־ציון, אָבער האָט זיך געטראַכט: בלייבן דאָ ביזן סוף איז בילכער ווי די „עטיקעטע״, און ער איז טאַקע געבליבן.

אָבער נישט לאַנג נאָך יאָסעלעס אַוועקגיין, איז אויך שמעון אַוועק און פאַר בן־ציונ'ען איז שוין נישט געבליבן צו וואָס צו בלייבן דאָ. ער איז איצט אַרויס פון בית־מדרש און גענומען זיך איילן צו פאַננאַ זאַשקען.

---

געקומען צום טויער פון שול־הויף, איז ער אָבער געבליבן שטיין.

דאָ, ביים טויער איז געשטאַנען אַ מיידל. אַרום דעם מיידל איז געווען שטיל און ליידיק. אין בית־מדרש זענען נאָך געווען אַלע פאַר־זאַמלטע בעל־מלאכה'ס. זיי האָבן דאָרט גערעדט, איבערגעשמועסט אַלץ, וואָס שמעון האָט געזאָגט און וואָס די גבירים. אויך איז דער שמש געווען באַשעפטיקט. ער האָט געלאָשן לאָמפּן און גלייכגעשטעלט שטענדערס, אָבער דאָ אין הויף — שטיל און ליער.

בן־ציון האָט גענומען קוקן אויפן מיידל. ווי אים האָט זיך גע־דאַכט, שטייט זי דאָ אין דער פינצטער, ווייל זי דאַרף האָבן עמיצן פון בית־מדרש, אָבער זי זעט נישט קיינעם, וואָס זאָל יענעם אַרויסרופן. ער, בן־ציון, האָט זיך דערפאַר גענומען אַליין אָנביטן:

— דאַרפן זי עמיצן אַרויסרופן פון בית־מדרש? — פרעגט ער, וואָרים ס'רוב מאָל שעמען זיך פרויענצימער אַריינצוגיין אין מקום־קדוש — פיליכט יאָ, וועל איך אינען טאָן די געפעליקייט . . .

— ניין . . . — זאָגט דאָס מיידל — דאַנקע שיין . . . איך קוק בלויז נאָך מיין פאָטער, וואָס איז אקאַרשט אַרויס פון בית־מדרש . . .

— אייער פאָטער? — פרעגט בן־ציון נייגעריק, מחמת עס האָט זיך אים נישט געלייגט אויפן שכל איר ענטפער.

— יאָ . . . — זאָגט זי אָן אינטערעס צום פרעגער — ער איז אַרויס פון בית־מדרש און אייליק באַלד אַוועק.

— ווער איז אייער פאָטער? — פרעגט בן־ציון ווידער.

— שמעון אַלטער . . . — פטר'ט אָפּ דאָס מיידל.

— שמעון אַלטער? . . . זאָגט בן־ציון נאָכטראַכטנדיק, וואָרים זעלטן ווען מ'קען דאָ אין שטאָט מענטשן פון זייערע פאַמיליע־נעמען.

— יאָ, — ענטפערט דאָס מיידל — דער, וואָס האָט גערעדט אין בית־מדרש . . .

— שמעון רימער? — טוט בן־ציון, ווי פאַרריכטנדיק איר, גיך אַ פרעג און בלייבט פלוצים פאַרגליווערט.

— יאָ . . . — זאָגט זי גלייכגילטיק און ווערט באַלד עפּעס ווי צעטומלט.

בן־ציון האָט שוין איצטער געוואוסט, אַז ער שטייט דאָ מיט איינער פון שמעון רימערס טעכטער, וואָס מיט דער עלטסטער פון זיי האָט מען אים געררעדט אַ שידוך. אָבער באַלד איז ער נאָך מער פאַר־ציטערט געוואָרן, וואָרים דער שטח צווישן אים און איר איז געוואָרן העל, און דאָס פּנים פון מיידל האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דאָס געזיכט פון דער כּלה גופא, ס'הייסט, פון חוה'ן. ער איז איצטער געווען נישט נאָר אין שרעק, נאָר אויך פול מיט בושה. ער, פאַר וועמען זי איז נישט פּאַסיק, אַז געוויסע באַדינגונגען, ער שטייט איצט מיט איר אויג אויף אויג.

אויך זי האָט זיך געשראָקן און געפילט חלשות'דיק. אָבער נישט דערפאַר, ווייל זי האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ מענטש, פון וועמען זי איז געוואָרן באַליידיקט, דערנידעריקט, נאָר ווייל זי אַליין האָט זיך שוין געפילט אַ געפאַלענע ביי זיך, ווען נאָר באַגעגנט זיך מיט אַ יונגעמאַן. זי האָט דערפאַר געוואָלט שוין אַוועקגיין. אָבער אין זעלבן אויגנבליק איז זי צוריקגעהאַלטן געוואָרן פון אַ כּוח, וואָס האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ געפיל פון זעלבסטווירדע. געפאַלנקייט? — האָט דאָס געפיל געמאָנט יישוב־הדעת וועגן דעם צושטאַנד אירן — וואָס האָט דיך געצוואונגען צו זיין געפאַלן ביי זיך? האָסטו שוין גאָרנישט מער דערזען אין זיך ווי נאָר חסרונות? דערוואָד! ביסט נישט גע־בוירן געוואָרן אָן מעלות. אדרבה, צוליב דיינע מעלות קומט דיר אָן אַזוי שווער צו טאָן אַ שידוך... חוצדעם, האָט אויך ער, בן־ציון, זי נישט אָפּגעלאָזט מיט קיין פראַגעס און זי האָט געמוזט בלייבן מיט אים קעגן איר אייגענעם ווילן.

— זי ווייסן נישט, — פרעגט ער זי אַ צעטומלטער — וואָס אינס פאָטער וועט טאָן מיט דעם גרויס־מענטשלעכן, געניאַלן פּלאַן, אויב דער מאַן, צו וועמען ער איז אַוועק נאָך הילף, וועט זיך אויך אָפּזאָגן צוצושטיין?

— ניין. — זאָגט זי — פון מיין פאָטער קען מען נישט וויסן... ער איז בטבע אַ שוויגער...

— אַ שוויגער? — וואונדערט זיך בן־ציון. און נאָך עטלעכע ווײַלעס גיט ער צו — יאָ, ס'ליגט זיך אויפן שכל... אַלע ערנסטע און שעפערישע מענטשן זענען שוויגערס....

— כ'ווייס נישט, וואָס איר מיינט. — זאָגט חוה שטיל.

— זי ווייסן נישט?

און ווייל דאָס איז אַ זאַך, וואָס דערקלערט זיך נישט אויף איין

פוס, האָט ער זי געפרעגט, צי זי וואָלט געוועז דערקעגן, ווען ער פאַר־
בעט זי צו גיין מיט אים אין גאַס אַריין.

— דערקעגן ? . . . חס־וחלילה. פאַרוואָס ? . . .

נו, אויב אַזוי האָט ער זי, לויט עטיקעטע, אָנגענומען זייער לייכט
ביים אָרעם און איז מיט איר אַרויס אין גאַס. דאָ איז ער אָבער שוין
נישט געבליבן שטיין, נאָר געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. אַרויף און
אַראָפּ, ווי עס וואָלט געווען אַזאַ מנהג.

— פילן זי זיך עפּעס אומבאַקוועם ? — פרעגט ער זי פּלוצים
בעת׳ן רעדן וועגן „ערנסטע און שעפערישע מענטשן״ — פילייכט יאָ,
וועל׳ך אייַנען צובאַגלייטן אַהיים.

— אין קעגנטייל . . . איך בין נישט געקומען געשעפטלעך צום
בית־מדרש, נאָר אויסשליסלעך צו הערן מיין פּאָטער . . . אָבער אויב
איר האָט זיך געמאַכט אומבאַקוועם איבער דער באַגעגעניש מיט מיר,
דאַרפט איר זיך נישט קרעמפּירן . . .

— אַ, אדרבה ! ס׳איז מיר זייער אָנגענעם . . .

און זיי האָבן שוין גענומען אַרויסגיין פון דער גאַס און אַריינ־
בליקן אין מאַרק, ווי זיי וואָלטן געווען גאָלע פרעמדע אין שטאָט.

— ווילן זי שפּאַצירן אין מאַרק ? — פרעגט ער.

— קיין אונטערשיד . . . קוקט זי אויף אים מיט שטאָלצע
אייַנגעלעד פון איינער, וואָס האָט זיך פּלוצים דערפילט דערהויבן.

— נו, קענען מיר גיין אין מאַרק אַריין.

און זיי האָבן גענומען גיין אין מאַרק אַריין.

---

אין מאַרק זענען געווען אַ סך מענטשן. אויפן טראָטואַר, וואו
עס איז די „ספּולקע״, זענען געגאַנגען קריסטן, און אויפן טראָטואַר,
וואו עס איז דאָס העברייאיש־יידישע בוד־געשעפט, זענען געגאַנגען
יידן. ווייזט אויס, אַז מערסטע פון די דאָזיקע יידן זענען געווען אַרבע־
טער, וואָרים מען האָט געהערט פון זיי אַזעלכע ווערטער, וואָס אַנדערע
נעמען זיי נישט אויף דער צונג.

— הומאַניזם ? — זאָגט איינער צו אַ גרויסער חברה — ווייסעד
וואָס . . . עס מיינט מאַנאַפּאַל, טראַסט . . .

— יאָ, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער פון אַן אַנדער גרופּע —
שמעון רימערס פּלאַן מיינט מאַנאַפּאַל, טראַסט . . . קאָנטראָל איבער
סחורות און אַרבעטער־הענט . . .

— קענען באַיקאָט איז ער מעגלעך גוט, דער פּלאַן — הערט זיך

ווידער דעם ערשטנס קול — אָבער ער איז שלעכט פאַר אונדז פּראָ־לעטאַריער . . .

— יאָ, שלמה איז גערעכט . . . — רופט זיך ווידער אָן דער צווייטער — ער איז אָקאָרשט געקומען פון בית־מדרש, האָט ער גע־זאָגט, אַז שמעונ׳ס פּלאַן מיינט מכלומר׳שט נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אָבער אין דער אמת׳ן באַצוועקט ער גרעסערע פּראָפיטן פאַרן קאַפּיטאַל דורך גרעסערער עקספּלאָאַטאַציע פון די פּאָלקסמאַסן . . . קעגן אַנטי־סעמיטיזם, זאָגט שלמה, דאַרפן קעמפן יידן און קריסטן . . . אַנישט, וועלן מיר, אַרבעטער, נאָך מער געבונדן ווערן פון דער יידישער בור־זשואַזיע . . .

בן־ציון און חוה האָבן אָט די טענות פון די אַרבעטער נישט גע־הערט. ערשטנס, ווייל זיי זענען געווען ווייט אין מאַרק. צווייטנס, ווייל זיי זענען געווען טיף אַריינגעטאָן אין זייער אנגענעמען שמועס.

געגאַנגען זענען זיי זיך פּאַמעלעך, ווי עס וואָלט זיי נישט געאַרט, וואָס עס ווערט שפּעט. זיי זענען נאָר געגאַנגען און געשמועסט. גע־גאַנגען און געשמועסט. אָפּגעגאַנגען אַזוי אַ היבשע צייט, זענען זיי אַריין אין מאַרק־גאָרטן, וואו עס האָבן פאַרבראַכט קריסטלעכע פּאָרלעך. טייל — עלטערע, פון די הויכע פענצטער. און טייל פון דער שטור־דירנדיקער יוגנט, וואָס איז אַהיימגעקומען פון די גרויסע שטעט אויף פעריען.

בן־ציון און חוה, ווי פּרעמדע אויף אַ חתונה, זענען געגאַנגען מיטן שליאַך צווישן די ביימער און קוסטעס, וואָס רונד־אַרום אין גאָרטן. זיי האָבן זיך געוואָלט צוזעצן אויף איינער פון די פיל בענק, וואָס שטייען דאָ. אָבער אַלע בענק זענען געווען פאַרנומען. זיי האָבן דערפאַר נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל גענומען גיין רונד־אַרום. אפשר, האָבן זיי געמיינט, וועט זיך פּאָרט אָפּליידיקן אַ באַנק. אָבער עס האָט זיך נישט אָפּגעליידיקט.

שטאָט אָבער ווידער צו וואַרטן און ווידער גיין רונד־אַרום, זענען זיי גאָר אַרויס פון גאָרטן און האָבן זיך געלאָזט הינטער דער שטאָט. זיי זענען געגאַנגען, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: מיר׳ן שוין היינט נישט אויפהערן שפּאַצירן . . . אפילו מ׳זאָל זיין ווי מיד . . .

און זיי זענען טאַקע געגאַנגען ווי נישט מידע.

הינטער דער שטאָט האָט זיך געצויגן אַ שאָסיי מיט טעלעגראַף־סלופּעס. ער האָט זיך געצויגן פאַרביי סעדער, וואו פיל ביימער זענען שוין געווען באַלאָדנט מיט רייפער פּרוכט; פאַרביי גערטנער, פון

וואנען עס האט זיך פארשפרייט א דופט פון צעעפנטע בלום־קנאספן; פארביי געביידעס, מיט ארנאמענטן אין אלטע סטילן, וואו ס'האבן גע־וואוינט פירנדיקע קאטאליקן און פראוואסלאוון; אויך פארביי א טייך, וואס האט זיך געצויגן פון ווייט־ווייט און אריינגעפאלן אין דער ווייסל; פארביי דעם קאסציאל, וואס האט איצט אין דער פינצטערניש אויסגעזען ווי א דערוויילים־אויסגעלאשענער, פייער־שפייענדיקער בארג; פארביי דעם קלויסטער און זיינע נאנטע געביידעס מיט די ליכטיקע פענצטער, פון וואנען ס'האבן זיך געשפירט ריחות פון גע־פרעגלטן חזיר־פלייש; פארביי דעם פאליציי־הויז, וואו עס זענען אויפגעקומען קולות פון נאטשאלניקעס און קניק־קנאקעדיקע בראזגע־רייען פון צעעפנטע ביקסן־ און רעוואלווער־שלעסער, וואס סטראזשני־קעס האבן געפוצט און פרובירט; פארביי לאזאר אמסטערדאמס זייף־און־ליכט פאבריק, „העלפאנט", וואו די נאכט־ארבעטער האבן שוין אויפגעטאן א היבש ביסל ביי די מאשינען, וואס הערן נישט אויף צו זשומען אויף קיין איין מינוט אין מעת־לעת — ר'האט זיך געצויגן, דער שאסיי, פארביי נאך ידישע און נישט־ידישע בנינים. ר'האט זיך געצויגן ווייט, ווייט אין דער וועלט אריין...

בן־ציון און חוה האבן זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף אט די אלע זאכן. זיי זענען נאר געגאנגען און האבן געהאלטן אין איין שמועסן וועגן דעם, וואס זיי האבן אנגעהויבן נאך אין בית־מדרש־הויף. זיי האבן נאר געשמועסט.

— מיינען זי נישט, — פרעגט בן־ציון, אז אינם פאטערס פלאן איז א גרויסער ידישער פלאן?

— כ'ווייס נישט, — זאגט חוה ווידער פאמעלעך און מיט אן איידל, שטיל קול'כל — צי עס איז א גרויסער ידישער פלאן, אבער כ'פיל, אז ס'איז א גרויסער מענטשלעכער פלאן.

זי האט נאך געוואלט זאגן: אויב מ'העלפט מענטשן מיט עפעס, האט מיר אמאל געזאגט שלמה, מיין געוועזענער חתן, דער פאליטיש־אהערפארשיקטער פון ראסיי, איז עס דורכאויס מענטשלעך... זי האט עס געוואלט זאגן, ווייל זי פילט, אז דאס איז ריינער אמת. זי האט עס געוואלט זאגן אויך דערפאר, ווייל זינט שלמה האט זיך אפגעריסן פון איר, לעבט זי מיט זיינע געדאנקען, ווייל זי הויך ארויסרעדן זיינע מיי־נונגען. זי פילט פשוט, אז זי דארף לאזן וויסן דער גאנצער וועלט, די שטערן און דעם הימל, אז זי האט אים, שלמה'ן, ליב וואס אמאל אלץ שטארקער, אלץ פיינלעכער. זי האט אבער נישט געזאגט, ווייל די

איבער דרייסיק יאָר אירע האָבן, ווי אַ שווערער יאָך, אין איין קול איר אַ דערמאָן געטאָן: ווי לאַנג נאָך וועסטו זיך אַרומשפּילן אין ליבע? מיינסט, ביסט אַ יונגינקע? האָב חתונה, אפילו ס׳געפעלט דיר נישט דער שידוך! . . .

איז אַט האָט זי געשוויגן, כאָטש דאָס שווייגן האָט זי געקאָסט געזונט. ....

אַט אַזוי שמועסנדיק האָבן זיי זיך ביידע דערנענטערט צו אירע עלטערנס הויז, און זיך גענומען קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין מיט עפּעס אַ געוויסער דערוואַרטונג.

— נו, האָבן זי אַנגענעם פאַרבראַכט? . . . — פרעגט ער.

— יאָ, זייער אַנגענעם . . . — ענטפערט זי.

— איך פאַרהאָף, — דערלאַנגט ער איר די האַנט און נעמט זיך אַראָפּ דעם קאַפּעליוש פון קאָפּ — אַז דאָס וועט נישט זיין דאָס לעצטע באַגעגעניש . . . וואָס דענקען זי? . . .

— לאָמיר האָפן, אַז נישט.

— און אפשר טרעפן זיך שוין מאָרגן?

— ס׳קען זיין מאָרגן.

— קען איך בעטן, צו וויסן, וואו אינען אָפּצואוואַרטן?

— געוויס.

און געהערט וואו, האָט ער זיך נאָכאַמאָל אַראָפּגעצויגן דעם קאַ־פּעליוש פון קאָפּ און נאָכאַמאָל דערלאַנגט איר די האַנט:

— צום ווידערזען.

— אַ גוטע נאַכט . . .

---

אויפן וועג אהיים האָט זיך בן־ציון עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט.

אויף דער באַנגאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געטראַכט, וואו עס איז געווען זיין שכל, ווען ער האָט גע׳משפּט די פריילין אַלטער בלויז פון זען זי. אין מאַרק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צוויי מאָל און גע־טראַכט וועגן איר נאָך מער לשבח. דאָס ערשטע מאָל: זי איז דאָך אַ מענטש, מיט וועמען מען קען רעדן! זי האָט דאָך אַ סך שכל און געפיל פאַר איטלעכער זאַך! און ס׳צווייטע מאָל: פאַרוואָס האָט דער פּאָליטיש־פאַרשיקטער, שלמה, אָפּגעלאָזט דעם שידוך מיט איר? אין דער יידישער גאַס, וואו ס׳איז זיין היים, האָט ער זיך אָבער אָפּגע־שטעלט אַ טראַכט צו טאָן וועגן זיך זעלבסט. דאַכט זיך, טראַכט ער, אַז איך אַליין האָב צו איר געענדערט נישט נאָר מיין אומפּערזענלעכע

באַציאונג, נאָר אויך מיין פּערזענלעכע . . . איר וואַרעם רעדן, איר שטיל קול, איר שכל׳דיק שמועסן, האָבן דורכאויס געענדערט די באַ־ציאונג צו איר. און אַזוי טראַכטנדיק האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די פענצטער פון יאַקל זאַנבס וואוינונג, גלייך ווי אַט די פענצטער וואָלטן אים געוואָרן נענטער . . .

דאָך האָט ער נאָכנישט געהאַלטן אַזוי ווייט, אַז ער זאָל שוין חרטה־האָבן אויף זיינע שידוך־תנאים. ניין. און ער האָט זיך געלאָזט צום הויז.

אָבער דאָ האָט ער זיך אויפסניי אָפּגעשטעלט. איצטיקס מאָל אָבער נישט וועגן חוה׳ן, כאָטש ער האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע מחשבות. ער האָט געטראַכט וועגן גיין אַהין, וואוהין דער חבר יאַסעלע האָט אים געבעטן קומען. ער איז אָבער געווען אין אַ ספק, צי עס איז נאָך דאָ צייט. דאָך, נאָך איבערלייגן זיך, האָט ער זיך אַ ריך געטאָן און גענומען גיין. זאָל מען דאָרטן ביי פאַננאַ זאַשקען אין הויז נישט אורטיילן אומזיסט, אַז דער עניין פּאָגראָם פּאַראינטע־רעסירט אים נישט.

דאָס הויז וואו פאַננאַ זאַשקע און אירע עלטערן האָבן געוואוינט, איז געווען אַ פינף־שטאָקיקע קאַמעניצע, געבויט לויטן פּאַרנעם און אויסזען פון אַ וואַרשעווער געביידע: מיט אַ הויף, מיט אַ טויער, מיט גרויסע פענצטער, מיט באַלקאָנען. עס איז געווען אַ געמאַך וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח. געשטאַנען איז עס אין מאַרק, לעבן דער פּאָוויאַט־געביידע.

אין אָט דעם געביי איז איצטער בן־ציון אריין.

אַרויפגעקומען אויפן פיפטן עטאַזש, איז ער געבליבן שטיין ביי אַ גרויסער טיר און אַ צי געטאָן אַ זיידן שטריקל, וואָס איז געווען פאַרבונדן צו אַ גלעקל אין איינעם פון די וויטע צימערן. אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָבן זיך געהערט טריט פון אַ געלאַסן אָנקומענדיקן מענטש. — געוועזן איז ער דער פּוילישער משרת: יאַן.

ביי בן־ציונ׳ען האָט איצט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ. איט־לעכס מאָל, ווען אים קומט אויס קומען אַריינצוגיין אין די דאָזיקע צימערן, הויבט אים אָן דאָס האַרץ צו קלאַפּן. ער פילט זיך עפּעס אומאַנגענעם צונויפצוטרעפן זיך דאָרטן מיט די הערן און דאַמען. אייגנטלעך, איבער וואָס האָט ער זיך צו פילן אומאַנגענעם? די מערסטע פון די אָפּט פאַרבעטענע דאַמען און הערן האָבן נישט קיין גרעסער וויסן וועגן וועלט און אידייען, ווי ער. אדרבה, זיכער אַ סך ווייניקער. איינער

פון זיי, דר. רובין, איז אלע יארן פארנומען אין די זשורנאלן פון זיין
פראפעסיע. א צוויי‫יטער, דער דענטיסט, האלענדער, דאסזעלבע.
א דריטער, א יונגער אפטייקער, אויך דאסזעלבע, און די אנדע־
רע, ווי דער טיפאגראפיע־אייגנטימער, דעם מילנערס זון, וואס
רייט זיך דורך עטלעכע מאל אין טאג אויף א פערד אין מארק, אדער
דער אקושעריננס זון, וואס לערנט טאנצן, — אויך זיי האבן נישט קיין
אינטערעס אין מער. שוין אפגערעדט פון די פארשידענע סוחרים׳ס
און הייזער־אייגנטימערס טעכטער, זין, וואס זייער גאנצע אינטעליגענץ
דריקט זיך אויס מערסטנס אין פארן קיין ווארשע, קיין לאדזש, נייען
זיך דארטן מלבושים, זען טעאטער, אפערע, איבערלייענען פון צייט צו
צייט א שטארק רעקלאמירט בוך, און רעדן פוילעש, אדער צוביסלעך
פראנצויזיש. טא פארוואס דארף ער זיך פילן אומאנגענעם, צו שרעקן
זיך, ווען ער דארף זיך מיט זיי באגעגענען? מאדנע! זיין חבר יאסע־
לע, דער אסיסטענט־בוכהאלטער, פילט זיך נישט אזוי צוריקגעהאלטן.
אדרבה, ער פליט איטלעכן איינעם אין די אויגן אריין. איז עס נישט
עפעס אן איינגעבוירענע שוואכקייט, אדער א שפלות־געפיל צוליב זיין
נישט הויכן יחוס? אויב יא, טא פארוואס פילט ער זיך נישט אט
אזוי שרעקעוודיק און בושה׳דיק, ווען ער באגעגנט זיך מיט דער פאננא
זאשקען, וואס האט יא א סך בילדונג און איז יא פאראינטערעסירט
אין טיפע פראבלעמען? ווייזט אויס, אז אים אימפאנירט נישט דער
אנשטעל פון די אנדערע, וואס לעבן נישט לויט זייער נאטירלעכן באגער,
און עס איז אים יא צום הארץ די אויפריכטיקייט פון דער אריסטאקרא־
טישער פרייליין, וואס האט זיך געקענט פארנעמען מיט אנדערע זאכן,
שטאט מיט די, וואס פאסן זיך נישט צו איר היים־אטמאספערע. א ביי־
שפיל: מיט עטלעכע יאר צוריק איז אויף איר איניציאטיוו און מיט
איר פינאנציעלער מיטהילף געשאפן געווארן א יידיש־העברייאישע ביב־
ליאטעק פאר דער שטאטישער יוגנט, וואס וויל און האט נישט קיין
מעגלעכקייט צו בילדן זיך. מיט צוויי יאר צוריק האט זי צונויפגערופן
א גרויסן עולם דא צו זיך, אין פאטערס סאלאן, און געשאפן א ביקור־
חולים געזעלשאפט, אין וועלכער עס זאלן טאן ארבעט בשותפות די
אינטעליגענץ און די נישט געבילדעטע פאלקס־מענטשן. און א שטיקל
צייט נאכדעם האט זי געגרינדעט א קרייז פון טאלסטאיאנער, וואס
זאלן האבן די אויפגאבע צו דערוועקן ליבע פון מענטש צו מענטש
און אויך פרעדיקן א וועגעטאריש לעבן. נו, איז דען דאס א מוז אדער
א געוואוינהייט אין דער סאלאן־אטמאספערע, פון וואנען זי שטאמט?

אמת, נישט איינמאָל האָט ער זיך געפרעגט, בן־ציון, צוליב וואָס טוט זי עס? וואָס צווינגט זי צו דעם? ער האָט אָבער, סיי לויט איר באַציאונג צו דער אַרבעט און סיי לויט איר סובטילער באַציאונג צו מענטשן, קיין אַנדער סיבה נישט געזען, ווי נאָר איר איידל האַרץ און איר טיפע בילדונג, וואָס זי האָט געקראָגן סיי פון ערנסטע אוניווערזיטעט־לערער און סיי פון אירס אַ קרוב, אַ מיסטעריעזן מענטש, אַ פּילאָזאָף, וועלכן די מאַדאַם אַמסטערדאַם האָט אַריבערגעבראַכט פון גאַליציע, נאָך דעם ווי די פרוי און קינדער האָבן אים פאַרלאָזט פאַר זיין נישט קענען אויפהאַלטן אַ הויז . . . אָט די הויך אינטעליגענטע אַריסטאָקראַטקע האָט אים, בן־ציון'ען, אויך איצט, פּונקט ווי אַנדערע מאָל, אונטערגעגעבן מוט, און ער איז אַריין אין דער וואוינונג, ווי נאָר יאַן, דער משרת, האָט געעפנט די טיר.

— איז נאָך די געזעלשאַפט דאָ? — פרעגט ער דעם משרת אויף פּויליש.

— טאַק יעסט . . . — האָט אָפּגעענטפערט דער מיטל־וואוקסיקער משרת, וואָס האָט זיך פון רעספּעקט צום גאַסט אַ דריי געטאָן די לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס, און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

---

אַריינגעקומען אין פאָדער־צימער האָט ער, בן־ציון, באַמערקט אין ווייטנס, אין אַ ליכטיקן זאַל, ווי דאַמען און הערן פאַרען זיך הין און צוריק. טייל דאַמען שטעלן זיך אָקעגנאיבער שפּיגלען, וואָס אויף די ווענט, און פאַרריכטן זיך די פריזורעס. טייל פּודערירן זיך די געזיכטער. און אַנדערע נעמען זיך פאַר די היטעלעך, פאַר די זשאַקעטלעך און האַנטשוס. אויך די הערן זענען נישט געשטאַנען ליידיק. כאָטש זיי זענען אַלעמאָל פּיקס־און־פּאַרפיק, דאָך האָבן זיי איצט אויך געהאַט ס'לויפעניש. זיי לויפן־צו אַמאָל צו איין דאַמע, אַמאָל צו'אַ צווייטער און העלפן, כדי יענע זאָלן זיך נישט באַלעסטיקן צופיל.

— סיל וואו פּלע . . .

— פּאַזשאַלוסטאַ . . .

— פּראָשען . . .

עס איז דאָרטן אין דעם ליכטיקן זאַל געוועזן אַ האָווניש, ווי מ'וואָלט געפאָרן קיין אויסלאַנד.

בן־ציון האָט זיך אַראָפּגענומען דעם הוט און זיך געלאָזט גיין אין יענעם זאַל אַריין. איבערן וועג, דורך די צימערן, האָט ער אָנגעטראָפן פאַרלעך.

אין איין צימער זענען געשטאַנען אַ דאַמע און אַ הער און האָבן זיך געקושט, ווי פאַרשלאָפענע. אין אַ צווייטן צימער זענען געשטאַנען צוויי פּאַרלעך, איטלעך פּאָרל אין אַ באַזונדער ווינקל, און האָבן זיך געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין מיט אַ שעמעוודיקער מינע, ווי זיי וואָלטן געוואָלט עפּעס אומאַנשטענדיקס פאַרשלאָגן. און אין אַ דריטן צימער זענען געשטאַנען צוויי פרײַלינס און האָבן געקוקט ווי דעם מילנערס זון, לעאָן, און דער אַקושערינס בחור, אבראַם, דער טאַנץ־מייסטער, פּרובירן איינער דעם אַנדערן אוועקלייגן אויפן טעפּיך...

בן־ציון איז זיי אַלע פאַרבייגעגאַנגען, ווי קיינמאָל גאָרנישט, און אַריין אין זאַל.

אין זאַל זענען איצט געווען אַלע שטיקער מעבל — סאָפקעס, שטולן — אוועקגערוקט פון די שטענדיקע פּלעצער. און די קישעלעך, וואָס מ'צעלייגט איבערן טעפּיך, כדי עס זאָל זײַן מער פּלעצער פאַר די פאַרזאַמלטע, זענען געווען צונויפגעוואָרפן אין אַ באַרג. — עס האָט אויסגעזען, ווי נאָך אַ טומלדיקער ליציטאַציע אויף הויז־ווירטשאַפט.

דערזען בן־ציון'ען, האָבן אַ סך דאַמען און הערן זיך אויפגעהערט צו פאַרען מיט זייערע טואַלעטן און זיך דערנענטערט צו אים:

— וואָרום אַזוי שפּעט?

— פאַרוואָס נישט געקומען פריער?

אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו ענטפערן, איז צוגעקומען יאַסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער און האָט אָנגעכאַפּט בן־ציון'ען ביי די הענט.

— עס איז דאָך שוין נאָך אַלעם, בן־ציון, יעי באָגו . . . מ'גייט דאָך שוין צו הויזע . . .

בן־ציון איז נישט געוואָרן איבערראַשט פון דער בשורה. אָבער וואָס עס האָט אים יאָ געוואונדערט איז דאָס, וואָס ער זעט נישט די פאַננאַ זאָשקע.

אינדעם האָט זיך אָפּגעעפנט אַ טיר פון אַן אַנדערן, בלענדנדיק־באַלויכטענעם זאַל, און עס זענען אַרויסגעקומען צוויי מאַנסבילן. איינער אַ הויכער, מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד. דער צווייטער — אַ מיטל־וואוקסיקער, אַ ברייטער, מיט אַ שפּיציק, דייטשיש בערדעלע. געווען איז דער הויכער — שמעון רימער. און דער מיטל־וואוקסיקער — לאַזאַר אַמסטערדאַם, דער זייף־און־ליכט פאַבריקאַנט.

געגאַנגען זענען זיי ביידע פון בלענדנדיק־באַלויכטענעם זאַל, וואו זיי האָבן געהאַט אַ שמועס פונוועגן אַן עניין, וואָס שמעון האָט פאַרגע־

שלאָגן לטובת דער שטאָט יידן. איצט איז שוין נאָך אַלעם. איז גייען זיי זיך איצט ביידע זייער ערנסט, זייער פאַר'חוש'ט, כאָטש מיט רחבות, מיט חשיבות, און קוקן נישט אויף קיינעם, גלייך אַלץ, חוץ זייערע ענינים, איז נישט מער ווי אַ קינדער־שפּילערײַ.

דער עולם דאָ איז זאָל האָט זיי גענומען נאָכקוקן. איבערהויפּט — בן־ציון. אָבער ווי נאָר די צוויי לייט זענען אַרויס פון דאַנען (שמעון — צו גיין אַהיים, און לאַזאַר אַמסטערדאַם — כדי צו באַגלייטן דעם גאַסט ביז צו דער טיר), האָט זיך די טיר פון דעם קאָנפערענץ־זאַל ווידער געעפנט. איצט איז אַרויסגעקומען אַ יונגע דאַמע: אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט בלויע אויגן; אָנגעטאָן אין אַ זילבער־קאָלירטן, טיולע־נעם קלייד, אין ווייסע לעטשלעך און מיט אַ ווייסן, ברייט־באַנדיקן שלייף אין דעם בלאָנדן קאָפּ האָר. אַריינגעקומען איז זי פול מיט פרייד און נאָך איידער זי האָט געקענט אַ וואָרט אַרויסברענגען פון זיך, האָט זי אַ הילך געטאָן מיט אַ ליכטיקן געלעכטער, אַז אַלץ אַרום איר איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט פרייד און גליק.

— דאַמען! — האָט זי נאָכן הילכיקן געלעכטער גענומען דרייען מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן און רופן מיט אירע אויסגעשטרעקטע, ווייס־הויטיקע הענטלעך — הערן!

און איידער דער גאַנצער עולם איז זיך נאָך צונויפגעלאָפן, האָט זי שוין געהאַט אַרומגענומען מיט אירע הענטלעך וויפיל דאַמען און הערן זי האָט געקענט און געשריען הילכיק פון פרייד:

— אַ וואונדערלעכער פּלאַן! דאַמען און הערן, אַ וואונדערלע־כער פּלאַן האָט הער שמעון אַלטער . . . מיין פּאַפּאַ שטייט צו צו דעם דאָזיקן פּלאַן . . .

געווען איז די דאָזיקע ענערגישע, לעבנס־לוסטיקע, פיר־און־צוואַנ־ציק־יאָריקע דאַמע: פרייליין זאַשקע.

אַהין, אין דעם קאָנפערענץ־זאַל, איז זי, פרייליין זאַשקע, מיט אַ שטיקל צייט צוריק, ווען זי איז שוין געווען פאַרטיק דאָ מיטן קרייז דאַמען און הערן. זי איז געגאַנגען געוואויר־ווערן, צי הער שמעון אַלטער איז געקומען צו איר פּאַפּאַ פונוועגן פּלאַן, וועגן וועלכן זי האָט געהערט פון הער יאַסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער, אַדער פונוועגן עפּעס אַנדערש. אויב וועגן פּלאַן, האָט זי אינזינען געהאַט, וועט זי זיך אַריינמישן צום גונסטן דעם פּלאַן. און אויב נישט, וועט זי זיך באַלד צוריקקערן. איצט איז זי אָבער דאָ מיט אַ בשורה, אַז ס'איז

געוועזן ווי זי האָט געוואָלט און זי האָט געטאָן, וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו טאָן.

— עס איז אַ וואונדערלעכער פּלאַן! — הערט זי נישט אויף צו לויבן — עס איז גראַנדיעז, מיינע דאַמען און הערן....

אָבער אינדעם דערזעט זי בן־ציון'עז און קומט גיך צו אים צו.

— וואָרום האָט איר זיך פאַרשפּעטיקט, הער שאַפּיראָ? עס איז דאָך נישט אייער געוואוינהייט!... האָט עפּעס אומדערוואַרטס געטראָפן היינט?

— יאָ... — שאָקלט בן־ציון מיטן קאָפּ, בעת זי דערלאַנגט אים אַ הענטל.

— וועט איר מאָרגן יאָ קענען קומען אין צייט?

— וואָס דאַרף דען זיין מאָרגן? — טוט בן־ציון אַ צעטומלטן קוק.

— מ'האָט אייך נאָך נישט געזאָגט?

— אַ, פּאַרדאָן! — טוט זיך אַ מיש אַריין דער קליינער יאַסעלע, וואָס איז דאָ געשטאַנען, און ווערט, בעת'ן אַנטשולדיקן זיך פאַר איר, רויט ווי אַ בוריקל — נאָר וואָס געוואָלט בענאַכריכטן...

— אַ צונויפקום מיטן פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — לאָזט פריילין זאָשקע נישט רעדן יאַסעלען, ווי אַ מוטער, וואָס וויל בעסער אַליין טאָן אַלץ פאַר איר קינד, כאָטש אַנדערע מענטשן ווילן איר צוהעלפן — היינט האָבן מיר נאָר איבערגעשפּראָכן, וואָס דער הער פירער פון דער פּאַרטיי האָט מיר געבעטן אָוונט איבערגעגעבן... עס איז וועגן אַ פּאָגראָם... וועט איר זיין, הער שאַפּיראָ?

— געוויס... — טוט בן־ציון, אַן איבערטראַכטן, אַ שאָקל מיטן קאָפּ — אַן ספק...

דערווייל האָבן זיך די דאַמען און הערן איין זאַל שוין געהאַט צוגעפּאַרטיקט זייערע טואַלעטן און גענומען גיין אַהיים.

פריילין זאָשקע איז איצטער צו צו זיי און אָנגעהויבן זיך געזעגענען.

אויך האָבן בן־ציון און יאַסעלע שוין נישט געהאַט דאָ וואָס צו טאָן, און אויך גענומען גיין אַהיים.

— דאָבראַנאָץ, פּאַננאַ אַמסטערדאַם...

— דאָבראַנאָץ, הער שאַפּיראָ...

— דאָבראַנאָץ, הער יאַסעלע פרידמאַן.

---

אין דרויסן איז אָבער יאַסעלע געוועזן זייער פאַרטראַכט און

אומעטיק. ער איז געגאנגען וואקלדיק און האט געביסן די ליפן, ווי ער וואלט געליטן אויף מאגן־קלעמעניש.

— וואס איז דיר ? — פרעגט בן־ציון.

— גארניט . . . — האט יאסעלע אוועקגעמאכט א טרויעריקער.

— אבער ס'איז דאך דיר עפעס ? — איז בן־ציון צוגעשטאנען.

— וואס איז דער חילוק ? — מאכט ער ווידער אוועק, יאסעלע, און דרייט אוים דעם קאפ, ווי אז עפילעפטיקער, וואס וויל נישט, מ'זאל זען זיינע העויות — ס'איז מיר גארניט . . .

אינדער'אמת'ן איז אים יא געווען עפעס. ער האט זיך געפילט שלעכט פון דעם, וואס ער טומלט זיך, טומלט זיך, קומט צווישן דער אינטעליגענץ, אין פאננא זאשקעס סאלאן, אבער אז עס קומט צום עיקר, אז ער וויל ווערן אינטים צו א דאמע, קערט מען זיך אפ פון אים, ווי פון א מצורע.

— איז עס ניט אינאלגעמיין אומעטיק צו לעבן אויף דער וועלט ?

—טוט ער אבער פלוצים א פרעג אין זיין פארטרויערטקייט — א ? ווי פילסטו, בן־ציון ?

און נישט קריגנדיק קיין ענטפער פון פלוצים שטיל־געווארענעם בן־ציונ'ען, האט ער ווידער אנגעהויבן בייסן די ליפן און ווידער פילן, אז מ'דארף נישט רעדן צום ענין . . . ער האט בלויז געטראכט : ווי קען ער זיך ארויסרייסן פון דעם אפשטאם, פון זיין נידעריקן יחוס ? . . . ווי קען ער אים אפווישן פון דעם פנים פון דער ערד, אט דעם נידעריקן יחוס. ווארים נאר דאס האלט צוריק דאמען צו ווערן נאנט צו אים. יא, נאר דאס . . .

און ער איז געגאנגען אהיים, ווי א שונא פון זיינע עלטערן.

## קאַפּיטל עלף

ביי שמעון רימער אין הויז איז געווען פינצטער. אָבער מ׳איז נישט געשלאָפן.

פייגע, גיטל, שרה׳לע, וואָס זענען געלעגן אין איין צימער, האָבן געקוקט אויף דער עלטערער שוועסטער, חוה׳ן כאָטש ס׳איז געווען חושך. געווען איז דאָס קוקן איבער חוה׳ס שפּאַצירן היינט אויפדער־נאַכט מיט בן־ציון׳ען.

ווען חוה האָט שפּאַצירט מיט בן־ציון׳ען אין מאַרק, האָבן די שוועסטער זיי געזען. געגאַנגען זענען זיי דעמאָלט, די דריי שוועסטער, מיט די הויז־אַרבעטער אויפן טראָטואַר. און נישט נאָר דאָס האָבן זיי געזען. זיי האָבן אפילו געזען ווי זי, חוה, און בן־ציון גייען אַרויס פון גאָרטן און פּאַשווינדן הינטערן שטאָט. ווייטער נאָכפאָלגן האָבן זיי נישט געוואָלט, כאָטש ס׳האָט זיי געצויגן, ווי אַ מאַגנעט. זיי האָבן אָבער געטראַכט, אַז ווען חוה וועט אַהיימקומען, וועט זי געווים אַלץ אַליין דערציילן. דערזען אָבער, אַז זי דערציילט נישט, אַז זי האָט גאָר־נישט בדעה צו דערציילן, דער מינדעסטער סימן דערפון ווייזט זיך נישט, האָבן זיי אויך געשוויגן. זיי האָבן בלויז געוואַרט אויף אַ צו־פאַל: אָדער ווען ביי איר, חוה׳ן, וועט זיך עפּעס אַרויסרייסן פונעם מויל, אָדער ביי זיי, די שוועסטער, וועט עפּעס געשען און די צונג וועט זיך שוין מער נישט קענען איינהאַלטן . . .

איז אָט האָט מען געוואַרט.

אָבער כאָטש זיי האָבן געהאַט אַן אָפּמאַך צו האָבן געדולד, דאָך קענען זיי נישט איינרוען. זיי קוקן צו איר פון אַלע זייטן און חלש׳ן, אַז ביי חוה׳ן זאָל זיך די צונג צומערשט אַ רייס טאָן פון שווייגן.

אָבער ניין. זי רעדט נישט, חוה. זי אַליין איז אויך אויף, אָבער רעדן — אַ שטיין. זי איז שטום. און אַז זי איז אויף — אין דעם איז מען זיכער. וואָרים זי ליגט רואיק. זי טוט זיך נישט קיין באַוועג פון דאַנען אַהין. און דאָס איז נישט איר טבע, ווען זי שלאָפט. אַז זי

שלאָפט, וואַרפט זי זיך איטלעכע פּאָר מינוט, לייגט זיך אַמאָל מיטן פּנים אַראָפּ און אַמאָל מיטן פּנים אַרויף, אַמאָל אויף דער רעכטער זייט, אַמאָל אויף דער לינקער. פּייגע און גיטל האָבן דערפאַר, נאָך מיט צייטן צוריק, אָפּגעמאַכט: נישט צו שלאָפן מיט איר. וואָרים ווען זיי שלאָפן, האָבן זיי ליב — די וועלט זאָל רוען ווי אַ באַרג, אַלץ זאָל זיין ווי טויט. די איינציקע, וואָס קען יאָ שלאָפן מיט חוה'ן (און זי ליגט טאַקע אויך איצט מיט איר אין איין בעט), איז שרה'לע. זי — ווייל זי אַליין וואַרפט זיך אויך ניש'קשה'דיק.

אין אַט קוקן זיי איצטער אויף איר, חוה'ן, וואָס שלאָפט נישט, און דערוואַרטן, אפשר וועט זי דאָך עפּעס אַנטפּלעקן. אָבער זי רירט זיך נישט, חוה. אירע ליפּן שווייגן סודות'דיק.

אויך אין דעם לעצטן שטיבל, דעם בשכנות'דיקן, וואו עס זענען נישטאָ קיין פענצטער, ליגן די אַרבעטער אויף זייערע שטרויזעק־געלע־גערס און שלאָפן נישט. אָבער דאָרטן — צוליב עפּעס אַנדערש.

פריער, ווען זיי האָבן זיך געדרייט אויפן מאַרק־טראָטואַר, איז צוגעקומען שלמה, דער פּאָליטיש־אַהערפאַרשיקטער פון ראַסיי, און האָט זיי עפּעס געזאָגט וועגן קומען מאָרגן אָוונט אין אַ פּלאַץ, וואו ס'וועלן אויך אַ סך אַנדערע מענטשן זיין. ער האָט עפּעס זייער וויכטיקס מיט אַלעמען איבערצורעדן, — האָט ער געזאָגט. איז אַט ליגן זיי איצטער, די פינף יינגען, מיט די אויגן אָפן און טראַכטן, וואָס אַזעלכעס עס וועט פאָרקומען מאָרגן אָוונט אין דעם געהיימען פּלאַץ, וואו ס'וועלן זיין אויך אַ סך אַנדערע מענטשן.

און אויך פּערל, וואָס האָט ס'בעט אין אויפנעם־צימער, שלאָפט נישט. זי איז אָבער אויף — איבער שמעון'ען.

אין אָוונט, ווען מ'האָט אפילו נאָכנישט געהאַט פאַרענדיקט די וועטשערע, איז ער אָוועק און איצט, קרוב צו האַלבער נאַכט, איז ער נאָך אַלץ נישטאָ. האָט ער שוין פאַרגעסן, אַז ער דאַרף אַהיימקומען? ווייסט ער שוין נישט, אַז ער האָט אַ הויז, אַ ווייב? איז שוין זיין גאַנצער קאָפּ אַריינגעטאָן אין קהל'שע געשעפטן? אויב יאָ, טאָ זאָל ער אָנזאָגן די טעכטער, אַז ווען ער וועט נישט זיין אין הויז זאָל כאָטש איינע פון זיי בלייבן אין שטוב און נישט טאָן אַזוי, ווי זיי האָבן גע־טאָן — זיי זענען זיך צעפלויגן פון הויז און האָבן זי, די מוטער, געלאָזט איינגאַנצן אַליין. איז וואָס איז געשען? זי, פּערל, האָט פאַר־חלש'ט, ווען זי האָט פּלוצלים אָנגעהויבן זיך פילן שלעכט אויפן האַרץ, און האָט נישט געהאַט ווער עס זאָל איר אפילו אַ גלעזל וואַסער דער־

לאנגען. איז עס גוט אזוי? איבעריקנס, ווילסט זיך קהל'ען, שמעון? גיי קהל זיך! אבער אז מ'הערט דיך נישט, ווי חוה האט, נאכן אהיימ־קומען, דערציילט וועגן די גבירים פון שטאט, טא צו וואס דארפסטו זיך שפארן אין ענגע לעבער? אז דו זעסט, מ'פארהאקט די טיר פאר דיר און מ'פארשטאפט זיך די אויערן, טא פארוואס רוקסטו זיך נישט אוועק און זאגסט „א גוטן טאג״? איז אבער ניין. ער פאקט זיך און נייט יענעם צו הערן, וואס ער וויל זאגן. ניין. — ברומט זי צו זיך אין דער שטיל, ליגנדיק אויפן בעט, אין דער פינצטער — איכ'ל שוין מיט אים גארנישט קענען אויספירן... ער איז אן עקשן געווען און אזעל־כער וועט ער פארבלייבן...

אבער דאך וועט זי זיך יא דארפן נעמען אפצורעדן אים פון דעם גאנצן עניין. ווארים אז מ'וועט אים נישט אויפקלערן, וועט ער אזוי זיך פאקן און שטופן, ווי אן אייזל. מעג ער אפילו באלד אינאנהויב נישט צוהארכן זיך. אבער זי וועט אים נישט לאזן צורו. זאלן אנדערע טאן קהל'שע ארבעט, אנדערע, וואס האבן עפעס דערפון. זאלן זיי זיך פאקן און שטופן, ווארים זיי לאזט מען צו...

אינדעם האט זיך געעפנט די קיך־טיר און עס האבן זיך גענומען הערן עקשנות'דיקע, גיכע טריט.

— וואס אזוי לאנג באלעמיטשעט? — טוט פערל א פרעג, כאטש זי האט אים נאכנישט געזען.

— ווי־א־ם? — פרעגט ער וויצלענדיק זיך בעת'ן גיין פון דער קיך אין אויפנעם־צימער אריין — האסט ניש געקענט שלאפן אן מיר?... שוין לאנג די יינגע יארן אוועק... היינט דארפסטו קענען שלאפן, אפילו ס'דינערט און ס'בליצט...

— וואס עפעס איבערפולט מיט אזא לשון? — טוט זי אים שוין א בייזן פרעג — וואס רעדסטו עפעס ווי א גראבער יונג?

— וואס? ווי א גראבער יינג? — פרעגט ער, ווי נישט מאכנדיק קיין ווערן פון אירע רייד און נעמט זיך אראפ דעם סאק, וועגן אריין אין אויפנעם־צימער — כ'האב געקריגן נייעם דוך... וואס מיינסטו, אזוי ווי דו, וואס קענסט זיך קוים רירן, קוים א ווארט ארויסרעדן?... מיר גליסט זעך ערשט אצינד צו לעבן... כ'גיי ערשט אויף א נייער וועלט...

— נישט אנדערש, נאר א דיבוק איז אין דיר אריין!... — טוט זי שוין, פערל, שטארקער א זאג, ווארים אזא מין וואויל־יינגעריש רעדן פון אים האט זי נאך קיינמאל נישט געהערט.

— נו, וואס על'ד מיט דיר שמיעסן . . . — זאגט ער גלייכגילטיק בעת'ן אריינהענגען דעם סאק אין מלבושים־שאפע — די פארשטייסט זעך דען אין גרויסע זאכן ? . . . כ'וויל דיר נאר דערציילן בקיצור וואס און ווען . . .

נו, זאל שוין זיין בקיצור, אבי זאל ער שוין אויפהערן רעדן נאר־רישקייטן, וואס מ'קען זיך איבער זיי ביי גאט פארזינדיקן. זאל ער שוין אנהויבן דערציילן, וואו ר'איז געווען ביז איצט און וואס ר'האט אויפגעטאן.

— וועסט זיך לייגן פריער אין בעט אריין ? — פרעגט זי אים שוין, ווי אן עכטע געטרייע פרוי, וואס כאטש זי איז בייז, דאך וויל זי נישט, עס זאל איר מאן א נעגעלע געשווילן.

— ניין . . . — זאגט ער, שמעון. אבער אויגנבליקלעך כאפט ער זיך צוריק — איבעריקנס, יא . . . אז כ'וועל ליגן, על'ד עס בעסער מאכן . . .

און ער האט זיך גענומען אויסטאן.

---

אז די טעכטער און די ארבעטער־יינגען האבן דערהערט דעם הויז־באלעבאס, אויך אז ער גייט דערציילן, וואס ר'האט אויפגעטאן, האבן זיי זיך גענומען אויפזעצן אויף די געלעגערס — צו הערן, וואס ער וועט זאגן.

די טעכטער האבן זיך אבער נאכדעם נישט באנוגן געלאזט מיט זיצן. זיי זענען אראפ פון די בעטן און גענומען גיין אין אויפנעם־צימער אריין.

געזען דאס, האבן אויך די ארבעטער־יינגען געקראגן חשק צו זיין נענטער צום באלעבאס. זיי האבן זיך דערפאר גענומען אראפרירן פון די געלעגערס און אריינשלייכן אין די טעכטערס שלאפשטוב.

עס איז געווען א גערודער, ווי מ'וואלט זיך געיאגט נאך מייז.

אבער אז שמעון רימער האט דערהערט דאס דאזיקע מארשירנ־דיקע געטומל, האט ער זיך אומגעקוקט און א געשריי געטאן :

— וואס איז דארטן ? צי בינ'ד פון א מלחמה געקימען ? גייט קריק ! . . .

האט זיך דער גאנצער עולם גענומען צוריקציען און ס'איז געווארן שטיל. אבער אין עטלעכע מינוט ארום האט זיך טייל פון דער חברה גענומען גיין ווידער פארויס, ווארים מ'האט געהערט פערלס געבעט :

— לאָז זיי אַריינקומען . . . זיי גייען דאָך נישט הערן פון קיין פרעמדן . . .

האָט ער ערשט דערלויבט, שמעון, אָבער מיטן תנאי, אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין געטומל, וואָרים דער לאָקאַטאָר שמואל ליפּמאַן, וואָס וואוינט פון דער צווייטער זייט וואַנט, זאָל נישט איבערגעוועקט ווערן.

פון אַלע פיר טעכטער האָבן זיך אָבער איבערגעבעטן בלויז דריי: חוה, גיטל און שרה׳לע.

חוה — ווייל כאָטש דער פאָטער האָט געשריען, האָט ער אָבער פאַרט נישט געמיינט זי. זי וואָלט סיִיוויסיי געקענט אַריינגיין. וואָרים ער האָט זי באַזונדערס ליב און איז זיך אפילו אָפּטמאָל שואל־עצה מיט איר וועגן אַ סך זאַכן . . . איי, זי האָט זיך לכתחילה צוריקגעצויגן? איז עס געווען דערפאַר, ווייל זי האָט זיך פּשוט געהאַט דערשראָקן. איז אַט גייט זי איצט אַריין פראַנק און פריי.

און די איבעריגע צוויי שוועסטער, גיטל און שרה׳לע? זיי האָבן זיך איבערגעבעטן, מחמת, אַז זיי האָבן שוין אָנגעהויבן, ווילן זיי אויך שוין פאַרענדיקן. זיי ווילן נישט ווייזן, אַז מער ווי טומל זענען זיי נישט אויסן געווען. איז אַט גייען זיי אויך.

פייגע, אָבער, האָט זיך נישט צוריקגעקערט, ווייל זי האָט זיך דערפילט באַליידיקט. און אַז זי פילט זיך באַליידיקט, ווערט זי אפילו צו דער וויכטיקסטער זאַך גלייכגילטיק. איז אַט איז זי געבליבן אין איר צימער איינע אַליין.

פון די ייִנגערנס צימער האָט זיך באַלד באַוויזן איינער, מיט וועמען פייגע פירט אַ ליבע שוין אַנדערטהאַלבן יאָר. געווען איז ער: איציק דער יתום.

איציק, אין די גאַטקעס און אין העמד, האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון זיין שטיבל, ווייל ער האָט זיך דאָך געוואָלט צוהערן, וואָס דער באַלעבאָס דערציילט. עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס ער זאָל נישט וועלן וויסן. איבערהויפּט, ווי קען ער זיך אָפּזאָגן פון הערן אַזאַ מין נייס, וואָס דער מייסטער האָט איצט איבערצוגעבן?

אָבער ווי נאָר ער האָט אין דער פינצטער דערשמעקט פייגען, האָט ער פאַרגעסן צוליב וואָס ער האָט דאָ אַריינגעשלייכט און זיך אַ וואָרף אַריין געטאָן אין איר, אַזש דער אָטעם איז אים שיר־נישט געבליבן איבערגעריסן.

דעסגלייכן — זי אין אים.

ביידע האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זיין

איינע אַליין. זיי האָבן שטענדיק געהאַט מענטשן אַרום זיך: אָדער די שוועסטער, אָדער די עלטערן. איינע אַליין האָט מען זיי נישט גע־לאָזט אַרויסגיין. איז אַט האָבן זיי זיך איצט באַגעגנט...

מיט אַ צייט צוריק, פאַר פּורים, האָט פייגעס פאָטער דערקלערט, אַז זיי, איציק און פייגע, מעגן שוין רעדן איינער צום אַנדערן. ביז דעמאָלט איז אַפילו דאָס געווען פאַרווערט. פאַר עובר־זיין האָט זיי געדראָט: זי — געשלאָגן ווערן און ער — אַרויסגעוואָרפן פון וואַר־שטאָט. חול־המועד־פסח האָט מען אָבער שוין אָנגעהויבן רעדן וועגן תנאים. ענדלעך, הייסט עס, האָט מען זיך אָנגענומען מיט מוט אַריינ־צונעמען דעם אַרבעטער, איציק דעם יתום, אַלס אַן אייגענעם אין דער גבירישער משפחה. אָבער אינדעם האָט מען זיך דערוואוסט, אַז פון שידוך צווישן חוה'ן און דעם פּאָליטיש־אַהערפאַרשיקטן שלמה'ן וועט גאָרנישט ווערן און מ'האָט באַשלאָסן: דערווייל נישט פאַר'שדכנ'ען קיין יונגערע טאָכטער, כל־זמן אַן עלטערע איז נישט באַשטאַט.

— וואָס וועל'ך פאַרשעמען אַ מיידל? ... — האָט שמעון דער־מאָלט גע'טענה'ט וועגן חוה'ן — אַפילו לבן הארמי, אַ גוי־גמר, האָט נישט געוואָלט חתונה־מאַכן רחל'ען, איידער לאה, די עלטערע שוועס־טער, איז נישט פאַר'קנס'ט געוואָרן...

איז אַט זענען זיי, איציק און פייגע, געבליבן וואַרטן. וואַרטן — נישט מיטן רעכט צו מעגן אַרויסגיין זאַלבאַצווייט. ניין, דאָס — ווי־דער פאַרבאָטן. אַלץ וואָס זיי מעגן, איז רעדן.

נו, וואַרטן זיי שוין אַזוי פון פּסח אָן. זיי וואַרטן אויף חוה'ס גוט מזל, אויף אירס אַ זיווג. אָבער עס מאַכט זיך נישט איר. ס'איז שוין תמוז און נאָך אַלץ גאָרנישט! מיט אַ טאָג צוויי צוריק האָט מען געמיינט: שוין. אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן — ווידער נישט. איז עס חוה'ס גורל אַזאַ, אָדער זייער שלימזל, איציקס און פייגעס? יעדנפאַלס, היינט אויפדערנאַכט האָט זיך שוין ווידער באַוויזן אַ שטיקל האָפנונג. זיי מיינען דאָס, וואָס זיי האָבן געזען חוה'ן גיין היינט אויפ־דערנאַכט מיט דעם געלערנטן, דעם אינטעליגענט — בן־ציון. אָבער וועט עס נאָר זיין אויף עפּעס? איז עס נישט ווידער אַן אָנהויב פון אַ שטאַרקער אַנטוישונג?

וואָס עס זאָל נישט זיין — איצט אַז זיי האָבן זיך באַגעגנט איינע אַליין, די צוויי אומגליקלעך פאַרליבטע, ווילן זיי זיך שוין אַזוי גיך נישט אַרויסלאָזן פון די אָרעמס. זי טוליעט זיך צו אים מיט גע־

שטיקטן אָטעם, און ער ליגט אין אירע אָרומדריקנדיקע אָרעמס און וויל גאָרנישט אַוועק פון איר.

אָבער אין דעם ווידער דער שטן :

— ווער איז דאָרטן ? — דערהערט זיך שמעונ'ס קול אין מיטן דערציילן זיינעם — ווער וואַרפט זיך דאָס דאָרטן אין די מיידנס שטוב ? ווער שאָקלט זיך ? . . .

דערהערט דאָס דאַזיקע קול, האָבן זיך ביידע יונגע חברה'לייט צעשיידט ווי פּאָר אַ בראַנד. איציק איז צוריקגעלאָפן אין אָנפּענצטער־דיקן שטיבל, און פייגע איז צוריק אַריין אין איר בעט.

— ווער איז דאָרטן ? — טוט שמעון נאָך אַמאָל אַ רעד אַרייז פון זיין צימער — כ'האָב זעך דאָך געפרעגט ? וואָס ענטפערט מע מיר ניש ?

— כ'האָב דאָך געענטפערט ! . . . זאָגט פייגע אַ ליגן פון בעט — אַז קיינער איז דאָ נישטאָ, אויסער מיר . . .

— קיינער ? . . . — איז שמעונ'ס קול פול מיט חשד.

— ניין. — ענטפערט ווידער פייגע.

— נו, — טוט אַ זאָג שמעון, ווי שוין פּטור־צו־ווערן פון דעם חשד, כדי ווידער דערציילן דאָס, וואָס ער האָט איבערגעריסן — אַז יעד וועל דיך אַמאָל כאַפּן ביי אַ ליגן, על'ך דיר קאָ גאַנצן ביין ניש לאָזן . . . הערסט ? . . .

— אַז דו ביסט מיך אומזיסט חושד . . . — הויבט די גאָלדן־האָריקע פייגע מיט די אַקסלען בעת'ן ענטפערן, גלייך זי גופא וואָלט שוין באמונה־שלימה געגלויבט אין דעם, וואָס זי זאָגט — אַז דו טראַכסט תמיד אוים בלבולים אויף מיר . . .

פון אינעווייניק האָט זיך שוין איצטער טאַקע מער קיין תרעומות נישט געהערט. אַליין, וואָס ער האָט געטאָן, דער פאָטער, איז — דער־ציילן. אָבער סיי־ווי־סיי, פון די אַרבעטערס שטיבל איז שוין מער נישט צוריקגעקומען דער געליבטער . . . ער איז דאָרטן געלעגן אַ צו־נויפגעדריקטער, ווי אַ צוגעקאַוועטער אַרעשטאַנט, כאָטש פייגע האָט אויף אים געוואַרט דאָ, כאָטש זי האָט אפילו קיין מורא נישט געהאַט, אויב עס זאָל ווידער עפּעס קומען מצד דעם פאָטער. זי איז שוין געווען אַ געדולד . . .

איציק דער געליבטער האָט זיך אָבער געהאַט אַן אַנדער חשבון.

---

ליגנדיק אויפן שטרויזאַק האָט זיך איציק געהאַט אַזאַ חשבון:
— ס'לוינט זיך ניש.

די סיבה: ער האָט זיך אַרומגעפּאַניעוויערעט כמעט אַלע זיינע יאָרן. און איצט וויל ער נישט איינשטעלן זיין היים דאָ. ווען ר'איז אַלט געווען פינף יאָר איז אים זיין פאָטער, אַ דאָרף־לייפער, געשטאָרבן. נאָכדעם, צו זעקס און אַ האַלבס, איז אים די מוטער אַוועק פון דער וועלט. זינט דעמאָלט האָבן מענטשן אָנגעהויבן אויף אים אכטונג־געבן און רחמנות האָבן. צום ערשט האָט אים אַריינגענומען אַ ווייטער קרובֿ פון טאַטנס צד. נאָכדעם — ווידער אַן אַנדערער. צום סוף זענען אַלע מיד געוואָרן און מ'האָט אים אַריינגעגעבן צו אַ שוסטער אויף דער לער.

— דאָ וועט שוין זאַאַן דיין תקומה... — האָט מען אים געזאָגט.

ביים שוסטער האָט ער זיך אָבער אויך נישט געהאַלטן לאַנג, ווייל ער האָט איינמאָל, פון אומגעשיקטקייט, צעבראָכן אַ באַרג טע־לערם, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אים געגעבן צו צוואַשן. דעם זעלבן טאָג איז ער נאָך אַוועק צו אַן אַנדערן שוסטער און זיך דאָרטן באַ־שטאַט אויף עטלעכע יאָר. אָבער אינגיכן האָט זיך דער שוסטער געג'גט מיט דער פרוי, איבער קינדערלאָזיקייט, און איז אַליין געגאַנגען אַר־בעטן צו אַ צווייטן באַלעבאָס.

דערווייל האָט זיך אָנגערופן אַ קרובֿ פון הי, און ער, איציק, איז אַהערגעקומען פון יענער שטאָט, אַזשעראָוו, וואו ער האָט געוואוינט. דער קרובֿ איז געווען אַ סאַדאָווניק, וואָס האָט געהאַט עטלעכע דער־וואַקסענע מיידלעך. נאָכן אָפּשטיין ביי אים אַ היפּש ביסל יאָרן, איז דער קרובֿ געשטאָרבן און די פאַמיליע איז געוואָרן צעשפּרייט, ווי שפּענדלעך מיטן ווינט. איין טאָכטער איז אַוועק דינען אין דער פּרעמד. אַ צווייטע האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן וואָס איז באַלד אַוועק צו די זעלנער. און אַ דריטע טאָכטער האָט מען אַראָפּגענומען קיין אַמעריקע. די מוטער איז געבליבן אַ גבאי'טע אין הקדש. און ער, איציק דער יתום, האָט זיך אָנגעהויבן אַרומוואַלגערן אויפסניי. דאָ אַ שיק־יינג ביי אַ מעל־סוחר. דאָ אַ פלעשלעך־וואַסער אין אַ בירשענק. ענדלעך האָט זיך אונטערגערוקט דער פּריזיוו און ער, איציק, איז אַוועק צו פּאָניע.

אָפּגעווען ביי פּאָניע אַ דריי יאָר, האָט ער זיך ערשט אומגעקוקט אויף זיין מאָרגן און געזען, אַז כאָטש ער האָט ביי די זעלנער צו עסן, דאָך דערוואַרט אים אַ הונגער ווען ער וועט ווערן באַפרייט.

נאכן „אהיימקומען" פון מיליטער, האט ער זיך ערשט גענומען אין די הענט אריין. כאטש ער איז שוין ניט קיין יינגל, האט ער גע־טראכט, דאך מוז ער זיך ערשט אנהויבן לערנען ווי צו שטעלן א פוס. ער איז, בקיצור, אהער דא צו שמעון רימער און זיך פארדונגען אויף דער לער.

— יאך וויל ווערן א רימער . . . — האט ער געזאגט.

— דו א רימער? — האט שמעון געשמייכלט אין דער באָרד אריין — דו מיט דיינע אלטע ביינער? . . .

אבער ער איז געבליבן דא אדאנק פערלען. זי, די פרומע פערל, האט גענומען שאקלען מיטן קאפ און תחינה'דיק בעטן:

— נעם אים צו, שמעון . . . א יתום . . . בזכות זה וועט קומען אויפן הויז א שפע, ברכה און אויך מזל אין אנדערע זאכן . . .

איז אט איז ער געבליבן און בעת אט דעם שטעלן די ערשטע זיכערע טריט דא אין הויז — זיך פארליבט אין די באלעבאטימס טאכ־טער, פייגען, וואס איז דעמאלט געשטאנען אין ווארשטאט־שטוב און האט געקוקט אויף אים, ווי אויף א בייז וואונדער.

נו, זינט דעמאלט זענען שוין פארלאפן א סך וואסערן. דער מייסטער האט אים שוין געשלאגן נישט נאר פאר רעדן צו איר, נאר אויך פאר ווינקען. ער האט אים, איציקן, שוין אפילו געשלאגן פאר בלויז פארבייגיין פאר איר זייער נאנט. און פערל, די פרומע פרוי, האט שוין פיל מאל געקלאגט, אז זי האט אויסגעווארימט א שלאנג ביי זיך אין בוזים . . . אבער דאך זענען זיי געווארן אנדערש און האבן אפגעמאכט צו נעמען אים, איציקן, פאר א חתן, כאטש ער טאר נישט זיין מיט פייגען אליין, כל־זמן ס'זענען נאכנישט געוועזן די תנאים.

נו, איז וואס? זאל ער זיך אפשר איינשטעלן און אויפסניי אריינ־קריכן צו פייגען אין שטוב און אויפסניי כאפן פון „אלטן" פעטש? און נישט נאר דאס. ווער ווייסט דען, צי זיין גאנצע מערכה, איציקס, שטייט נישט אין קאן? ניין! ער וועט דאס נישט טאן. גענוג ארומ־געפאניעווייערעט זיך. גענוג געוועזן אן א באדן אונטער די פיס. דא האט ער א הויז, א מארגן. דא האט ער אלץ . . . איז אט דערפאר האט ער זיך טאקע נישט גערירט, כאטש ער האט געפילט, אז פייגע ווארט אויף אים, אז זי ליידט, וואס ער באוויזט זיך נישט צו איר אויפסניי. ער האט זיך באצוואונגען און נישט נאכגעגעבן זיך דעם שמד.

— ס׳לוינט זיך ניש . . . — האָט ער אָנאויפהער זיך געהאַלטן אין דערמאָנען — ס׳לוינט זיך ניש . . .

די חברים, וואָס זענען געלעגן אַרום אים, אויף די שטרויזעק, האָבן געהאַט אַנגעבלאָזענע באַקן פון איינגעהאַלטענעם קייכן. זיי האָבן זיך צוגעהאַלטן די מיילער מיט די הענט — נישט צו געבן אַ טראַסק אַרויס מיט אַ געהילך. זיי האָבן אים, איציקן, נישט געוואָלט פאַר־שעמען. דאָך האָבן זיי זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון שטיקנדיקן געלעכטער און — באַץ!

איציק איז געוואָרן אַלערליי קאָלירן. ער האָט געוואוסט, אַז זיי לאַכן פון זיין פּלוצימדיק קומען צו לויפן פון פייגען. אָבער ער האָט זיך דאָך נישט פאַרלוירן. ער האָט זיך געהאַלטן אין די הענט.

# קאַפּיטל צוועלף

נאָנט צו האַלבן טאָג זענען אין דרויסן, פאַרן הויז, געשטאַנען באַלעגאָלישע געשפּאַנען און האָבן געוואַרט אויף שמעון רימער.

עס איז געווען אַ זוניקער, שטיקנדיקער טאָג.

די פערד, צוגעשפּאַנטע צו די וועגענער, האָבן געדרייט מיט די קעפּ, געזשמורעט מיט די אויגן, געפּאַכעט זיך מיט די בערשטלדיקע עקן איבער די רוקנס, וואו פליגן האָבן זיך אָוועקגעשטעלט בייסן און צאַפּן בלוט.

אויך די באַלעגאָלעס האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. זיי האָבן זיך אַראָפּגערוקט די דאַשקעס איבער די אויגן, כדי די זון זאָל נישט שטעכן, זיך צעקנעפּלט די העמדער, צעבראַסטעט זיך, געמיינט — ס'וועט ווערן קילער. אָבער די זון האָט געבאַקן, געטרוקנט דעם האַלדז.

געווען זענען די דאָזיקע דריי באַלעגאָלעס די זעלבע, וואָס האָבן נעכטן אָוונט געבראַכט פון די סוחרים פאַרשידענע גאַרבעריי מאַטע־ריאַלן: קאַלך, האַלון און טראָן. אויך היינט האָבן זיי שוין נאָכאַמאָל געבראַכט אַ טראַנספּאָרט פון די זעלבע מאַטעריאַלן, מחמת נעכטן איז צוליב דער טונקלקייט נישט געווען געוואָונטשן צוריקצוקערן זיך צו די סוחרים. אָבער איצט שטייען זיי דאָ, וואַרטן אויף שמעונ'ען צוליב עפּעס אַנדערש.

נאָך נעכטן האָט שמעון רימער געזאָלט פאָרן אין דער „סקאַלע" אַריין, וואָס איז הינטער דער שטאָט, צווישן פעלדער, און ברענגען פון דאָרטן שטיינער. אָבער אַזוי ווי ער האָט די גאַרבעריי־מאַטעריאַלן גע־דאַרפט האָבן פריער, האָט ער דאָס ברענגען שטיינער אָפּגעלייגט אויף היינט.

די שטיינער האָט ער, שמעון, געדאַרפט האָבן אויף צו ברוקירן דעם לײמיקן הויף, וואו ס'איז די גאַרבעריי. אַזוי ווי צוליב דער גאַר־בעריי מאַכן זיך פליעטשן, זומפּן פון אויסגיסן אַ סך קוואַס און וואַסער, דאָ בעת שווענקען פעל, דאָ בעת אויסרייניקן פעסער, האָט ער דערפאַר

באשלאסן, שמעון, ליבערשט ברוקירן, איידער האבן בלאטעס, זינ־קענישן.

אבער שוין א שטיק צייט ווי די באלעגאלעס ווארטן אויף אים, און ער — א נעכטיקער טאג. ער ווייזט זיך נישט.

וואלט ער שוין ארויסגעקומען, וואלטן זיי, די באלעגאלעס, זיך אוועקגעלאזט הינטער דער שטאט, צו דער „סקאלע", וואו צופוסנס די שטיינערנע בערג פליסט א טייך, און זיי וואלטן אי די פערד אנגעפאיעט און אי זיך אליין געטאן א טובה. דהיינו, זיי וואלטן אראפגעצויגן פון זיך די בגדים און טראסקיי — אין וואסער אריין, וואו זיי וואלטן זיך איבערגעשווימען אַ עטלעכע מאל. אבער גיי שריי חי־וקים, אז ער קומט נישט ארויס, שמעון.

אינדעם אבער — ער גייט. ער קומט!

שטאט אבער אין וואכעדיקע מלבושים, ווי עס פאסט ביי אזא געלעגנהייט, איז ער גאר אנגעטאן אין שבת'דיקע. און וואס נאך מער טשיקאווע: שטאט ארייגצוזעצן זיך אין איינעם פון די וועגענער און זאגן „פארט!", טוט ער גאר א מאך מיט דער האנט:

— יעך פאר ניש! . . . כ'האב ניש קא צייט . . .

די באלעגאלעס האבן אים גענומען פאריבלדיק אנקוקן:

— איר האט ניש קא צייט? איר האט דאך געזאגט, איר'ט יא פארן!

— אז איר'ט ניש פארן, טא, וואס עט זיין, אז די שטיינער 'עלן אייך ניש געפעלן ווערן?

— און חוץ דעם, פארוואס מאכן אומזיסטע טרחה'ס, ווען מ'האט שוין אזוי אבעט געניג באלמיטשעט? . . .

שמעון האט אבער אלע זייערע טענות א מאך אוועק געטאן מיטן האנט:

— מאכץ ניש קא ווייבערישע קלאגלידער! כ'האב פיינט קרעכצן . . . אז עץ וועט ניש נעמען קא צו־גרויסע און ניש צו־קליינע שטיינער, וועט עץ ניש דארפן קא מורא האבן . . . איבעריקנס, מיין זון מארקל פארט־מיט מיט ענק . . .

— יא?

— ווען?

— שוין?

שמעון האט שוין איצט דא מער נישט געוואלט באלעמוטשען. ער האט זיך געלאזט אוועק מיט דער באנגאס.

— ווען צ'פארט אפילו אליין, וואלט מע ענק אבעט ניש אפגע־נארט . . . — האט ער נאך געלאזט הינטער זיך — כ'האב פיינט, אז מ'מיינט, די גאנצע וועלט איז א גנבים־הויז . . .

---

געגאנגען איז ער איצט, שמעון רימער, אין דער יידישער באנק „עזרה", צו רעדן מיטן דירעקטאר פונוועגן דעם, וואס ער, שמעון, און לאזאר אמסטערדאם, דער זייף־און־ליכט־פאבריקאנט, האבן נעכטן באנאכט באשלאסן.

געווען איז אט דער אפמאך:

שמעון גייט אריין אין דער באנק, רעדט מיטן דירעקטאר, אז די באנק זאל צושטיין צום עסק, וואס ער, שמעון, האט פארטראכט, און ארײנלייגן א געוויסן קאפיטאל, וואס וועט שפעטער באשטימט ווערן.

דעם דאזיקן באשלוס האט דער הער לאזאר אמסטערדאם כמעט געניט שמעונ'ען אנצונעמען, מחמת ווען עס הייסן, אז דער גאנצער עסק איז א פריוואטער פון צוויי יחידים און אז די שטאט איז דא בכלל נישט פאראינטערעסירט. איבעריקנס, שמעון אליין האט נאכדעם אויך איינגעזען, אז ס'איז א גערעכטע טענה. ווארים פארוואס זאל דאס טאקע א יידיש הילף־געשעפט, ווי עס איז די באנק, נישט צו־שטיין צום עסק, וואס איז פאר יידן אין שטאט? פארוואס זאל מען טאקע זאגן, אז ער, שמעון, און נאך איינער, דער זייף־און־ליכט־פאבריקאנט, האבן אליץ ארייינגעכאפט אין זייערע הענט? אמת, מ'ווייסט, אז ער, שמעון, האט עס נישט געוואלט, אז ער האט זיך גע־בעטן ביי די גבירים אין בית־מדרש. אבער שפעטער וועט מען פארט האבן טענות. איז דעריבער גלייכער, מ'זאל אריינציען אין דעם גע־שעפט אויך די קהל'שע הילף־חברה — די באנק.

איז אט מיט דעם דאזיקן באשלוס און מיט דער דאזיקער גאנצער אויפקלערונג איז ער איצטער, שמעון רימער, געגאנגען אין דער יידישער באנק אריין.

אריינגעקומען אין דער באנק, האט ער זיך אוועקגעשטעלט ביי א פענצטערל, וואס אין אפצאם־ווענטל, און גענומען קוקן צו א מאן, וואס איז געזעסן ביי א גרויסן שרייב־טיש און וואס האט דורך א מאַ־נאקל געלייענט א באשריבענעם בויגן פאפיר.

געווען איז דער דאזיקער מאן א הויכער, אן אויסגעבעטער, מיט פלייש, מיט א פליכיקן קאפ, מיט אן אדלער־נאז. אנגעטאן אין א פראַ־פעסארישן, ווייסן קאלנער, אין א שווארצן סמאקינג־פראק, וואו אין

איין לאַץ איז געשטעקט אַ ווייסע בלום, וואָס גרויסע לייט, גויים, טראָגן, ווען זיי גייען אין קאַטעדראַל אַריין, אָדער ווען זיי פאָרן אויף אַ „שלוב", אויף אַ באַל, אָדער ווען זיי גייען אין חגא־טעג שפּאַצירן מיט זייערע פרויען. אָבער ער, דער פּופּציקיאַריקער מאַן, וואָס זיצט דאָ ביים שרייב־טיש אין בלויזן קאָפּ, איז גאָר אויסגעפּוצט אין אַזאַ צאַצקעלע אין אַ וואָכעדיקן טאָג. שוין געזען אַזאַ פאַרדרייעניש? — טראַכט שמעון.

געוועזן איז אָט דער מאַן — דער באַנק־דירעקטאָר, מיט וועמען שמעון האָט גערעדט רעדן. גערופן האָט מען אים: פּאַן פעליקס קאַרפּ.

דערזען שמעון'ען, האָט ער, פּאַן פעליקס קאַרפּ, אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּיר, וואָס ר'האָט געלייענט, און זיך אַראָפּגענומען דאָס מאַנאָקל פון אויג.

— דאָ מניע? — פרעגט ער אין פּויליש.

— יאָ . . . — ענטפערט שמעון אין יידיש און טראַכט: וואָס, ער דערקענט מער ניש? וואָס רעדט ער עפּעס גויאיש צו מיר? מער קען ער דאָך ניש אָפּנאַרן! . . .

אינדער'אמת'ן האָט זעלטן ווער אַזוי געקענט דעם פּאַן פעליקס קאַרפּ, ווי שמעון. ער, שמעון, האָט אים נאָך געקענט אין די חדר־יאָרן. אַ לענגערע צייט זענען זיי ביידע געגאַנגען צום זעלבן מלמד לערנען. און געטאָן האָט ער, שמעון, פאַרן פּאַן קאַרפּ אַזעלכעס, וואָס קיין אַנדערער פון די חדר־תלמידים האָט נישט געוואָלט טאָן. די איינגע־שפּאַרטקייט — איבער אַ מיאוס'ן ריח.

עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן זיך די חדר־יינגלעך געכאַפּט ביי די נעז און אַ קוק געטאָן אויף דעם בחור, וואָס רופט זיך היינט „פעליקס קאַרפּ", שטאָט זעליקל, און אונטער דער נאָז גערעדט:

— זעליקל, שוין ווידער?

דער מלמד האָט אים געפּאַסעוועט — אַ שרעק. אָבער אַ נעכ־טיקער טאָג. זעליקל האָט געטאָן ס'זייניקע. ווען נישט ער, שמעון, וואָלט זיך דאָס דאָזיקע זעליקל אפילו נישט אַוועקגערירט פון טיש, ביי וועלכן מ'האָט געלערנט. שמעון האָט אים אָנגענומען ביים קאָפּ, ביי די פּיס און ווי אַ פּעקל אַרויסגעטראָגן אין דרויסן.

אָבער פּלוצים האָבן די עלטערן אים אַרויסגענומען פון חדר. וואוהין? אַ לענגערע צייט האָט מען נישט געוואוסט. נאָכדעם איז מען אָבער יאָ דערגאַנגען. די עלטערן האָבן אים אַריבערגעפירט אין אַ גויאישער שקאָלע. גערופן האָט מען זיינע עלטערן: „דייטשן". דער

פאַטער איז געווען אַ משכּיל. ער האָט געטראָגן אַ געשוירן בערדל. אַ דרייפערטלדיק יוביצל און גערעדט אַ לשון, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען. „מיר יודן מוזן מיטהאַלטן יעוראָפּא" — האָט ער ס'רוב'מאָל אַריינגערעדט אין געזעמלען ייִדן — „מיר מוזן געניסן פון די קוואַלן פון וויסנשאַפטן." און די מוטער, זעליקלס, איז שוין געווען גאָר אַן אויסטערלישע. זי האָט קיינמאָל קיין שייטל נישט געטראָגן. אירע אייגענע האָר זיינען געווען פאַרדרייט אין אַ קוגעלע אויפן מוח, ווי ביי די פרויען פון נאַטשאַלסטווע. און דערצו האָט זי נאָך געטראָגן מלבושים גאַרנישט יידישלעכע. דהיינו: ווייסע קעלנערלעך מיט שניפּסלעך, ווי פּריצה'טעס, וואָס פאָרן אין קאַרעטעס, היטעלעך מיט פעדערן, קליידלעך ביז צו די קני. אַ צאינה־וראינה האָט מען געמעגט ביי איר אין הויז זוכן מיט ליכט, וואָלט מען נישט געפינען. אַלץ וואָס מען האָט דאָרטן יאָ געזען, איז געווען דייטשישע ביכער, רוסישע, פּוילישע, אפילו פראַנצויזישע.

אָבער אויך אין דער שקאָלע האָבן אָט די עלטערן לאַנג נישט געהאַלטן זייער זינדל. פּלוצים האָבן זיי אים אַ נעם געטאָן און אַוועקגעשיקט פון שטאָט. וואוהין אַצינד? צו וואָס? קיינער האָט נישט געוואוסט. סברות זיינען געווען: ער איז אין דער גובערניע־שטאָט ביי אַ קרוב. ער איז אין וואַרשע צו טוישן די לופט. און נאָך. אָבער יאָרן שפּעטער, אין איינעם אַ העלן טאָג, דער חברה'מאַן זעליקל איז שוין דאָ צוריק. וואָס איז געשען? איז ער שוין געקומען בלייבן? אָבער וואָס בלייבן, ווען בלייבן, אַז דער מענטש גייט שוין אפילו נישט אָנגעטאָן אין קיין יידישע מלבושים, נאָר אין אַ גימנאַזיע־אוניפאָרם. און דערצו נאָך, נעמט ער נישט קיין יידיש וואָרט אין מויל אַריין. רעד אַהין, רעד אַהער, — ער ענטפערט דיר אין אַלע שפּראַכן, אָבער נישט אין דעם לשון, וואָס מען רעדט צווישן ייִדן. אָבער סיי־ווי־סיי האָט ער זיך שוין לאַנג נישט געהאַלטן אין שטאָט. ער איז אַוועק אויף שיינע יאָרן. מ'האָט אים שוין נישט געזען צוריק אפילו אויף קיין טשיקאַוואָסט. ניין. דעם אמת זאָגנדיק, ס'האָט זיך נישט געבענקט נאָך אים. אויך האָט מען זיך דאָס מאָל נישט געבראָכן דעם קאָפּ, וואו ר'איז, וואָס ער טוט. עלעהיי אַ פרעמדער! אָבער האָסטו נישט זעסטו נישט, פּלוצים קומט ער צופאָרן מיט אַ פרוי און מיט אַ מיידעלע (אָט דאָס מיידעלע, וואָס איז שוין היינט אַ גרויסע דאַמע און וואָס איטלעכן טאָג פאַרהילכט זי דעם מאַרק מיט איר זינגען). פון וואַנען פאָרט מען? צו וואָס געקומען? ערשט אין עטלעכע טעג אַרום

האַט מען זיך דערוואוסט, אַז פאַרן פאָרט ער פון פעטערבורג, און גע־קומען איז ער דאָ אי איבערנעמען די וואַסער־מיל, וואָס איז געבליבן ירושה פון די עלטערן, וועלכע זענען געשטאָרבן מיט אַ קורצער צייט צוריק, און אי ער גייט זיך דאָ באַזעצן, אָדער, בעסער געזאָגט, ער האָט זיך שוין באַזעצט.

מיט דער צייט איז ער אָבער געוואָרן אויס מילנער. ער האָט זיך געקויפט אַ „סקאַלע", טאַקע דיזעלבע, וואוהין ער, שמעון, האָט פריער געשיקט מאַרקלען מיט די דריי באַלעגאַלעס נאָך שטיינער, און צוליב זיין גיך־געקראָגענעם אַנזען אין די גויאישע הויכע פענצטער, איז ער אויך געוואָרן אַ חשוב'ער מענטש ביי יידן. קורץ, ער איז געוואָרן דער דירעקטאָר אין דער יידישער באַנק, כאָטש אים גייען נישט אָן די עוולות, וואָס יידן האָבן פון קריסטן און כאָטש ער האַלט בכלל נישט פון אַזאַ זאַך, ווי יידן. גאַרנישט. נאָר ווייל ער איז אַ געשעפטסמאַן, האָט אַ קאָפּ אין מסחר און איז אָן אַנגעזעענער ביי אומות־העולם, האָט מען אים אויך געמאַכט פאַרן רעדלפירער ביי יידן אין דער באַנק. אמת, אַ סך האָט אים מיטגעהאָלפן דאָס, וואָס ער האָט אריינגעגעבן אין באַנק אַ היפּשע סומע געלט אַלס אַקציאָנער, אָבער געווויס האָט עס נישט אריבערגעוואויגן די מעלות זיינע . . . וואָרים, אָט האָבן דאָך אויך אַנדערע גבירים אַ סך געלט אין באַנק, און דאָך איז קיינער נישט געוואָרן דאָס, וואָס ער.

איז אָט זיצט ער זיך דאָ, דער „זעליקל, שוין ווידער", אַלס די־רעקטאָר פון דער באַנק, און פירט די גרענדע ווי אַזוי ער וויל און פילט. איצט שטייט שמעון ביים פענצטערל און לאַכט:

— וואָס, דו דערקענסט מעך שוין ניש, זעליקל? . . . — פרעגט ער, ווי אַן אַלטער חבר.

פאַן פעליקס קאַרפּ, דער דירעקטאָר, טוט זיך אַ שטעל־צו דאָס מאַנאַקל צום אויג און פאַרקרומט די ליפּן:

— וואַסאַראַ פשיאַטשעלסטווע, וועז פשיאַטשעלסטווע? . . . — נעמט ער רעדן אַ געמישטן יידיש — זי זענען געקומען שפּריכן גע־שעפטלעך, אָדער פילייכט נאַרישקייטן? . . .

— וואַסאַראַ דיבורים זענען דאָס? . . . — טוט שמעון שמייכ־לענדיק אַ מאַך אוועק זעליקלס טענות — וואָס מאַכסטי אָנשטעלן? פאַרוואָס רעדסטי ניש צו מיר אַזוי ווי דו האָסט גערעדט צו מיר אין חדר? . . . געדענקסט יענע יאָרן? . . .

— וואָס וויל דער פאַן שמעון? — האָט דער דירעקטאָר גיך און

האַסטיק אַ זאָג געטאָן, ווי פּטור צו ווערן פון דעם ייד, וואָס האָט קיין אָנשטענדיקייט נישט אין זיך, קיין קולטורעלע באַנעמונג.

שמעון האָט איצטער שטאַרק אָנגעהויבן צו שמייכלען:

— וואָס מאַכסטו זעך אַזוי צו־נאַר? . . . ס'איז שוין צייט, אַז זאָלסט אַרויסהאָקן פון זיך דעם עקשן? וואָס איז מיט דיר? געדענקסט אין חדר? . . . אַלע כאַפּן זעך ביי די נעז, שרייען, „אַרויס, זעליקל, אַרויס!" און דו, עקשן, זיצסט, פאַר'ריח'סט אַ וועלט, ווי קיינמאָל גאָרניש . . . געדענקסט? . . . נו, כאַוועסט נאָך אַלץ טאָקע דעם זעלבן עקשן?! שוין צייט, כ'לעבן, זאָלסט אים משלח־זיין . . . ביסט דאָך שוין אַ דערוואַקסענער! . . .

פאָן קאַרפּ האָט שוין איצט נישט געקענט מער אויסהאַלטן. דערצו, ווייל שמעון האָט זיך פון די אייגענע ווערטער הילכיק צעלאַכט. ער האָט זיך ראַפּטום אויפגעשטעלט און גענומען אַהערגיין צום פענצטערל.

— וואָס ווילט איר, פאַניע אַלטער? — פרעגט ער אַ בלייכער פון בייזקייט.

— וואָס מאַכסטו פון זעך חוזק? — טוט שמעון אַ פרעג ווי אַ ידיד צו אַ ידיד — וואָס האָסטו מעך עפּעס אָנגעהויבן רופן „פאַניע"? ווער איז דיר אַ פאָן? וואָס מאַכסטו אָנשטעלן? רעד צו מיר פּראָסט . . .

— זאָגט מיר, וועגן וואָס זענט איר געקומען? — ווערן שוין ביים פאָן דירעקטאָר די ליפּן שוימיק פון זידנדיקן בלוט.

שמעון, אָבער, קוקט ווידער אויף אים מיט לוסטיקע אויגן:

— הער נאָר צו, — טוט ער צו אים אַ זאָג, ווי ווילנדיק אין אים דערוועקן קוראַזש פון אַ גאַשבראַט — וואָס האָסטו זעך פאַרט איינגעשפּאַרט? וואָס האָסטו פון דער נאַרישקייט? . . .

— וואָס נאַרישקייט, ווען נאַרישקייט? — נעמט דער דירעקטאָר שוין רעדן איינפאַך און הויבט זיך אָן ווישן מיט אַ טיכל דעם שוויים פון פנים.

— אָט אַזוי! — זאָגט שמעון ווי אַ זיגער — אַצינד פּיל יעך, אַז דו ביסט גאָרניש אַזאַ פרעמדער ווי דו מאַכסט זעך . . . אַז מ'שפּאַרט דיך צו צו דער וואַנט, בלעקערסטו אַרויס אַ יידישע צונג... נו, אויב אַזוי, עפּן־זשע פאַר מיר ס'טירל און מירן צוגיין צו דער זאַך . . .

— וועגן וואסארא זאך ? — וויל פאן קארפ וויסן, גלייך אז דעם וועט ער נישט אנהויבן צו טאן גארנישט.

— לאז מע זעך אוועקזעצן צום טיש, — זאגט שמעון — על'ך מיט דיר שמיעסן . . .

געווייגטלעך לאזט מען נישט אריבער קיינעם אויף יענער זייט טירל, אחוץ די בוכהאלטערן און די אקציאנערן. נאר אזוי ווי עס פאסט נישט אים, דעם פאן דירעקטאר, אנצוהויבן מיט א שטאט־באַ־לעבאס, דערצו א רייכן, האט ער פאר אים יא געעפנט ס'טירל און אריינגעלאזט.

געזעצט זיך צום טיש, האט שמעון אנגעהויבן דערציילן:

— זאלסט וויסן, — זאגט ער, שמעון, — אז דא גייט וועגן א גרויס געשעפט פאר יידן, און מיר ווילן, אז די באנק זאל צושטיין צום עסק . . .

— וואסארא געשעפט ? . . . — פרעגט א ציטערדיקער און בלייכער דער פאן באנק־דירעקטאר.

שמעון האט גענומען דערקלערן.

— הייסט עס, — טוט דער פאן דירעקטאר א פאר אריין שמעונ'ען אין די רייד, ווי ער וואלט זיך איצט געוואלט אפרעכענען מיטן קליענט פאר זיין פריערדיקער חוזק־באציאונג. — געלט אריינ־לייגן ? . . .

— וואס יאגסטי זעך אזוי ? . . . טוט שמעון א פארדראסיקן פרעג — כ'האב דאך נאכניש פארענדיקט . . . לאמעך פארענדיקן . . .

— וואס דארף איך וויסן מער ? — זאגט דער דירעקטאר גיכער ווי פריער — כ'וויל בלויז הערן אייער באשטעטיקונג, צי איז'ם יא, אדער נישט אייער איינציקער, אבסאלוט איינציקער פארלאנג, א ? . .

געזעגן אזוי, האט זיך שמעון אנגענומען ביי דער בארד, ווי צו באטראכטן, וואס עס קומט פאר מיטן באנק־דירעקטאר. אבער נאך איידער ער איז געקומען צו וועלכן־ס'איז געדאנק, איז שוין דער באנק־דירעקטאר געשטאנען מיט א צודרינגלעכער פראגע:

— אלזא, איר זאגט ? . .

געזען, אז יענער האט אים אין דער האנט, האט שמעון נאכ־געגעבן:

— נו, זאל זיין יא . . .

— יא ?

— יא . . . — זאגט שמעון און גלאצט אויס די אויגן אויף דער

פאַרוואונדערונג פון דירעקטאָר — יאָ. אַריינלייגן געלט . . .

— ווירקלעך יאָ ? — טוט זיך איצט דער פאַן קאַרפּ אַ ריר אַוועק פון טיש ווי אַ זיגער — איז טאַקע ניין . . .

— ניין ? — טוט שמעון אַ שאַרפן קוק, ווי ער וואָלט איז פאַן קאַרפּס ענטפער געזען להכעיס — פאַרוואָס ניין ? ס'איז ניש קאַ כלל־זאַך ? ס'איז ניש פאַר ייִדן ? . . .

— נישט ווּיכטיק.

— פאַרוואָס ניש וויכטיק ?

פאַן קאַרפּ האָט זיך איצט אַ רואיקער אַוועקגעשטעלט ביים טיש און גענומען קלאַפּן מיט אַ פינגער אין דעכל אַריין, גלייך ער וואָלט אויסגערעכנט געזעצן :

— מיר גיבן נישט קיין געלטער אויף קיין געשעפטן . . . און מיר ווערן נישט קיין שותפים פון קיין אונטערנעמונגען . . . באַזונדערס, מיר קענען נישט געבן קיין גרויסע סומע צו קיין געשעפט . . .

— אָבער דאָס איז דאָך ניש קאָ פּריוואַט־געשעפט . . . — זאָגט שוין שמעון אַביסל פאַרצווייפלט — ס'איז דאָך אַ כלל־זאַך . . . און די באַנק איז דאָך אויכעט אַ כלל־זאַך . . .

— מיר גיבן נישט קיין גרויסע געלטער צו קיינעם . . . — זאָגט איבער נאָך אַמאָל דער באַנק־דירעקטאָר און קלאַפּט ווידער מיט אַ פינגער אינעם טיש־דעכל, גלייך דאָס קלאַפּן וואָלט אים צופרידנגעשטעלט נישט נאָר אַלס צייטפאַרטרייב, נאָר אויך אַלס מיטל קעגן זיין אומרואיקן צושטאַנד — מיר גיבן געלט נאָר צו איינצלנע קליענטן, וואָס דאַרפן זיך העלפן . . .

— אָבער וואָס איז דער תכלית פון אַזאַ הילף, טוט שמעון שוין אויפסניי שטאַרק רעדן — אַז מ'האָט סיוויסיי גאָרנישט דערפון ? די נעמערס עסן דאָך אויף ס'געלט. זיי קענען זער דאָך ניש ווערן קעגן בויקאָט, קעגן די שונאי־ישראל . . .

— זאָל מען דאָ נישט רעדן וועגן די דאָזיקע פּראָבלעמען . . . — טוט איצט דער פאַן דירעקטאָר אַ מוסר'דיקן קוק אויף שמעון'ען און רוקט זיך אַוועק, ווי נישט צו רעדן מער — דאָ איז נישט קיין פּאָליטיק־בירזשע . . . דאָ איז אַ באַנק . . .

— האָ ? — זאָגט שמעון גלאַנצנדיק, ווי ער וואָלט אַ סך ווערטער פון דירעקטאָרס רייד נישט פאַרשטאַנען — וואָס האָסטו געזאָגט ? דאָ טאָר מען ניש רעדן ? וואָס, דאָ איז ניש קאָ ייִדיש פּלאַץ ? דאָ האָט מען ניש צו טאָן מיט ייִדישע צרות ?

און ווי פון דער העלער הויט ארויסגעשפרונגען, טוט ער א קוויטש, אז אלע איבעריקע באנק־אנגעשטעלטע האבן זיך אויפגעשטעלט פון זייערע שטולן ביי די שרייבטישן און גענומען קוקן, צי עמיצער איז נישט געפאלן אין חלשות.

— וואס איז דא? — טוט שמעון א פארשנדיקן קוק צו די ווייט־זיצנדיקע בוכהאלטערן, צווישן וועלכע עס איז געווען שמואל ליפמאן. דער שקל־פארקויפער, וואס וואוינט ביי אים, שמעונ׳ען, אין הויז — איז דאס א גויאיש פלאץ, וואס מ׳טאר דא ניש רעדן וועגן קא יידישע צרות? ביים קאפ וואלט׳ער ארויסגעווארפן דעם שונא־ישראל, וואס איז דא דער פירער . . .

— איר זענט נישט קיין „טשלאנעק" . . . — טוט איצט א זאג דער לאקאטאר שמואל ליפמאן, ווי אנצונעמען זיך דעם דירעקטארס קריוודע — און איר ווערט געבעטן אונדז נישט צו זאגן קיין דעות . . פראשען . . .

שמעון האט איצט גענומען קוקן זייטיק און אביסל מיושב׳דיק צו דעם לאקאטאר, וואס חנפ׳עט דעם ברויטגעבער:

— א? — פרעגט ער שוין שטיל — ניש קא טשלאנעק? . . .

וואס אמת, איז אמת. ער, שמעון, איז טאקע דא נישט קיין „טשלאנעק", ס׳הייסט, ער האט דא קיין געלט נישט אריינגעגעבן און האט דערפאר נישט קיין דעה. און דאס, וואס אמת, איז טאקע די צרה. ווארים ווען נישט דאס, וואלט ער דאך נישט געבליבן ביי די בלויזע רייד וועגן „ארויסווארפן ביים קאפ". אבער סיזוויסיי דארף ער דא איצטער מער נישט שמועסן מיט דעם שונא־ישראל, וואס וויל אומישנע דא וועגן קיין יידישע זאכן נישט רעדן, ווייל ער וואלט איז דער לעצטער שורה געגעבן די גויים גערעכט. יא. ער, שמעון, דארף גיין פון דאנען און זען טאן עפעס אנדערש וועגן דעם זעלבן ענין. ער וועט זיך נאך היינט דארפן זען מיט די אקציאנערן פון דער באנק און זיי פרעגן, ווען זיי האבן אן אסיפה. וועלן זיי האבן אן אסיפה מארגן, איבערמארגן, איז גוט. און אויב נישט, וועט ער הייסן פאר־רופן אן עקסטרע זיצונג און ביי איר פארלייגן זיינע טענות, ווארים עס האנדלט זיך וועגן א כלל־זאך און זיי, די אקציאנערן מוזן העלפן. יא. דאס מוז ער נאך היינט אפטאן. אבער איידער וואס און ווען, וועט ער זיך גיין זען מיט לאזאר אמסטערדאמען און אים זאגן, וואס ער האט גערעכט . . . זאל יענער אויך וויסן, מיט וועמען מ׳האט צו טאן. זאל יענער זען, אז אייגענע יידן לייגן שטיינער אין וועג. און

ווײַל די צײַט שטייט נישט און אַרבעט איז דאָ אַ סך, האָט ער שוין מער נישט געוואָלט דאָ אײַנ׳טענה׳ן מיט קיינעם און זיך געלאָזט אַרויס.

---

אַלעמאָל, ווען ס׳קומט אַ מינוט, צוויי צו האַלבן טאָג, צעהוזשעט זיך די סירענע אויפֿן דאַך פֿון דער געמויערטער זייף־און־ליכט־פֿאַבריק „העלפֿאַנט״.

אויך אַזוי איצט.

צוערשט האָט זי, די סירענע, געטאָן אַ פּאַף, נאָכדעם אַ צווייטן, אַ דריטן, און פּלוצים, ווי פֿון ערגערניש, אַ צעהילך זיך געגעבן מיט אַ רויכיקן קוויטש, ווי אַ גבאי אין אַ שול, ווען דער געמיינער עולם נעמט שטעלן פּיס פֿאַרן סוף דאַווענען. אָנגעהאַלטן האָט דער לאַנג־אָטעמדיקער קוויטש אַ מינוט. נאָכדעם האָט זיך געהערט אַ קליין קוויטשיקל, אַ זיך אײַלנדיקס, ווי עס וואָלט זיך פֿאַרשפּעטיקט נאָכצולויפֿן דעם גרויסן מחבל׳דיקן קוויטש, און — סטאָפּ. באַלד נאָכדעם האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ טומל.

דורך די טויערן פֿון דער פֿאַבריק האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מאַסן אַרבעטער מיט געפּילדער און אין געאײַל. טייל — אין פֿאַרשמאַלצענע פֿאַרטוכער. טייל — ווישנדיק זיך אָן די הויזן די הענט, וואָס זיי האָבן זיך געוואַשן ערגעץ. אַ סך האָבן זיך באַלד געלאָזט אַריבער דעם טײַך, וואָס פֿליסט פֿאַרביי דער פֿאַבריק, און זיך צעלייגט אויף די פֿעלדער מיט זייערע פּעקלעך עסן. און פֿיל האָבן זיך אָוועקגעזעצט איבערבײַסן אויף די קופּעס ציגל און קלעצער, וואָס ליגן דאָ אויפֿן פּלאַץ פֿאַר דער „העלפֿאַנט״־געביידע.

בעת דעם דאָזיקן טומל איז אויך אַרויסגעקומען דורך די פֿאַבריק־טויערן אַ מיטלוואוקסיקער מאַן, אַ דיקלעכער, מיט אַ פֿאַרטראַכט דענקער־פּנים און מיט אַ שפּיציק, דײַטשיש בערדעלע. ער האָט זיך געהאַלטן די הענט פֿאַרלייגט אויפֿן הינטן און זיך געגאַנגען מיט סקעפּטישער, רואיקער אײַנגעהאַלטנקייט — טראָט בײַ טראָט, טראָט בײַ טראָט, גלײַך אין דער וועלט איז גאָרנישטאָ וואָס צו וואַרטן אויף עפּעס בעסערס. אַלץ איז און וועט זײַן ווי ביז איצטער: קידער־ווידער, כאַפּ־לאַפּ . . .

געווען איז אָט דער סקעפּטישער מאַן: לאַזאַר אַמסטערדאַם.

געגאַנגען איז ער איצט אַהיים אויף מיטיק. בעת׳ן פֿילאָזאָפֿיש־פֿאַרטראַכטן גיין לויפֿט אים נאָך אַ יונגערמאַנטשיק, אַ קליינער, מיט ברילעכלעך אויפֿן שפּיציקלעכן נעזל.

— וואָס איז ? — טוט ער זיך אַ דריי אויס, לאַזאַר אַמסטערדאַם און קוקט אויף דעם יונגנמאַנטשיק.

געוועזן איז דער יונגערמאַנטשיק: יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער.

— געוואַלט וויסן אומצווייפלהאַפט, פאַניע אַמסטערדאַם, — קוקט יאָסעלע מיט בעטנדיקע אויגן — צי כ׳קען בענאַכריכטן מיין פריינט שפּירא, אַז עס גיבט אַ גוטע אויסזיכט אויף אַ שטעלע . . .

— אַן צווייפל . . . — טוט לאַזאַר אַמסטערדאַם אַ שאָקל מיטן קאָפּ און נעמט זיך גיין ווייטער, וואָרים ער איז נישט געוואוינט צו פאַרשפּעטיקן זיך צו מיטיק.

אָבער ווי נאָר ער האָט זיך געטאָן אַ ריר, האָט ער דערזען אַנקומען פון אַקעגנאיבער אַ באַקאַנטן מענטש.

— ווער איז דיזע פּערזאָן ? . . . — פרעגט ער זיך אַליין.

אָבער איידער וואָס און ווען, איז שוין יענער געווען זייער נאָנט.

— הער שמעון אַלטער ? יאָ . . . אין וואָסאַראַ אַנגעלעגנהייט ?...

— כ׳גיי צו ענק, הער אַמסטערדאַם . . . זאָגט שמעון נאָך פונווייטנס און בלייבט שטיין, ווען ער קומט צו נאָנט.

— צו מיר ? צום באַדויערן . . . נישט קענען יעצונד . . . מוז שנעל זיין צו־הויזע . . .

אָבער באַלד האָט ער חרטה :

איבעריקנס, גוט . . — בלייבט ער שוין שטיין און נעמט זיך רעדן מיט צונעקליבענע ווערטערלעך — טאַקע געוואָלט מיט אינען איבערשפּרעכן דאָס, וואָס זי האָבן מיר פּראָפּאָנירט געסטערן נאַכט . . .

— אַ ? וואָעס ? . . . טוט זיך שמעון אַרוק אַרויף ס׳היטל אויפן מוח, מחמת היץ און אָנאַרבעטן זיך בעת׳ן גיכן אַהערגיין.

— כ׳האָב זיך איבערגעלייגט און באַשלאָסן אַנדערש . . . . — זאָגט זיך דער געלאַסן רעדנדיקער לאַזאַר אַמסטערדאַם און נעמט זיך אַרוים דעם זייגער פון וועסטל־קעשענע צו זען ווי שפּעט ס׳איז.

— וואָס אַנדערש ? — פרעגט שמעון אַ פּלוצים פאַרכמורעט־געוואָרענער.

— ניכט פאַר מיר . . .

—ניש פאַר ענק ? ! פאַרוואָס איז׳ס ניש פאַר ענק ? פאַרוואָס די שינוי ? . . .

— די אורזאַכע פון דיזער ענדערונג איז מיין פירמע . . .

און דאָ הויבט ער אָן אוועקצולייגן אַ טיפע דערקלערונג, פון וועלכער דער הער שמעון אַלטער זאָל קריגן אַ קלאָרן באַגריף.

— זי ווייסן, וואוהין, מיינע אויסאַרבייטונגען גרייכן? . . . זאָ ווייט ווי נאָך דאַנציק, נאָך פּעטערבורג . . . ווייסן זי, וועד פיל פון מיינע קונדן זענען? . . . קריסטן . . . יאָ, גלויבן זי מיר . . . זאָגסט מעכטע איך ניכט געמאַכט אַנדערש . . . איך האָב ניכט האַלד זאַלכעס . . . אָבער וואָס קען מען מאַכן? אַזעלכעס איז דאָס לעבן. זי פאַרשטיין? . . . קריסטלעכע קונדן . . . נו, זי פאַרשטיין? . . . אַזוי איז דאָס לעבן . . . קידער־ווידער . . . כאַפּ־לאַפּ . . . האָב איך רעכט? אַט דאָס איז די אורזאַכע פון מיין ענטזאָגן זיך פון אינם פּלאַן . . .

אויסגעהערט די דאָזיקע לאַנגע און טיפע פאַרענטפערונג, האָט זיך שמעון צוגעקנעפּלט דעם סאַק, וואָס ער האָט פריער, מחמת היץ, צע־קנעפּלט, און זיך געגומען קוקן ווייט אַריבער די פעלדער, וואו מ׳זעט בלויז לייִדיקע הימל און ערד . . .

הייסט עס, — טראַכט ער, נאָך עטלעכע ווײַלעס שטיין צעדולט, — אַז ער לאָזט מיך אַצינד שטיין מיטן פּלאַן צווישן הימל און ערד . . . אָן קיינעמס הילף . . . נישט דעם דירעקטאָרס הילף און נישט זיין הילף, דעם פאַבריקאַנטס . . . און וואָס וועט זיין, אַז אויך די באַנק־אַקציאָנערן וועלן נישט העלפן? און דאָס קען דאָך מעגלעך זיין. וואָרים ווער זענען דען די אַקציאָנערן? די זעלבע גבירים, וואָס זענען נעכטן געווען אין בית־מדרש און האָבן זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זיינע, שמעונ׳ס, רייד. איז וואָס? קען ער דען פון זיי, אַלס אַקציאָ־נערן, דערוואַרטן אַ גינסטיקערן ענטפער ווי אין בית־מדרש? . . .

אָפּגעשטאַנען אַזוי אַן עטלעכע מינוט, האָט ער זיך צוריק אויס־געדרייט צו לאַזאַר אַמסטערדאַמען:

— האָט עס גאָרניש אינזינען אַט די אַלע אָרעמע יידן אין שטאָט?

— און די אַלע יידן? . . . — טוט לאַזאַר אַמסטערדאַם אַ וויַיז אויף די פיל מענטשן, וואָס זענען צעלייגט איבער די פעלדער, אויף יענער זייט טייך, און אויף די מענטשן דאָ אויפן פּלאַץ — מעכטן זיי דען ניט געליידעט שפּעטער, ווען מיין געשעפט האָט פאַרלוסטן? . . .

געזען אַזוי, ס׳הייסט, אַז פון דעם שמועס וועט שוין גאָרנישט אַרויסקומען, וואָרים אין תוך מיינט ער, דער אַנגעשטאָפּטער מאַגנאַט, נישט די אַלע יידן, וואָס אַרבעטן ביי אים, נאָר די אייגענע פירמע,

די אייגענע געשעפטן, האָט ער זיך שוין אַ ריר געטאָן, שמעון, און געזאָגט נישט מער ווי עטלעכע ווערטער:

— נו, גוט . . . הייסט עס, אַז פונוועגן די געשעפטן קענט'יר זען אפילו אויבעט שמד'ן . . .

מער האָט ער נישט געוואָלט זאָגן און מער האָט ער אויך נישט געוואָלט הערן פון פאַבריקאַנט לאַזאַר אַמסטערדאַמען. ער האָט זיך אַראָפּגעצויגן ס'היטל צו די אויגן און זיך געלאָזט אַהיים.

לאַזאַר אַמסטערדאַם איז זיך אָבער ערשט איצט אַהיימגעגאַנגען רואיק. אומפאַרגלייכלעך רואיק. ער האָט מיט איין אייגל נאָכגעקוקט דעם לויפנדיקן שמעון'ען און כאָטש מיטגעפילט אים אין זיין פאַר־דראָס, דאָך ווידער פילאָזאָפיש־סקעפּטיש בארואיקט זיך דאָס דריקנ־דיקע, שווערע געמיט:

— דומהייט . . . ס'וועט אימער זיין קידער־ווידער, כאָפּ־לאָפּ . . . עס גיבט קיין בעסערס צו דערוואַרטן אין דער וועלט . . . אַלע באַמי־אונגען זינד אַרויסגעוואָרפן . . .

# קאַפּיטל דרייצן

שוין אַ לאַנגע צייט ווי יאַסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער האָט זיך גענומען באַמיען ביים פאַבריקאַנט לאַזאַר אַמסטערדאַמען וועגן אַ קאַנצעלאַריע־שטעלע פאַרן חבר בן־ציון.

אָנגעהויבן האָט ער עס באַלד נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַקענט. און באַקענט האָבן זיי זיך מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף אַ צונויפקום ביי פריילין זאָשקע אַמסטערדאַם אין סאַלאָן, וואו מ'האָט אָנגעהויבן בויען אַ יידיש־העברייאישע ביבליאָטעק. און ניט נאָר האָט יאַסעלע זיך באַמיט מיט זיינע אייגענע כוחות, נאָר, אַז בן־ציונ'ס וויסן, אַפילו געבעטן פריילין זאָשקע, אַז זי זאָל צוהעלפן.

דאָך האָט זיך פון אַלעם אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

— עס גיבט קיין וואַקאַנס . . . — האָט דער הער לאַזאַר אַמסטערדאַם געענטפערט — ווען זאַלכעס גיבט יאָ, קאָממען זי מיר דערמאַנען . . .

איז אָט האָט ער זיך אַרומגעדרייט, בן־ציון. ער האָט אַפילו שוין נישט געהאַט מער קיין האָפנונג, אַז ס'וועט זיך אַמאָל עפּעס מאַכן.

אָבער היינט האָט זיך געוויזן אַן אויסזיכט. און דאָס טאַקע — אין דער קאַנצעלאַריע.

געוועזן איז עס צוליב איינעם אַ געהילף־בוכהאַלטער, וואָס טוט אַ שידוך מיט אַ מיידל פון לאָדזש, וואוהין ער פאָרט קירצלעך אַוועק צו אַרבעטן אין געשעפט פון דער כלה'ס עלטערן. איז אָט אויפן סמך דערפון האָט זיך שוין דאָס קליינע יאַסעלע געזען מיטן באַלעבאָס. איין מאָל אין דער פרי, דאָס צווייטע מאָל — נאָכן אַרויסקומען פון דער פאַבריק, כדי צו זיין מער זיכער, ווען ער וועט בן־ציונ'ען אָנזאָגן די ליכטיקע בשורה. און וואָס אמת, יאַסעלע האָט ליב אָנצוזאָגן ליכטיקע בשורות. כאָטש ס'איז אים ביטער אויף דער נשמה, יאָסלען, כאָטש ער קען זיך נישט קיין עצה געבן קעגן זיין ביטערן אָפּשטאַמ־

גורל, דאָד, אַז ער האָט אָנצוזאָגן אַ ליכטיקע בשורה עמעצן, ווערט אים אַליין אויך גוט אויפן האַרץ.

איז אָט אַצינד, אויפן וועג אַהיים צו מיטיק, גייט ער אַריין צו בן־ציון'ען אין הויז — אָנצוזאָגן די ליכטיקע בשורה, וואָס וועט פרייליך מאַכן די גאַנצע משפּחה.

---

אַריינגעקומען אין הויז, האָט ער אָבער בן־ציון'ען נישט געזען. עס איז געווען שטיל דאָ.

דער פּאָטער, כילל, אַ באַוואַקסענער, מיט יינגלשע, קלוג־שמייכלענדיקע אויגן, איז, אין אַ צעבראָכסטעטן ווייסן העמד, געזעסן צווישן דער היטל־נייענדיקער מאַשין און דעם צושנייד־טיש און האָט געלייענט אַ צייטונג. עס איז געווען אַ יידישע צייטונג, וואו ס'איז מיט גרויסע אותיות געווען געמאָלדן אַ שלאַכט צווישן סערביע און עסטרייך.

אויך איז דאָ די מוטער יוכבד, אַן עטוואָס איינגעבויגענע, ווי זי וואָלט געטראָגן אַ משא אויפן קאַרק, און מיט שיינע, שוואַרצע, טרויעריקע אויגן. זי איז געזעסן אויף אַ בענקל לעבן קאַמין און האָט אכטונג געגעבן אויף טעפּלעך, וואָס האָבן זיך געקאָכט אין די פייערקעס.

פון מאָל צו מאָל האָט זיך אין דער דאָזיקער טרויעריקער שטילקייט אַריינגעריסן אַ קול פון אַ מיידל, וואָס איז געווען אין אַ צווייטן צימער. געווען איז דאָס מיידל, בן־ציון'ס שוועסטער, דבורה'לע, אַן עטלעכע און צוואַנציקיעריקע, וואָס האָט זיך דאָרטן געלערנט אַ העברייאישן שם־הפועל פון אַ לעקציע, וואָס בן־ציון, איר לערער, האָט איר געגעבן. ....

— אהב, — האָט זי הויך אויפן קול זיך געלערנט — אָהבתי, אָהבת — — — —

געזען, אַז דער חבר איז נישטאָ, איז יאָסעלע געוואָרן אומרואיק.

— וואו איז בן־ציון? — טוט ער אַ קוק אויף כילן און יוכבד'ן.

— נישטאָ איז הויז. — ענטפערט די מוטער.

— וואו איז ער?

— פון וואַנען ווייסן מיר? אַ דאגה וואו ער גייט מיין בן־ציון? ער איז דאָך מיינסטנס אין ביבליאָטעק . . .

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי שוין אַ קוק געטאָן פון טשיקאַוואַסט:

— צו וואָס דאַרפסטו אים?

— צו וואָס? — קוקט יאָסעלע דורך די ברילעכלעך אי מיט

פרייד און אי ווי אַ קאַרגער, ווּעמען מ׳באַפאַלט און מ׳הייסט אויס־לײדיקן אַלץ פון זיין בײטל — שוין איינמאָל צו וואָס! . . .

און ער שיט אַרוים, וואָס נאָר אין זיין אוצר׳דיקער בשורה פאַר בן־ציונ׳ען.

ביי דער פאַר׳חושב׳טער מוטער יוכבד׳ן האָט זיך איין אויג פאַרדרייט. דאָס צווייטע איז געוואָרן אַזוי גרוים, אַז ס׳לעדל האָט פאַרדעקט די ברעם. פאַרשידענע קאָלירן האָבן זיך בליצשנעל אַ באַ־וויז געטאָן אויף די ליים־באַקן און פאַרשוואונדן. ווידער בליצשנעל זיך באַוויזן און ווידער פאַרשוואונדן. ווי פון טיפן שלאָף האָט זיך איר שווערער, באַיאַרטער קערפּער אויפגעהויבן פון בענקל און איינס־צוויי אַ דריי זיך געטאָן עטלעכע מאָל רונד־אַרום:

— מענטשן! מענטשן!! — האָט זי, יוכבד, אָנגעהויבן צו שרייען מיט אַ קול, וואָס איז געווען אי פון פרייד און אי פון געוויין — מענטשן! ראַטעוועט מיך!!

— וואָס איז? וואָס איז? — איז גיך, בהלה׳דיק, אַרויסגע־קומען צו לויפן דאָס שוואַרץ־חנ׳עוודיקע מיידל, דבורה׳לע, פון צווייטן צימער — וואָס איז געשען?

אויך דער טויבער פאָטער כיל איז געוואָרן אומרואיק. ער האָט זיך אויפגעשטעלט מיט דער צייטונג אין האַנט און גענומען קוקן ווי אַ ווילדער.

— וואָעס קומט דאָ פאָר? — קוקט ער אָן איטלעכן איינעם און פון די אויגן קוקט אַרוים אַ געבעט, מ׳זאָל אים זאָגן, וואָס יאָסעלע האָט דאָ געזאָגט — איז עפּעס, חס־וחלילה, שרעקלעכס געשען צו מיין בן־ציון? . . .

יאָסעלע איז צו אים צו און גענומען אַריינשרייען אין זיין אויער:

— חס וחלילה, ר׳ כיל . . . משיח קומט פאַר בן־ציונ׳ען . . .

— וו־אַ־עס? . . . — האָט דער טויבער כיל אויפגעשטעלט די אויגן. גלייך יאָסעלע וואָלט נישט אַריינגעשריען אין ריכטיקן אָרט.

— משיח פאַר בן־ציונ׳ען! — שרייט יאָסעלע נאָך העכער.

— משיח? — האָט דער טויבער כיל קוים געכאַפּט — פאַר וועמען? פאַר בן־ציון? עי . . . אייסעד . . . ער האַלט דאָך ניש פון קיין משיח . . . ער זאָגט, אַז משיח איז דאָ אין איטלעכן מענטש . . .

געזען, אַז מיטן טויבן ר׳ כיל איז אַ מעשה אָן אַן עק, וואָרים אַז יענער הענגט זיך אָן אין אַ געדאַנק, וועט ער שוין אַלץ פאַרגעסן און

זיך אוועקשטעלן האמפערן, האט זיך יאסעלע אנטשולדיקט, ער מוז גיין עסן מיטיק, נאכדעם צוריקלויפן אין דער קאנצעלאריע, און בלויז נאך איבערגעלאזט דער פריילעכער פאמיליע:

— זאגט בן־ציונ'ען, אז ס'איז איז שוין געבראכן... שוין!...

און די מוטער און שוועסטער האבן אים באגלייט מיט פרייד און וואונטשן.

---

נעכטן באנאכט, ווען בן־ציון איז אהיימגעקומען פון לאזאר אמסטערדאמס הויז, זענען די עלטערן און די שוועסטער נאך אויף געווען. ווי געווייינטלעך אין אזא שפעטער שעה, זענען זיי אלע מיד געווען און האבן זיך נישט גערירט. זיי זענען געזעסן דא, אין ארבעט־שטוב, און האבן געווארט אויף בן־ציונ'ען. וואס איז? זיי ווילן מיט אים רעדן נאכאמאל וועגן שידוך מיט שמעון רימערס טאכטער. אן אנדער מאל וואלטן זיי נישט געווען אזוי גערן צו רעדן. וואלט ער איינגעשטימט, בן־ציון, וואלט עס זיי געווען ניחא. אבער דאסמאל איז אנדערש. שמעון איז צוליב זיינע פלענער אזוי שטארק אנגעזען געווארן אין שטאט, אז פון בלויז שטיין אין זיינע ד' אמות, דארף מען זיך פילן געהויבן. אפילו די גבירים האלטן פון אים אן עולם־ומלואה, כאטש זיי האבן געהאט טענות צו אים אין בית־מדרש, אוועקגעמאכט מיט דער האנט זיינע פלענער. אבער וואס אממייסטן עס האט זיי, בן־ציונ'ס עלטערן און שוועסטער, צוגעצויגן צו שמעונ'ען און צו אלץ, וואס ער וויל, איז דאס, וואס ער וועט געווים נתעשר ווערן פון זיינע מקויים־ווערנדיקע פלענער, און וואס מיט אט דעם דאזיקן אומגע־הייער רייך־ווערנדיקן מענטשס טאכטער רעדט מען בן־ציונ'ען א שידוך. נו, וועט בן־ציון עפעס פארלירן, אז ער וועט טאן דעם שידוך? עס שטייט דאך אים פאר א גליק!

איז אט דערפאר זענען זיי נעכטן באנאכט אויף געווען אזוילאנג און געווארט ביז ער וועט קומען.

און אז ער איז געקומען, האבן זיי זיך אלע צו אים א נעם געטאן, אזש אין האלדז האט ווי קיין אטעם נישט געסטייעט. איינער האט געזאגט דאס. אן אנדערער עפעס אנדערש. אלע, אבער, האבן אין איין קול גע'טענה'ט צום גוטן:

— ביסט א נאר, אויב דו וועסט נישט טאן דעם שידוך.

— ניש שטענדיק וועסטו האבן אזא געלעגנהייט.

— ס'איז איינמאל אין א יובל...

— צי קריק דיין אפזאג . . .

— הײם, װעט מע זאגן יאקלען זאנב, ער זאל קריק אנהויבן רעדן װעגן שידוך . . .

— נו, װאס ענטפערסטו גארניש ?

— װאס שטײסטו װי א נישט היגער ?

אינדער'אמת'ן איז ער טאקע געשטאנען װי א נישט היגער. זײ האבן גערעדט און ער האט געשװיגן. זײ האבן צענדליקער מאל געזאגט, ער זאל זיך זעצן און ער איז געשטאנען. ער האט אויסגעזען גלייכגילטיק.

אפגעשטאנען אזױ א שטיקל צײט, האט ער זיך אבער יא א ריר געטאן. אבער נישט אלס צײכן פון אונטערגעבן זיך דער פאמיליע. נאר פון דערװידערונג. ער איז אריין אין זײן צימער לײגן זיך שלאפן.

פיל מאל, װען די עלטערן איז אױסגעקומען צו רעדן מיט אים װעגן א שידוך, איז ער אױך נישט געװען זײער להוט צו ענטפערן. דאך האט ער געענטפערט. אמת, מ'האט געפילט, אז אין תוך רעדט ער נישט דאס געדיכטע, װאס ליגט אים אויפן הארצן. אמת, מ'האט באשײנפערלעך געזען, אז ער װיל זיך נישט דערנענטערן מיט זײנע געדאנקען און געפילן צו די עלטערן, עפעס לאזט אים נישט, האלט אים צוריק. אבער אזױ װי דאס מאל — קײן פארגלײך. דאס מאל איז ער געװען אזױ — װי עמעצער װאלט אים ס'מויל פארבונדן. נו, האבן זײ נאך געקענט טראכטן, די עלטערן, און מיט זײ די שװעס־טער, װעגן א מעגלעכקײט אױסצופירן דעם שידוך ? נײן. קײן מעגלעכקײט האבן זײ שוין נישט געזען. אלע האפענונגען זענען פאר־לוירן געגאנגען. נישטא.

דעריבער, אז זײ האבן פריער דערהערט פון יאסעלען די בשורה װעגן א שטעלע פאר בן־ציון'ען, האבן זײ נישט געװאוסט, װאו אהינ־צוטאן זיך פון פרײד.

— אויב ניש דער שידוך, — זאגט די מוטער יוכבד צו דבורה־לען, נאך יאסעלעס אװעקגײן — זאל ער, בן־ציון, כאטש האבן א שטעלע . . . זאל ער זיך ניש ארומדרײען װי בטל . . . מ'קען דאך פון זינען אראפ . . דער געזינטסטער מענטש איז דאך נישט זיכער אזױ . . .

אבער אינדעם האבן זיך אירע רײד אפגעהאקט און ס'האט זיך אפגעעפנט די טיר. װער קומט ? — בן־ציון !

— אַך, וואָסאַראַ פרייד! — טוט צו אים אַ לויף־צו די מוטער און כאַפּט אים אַרום — דו ווייסט, וואָסאַראַ בשורה ס'איז דאָ פאַר דיינעטוועגן? . . .

— בן־ציון! — לויפט אויך צו די שוועסטער דבורה'לע — דו וועסט'אַך טאַנצן אין די גאַסן . .

— הע, הע! — טוט אַ ייִנגליש נאַאיוון שמייכל דער אַלטער כיל, וואָס מיינט מי־יודע וואָס דאָ איז שוין אויסגערעדט געוואָרן און פילט זיך דערפאַר צו אַנטשולדיקן, אויב ער וועט עמעצנס רייד איבער'חזר'ן — דו וועסט דאָך ערשט ווּיסן אויף וועלכער וועלט דו ביסט . . . זעסט, גאָט פאַרגעסט ניש אָן קיינעם! . . .

בן־ציון האָט אָבער נישט אויסגעזען באַגייסטערט.

— וואָס? — פרעגט די מוטער.

— וואָס איז? — פרעגט די שוועסטער — ביסט גאָרנישט נייגעריק צו הערן?

— כ'ווייס שוין . . . — זאָגט בן־ציון אַ גלייכגילטיקער — כ'ווייס שוין אַלץ . . .

— יאָ?

— נו?

— וואָס שווייגסטו? וואָס פרייסטו זיך ניש?

בן־ציון האָט זיך פון זיי אָוועקגעדרייט:

— כ'ווייס נישט, — זאָגט ער — וואָס איר מאַכט אַזאַ וועזן דערפון . . .

— וואָס, ניין? — טוט די מוטער אַ פאַר'חידוש'טן קוק.

— נאָכנישט גוט? — ווערט אויך די שוועסטער פאַרוואונדערט.

— וואָסי דאָ? — צעשפּרייט כיל די הענט, גלייך מ'וואָלט עפּעס געגאַנגען טאָן אָן זיין ווּיסן — וואָס טוט זעך דאָ?

בן־ציון האָט געוואָלט אַריינגיין אין זיין צימער, אָבער ער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

— איבער וואָס איז דאָ צו מאַכן אַזאַ שמחה? . . . — פרעגט ער אַ בלאַסער — איר האָט שוין אויסגעג'חשבונ'ט, וואָס כ'קען האָבן פון דער שטעלע? ניין? . . . אויב נישט, וועל איך אייך זאָגן . . . ווייסט איר, פאַרוואָס דער איצטיקער בוכהאַלטער גייט אַוועק? ווייל ער קען קוים פאַרדינען אויף חיונה פאַר זיך אַליין. אַפּשיטאַ נאָך פאַר זיך און אַ פרוי . . . פאַרשטייט איר שוין? . . .

די מוטער און די שוועסטער האָבן איצטער אַראָפּגעלאָזט די

הענט, ווי פליענדיקע פייגל לאזן אראפ די פליגלען, ווען זיי ווערן אונטערגעשאסן.

אויך האט דער אלטער כיל עפעס דערשפירט א נישט צופרידנ־קייט ביי בן־ציונ׳ען, כאטש ער האט אים נישט געהערט. ער האט עס געקענט דערקענען אי לויט זיינע זשעסטיקולאציעס בעת׳ן רעדן און אי אין דער פארנעפלדיקייט פון זיינע אויגן. ער איז דערפאר באלד צו צו דבורה׳לען, וואס איז שטענדיק זייער וויליק אים אויסצוהערן, און זי אנגענומען ביי דער האנט.

— זוג, מיר, טאכטער, וועגן וואס גייט עס? . . . וואס זוגט ער, בן־ציון?

אבער שטאט צו הערן זי, האט ער גאר געהערט די פרוי. און נישט איר שטיל קול האט ער געהערט, נאר איר הויכס, וואס האט געהילכט פון געוויין, ווי ביי ליכט־בענטשן, ערב יום־כפור.

— אז ער זעט ניש אין קיין גליק אין דעם, — שרייט זי וויינ־דיק מיט א פינגער אויף בן־ציונ׳ען — טא, פארוואס טוט ער ניש דעם שידוך מיט שמעון רימערס טאכטער? דארטן שטייט אים דאך יא פאר א גליק!

אבער ער, בן־ציון האט שוין איצטער דא נישט געוואלט שטיין. ער איז אריין אין זיין צימער און דא בלויז איבערגעלאזט זיין שטומקייט.

— נו? — דרייט זיך די מוטער אוים צו דבורה׳לען, נאכדעם ווי זי האט אויפגעהערט נאכקוקן דעם שטום־אוועקגייענדיקן זון — קען מען זיין א סבלן? . . . מ׳דארף דאך זיין פון אייזן דאס איבערצוטראגן . . .

אבער נישט וועלנדיק שוין מער באלעמוטשען וועגן א תכלית פארן זון, פון וועמען, ווי זי זעט, עס וועט שוין גארנישט ארויסקומען, איז זי צו צום מאן און אים אזא געשריי געטאן אין אן אויער, אזש ער האט א שאקל געטאן מיט די אויגן:

— צוגרייטן די סחורה און זאל מע ארויסגיין אין מארק אריין! . . . ס׳איז דאך א יאריד־טאג! אפשר וועט מע עפעס לייזן!

כיל האט זיך איצט געלאזט צו די פאליצעס, לעבן צושנייד־טיש, וואס שטייען מיט שטויסן היטלען און קאפעליושן, און אנגעהויבן איינצופאקן סחורה פארן יאריד.

אויך האט זיך דבורה׳לע גענומען גרייטן צוהעלפן ארויסטראגן סחורה אין מארק אריין. זי האט שוין איצט נישט אינזינען געהאט

איבערצו׳חזר׳ן די העברייאישע לעקציע „אהבתי, אהבת״, ווארים צוהעלפן צו פרנסה, איז איצט בילכער.

פון בן־ציונ׳ען האט מען אבער גארנישט געהערט. ער איז געווען פארמאכט אין זיין צימער, ווי אין א פעסטונג.

---

אין עטלעכע שעה ארום איז בן־ציון ארויס פון צימער.

אין הויז איז דאסמאל געווען בלויז די שוועסטער. דער פאטער און די מוטער זענען געשטאנען ביי די סחורות אין מארק.

בן־ציון איז איצטער, אז א ווארט, פארביי דער שוועסטער און, ווי א ברוגז׳ער, ארויס פון הויז. ער איז זיך געגאנגען זען מיט שלמה׳ן דעם פאליטיש־אהערפארשיקטן פון ראסיי, מיט וועמען ער וויל האבן א שמועס וועגן א זייער ערנסטן ענין.

עס איז נישט דאס ערשטע מאל, וואס ער גייט אים זען וועגן דעם ענין. נאך אינדערפרי איז ער זיך געגאנגען זען מיט אים. אבער ער האט אים נישט געטראפן. אין א שטיקל צייט ארום איז ער ווידער אוועק אים זען, אבער ער האט אים אויפסניי נישט געטראפן. איצט, נאך אפזיין עטלעכע שעה אין דער היים, גייט ער ווידער. און גיין גייט ער אזוי איין מאל נאכן אנדערן—נישט דערפאר, ווייל ער האט מיט אים. דעם פאליטיש־אהערפארשיקטן שלמה׳ן, עפעס א נאנטע שייכות אין טראכטן, אין קוק אויף זאכן, אין הלכות פאליטישע אידייען. ניין. אמאל, מיט יארן צוריק, אין 1905, האט ער יא געהאט די זעלבע אידייען, וואס עס האט זיי היינט שלמה. אבער שוין א לאנגע צייט ווי ער, בן־ציון, איז ווייט פון זיי. ווייט — נישט דערפאר, ווייל ער גלויבט נישט אין דעם פארווירקלעכט ווערן פון סאציאלן און נאציאנאלן יושר. ניין. ווי קען ער נישט גלויבן אין דעם, ווען נאך די נביאים האבן פארויסגעזען דאס? און ווי קען ער נישט גלויבן אין דעם, ווען די דאזיקע זעאונגען פון די נביאים גיבן כוח־הקיום דער יידישער אומה, וואס געפינט זיך ווי אין מיטן א וואלד פון חיות רעות . . . ער איז אבער ווייט פון יענע פאליטישע אופנים, דורך וועלכע שלמה וויל פארווירקלעכן די שיינע נביאות. ער מיינט, בן־ציון, די רעוואלוציעס און דאס ווארטן אויף דער הילף פון די נישט יידישע ארבעטער־מאסן. קעגן רעוואלוציעס איז ער דערפאר, ווייל ער האט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען ווי פיל אומשולדיקע מענטשן זענען פון רעוואלוציאנערן, אין 1905, אוועק פון דער וועלט, צוליב פער־זענלעכע נקמות. און די וואס זענען באגאנגען טעראריסטישע אקטן

צוליב דעם אמת'ן ציל פון דער רעוואָלוציע, זענען נאָכדעם געוואָרן מרה־שחורה'דיק. זיי האָבן זיך נישט געקענט טרייסטן מיט זייערע אידעאַלן. זיי זענען געשטאָרבן גראַדנוויין, טראָפּ נאָך טראָפּ. טאָ, צו וואָס פאַרמערן דאָס שלעכטס אויף דער וועלט? און קענען וואַרטן אויף דער הילף פון די נישט־יידישע אַרבעטער־מאַסן איז ער דערפאַר, ווייל עס וועט נישט זיין קיין טובה פאַרן יידישן פאָלק גופא. די אומות־העולם זענען איינגעוואָרצלטע נאַציעס. זיי האָבן צייט. זיי איילן זיך נישט צו ענדערונגען, וואָס ברענגען חורבות. דעריבער דאַרף זיך אויך דאָס יידישע פאָלק קודם איינוואָרצלען, אָוועקשטעלן די אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן אויף אַ געזונטן פונדאַמענט. און דאָס מוז געטאָן ווערן אויף אַן אייגענער טעריטאָריע.

איז אַט, נישט קיין שייכות אין פּאָליטישע אופנים פון דורכפירן אין דער וועלט די נבואה'שע זעאונגען האָט אים, בן־ציונ'ען, געטריבן צו דעם פּאָליטיש־אָהערפּאַרשיקטן שלמה'ן פון ראַסיי. ניין. עס איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע אורזאַך — אַ דורכאויס פּערזענלעכער עניין. עס איז געווען פונוועגן חוה'ן, מיט וועלכער שלמה איז אַמאָל געווען פאַרבונדן.

אַזוי ווי ער, בן־ציון, טראַכט יאָ פון תנאים־שרייבן מיט איר, כאָטש ער האָט נאָכנישט געזאָגט דערפון די עלטערן, ווייל ער פריער וויסן עפּעס פון שלמה'ן וועגן זיין געוועזענער כלה. און כל־זמן ער וועט נישט וויסן אַלץ גענוי און קלאָר, וועט ער אי אַליין נישט זיין גרייט צו פאַרבינדן זיך מיט חוה'ן, כאָטש זי געפעלט אים, זינט דעם שפּאַציר מיט איר, און אי ער וועט גאָרנישט זאָגן דערפון די עלטערן, וואָס ער טראַכט. ניין, ער מוז קודם־כל אַלץ וויסן, אַנישט גייט ער נישט צום טיש . . . איז אַט גייט ער.

ער איז אַראָפּ אויף דער באַנגאַס, אַריין אין דער אַלמנה רחל'עס רעסטאָראַן, וואו שלמה האַלט זיך אויף, און ווידער געפרעגט אויף דעם, וועמען ער דאַרף . . .

---

איז רעסטאָראַן־שטוב, וואו ס'שטייט דער בופעט מיט עסנוואַרג, איז געזעסן אַ קליין געוויקסיק ווייבל, אַן עלטערע, מיט שוואַרצע אייגעלעך, און האָט אויסגעקוקט אַ קונה. געווען איז זי: די אַלמנה רחל'ע, די רעסטאָראַטאָרין.

דערזען דעם חשוב'ן יונגנמאַן, דעם געלערנטן, וואָס איז שוין

דאָ היינט ס'דריטע מאָל, האָט זי זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק־געגאַנגען מיט אַ פרייליכער בשורה:

— ער איז שוין דאָ, שלמה . . . וואַרט־צו, פּאַניע שפּירא . . . יעקל'ן רופן פאַר אייערטוועגן . . .

בן־ציון האָט באַשטאַנען, כאָטש ער האָט נישט באַנומען פאַר־וואָס זי, די באַלעבאָסטע אַליין, איז זיך מטריח. ער אַליין וואָלט גע־גאַנגען צו שלמה'ן! אָבער דאָס קליינע ווייבעלע רחל'ע, מיטן שווערן שייטל אויפן געגאָלטן קאָפּ, האָט זיך נישט צוגעהערט און אים געלאָזט דאָ אַליין. געווען איז עס איבער אַן אורזאַך.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז שלמה אַהיימגעקומען מיט אַ גאַסט. אָבער בעת'ן אַרויפגיין מיט „אים" אין דער קוואַרטיר, אויפן צווייטן שטאָק, האָט ער, שלמה, געבעטן, אַז טאָמער וועט אים עמעצער דאַרפן, זאָל זי, רחל'ע די רעסטאָראַטאָרין נישט אַרויפשיקן יענעם אין דער קוואַרטיר, נאָר אַליין קומען און אַרויסרופן. איז אָט גייט זי, ווי מ'האָט זי געבעטן.

אויבן אויפן צווייטן שטאָק האָט זיך אָפּגעעפנט אַ טיר און ס'איז אַרויסגעקומען אַ הויכער מאַן, פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ פעד־שוואַרצער טשופּרינע, מיט שוואַרצע, געדיכטע וואָנצעס, ווי פענדזליקלעך, און האָט אַ ברוגז'ן ברום געטאָן צו דער רעסטאָ־ראַטאָרין רחל'ען:

— וואָסי? . . .

געווען איז ער שלמה.

געהערט וואָס, האָט ער זיך אַ פאַרטראַכטער אַ דריי געטאָן ביי די וואָנצעס, וואָס דרייען זיך נישט, און אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער אָפענער קוואַרטיר.

— איזווינִיטיע . . . 1) — רעדט ער אַריין אין רוסיש צו אַ קריסטלעכן מאַן, וואָס איז דאָרטן געזעסן אויף אַ בעטל אין בלויזן קאָפּ — יאַ סיטשאַס ווערניוס . . . 2)

דער קריסטלעכער מאַן —אַ הויכער, אַ שלאַנקער, פון אַ יאָר דרייסיק, מיט בלאָנדע וואָנצעס און מיט אַ ליכטיקן בליק, ווי ער וואָלט זיך אַלעמאָל געפילט יום־טוב'דיק, איז געווען — טאַוואַזשיש וואַלעק, דער פירער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין שטאָט.

ביז מיט אַ ציט צוריק איז ער, טאַוואַזשיש וואַלעק, געווען אַ

1) אַנטשולדיקט . . .
2) באַלד צוריקקערן זיך . . .

שרייבער אין מאגיסטראט. אבער איבער קידער־ווידער מיט די שטאָ־טישע רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פירער איז ער באַזייטיקט געוואָרן פון אמט. זינט דעמאָלט דרייט ער זיך אַרום אָן באַשעפטיקונג. לעבט אויפן חשבון פון דער מוטער, וואָס איז אַן אַקושעריז, און איז ווידער אין אַפּטע צוזאַמענשטויסן מיט זיינע קעגנער. איצט איז ער דאָ, אין שלמה'ס קוואַרטיר, וואו ער האָט ערשט נישט לאַנג צוריק אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן אַ ענין קעגן דער אָנקומענדיקער סכנה, וועגן וועלכער ער האָט שוין מיט צוויי טעג צוריק געלאָזט וויסן דער זייער פּראָמינענטער יונגער דאַמע אין שטאָט — פּאַננאַ זאַשקעז אַמסטערדאַם. אָבער אַז מ'האָט געשטערט, האָט ער איבערגעריסן דעם שמועס און גענומען וואַרטן, ביז ער וועט ווידער קענען בלייבן מיט שלמה'ן אַליין.

אַנגעטאָן איז ער געווען, טאַוואַזשיש וואָלעק, ווי אַ שליאַכטשיצס אַ זון: אין אַ שוואַרצן רעקל, ווייסע הויזן, ווייסע קאַמאַשן, און מיט אַ גרין שלייפל אין שטייף־געקראַכמאַליעטן ווייסן העמד־קאָלנער, ווי ער וואָלט זיך געקליבן גיין אין אַ טעאַטער. איצט, אַז ר'האָט געזען שלמה'ן אַוועקגיין, האָט ער זיך אַרויסגענומען פון רעקל־קעשענע אַ זילבערן פּאַרטאַבאַקל און זיך פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָסיקל, כדי נישט צו לאַנגווייליקן זיך בעת'ן זיצן אַליין.

— וולאַשניע . . . בעזוגליענדניע . . . 3) — טוט ער אַ פּאַר־אומערטער אַ פּליסטער און ברומט פאַר זיך פון מיצקעוויטשן אַ שורה, וואָס ער האָט אַפּטמאָל ליב, אין אַ געדריקטער שטימונג, צו ברומען — „טשאַס אוטשעקאַ, זשיטשע מיאַ" . . . 4)

---

באַקענט האָט ער זיך, שלמה, מיט טאַוואַזשיש וואָלעקן מיט אַ האַלב יאָר צוריק. עס איז געווען ביי אַ זונטיק־„זעבראַניע", וואָס די אַנטיסעמיטישע פירער האָבן פאַררופן אין מאַרק, לעבן דער „ספּול־קע". ביז דעמאָלט האָט ער, שלמה, נישט געהערט און נישט געוואוסט וועגן אים. געהערט האָט ער געהאַט, אַז אַמאָל אין „פיפטן יאָר" איז דאָ אין שטאָט געווען אַ גרויסע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אָבער צי עס איז עפּעס געבליבן פון איר, נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע, האָבן אי אַנדערע און אי ער, שלמה, נישט געוואוסט. אדרבה, ער האָט

---

3) געוויס . . . אָן תרעומות . .
4) די צייט אַנטלויפט, ס'לעבן פאַרשווינדט . . .

געגלויבט, אַז ס'איז געווים פון איר גאַרנישט געבליבן. וואָרים ווען פאַרקערט, טאָ פאַרוואָס הערט מען נישט פון איר? אָבער מיט־אַמאָל — אַן איבערראַשונג. שטייענדיק ביי יענער זונטיק־פאַרזאַמלונג הערט ער פּלוצים אַ קול פון איינעם, וואָס איז קעגן דעם אַנטיסעמי־טישן רעדנער, און וואָס ציט דערפאַר באַלד אַלעמענס בליקן אויף זיך . . . שלמה האָט זיך טאַקע דערנאָכדעם מיט אים באַקענט און זיך דערוואוסט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיטן סאָמאַראַדנעם פירער . . . נאָכדעם האָבן זיי זיך שוין אָפט באַגעגנט און ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַן אינטימע חבר'שאַפט.

אָבער דאָך איז שלמה נאָכאַלץ נישט געבליבן צופרידן. וואָס אים איז איצט אָנגעגאַנגען, איז געווען די יידישע פּאַרטיי. גוט, האָט ער געטראַכט, די פּוילישע האָט זיך אָפּגעזוכט. אָבער וואו איז די יידישע? איז עס מעגלעך, אַז זי איז אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען? איז עס מעגלעך, אַז די אינטעליגענץ פון דער פּאַרטיי האָט זיך געלאָזט אינ־גאַנצן דערשטיקן? אמת, ער האָט געהערט, אַז טייל האָט מען פאַר־שיקט קיין סיביר, טייל איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד און טייל איז אינגאַנצן אַוועק אויף אַנדערע וועגן — רעליגיעזע אָדער ציוניסטישע. אָבער דאָך? זאָל קיינער, לחלוטין קיינער נישט האָבן געבליבן? זאָל זיך קיינעם דאָס געוויסן אַ דערוועק נישט געבן — איבערהויפּט איצט, ווען ס'הערט זיך וועגן נייע חורבנות אויף יידן? און וואָס אמת, איבערהויפּט איצט האָט ער זיך געוואָלט צונויפטרעפן מיט יענע, וואָס זענען נאָך נישט געוואָרן אינגאַנצן אויסגעלאָשן פון אַמאָליקן שטורם. ער האָט געוואָלט האָבן מיט זיי אַ שמועס: אָט האָט ער שוין די לעצטע צייטן צונויפגעבונדן די אַרבעטער, וואָס זענען געווען ווי אַ סטאַדע שאָף אָן אַ פּאַסטעך. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן וויסן, וואָס עס איז זייער חוב אַלס מענטשן, אַלס יידן און אַלס טייל פון דער גאַנצער אונטערגעדריקטער מענטשהייט. אָבער ער וואָלט זיך אויך נאָך געוואָלט באַגעגענען מיט די, וואָס האָבן מורא אַרויסצואווייזן זייער פּנים, ער מיינט די אינטעליגענץ. אָבער ווי אַזוי? אומזיסט ס'טראַכטן. נישטאָ קיין וועג. ער האָט שוין אפילו אויפגעהערט גלויבן, אַז ס'איז דאָ אַזאַ אינטעליגענץ . . .

אָבער אינדעם — עמעצער האָט זיך געפרעגט אויף אים. ווער? — האָט ער געוואָלט וויסן, ווען ר'איז אָנגעקומען מיט טאַוואַזשיש וואָלעקן און די באַלעבאָסטע רחל'ע האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה. דער און דער . . .

— בן־ציון? — האט ער אַ איבערראַשטער געפרעגט. און ער האט געהאט פון וואָס איבערראַשט צו ווערן.

בן־ציון, ווי ער, שלמה, האט געהערט, איז אוועק אויף אַנדערע וועגן. ער האט זיך אָפּגעזאָגט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דירט אויף ביי מענטשן אַנדערע שטימונגען. איבעריקנס, האט מען נאָך דערציילט, ער איז מיינסטנס פאַר׳מרה־שחורה׳ט און סכנות׳דיק פאַרצווייפלט. אַט דאָס איז דער סוף פון די, — האט שלמה פיל מאָל געטראַכט — וואָס הערן אויף גלויבן אין דעם אומפאַרמיידלעכן זיג פון סאָציאַליזם און נעמען זיך זוכן אין מיסטיק, אָדער אין נאַציאָנאַליזם דעם ענטפער אויף זעלישן אומרו, אויף גייסטיקע ליידן און בלאָנדזשע־נישן . . . ווי בלינד די אינטעליגענץ איז געוואָרן נאָך איין דורכ־פאַל! . . . — האט ער, שלמה, פיל מאָל באַדויערט. אָבער אַז ר׳האט געהערט, בן־ציון איז שוין דאָ געוועזן עטלעכע מאָל, האט ער פון עק־זאַלטירנדיקער איבערראַשונג אַזש הילכיק אויסגערופן:

— טאַוואַזשיש וואָלעק! זיי הויבן שוין אָן דערזען די ליכט. די אינטעליגענץ . . . די פינצטערניש הויבט אָן פאַרגיין . . .

און איצט, אַז ר׳האט געהערט פון רחל׳ען, דער אינטעליגענט שפּירא איז שוין דאָ, איז ער נאָך מער דערפרייט געוואָרן און האט זיך געלאָזט מיט די טרעפּ אַראָפּ אין רעסטאָראַן־שטוב אַריין.

---

אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן־שטוב, האט ער, שלמה, באַלד, אַז שהיות, אויסגעשטרעקט די האַנט צו באַגריסן:

— דאָס בין איך, שלמה, וואָס איר ווילט זען.

עס פריידט מיך צו קענען אייך . . . — זאָגט בן־ציון אַ ביסל צוריקגעהאַלטן.

— איר ווילט מיט מיר רעדן פּריוואַט?

— יאָ . . . — שאָקלט בן־ציון מיטן קאָפּ דאַנקבאַר, וואָס ער איז זיך משער.

— קומט אַריין אין צווייטן צימער . . . — האט שלמה אָנגעוויזן אויף אַ שכנות׳דיקער שטוב, וואו ס׳שטייען טישלעך און שטולן.

בן־ציון איז אַ צופרידענער אַריין.

אוועקגעזעצט זיך ביי אַ טישל, האט שלמה אַ קוק געטאָן אויפן אקעגנאיבער־זיצנדיקן בעל־תשובה און אים אָנגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ. טאָקע אַ ריכטיקער בעל־תשובה . . . — טראַכט ער וועגן אים — ער זעט טאַקע אַזוי אויס. דאָס פּנים בלייך, די אויגן אַריינגעפאַלן און

דער שטערן פול מיט קנייטשן . . . ווער ווייסט, ווילאנג ער האט זיך גע׳יישוב׳ט, צי ער זאל יא קומען צו מיר, צי נישט . . . ער האט זיך אבער לאנג נישט געוואלט פלפול׳ען וועגן דעם בעל־תשובה׳ס גייסטיקע יסורים און איז צו צום ענין:

— וואס איז אייער פארלאנג, הער שפירא ? . . .

— מיין פארלאנג ? — זאגט בן־ציון אלץ נישט געגוג דרייסט — מיין פארלאנג איז וועגן א מענטשן, וואס איז אייך אמאל שטארק אנ־געגאנגען.

— וואס מיינט איר ? — טוט שלמה א שטעל־אויף די אויגן, ווי ער וואלט אינגאנצן איבערגעפירט געווארן — וואס מיינט איר „וועגן א מענטש" ? וועלכער מענטש ?

— דער מענטש, וואס איז אייך אמאל זייער שטארק אנגעגאנ־גען . . . — זאגט איבער בן־ציון אביסל אן מוט און האט נישט קיין חשק ארייננצוגיין אין מער פרטים.

— אבער וועלכער מענטש ? — פרעגט ווידער שלמה.

בן־ציון האט זיך שוין איצט אביסל פארלוירן, אבער דאך געשטארקט זיך.

— הער שמעון אלטערס טאכטער . . . — זאגט ער ענדלעך — פריילין חוה . . .

— חוה ? — פארשפיצט שלמה די אויגן, ווי א פליג וואלט זיך געצילט ארייננצופליען אין זיינע שווארצאפלען.

— יא.

— נו,איז וואס ?

— וויל איך עפעס וויסן . . .

— וואס ?

— איר זענט דאך ארומגעגאנגען מיט איר א לענגערע צייט . . .

שלמה האט איצט געקוקט זייטיקלעך אויף בן־ציונ׳ען און נישט געקענט באנעמען, וואס אים גייט דאס אן.

— איר ווילט ביי מיר עפעס אויסגעפינען ? — פרעגט ער אים פלוצים הארב — א ? וואס ווילט איר אויסגעפינען ?

— כ׳וויל נישט אויסגעפינען . . . — זאגט בן־ציון עטוואס א ציטערדיקער, אז אומבאהאלפענער — כ׳וויל בלויז וויסן . . .

— אבער וואס ?

— זאל אייך נישט ארן, וואס כ׳פרעג אייך, וואס כ׳באלעסטיק אייך. . . ס׳וועט אייך גארנישט קיין שלעכטס ארויסקומען דערפון . . .

שלמה האָט שוין איצטער אָנגעהויבן אַנדערש צו קוקן אויף דעם אינטעליגענט. ער איז געוואָרן ווידער פֿריילעך ווי אינאָנהויב, ווען ר׳האָט אים דערזען, און ווידער זיך געפֿילט צו אים, ווי צו אַ ניי־צוקומענדיקן חבר. געוויס, טראַכט ער ווען אים — איז דער דאָזיקער מענטש גע־קומען, כדי אָראָפּצוטרעדן זיך פֿון האַרץ פֿאַר זיין גיין אויף קרומע וועגן, נאָר ער גייט בכיוון הינטנאָרום, ווייל ער וויל וויסן, צי גייט ער האָבן צו טאָן מיט אַ ערלעכן, מיט אַ ערנסטן מענטש. און וויאַזוי קען מען דאָס דערקענען? דורך זיין פֿרעזענלעך לעבן! . . . ער האָט דערפֿאַר נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און ווידער אָנגעהויבן:

— איר ווילט וויסן, צי כ׳האָב איר נישט געטאָן קיין שלעכטס?

— יאָ. — זאָגט בן־ציון און די אויגן ווערן אים פֿול מיט פֿרייד, וואָס ענדלעך איז דערצו געקומען.

— ניין . . . — זאָגט שלמה און פֿילט, אַז אָט איז ער טאַקע אויפֿן ריכטיקן וועג מיטן בעל־תשובה — ניין. איך האָב איר קיין שלעכטס נישט געטאָן . . .

— קיין שלעכטס? — פֿרעגט בן־ציון זייער נייגעריק און שטעלט אויף די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געבעטן ביי שלמה׳ן דעם ריינעם אמת.

— קיין שלעכטס.

— כ׳מיין, טאַקע באמת קיין שלעכטס?

שלמה קוקט ווידער אויף אים מיט אַ מאָדנעם בליק. וואָס מיינט ער, טראַכט ער, וואָס פֿרעגט ער אַזויפֿיל מאָל? כ׳האָב דאָך אים שוין געזאָגט: ניין. טאָ, וואָס נאָך וויל ער?

— וויפֿיל שלעכטסן איז דען דאָ? — טוט ער פּלוצים אַ פֿרעג.

— כ׳מיין נישט קיין גייסטיק שלעכטס . . . טוט זיך בן־ציון אַ בעט.

— וואָסאָראַ דען? אַ פֿיזישן? אַ קערפּערלעכן?

— יאָ, יאָ . . . — טוט בן־ציון אַ שאָקל־צו מיטן קאָפּ ווי אַ גוט קינד — אַ פֿיזישן . . .

שלמה קוקט אים ווידער אָן מאָדנע. אָבער איצט מיט פֿאַרדראָס:

— מיינט איר נישט, צי איך האָב זי נישט קערפּערלעך פֿאַר־שוועכט?

— יאָ . . . — טוט בן־ציון אַ שאָקל מיטן קאָפּ און דאָס פּנים לייכט ביי אים אויף פֿון פֿרייד.

— ניין . . . — זאָגט שלמה אַ ביסל בייזער און נעמט בייסן אייזן ליפּ אין דער אַנדערער — ווערט איר מיר גלויבן? . . .

— אַז איר זאָגט אויף אייער ערן־וואָרט, וועל איך גלויבן . . . —
זאָגט בן־ציון און שטעלט זיך שוין אויף.

שלמה קוקט אים ווידער אָן מיט אַ מאָדנעם בליק.

— וואָס, איר גייט שוין?

— יאָ.

— דאָס אַלץ, וואָס איר האָט געוואָלט וויסן?

— יאָ . . . — זאָגט בן־ציון מיט דאַנקבאַרקייט — אַ זייער שיינעם דאַנק דערפאַר . . .

שלמה האָט שוין איצט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר נאָכגע־קוקט בן־ציונ׳ען און געטראַכט: אָט, מיט וואָס די אינטעליגענץ פאַר־נעמט זיך אין אַזאַ־אַ צייט . . . מ׳רעדט אים געווים אַ שידוך מיט דער חוה׳ן, וויל ער פריער וויסן, צי זי איז נאָך אַ בתולה . . . אויב נישט, וואָלט ער זיך מסתם נישט געיאָגט נאָך איר . . . ער מוז האָבן אַ מיידל אַ בתולה . . .

— דאָ טשאָרטאַ! . . . האָט ער אין רוסיש אַ ברום געטאָן צו דער באַלעבאָסטע רחל׳ען וועגן דעם שוין אָוועקגעגאַנגענעם בן־ציונ׳ען — אַז צום טייוול זאָלן זיי גיין, די אינטעליגענטן, מיט זייער אינטע־ליגענץ . . . אָט זעט, מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך . . .

# קאַפּיטל פּערצן

ווען בן־ציון איז אַרויס פון רחל'עס רעסטאָראַן, איז פייגע, שמעונ'ס טאָכטער, אַ פאַרבענקטע געשטאַנען אין הויז, ביי אַן אָפענעם פענצטער, געקעמט זיך די האָר און געזונגען:

וואָס טויג מיר דער גאָלדענער זייגער,
אַז דער זייגער ליגט אין טאַש?
וואָס טויג מיר דאָס שיינינקע מיידל,
אַז איך קאָן נישט מיט איר אַרויסגיין אויפן גאַס?
אַך און וויי און ביטער
איז צו מיינע יאָרן.

אין הויז איז געווען שטיל. אַזוי שטיל, אַז ס'האָט אָנגעכאַפּט אַן אימה. אָבער זי, פייגע, איז געשטאַנען ביים פענצטער, געפילט זיך באַרוישט פון דער בלענדנדיקער זון, וואָס פאַרגיסט מיט פרייד אַלץ, וואָס אויף דער וועלט, און האָט געזונגען מיט אַן עטוואָס פאַרקלעמט האַרץ. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ לייכטן הויז־קליידל, אויף די פיס בלויז לעטשלעך, און אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ זילבערן קייטעלע מיט אַ מעדאַלאָניק, וואו ס'איז געווען איינגעפּאַסט אַ קליינינק פאָ־טאָגראַפיעלע פון איציקן. דאָס וואָס איז פאָרגעקומען לעצטע נאַכט צווישן איר און איציקן איז נאָך ביי איר זייער פריש און זי וואָלט געוואָלט, אַז ס'זאָל אַזוי אָנהאַלטן ס'גאַנצע לעבן. אָבער וואָס זי באַגערט חוץ דעם, איז, אַז ס'זאָל שוין קומען אַ סוף צו איר און איציקס באַזונדער לעבן. זי וואָלט שוין געוואָלט פירן אַ פאַמיליע־לעבן! איז אָט, כאָטש זי איז פריילעך פון דער לעצטער נאַכט, דאָך זינגט זיך איר דאָס לידל מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

וואָס טויג מיר די נייע קאַזאַצקע,
אַז טאַנצן קען איך נישט?
וואָס טויג מיר דאָס מיידל די כוואַטסקע,
אַז נעמען קען איך זי נישט?

אַד און ווײ און ביטער
איז צו מײנע יאָרן.

זי וואָלט געקענט אַזױ־אַ שטײן בײם פענצטער שטונדן־לאַנג און אָנאױפהער זינגען און זינגען אָבער אין דעם האָט זי דערזען בן־ציונ׳ען אַרױסגײן פון רחל׳עס רעסטאָראַן און גענומען אַרומלױפן אין צימער מיט אַ הילכיקן רוף:

— חוה! חוה!

חוה איז אָבער נישט געווען אין צימער. זי איז אױך נישט געווען אין צװײטן צימער. זי איז בכלל אין הױז נישט געװען. און נישט נאָר זי, קײנער נישט.

געזען אַזױ, האָט זיך פײגע הענדום־פענדום געטאָן אַ לאָז אַרױס פון הױז און איז אַװעק צום הױף, װאו מ׳אַרבעט אַרום דער גאַרבערײ.

---

אױפן הױף איז איצטער אָנגעגאַנגען אַ פיבערדיקע אַרבעט.

אױף אײן זײט האָבן טרעגערס אַרײנגעשטעלט קלעצער און גרײ־בער, װאָס מען האָט נעכטן געקאָפּעט. אױף אַ צװײטער זײט האָבן פינף ברוקירער, װאָס מ׳האָט פריער געדונגען, צעגראָבן ערד מיט רידלען, כדי נאָכדעם צו שיטן זאַמד און ברוקירן מיט שטײנער, װאָס די באַלעגאָלעס האָבן שױן אָנגעבערענגט פון פאַן קאַרפּס סקאַלע. און אין דער קאַמער, װאו ס׳איז די גאַרבערײ, האָבן מאַרקל און פינף אַר־בעטער־ײנגען אַראָפּגעלאָזט פעל אין די אײנגעקאָפּעטע פעסער, װאו ס׳איז שױן געװען געלאָשענער קאַלך.

עס איז אָנגעגאַנגען אַזאַ אָנאױפהערלעך האַסטיקע אַרבעט, גלײך אַלע װאָלט געדאַרפט פאַרטיק װערן אין אַ באַשטימטער צײט.

חוץ די אַלע מענטשן, זענען דאָ אױפן פּלאַץ אױך געװען שמעון און פערל. אָבער זײ האָבן גאָרנישט געטאָן. זײ זענען נאָר געשטאַנען בײ אַ װאַנט פון אַ קאַמער, געקוקט אױף די פינף ברוקירער װי זײ צעגראָבן די ערד, און אױסגעזען זײער קרענקלעך.

פון צײט צו צײט האָט פערל אַ בליק געטאָן אױף אים, שמעונ׳ען, און געמורמלט זײער ביטער און אָן אױפהער. אָבער שמעון האָט זיך נישט אױסגעדרײט צו איר און װידער געװען אַזױ קרענקלעך, אַזױ דערשלאָגן װי פריער.

און דערשלאָגן איז ער געװען, שמעון, איבער זײן דורכפאַל בײם באַנק־דירעקטאָר, פאַן קאַרפּ, און בײ לאַזאַר אַמסטערדאַמען. זינט ער האָט דערזען װאָסאָרא ברוך־הבא זײן פּלאַן האָט הײנט געקראָגן פון

יענע גרויסע לייט, ווייסט ער נישט וואו ער זאָל זיך אַהינטאָן. ער קען פּשוט נישט געפינען זיך קיין אָרט. אגב, נישט לאַנג נאָכדעם ווי ר'האָט פאַרלאָזט לאַזאַר אַמסטערדאַמען, האָט ער שוין געהאַט אַן עצה צו ראַטעווען זיין פּלאַן. ער וועט צונויפנעמען — האָט ער געטראַכט — אַלע זיינע געלטער, וואָס ער האָט ביי די יודקעס און ביי יוסף סאַבאַל'ן און אַליין גיין אין דעם דאָזיקן גרויסן געשעפט . . . אָבער אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט. ער האָט זיך געכאַפּט פילן ווידער אין אַ קלעם. איז דען געגנוג דער קאַפּיטאַל וואָס ער אַליין קען צושטעלן? איז אָט זינט דעמאָלט פילט ער זיך נאָך ערגער. ער קען קוים האַלטן דעם קאָפּ אויף זיך. ער רעדט וועגן איין זאַך און האָט אינזינען אַ צווייטע זאַך. ער רעדט צו איינעם און האָט אינזינען אַן אַנדערן. פּונקט ווי איצט. ער קוקט אויף די ברוקירער ווי זיי אַרבעטן און האָט גאָר אינזינען עפּעס אַנדערש. אפילו צו פּערלען, ווען זי רעדט צו אים, הערט ער זיך ווייניק צו. מילא, וואָלט ער אין גאַנצן נישט געווען אָנגעהויבן, וואָלט ער געווען רואיק. רואיק דערפאַר, ווייל אָט בויט זיך ביי אים, אין אַ קליינעם פאַרנעם, דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. אָבער אַז ער האָט שוין אָנגעהויבן און אָנגעמאַכט אַזאַ טרעוואָגע, איז אים אַ בושה און אַ ווייטיק אַז עס זאָל זיך דאַרפן אויסלאָזן אַ בוידים. חוצ'דעם, פאַר־וואָס זאָל ער זיך נאַרן? ער פילט, אַז ווען ער זאָל אפילו נאָכנישט האָבן אַרויסגעבראַכט דעם פּלאַן אויף דער וועלט, וואָלט ער עס ערשט איצט געדאַרפט טאָן. פאַרוואָס? ווייל אַ מענטש מיט שכל, מיט אַ שטיקל האַרץ דאַרף פּשוט נישט קענען שלאָפן, נישט רוען, אויב ער האָט אַזאַ פּלאַן, אַזאַ וואונדערלעכן פּלאַן, און ער לאָזט וועגן אים נישט וויסן דער וועלט. אַ זינד וואָלט עס געווען! וואָס, דאָס לעבן פון הונדערטער נפשות איז נישט אַזוי טייער ווי דאָס אייגענע? דעריבער־אַ האָט ער, שמעון, טאַקע קיין שום חרטה, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דעם פּלאַן און יאָ אים מפורסים־געמאַכט פאַר דער וועלט . . . די צרה איז נאָר דאָס, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. אָט דאָס איז זיין גרויסער ווייטיק. אָבער נישט ווייניק העלפט צו דעם צו זיין אייגענע פרוי. אָט שטייט זי לעבן אים און יאָדעט אים און יאָדעט. זי עסט אים פּשוט אַ לעבעדיקן..

— ווערסט זיך נישט צוהערן צו מיר? — גריזשעט זי אים — ניין? . . . אָט דערפאַר האָסטו אַלעמאָל אַזעלכע מפּלות, ווייל דו הערסט זיך קיינמאָל נישט צו צו מיר . . .

ער, אָבער שמעון, ענטפערט איר נישט. וואָס האָט ער צו ענט־

פערן? ער טראַכט אָבער, אויב זי וועט אים נאָך לאַנג אַזוי נודיען און בייסן, וועט ער זי געבן אַן עקספּעדיר אַריין אין הויז — אַז זי זאָל זיך אים דאָ שוין מער נישט ווייזן פאַר זיינע אויגן... וואָס אמת, ער וואָלט עס שוין פון לאַנג געווען געטאָן. נאָר איר שוואָך האַרץ און בכלל איר גאַנץ האַלטן זיך אויף אַ האָר האָט אים אָפּגענומען דעם חשק. אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור? דאָך, כדי ער זאָל איר פאַרט נישט ווייטאָן, דרייט ער זיך אויס און בעט זי:

— אפשר וועסטו אויפהערן, פּערלשי?... כ'בעט דיך...

אָבער זי, ווי מ'וואָלט זי אָנגעדרייט „אויבן", וואו זי שפּאַצירט, אין דמיון, שטענדיק אַרום מיט די אמהות אויף גרינע סטעזשקעס פון גן־עדן, שטייט זי אַזוי און מאַליעט און מאַליעט אים אין קאָפּ אַריין — גאַרנישט אויפצוהערן:

— כ'האָב דיר נאָך געזאָגט נעכטן ביינאַכט, אַז דו דאַרפסט נישט איינגיין מיט די מענטשן, כאָטש ביסט אַהיימגעקומען פון דעם יידישן גוי, דעם פאַבריקאַנט, אַ גאַנץ־דערפרייטער... כ'האָב דיר אָבער געזאָגט... אַצינד זעסטו ווי דו זעסט אויס?... מ'האָט דיך פאַרשעמט... מ'האָט מיך פאַרשעמט... וואָרן וואו איז דאָס נאָך געהערט געוואָרן, אַז מ'זאָל צומערשט צוזאָגן און נאָכדעם קיין וואָרט נישט האַלטן... נישט מער, נאָר מ'האָט באַלד חוזק־געמאַכט פון דיין פּלאַן... כ'האָב דיר אָבער געזאָגט נעכטן באַנאַכט... וויי איז מיר. ווינד איז מיר...

זעענדיק אַז ער וועט זיך שוין פון איר נישט קענען אָפּטשעפּען, האָט ער זיך, שמעון, אויסגעדרייט און גענומען גיין איבערן הויף הין און צוריק. אפשר — האָט ער געטראַכט — וועט זי פאַרשטיין וואָס ער מיינט, און אפשר וועט זי אים בכלל צו־רו לאָזן.

אָבער סיווויסיי איז שוין נישט נייטיק געווען אָט דאָס אָפּשיידן זיך, וואָרים ס'האָט זיך דערהערט אַ רוף „חוה!" און פּערל האָט זיך גענומען באַשעפטיקן מיט עפּעס אַנדערש.

— צו וואָס דאַרפסטו חוה'ן? — פרעגט זי די צעיאָכמערט־אַנ־קומענדיקע פייגען.

פייגע האָט נישט געזאָגט צו וואָס, נאָר בלויז זיך אומגעקוקט און געפרעגט:

— איז דאָ נישטאָ חוה?

— ניין. — זאָגט פּערל — זי איז דאַכט זיך ביי מאַרקלען אין שטוב...

— יאָ? מאַרקל . . . — טוט פייגע אַ קוק אַריין אין דער גאַר־בערײַ־קאַמער.

— דאַכט זיך . . . — ענטפערט מאַרקל, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַ פאַרטעך, און פּאַטשקעט זיך מיט ביידע הענט ביי די פעל — ווען כ'בין אַהער געגאַנגען פון מיטיק, איז זי, דאַכט זיך, אַריבערגעגאַנגען צו מיר . . .

פייגע האָט שוין לענגער נישט געוואָלט באַלעמוטשען און זיך געלאָזט צו מאַרקלען אין שטיבל.

---

ביי מאַרקלען אין שטיבל איז חוה געווען אַ זייער אָפטער גאַסט. נישט שטענדיק איז עס אַזוי געווען. איידער מאַרקל איז געוואָרן אַ וואָכן־מענטש ביים פאָטער, איז געווען אַנדערש. דעמאָלט איז מאַרקל, איבערהויפּט זיין פרוי בלומע, זעלטן ווען געקומען צו פאָטער און מוטער אין הויז אַריין, און די עלטערן, אויך די שוועסטער זענען נאָך זעלטענער געקומען צו מאַרקלען און בלומען. די סיבה: די שטענדיקע געשעפטלעכע סיכסוכים איבער קונים, איבער פרייזן, סיכסוכים, וואָס האָבן געבראַכט אָפטע מחלוקות. אָבער אַז מאַרקל האָט אויפגעגעבן זיין אָרימען וואַרשטאַט און איז געוואָרן, ווי דער פאָטער האָט שוין לאַנג צוריק פאַרלאַנגט, בלויז אַ וואָכן־מענטש, האָבן זיך די פאַמיליע־באַציאונגען פאַרבעסערט. ס'איז געוואָרן אַ שטענ־דיקער שלום, כאָטש מ'ווייסט נישט וואָס ביי זיי, ביים זון מאַרקלען און ביי דער שנור בלומען, אין האַרץ טוט זיך. אָבער ס'איז דען אַ פליכט צו קוקן אין האַרץ אַריין?

איז אָט פון דעם שלום האָט חוה אָממייסטן געוואונען.

אַז אַנדער מאָל האָט זי נישט געהאַט וואוהין צו גיין. זי האָט אויך נישט געהאַט פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ, ווען ס'איז איר געווען שווער, אָדער ווען זי האָט געהאַט עפּעס סודות. וואָרים מיט די שוועסטער, ווי גוט זי זאָל נישט זיין מיט זיי און ווי נאָנט, דאָך האָט זי נישט געקענט פאַר זיי פאַלן לאָזן אַזעלכעס, וואָס זי וואָלט דערציילט פאַר אַ פרעמדן, צו וועמען זי וואָלט געהאַט צוטרוי. פאַר אַ פרעמדן איז מען עפּעס אָפענער, דרייסטער.

איז אָט אַזאַ מענטש האָט זי געפונען אין מאַרקלס פרוי — אין בלומען.

זינט ס'איז געוואָרן שלום, קומט זי, חוה, דאָרטן אַריין און רעדט זיך אויס פאַר בלומען אַלץ, וואָס דריקט איר אויפן האַרץ. קיינעם

דערציילט זי נישט אזוי ווי איר. זי, בלומע, איז געווארן אן אפגאט!

און אויך איצט איז זי געווים דארטן פונוועגן אראפריידן זיך עפעס פון הארץ. — טראכט פייגע אויפן וועג צו מארקלען. — מסתם וועגן דער נעכטיקער באגעגעניש מיט בן־ציון׳ען. פאר איר, פייגען, און פאר די איבעריקע שוועסטער האט זי, חוה, קיין סך נישט דער־ציילט. אלץ וואס זי האט געזאגט, נאך זייער לאנג נאכקוקן און צו־שטיין צו איר היינט אינדערפרי, איז געווען:

— ער האט געזאגט, בן־ציון, אז ער וויל מיט מיר אויך היינט שפאצירן . . .

אבער זי האט געבעטן, אז טאטע־מאמע זאלן דערפון נישט וויסן. ווארים נאכדעם ווי פון שידוך איז גארנישט געווארן, וואלטן זיי נישט דערלויבט אז זי זאל נאך מיט בן־ציון׳ען ארומגיין.

אבער פאר איר, פייגען, און פאר די שוועסטער, איז סיי־ווי־סיי נאכאלץ געווען א רעטעניש: אויב דו האסט גארנישט מער געהערט פון אים ווי נאר דאס, אז ער וויל מיט דיר נאכאמאל שפאצירן. טא צו וואס דארפסטו דאס טאקע? מ׳וועט דיר ס׳טעלערל פון הימל געבן, אז וועסט זיך ארומדרייען מיט אן אינטעליגענט?

אבער גיי רעד, אז מער ווי די פאר ווערטער האט זי זיך נישט דערלויבט. אומזיסט ס׳רעדן צו איר. אבער דאס, וואס זי, פייגע, גייט איצט צו איר און מוז מיט איר רעדן, איז וועגן א זאך וואס מ׳מוז גוט באטראכטן. דהיינו: וועגן בן־ציונ׳ס אריינגיין אין רחל׳ס רעסטאראן. דאס איז א געפערלעכע זאך, דאס אריינגיין זיינס אין רחל׳ס רעסטאראן. ווארים וואס האט ער דארטן צו טאן, וואס? ער דארף רעדן מיט רחל׳ען וועגן רעסטאראן־געשעפטן? איז נישט מער, נאר קאמוניקאציעס מיט שלמה׳ן. יא, געשעפטן מיט חוה׳ס אמאליקן חתן. און א פאקט, אז מיט אים, איז דאס, וואס ווען בן־ציון איז פריער ארוים פון רעסטאראן, איז שלמה געבליבן שטיין אין דער טיר און האט נאכגעקוקט. נו, איז דאס וויניק באוויז? איבערהויפט מוזן דאס זיין מאדנע קאמוניקאציעס, ווארים ער, בן־ציון, איז שוין היינט דארטן געווען דריי מאל. הכלל, וואס באווייזט דאס? דאס באווייזט, אז בן־ציון האט טאקע די זעלבע געשעפטן וואס שלמה! וואס די געשעפטן זענען? פאליטישע געשעפטן. זי, פייגע, האט גאר נישט קעגן די דאזיקע געשעפטען. ניין, אדרבה. איר איציק איז דאך אויך פארקאכט אין אזעלכע זאכן. און צוליב אים איז זי דאך אויך פאר־קאכט. יא. זי, פייגע, אויך! וואס, ס׳זענען דען נישט קיין אינטע־

רעסאַנטע זאַכן, די פּאָליטישע געשעפטן? יאָ. נאָר ווען עס קומט צו חוה'ן, וויל זי נישט, פייגע, אַז יענע זאָל האָבן צו טאָן מיט מענטשן, וואָס מישן זיך אין פּאָליטיק. ערשטנס, ווייל יענע איז נישט אַזעלכע, וואָס באַגערט אַזוינע ענינים, צווייטנס, ווייל יענע איז אַ דורכאויס באַלעבאַטישע נאַטור, האָט ניט ליב קיין טומל, קיין אַנדערשקייט.

איז אַט דערפאַר וויל זי, פייגע, האָבן אַ שמועס מיט חוה'ן און זי וואָרענען. גענוג וואָס זי, חוה, האָט געהאַט צו טאָן מיט שלמה'ן, וואָס האָט צוליב איר נאַטור אָפּגעלאָזט דעם שידוך. וויל זי שוין אויפסניי האָבן צו טאָן מיט אַ פּאָליטיקער? וואָס וויל זי שוין ווידער פאַר־שעמט ווערן?

— ניין . . . — האָט זי צו זיך אַ ברום געטאָן און זיך אַריינ־געלאָזט צו מאַרקלען אין שטיבל.

---

אין אַ ווינקל, ביי אַ פענצטער, וואָס גייט אַרויס צו דער גאַנ־גאַס, זענען געזעסן צוויי פרויען. איינע — בלומע, און אַ די צווייטע – חוה.

בלומע — מיט אַ טרויעריק, רויטלעך פּנים, מיט צוגעפּרעסטע ליפּן — האָט געהאַלטן די הענט פאַרקרייצט אויף דער ברוסט און געקוקט ווי איינע, וואָס האָט שוין אַ סך איבערגעלעבט און וואָס ווערט שוין פון גאָרנישט איבערראַשט. און חוה — ווי איינע, וואָס האָט ערשט דערזען די וועלט און אירע וואונדער.

ביידע זענען געזעסן אַקעגנאיבער איינע דער אַנדערער און האָבן געשמועסט אַזוי, גלייך זיי וואָלטן זיך געדאַרפט פאַר עמעצן היטן. אינדער'אמת'ן האָבן זיי נישט געוואוסט דערפון. נאָר ווייל דער שמועס איז לכתחילה אָנגעהויבן געוואָרן מיט אַ שטילן טאָן, מיט אַ שעע־טשען, האָבן זיי זיך שוין אויף אַט דער פלאַד געהאַלטן איבער דער גאַנצער צייט.

און אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי צוליב חוה'ן.

חוה, אַזוי ווי זי איז דאָ אַריינגעקומען, האָט זי באַלד מיט אַ שטיל קול געזאָגט צו דער שוועגערין:

— בלומע, כ'דאַרף מיט דיר עפּעס איבעררעדן.

און בלומע, וואָס האָט שוין גוט געקענט חוה'ן, האָט געמיינט אַז ס'מוז זיין עפּעס סודות'דיקעס, האָט זי אויך נישט געוואָלט רעדן הויך. איז אַט זיצן זיי שוין אַזוי זינט פריער און מ'רעדט שטיל, כאָטש ס'איז נישטאָ קיין סודות.

אין שטיבל איז קיינער נישטא. דאס דרייצניאריקע בחור'ל קאפקע, וואס איז געווארן א בן־יחיד, זינט א האלב יאר צוריק, ווען ס'איז דא געשטארבן א יונגער ברודער, איז איצטער אין חדר, פון וואנען ער וועט אהיימקומען ערשט אקעגן זון־פארגאנג. און אויף אנ־דערע מענטשן רעכט מען זיך דא אויך נישט איצט. מיט צייטן צוריק, ווען מ'האט דא געפירט ווארשטאט, זענען דא ס'רוב־מאל אומגעריכט אריינגעקומען סוחרים. איינער וועגן פעל. א צווייטער וועגן לייוונט, האר, שפאגאט. א דריטער וועגן עפעס אנדערש. היינט אבער — א סוף צו אלעם. קיינער קומט נישט. קיינער לאזט זיך נישט הערן. עס איז ווי אין אן אויסגעשטארבענער וועלט. איז אט זיצן זיי, די צוויי שוועגערינס, אן שטערונג פון עמעצן, און רעדן.

אפגערעדט האבן זיי שוין א סך. זיי האבן שוין גערעדט וועגן דעם, וואס חוה האט זיך נעכטן באגעגנט מיט בן־ציונ'ען. און אויך שוין וועגן דעם ווי זי, חוה, און בן־ציון זענען נאכדעם געגאנגען שפאצירן, וואס זיי האבן גערעדט און וואסארא קאמפלימענטן ער האט איר געמאכט אזוי אן כוונה, כלאחר־יד. און חוץ דעם האבן זיי אויך שוין געהאט גערעדט וועגן די היינטיקע וויזיטן, וואס ער, בן־ציון, האט געמאכט ביי רחל'ען אין רעסטאראן, וואו ער איז זיכער נישט געקומען פונוועגן געשעפט מיט דער רעסטאראטאריז, נאר צו ערלייד־דיקן א געוויסן עניז מיט שלמה'ן. זיי האבן שוין געהאט א וועלט מיט זאכן איבערגעשמועסט און דאך האבן זיי נאך איצט וועגן וואס צו רעדן. איצט רעדן זיי וועגן א געוויסן אופן באנעמען זיך, ס'הייסט ווי זי, חוה, דארף זיך אויפפירן צו בן־ציונ'ען. צי זאל זי זיך יא וויסן מאכן וועגן זיינע וויזיטן ביי שלמה'ן, צי נישט. און צו הערן אן עצה וועגן דעם פון בלומען איז זי, חוה, זייער גערן. ווארים בלומע איז אזוי קלוג — נאר אויף חידושים צו גיין צו איר.

— איז וואס זאגסטו? — פרעגט חוה — זאל'ך אים פרעגן, וואס ער האט געטאן ביי שלמה'ן?

— פרעג נישט . . . — ווארנט בלומע מיט א פינגער, — אז ער פילט אזוי צו דיר, אזוי ווי דו האסט מיר געזאגט, וועט ער דיר אלייז זאגן . . .

— ביסט גערעכט . . . — שאקלט חוה מיטן קאפ. אבער זי קען שוין מער נישט רעדן, ווארים די טיר האט זיך אויפגעעפנט און פייגע איז אריינגעקומען.

— ביסט טאַקע דאָ ? — טוט זי אַ קוק אַריין מיט אַ טומל.
— וואָס איז דען ? — שטעלט חוה אויף די אויגן מיט שרעק.
— איך זאָג דיר, — טוט זי אַ קוק נאָענט צו דער שוועסטער — אַז דו זאָלסט היינט ניש גיין באַגעגענען דעם אינטעליגענט בן־ציון, וואָרים ער איז ניש פאַר דיר.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז נישט פאַר מיר ? — טוט אַ גלאַציקן קוק די אויסגעטרוקנטע חוה מיט די איינגעפאַלענע באַקן.

— פון וואַנען ? — טוט פייגע אַ בייזן קוק — ער איז שויז ווידער געווען ביי רחל׳ען אין רעסטאָראַן ! וואָס האָט ער דאַרטן צו טאָן ? ווען ווייל ער זען, אויב ניש שלמה׳ן ? ווילסטו אויך ביי עם אַזוי אויסשפּילן ווי ביי שלמה׳ן ?

— שווייג, פייגע ! — טוט זיך חוה אַ שטעל אויף — כ׳דערלויב דיר נישט מער צו רעדן וועגן אים.
— וואָס ?
— יאָ . . .
— אויב אַזוי . . .
איצטער ערשט האָט זיך אַריינגעמישט בלומע און, נישט אָנ־פרעגנדיק חוה׳ן, גענומען אויפקלערן פייגען פאַרוואָס זי איז נישט גערעכט. זי האָט איר אַלץ דערציילט, כדי עס זאָל זיך נישט שאַפן אַן אומזיסט מחלוקת צווישן זיי, די שוועסטער.

— יאָ, — זאָגט פייגע מבטל־מאַכנדיק אַלץ וואָס בלומע האָט דערציילט — עס איז געפעלן געוואָרן איר כאַראַקטער ? . . . שלמה האָט דאָך איר אויך אַמאָל געזאָגט, אַז עס געפעלט איר כאַראַקטער ! איז דען בלויז דער כאַראַקטער ? ס׳גייט דאָך אין דעם צי זי וועט וועלן מיט עם גיין אויף זיינע וועגן . . .

אָט דאָס איז עס טאַקע וואָס חוה טראַכט וועגן בן־ציונ׳ען, נאָכ־דעם ווי זי האָט אים עטלעכע מאָל געזען אַריינגיין אין רעסטאָראַן פונוועגן, אָן ספק, פּאָליטישע שמועסן מיט שלמה׳ן. אָבער זי האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט געבן קיין ענטפער, וואָרים כאָטש זי איז געווען גרייט אויף אַ סך פשרות, אַבי שוין חתונה־האָבן, זענען עס אָבער געווען פשרות נישט קיין גייסטיקע. גייסטיקע פשרות וואָלט זי נאָר געמאַכט פאַר אים, שלמה׳ן. איצט וואָלט זי אפילו נעגאַנגען אין זיינע וועגן, אַבי ער זאָל זיך צוריק פאַרבינדן מיט איר. אָבער אַזוי ווי זי האָט אויף דער שוועסטערס טענות קיין ענטפער נישט

געגעבן, האָט פייגע אָנגענומען, אַז חוה טוט, וואָס איר געפעלט, און זי איז אַן אויפגערעגטע אַרוים פון שטיבל.

חוה אָבער האָט זיך געזעצט און אויפסניי גענומען קוקן אויף בלומען ווי אויף איינער, פאַר וועלכער זי וועט אַלץ דערציילן, כדי צו ראַטעווען זיך פון אַ געטאָפּלט לעבן. ווארים ווי זי פילט איצט, נאָך פייגעס רייד, זעט זי, אַז די שעסטער איז גאָר נישט אומגערעכט. ניין. זי איז גאַנץ קלוג.

— מיינסטו, — זאָגט זי צו בלומען, — אַז זי האָט געטענה'ט קרום?

אָבער בלומע האָט געשוויגן און געוואַרט אַז חוה זאָל רעדן, ווארים זי האָט געזען אַז די שווערן איז גרייט אַרויסצורעדן אַלץ וואָס אויף איר האַרץ. און חוה האָט טאַקע אַזוי געטאָן.

---

ווען זי איז אַהיים, פייגע, זענען נאָך די שטובן געווען אַזוי ליידיק ווי פריער. עס איז געווען שטיל. זי איז פאַמעלעך און פאַרטראַכט אַריין אין איר צימער און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פענצטער.

זי, חוה, וועט מיט דעם שידוך אויך גאָרנישט אויספירן . . . — טראַכט זי, פייגע, — זי וועט אַרומגיין מיט אים אַ שטיקל צייט, מיטן אינטעליגענט, אַרומגיין און צום סוף וועט זיין ס'זעלבע ווי צווישן איר און שלמה'ן . . .

— יאָ, — ברומט זי נאָכדעם צו זיך — יעדער בין פאַרפאַלן . . . יעבל שוין מיזן אַזוי וואַרטן אויף מיין חתונה ס'גאַנצע לעבן . . . בעל קיינמאָל ניש זען זי, חוה'ן, פריער אַן אויסגעגעבענע . . . ניין . . . פאַרפאַלן שוין מיינע יאָרן . . . פאַרפאַלן . . .

בעת זי שטייט אַזוי, הערן זיך טריט פון דער קיך. זי, פייגע, האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט. זי האָט זיך נישט געוואָלט אומקוקן. וואָס האָט זי זיך אומצוקוקן? אַ פרעמדער גייט? אויב יאָ, איז עס אַן אָרנטלעכער פרעמדער. איבעריקנס, מסתם גייט איצטער דאָרטן דער טאַטע אָדער די מאַמע.

אָבער נאָך אַלע אויסריידן, וואָס זי האָט זיך געמאַכט, כדי נישט צו רירן זיך, ווארים זי איז איצט געווען פויל אויף אַ טראָט אפלו, האָט זי זיך אָבער יאָ גערירט. זי איז צו צו דער טיר און האָט געזען אַקעגנ־קומען אַ מיטלוואוקסיקן בחור, מיט אַ שוואַרצער קוטשמע האָר און מיט שוואַרצע אומרואיקע אויגן.

— איציק! — טוט זי א פריידיקן רוף.

— געקומען איז ער, איציק, פון דער גארבערײ־קאמער, וואו ר'האט געארבעט, און געוואלט נעמען אין קיך א טרונק וואסער. דערזעען אבער ליידיקע שטובן, האט ער שוין נישט געטרונקען און גענומען גיין דא אהער.

— כ'האב דיך, אויף מיין ערן־ווארט דערפילט . . . — זאגט ער און נעמט זי באלד ארום, כאטש ער איז פארשוויצט, כאטש די הויזן און שטיוול זענען שמוציק, מיט קאלך, און דאס פנים איז נישט גע־ראזירט — ביסט שוין לאנג דא אליין? . . .

— כ'קים ערשט פון מארקלס שטוב . . . — זאגט זי, און נאכ־דעם, באלד מיט ערגערניש — זאלסט וויסן אז מיר וועלן שוין אזוי גיך ניש קענען חתונה האבן . . .

— שוין ווידער ניש? — טוט ער א פארדריי די אויגן — פאר־וואס? וואס איז ווידער געשען? האסטאך מיר היינט געזאגט אז פון חוה'ן מיט בן־ציונ'ען וועט מען א ליאדע טאג הערן נייס . . .

— יא, אבער . . .

— וואס אבער? . . .

און זי האט אנגעהויבן צו דערציילן.

אבער בעת איר דערציילן האט ער א מאך געטאן מיט דער האנט און נישט געוואלט שוין מער הערן.

— גענוג! — זאגט ער כעס'דיק — כ'האב שוין מער קא גע־דולד ניש צו די אלע מעשות . . . א סוף זאל'ם נעמען . . . יא אדער ניין . . .

— וואס „ניין"? — טוט זי אים א קוק אן, ווי זי וואלט אים עפעס געוואלט באטראכטן — וואס? . . .

— יא! — טוט ער איר א שארפן קוק אין פנים אריין און גיט האסטיק א נעם אוועק די האנט פון ארום איר טאליע — שוין דאס גענוג פארלוירן . . .

אבער אין אויגנבליק קערט ער זיך צוריק, שטעלט אקעגן איר זיין נישט־ראזירט אנגעכמורעט פנים, זיין אפענעם, האריקן ברוסט־קאסטן, וואס זעט זיך ארויס פונם צעכראסטעטן העמד, קוקט אריין אין איר לויטערן, מילך־הויטיקן געזיכט און פרעגט זי שארף:

— און דו? . . .

אבער נאך איידער זי באוויזט צו ענטפערן, טוט ער זיך פלוצים אויף איר א ווארף ארויף, דריקט זיינע הענט ארום איר, ווי קלאמערן,

און נורעט זיין פּנים אין אירם. דאָ איז ער מיט איר ביי אַ וואַנט, דאָ ביי אַ בעט, דאָ ביי אַ שטול, דאָ ביי דער טיר פון דעם אַנפּענצטער־דיקן שטיבל פון די אַרבעטער־יינגען. און אינדעם פאַלט ער מיט איר אַוועק אין דער פינצטער אויפן דיל און הויבט אָן צו זוכן אירע הענט, אירע פיס.

פייגע, אָן איבערגעשראָקענע, האָט זיך גענומען בעטן, שרייען, געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון זיינע הענט. אָבער ער האָט גאָרנישט געהערט. ער איז גאָרנישט געריררט געוואָרן פון איר בעטן און זי צוגעדריקט צו זיך, ווי אַ גיך־געקראָגענע גניבה.

— איציק! — האָט זי אים אָן אויפהער און קוים־עטעמענדיק געבעטן, געשריען, — איציק! דערבאַרעם זיך איבער מיר . . . איציק, דער טאַטע וועט אַריינקימען . . . די מאַמע . . . איציק, דו מאַכסט מיך אומגליקלעך . . . איציק, ווי דו האָסט מיך ליב, דערבאַרעם זיך איבער מיר . . . איציק . . .

אָבער איציק, אַ מידער פון אַלע היטעניש, פון די אַלע מורא׳ס — אַט גייט דער טאַטע, אַט די מאַמע, אַט האַלט מען שוין ביי תנאים און אַט נישט, אַט קען ער זי יאָ זען אַליין און אַט נישט — מיד שוין פון די אַלע היטעניש און מורא׳ס, האָט ער זיך איצט גאָרנישט גע־וואָלט צוהערן צו אירע רייד און זיך צוגעכאַפּט צו איר, ווי ער וואָלט דורך איר געוואָלט נקמה נעמען אין אַלעם. נאָכדערצו, האָט אים אויפגעבראַכט איר לעצט נייס, אַז פון דער האָפענונג, וואָס איז היינט געווען אויף חוה׳ס אַ שידוך, וועט זיך שוין ווידער אויסלאָזן מיט גאָרנישט. פון כעס און פון אומגעדולד האָט ער זיך איצטער צוגע־שפּאַרט צו איר און וויל אפילו נישט פאַרלירן קיין וואָרט, כאָטש עס טוט אים ווי איר איטלעך געבעט און געשריי.

---

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ הויך, פרייליך קול פון אַ מאַן, וואָס איז פון דרויסן אַריין אין דער קיך און האָט געשריען מיט טומל, ווי נאָך אַ גרויס געווינס:

— שוין! געפונען אַן עצה! . . . שוין געפונען . . . שוין זעך קענען אַליין אַן עצה געבן! מיך וועט מע ניש בייקימען, ניין . . .

פייגע וואָס איז, נאָך איציקס צוריקקערן זיך אין דער גאָרבעריי, געזעסן אַ פאַרוויינטע אין איר צימער, האָט זיך דערשראָקן. זי האָט זיך אָבער אויפגעשטעלט און איז צו צו דער טיר.

איצט האָט זי דערזען אין דער קיך איר פאָטער אַ זיך פאַרענדיקן.

שמעון איז איצטער דאָרטן אַרומגעלאָפן און האָט עפּעס געזוכט. ער איז צו צום שפּייז־שענקל, אויפגעעפנט עס און צוריק צוגעמאַכט. ער איז צו צום וואַרשטאַט־טיש, אַרויסגערוקט פון דאָרטן דאָס שופ־לעדל, באַשנאַפּט, באַקוקט און עס צוריק אַריינגערוקט. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן דיל און זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. אָבער צום סוף האָט ער זיך געלאָזט פון איין צימער אין אַנ־דערן און געשריגן:

— פּאַפּיר! פּאַפּיר! ווער האָט פּאַפּיר?

אַריינגעקומען דאָ, אין די טעכטערס צימער, האָט ער אַ נעם אַן געטאָן פייגען ביי אַן אַקסל און אַ רעד אַריין געגעבן אין איר פּנים מיט ברוגזיקייט:

— וואו איז פּאַפּיר? . . . גיב מיר נאָר אַ שטיקל שרייב־פּאַפּיר!

אָבער אינדעם האָט ער זיך ווי פאַר עפּעס דערשראָקן, און גע־נומען קוקן אויף איר.

— וואָס אַזוי פאַרוויינט? — פרעגט ער — וואָס געשען דאָ?

— גאָרניש . . . — הויבט אָן פייגע אויפסניי צו וויינען און ווייסט נישט, וואָס מיט זיך צו טאָן. זי האָט נישט געוואָלט וויינען, אָבער עס האָט זיך פון זיך אַליין געוויינט.

— אָבער וואָס דען? — טוט ער שוין אַ צודרינגלעכער אַ פרעג.

— חוה — טוט זי אַ זאָג, כדי צו ראַטעווען זיך פון אַן אומ־גליק — האָט היינט אַ באַגעגעניש מיט בן־ציון'ען און יעדער ווייס ס'וועט דערפון גאָרניש זיין . . .

— וואָעם? — טוט שמעון אויף איר אַ קוק, וואָרים ס'ערשטע מאָל ווי ער הערט, אַז חוה זאָל אַרומגיין מיט אַ בחור, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון שידוך איבער נישט נאָכגעגעבענע פונקטען — וואָס?...

— יאָ . . . — זאָגט פייגע — ער האָט זי נעכטן באַגעגנט און מיט איר געגאַנגען אַ לענגערע צייט שפּאַצירן . . . אויך האָט ער זי געבעטן אַז זי זאָל היינט מיט עם אַרויסגיין . . .

שמעון האָט זיך איצטער אָנגענומען ביי דער באָרד, געצויגן אַ האָר און אַ האָר און איטלעכער צי איז געווען אַן אַנדער געדאַנק. וואָס איז? — טראַכט ער — ער גייט גאָר מיט איר אַרום, כאָטש ער וויל זיך נישט משדך זיין? און ער וויל נאָך מיט איר גאָר גיין נאָך אַמאָל, כאָטש ער איז שוין געגאַנגען איינמאָל? דאָס איז נישט קיין שלעכטער באַוויז, וואָרים אַזאַ בחור, ווי ער איז, נישט געקוקט אויף די פונקטן וואָס ר'האָט געשטעלט, וועט קיין שלעכטס נישט טאָן. ער

פארשטייט אפשר גאר אין גאנצען נישט קיין שלעכטס. חוץ־לזה, אז ער איז שוין געגאנגען מיט איר און וויל נאך אמאל גיין, מסתם האט ער עפעס אין איר געפונען גוטס.

— נאר דו . . . וואס ווילסטו? זאג בעסער ווי אזוי האבן זיי זעך באגעגנט? — טוט שמעון א שטעל אויס די אויגן, ווי צו וועלן דערגיין פון סאמע פונדאמענט.

פייגע, נישט ווילנדיק, האט אבער צונויפגעשטעלט א מעשה, וואס זאל זיך לייגן אויפן שכל.

— און פארוואס, — פרעגט ער ווידער, גריבלענדיק זיך — האסטו מורא אז ס'וועט דערפון גארניש זיין?

פייגע האט ווידער דערציילט.

— גיי, דו נארל . . . — טוט ער, שמעון, א לייג ארויף די האנט אויף איר קאפ, ווי צו גלעטן זי — וואס מיינסטו, אלע מענטשן זענען די זעלבע? . . אזוי ווי די פיש, אזוי זענען די מענטשן פארשידן . . . און איבעריקנס, אויב ניש ער, וועט זיין א צווייטער . . . יאקל זאגב ארבעט אין דעם . . . ער זוכט געגוג . . . ער'ט זיכער א ליאדע טאג קימען מיט ניים . . .

און נאכדעם נעמט ער אראפ די האנט פון איר, און רעדט מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל:

— גיב נאר מיר א שטיקל שרייב־פאפיר, אדער א קאיעט . . . האסט גארניש דא קא שטיקל פאפיר?

פייגע, ווי זי וואלט אינגאנצן פארגעסן, וואס ס'איז ערשט נישט לאנג צוריק מיט איר געשען, האט זיך איצט געלאזט לויפן צו דער קאמאדע, וואס איז דא געשטאנען, און גענומען ארויסרוקן אלע שיפלעדלעך . . .

געקראגן פאפיר, האט זיך שמעון אוועקגעלאזט צוריק אין דער קיך און זיך אוועקגעזעצט ביים ווארשטאט־טיש. איצט האט ער זיך ארויסגענומען פון וועסטל־קעשענע א שטיקל בליישטיפט און ווידער זיך איבערגעגעבן מיט התפעלות יענעם עניין, צוליב וועלכן ער איז פריער אריינגעקומען פונעם הויף.

יא, טראכט ער אן אויפגעהייטערטער, סא זייער גוטע עצה. די באנק־מענטשן און דער „העלפאנט"־מאגנאט וועלן מיך ניש האלטן אין קלעם. יעד קען זעך נאך, ברוך השם, אן עצה געבן . . . און וואס בעסער, די דאזיקע עצה וועט זיי ווייזן אז יעד בין ניש קא כ'ווייס ווער, קא מפיל קינד. וואס די עצה איז? טאקע די זעלבע פראוועס.

וואָס דער באַנק־דירעקטאָר האָט געניצט קעגן מיר, וועל יעדער ניצן קעגן עם . . . טאַקע די זעלבע פּראָוועס, דהינו? אָט וואָס: ער האָט געזאָגט, אַז מ'גיט ניש קאַ גרויסע געלטער צו איינציקע מענטשן, נאָר בלויז קליינע סומעס? גוט. וועל יעדער היינט גיין אין בית־מדרש אַריין און זאָגן צום עולם בעל־מלאכה'ס: „יידן, ס'איז ענק ניש פאַר־ווערט אין דער יידישער באַנק צו קריגן הלוואות אויף צו ראַטעווען זעך? טאַ גייט און נעמט. נעמט וויפל עץ קענט, נעמט . . . און נאָכ־דעם אַז זיי וועלן שוין אַלע האָבן די געלטער, וועל יעדער זאָגן צו זיי: „אַצינד גיט מיר אָט די אַלע געלטער, וואָס צו זיי וועל יעדער צולייגן מיין קאַפּיטאַל און אַ סוף. מיר הויבן אָן ס'געשעפט . . . מיר האָבן שוין מיט וואָס . . ." הכלל, ס'געשעפט איז שוין דאָ! די עצה איז אַ געלונגענע און דער גאַנצער פּלאַן, וואָס האָט שוין היינט געהאַלטן ביים זינקען, וועט אַצינד קריק האָבן חיות . . . נו, אויב אַזוי דאַרף מען שוין זען וויפל מ'עט קענען האָבן געלט, און טאַקע שוין אויס־רעכענען אויפן פּאַפּיר: וויפל בעל־מלאכה'ס ס'זענען, מער־ווייניק, דאָ, און וויפל געלט עס קען, פּיל־ווייניק, זיין . . .

און ווי נאָר ער האָט זיך גענומען צום שרייבן — האָט ער באַלד אויפגעהערט. עס האָט זיך באַוויזן אין דער אָפענער קיך־טיר אַ גאַסט.

— יאָקל?! . . .

יאָ, יאָקל זאַנב איז עס געווען. ער איז געשטאַנען אין דער עפענונג און האָט געשמייכלט מיטן אַרויסגעשטאַרטשעטן האַטשיק־צאָן, וואָס האָט נישט אויסגעזען איצט ווי עפּעס שרעקלעכס, נאָר ווי אַ גוטער, ליכטיקער בשורה־ברענגער. אויך האָבן ביי אים געשמייכלט די קאַרע אויגן. ער האָט איצט בכלל אויסגעזען ווי אַ שטיק זון, וואָס באַווייזט זיך הינטער אַ כמאַרע.

— וואָס איז? — פרעגט שמעון, מיינענדיק אַז יאָקל איז גע־קומען נאָך געלט, וואָס קומט אים פאַר די פעל, כאָטש ער האָט ערשט גענדאַרפט קומען מאָרגן.

— וואָס? — טוט ער זיך שוין אַ רוק אַריין אין דער קיך — פאַרוואָס פרייסטו זיך ניש, שמעון? פאַרוואָס שווייגסטו? . . .

— אָבער וואָס? וואָס אַזעלכעס?

— בן־ציון, דער זיידענער בחור האָט דאָך מיך אַצינד אַליין אַהערגעשיקט איבערצורעדן וועגן שידוך! . . .

ביי שמעון'ען האָבן די אויגן אָנגעהויבן צו יאָגן זיך אַהער, אַהין, אַרויף, דאָס גאַנצע פּנים איז עפּעס געוואָרן ווי פאַרענדערט.

— ווּ־אַ־עַ־ם? — טוּט ער, אַ נישט־גלויביקער, אַ פרעג.

— דאָס וואָס דו הערסט . . . — טוּט זיך שוין יאָקל אַ זעץ לעבן שמעון׳עז און הויבט אָן צו זאָגן וואָס בן־ציון וויל. — האָב ניש קאַ מורא . . . — לייגט ער בעת דעם אַרויף זיינע הענט אויף שמעונ׳ס קניען — ס׳זענען ניש די זעלבע פּונקטן וואָס פריער . . . אויב דו ווילסט ווּיסן, וועל׳ד דיר זאָגן, אַז ר׳האָט איינגאַנצן ניש געשטעלט קיין תנאי!

— ניין? — טוּט זיך שמעון וואונדערן.

אַבי זי האָט געזאָגט, — טוּט ער זיך טראַכטנדיק אַ דריי מיטן פּנים צו די ווייטע צימערן, וואָס אין איינעם פון זיי איז דאָ פייגע, — אַז ער וועט זיין ווי שלמה . . . ווי קען עס זיין? ער שטעלט אפילו איינגאַנצן נישט קיין פּונקטן. הערסט? איינגאַנצן נישט קיין תנאי! . . .

— וואָס דען וויל ער? — טוּט ער זיך צוריק אַ דריי אוּים צו יאָקלען.

— וואָס דען? ער זאָגט, ער לאָזט עס צו דיר . . .

— צו מיר?

הערסט? — טוּט ער זיך, ווידער טראַכטנדיק, אַ דריי אוּים מיטן פּנים צו די ווייטע צימערן, וואָס אין איינעם פון זיי איז דאָ פייגע, — ער לאָזט עס צו מיר . . .

— אָבער וואָס קען יעך באַשטימען? . . . — דרייט ער זיך שוין צוריק אוּים צו יאָקלען און נעמט זיך קראַצן מיט אַ האַנט אין קאַרק — יעך קען דען עפּעס באַשטימען, וואָס ער זאָל טאָן נאָך דער חתונה? מיט וואָס ער זאָל זעך באַשעפטיקן? דאָס מיינט ער דאָך, ניין?

— געוויס!

שמעון איז אַזוי געזעסן אַ שטיק צייט, געטראַכט, געקראַצט זיך אין קאַרק, אַזש דער מוח איז אים שיער נישט צעשפּאָלטן געוואָרן פון רעיונות, פון ביטערע רעיונות. איין קליינִיקייט, צו געבן אַ מענטשן היינטיקע צייטן אַ פּרנסה אין די הענט אַריין . . . גרעסערע בריות פון אים קענען דאָך גאָרנישט אויפטאָן! דערצו, אַז ער האָט אפילו קיין פאַך נישט אין האַנט. וואָלט ער געהאַט אַ פאַך, וואָלט ער, שמעון, געזאָגט: „ווייסטו וואָס, גיי אַריין אין דעם גרויסן געשעפט, וואָס כ׳שטעל צונויף אַצינדערט . . . ווער אַ האַנט, וועסטו נעמען אַ חלק . . .” אָבער אַזוי? . . . ווי קען ער, שמעון, עפּעס טאָן אַזוי?

אָבער אינדעם האָט ער זיך געטאָן אַ גלייך אוּיס, אַראָפּגעוואָרפן די האַנט פון קאַרק און דאָס גאַנצע פּנים האָט ביי אים גענומען לייכטן.

— כ'האב אן עצה! — און ביי זיך טראכט ער, „אז מיד קען מען קיינמאל ניש צושפארן צו דער וואנט . . . יעד האב שטענדיק אן אויסוועג". און ער הויבט באלד אן צו דערקלערן. — יעד גיי בויען א ניי געשעפט, ריכטיק?

— אזוי זאגסטו . . . — שאקלט יאקל צו מיטן קאפ.

— יעד גיי צונויפנעמען אלע בעל־מלאכה'ס און מיט זיי אנ־הויבן א געוויסן סארט שותפות . . . ריכטיק?

— אזוי זאגסטו . . . — שאקלט יאקל ווידער צו מיטן קאפ.

— איז הער זשע.

— אדרבה.

— דארף מען דאך א מענטשן, וואס זאל קענען האלטן אלץ אין ארדענונג. ניין?

— כ'גלויב אזוי . . .

— איז הער זשע.

— אדרבה . . .

— דארף מען דאך אן מענטשן זאלן וויסן אויף וואס א גראשן גייט אוועק, ריכטיק?

— כ'גלויב אזוי.

— איז הער זשע.

— אדרבה . . .

— זאל ער, בן־ציון, זיין דער פירער פון די דאזיקע זאכן . . . כ'מיין פון די ביכער, וואו ס'וועט פארשריבן ווערן אויף וואס א גראשן גייט אוועק. איז עס א פלאן?

— כ'גלויב אזוי.

— ער איז א קענער, ניין?

— אן ספק.

— ער ווייסט דאך וואס אזא געשעפט פון טויזנטער באדייט, ניין?

— א קשיא . . .

— הכלל?

— גוט . . .

— איז עס גוט?

— כ'גיי שוין לויפן.

— טא, לויף און קים באלד קריק מיט א תשובה, צי אלץ איז געפעלן געווארן . . . הערסט?

— על רגל אחת . . .

ווען ר'איז אוועק, יאַקל, האָט זיך שמעון אויפגעשטעלט און גע־נומען צוגיין צו דער טיר, וואָס פירט צו די ווייטע צימערן.

— האָסט געהערט, פייגע? — טוט ער אַ רעד אַריין.

פייגע איז שוין איצטער נישט געווען אין איר שטוב, נאָר אין אויפנעם־צימער. באַלד הינטער דער וואַנט איז זי געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט צום גאַנצן שמועס.

— כ'האָב געהערט . . . — ענטפערט זי.

— האָסט געהערט, דו קעלבל דו?

— יאָ.

— נו? . . .

פייגע האָט איצט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זי האָט אָבער געטראַכט אַז פאַר איר וועט עס געווים גוט זיין, וואָרים אויב חוה זאָל חתונה האָבן, וועט זי, פייגע, געווים אויך באַלד קענען אַ חופה שטעלן. אָבער די פראַגע איז נאָר, ווען וועט זי חתונה האָבן, חוה? וואָרים איידער וואָס, איידער ווען, קען מען זיך דאַך דערוויסן אין הויז פון איר אומגליק, פייגעס. זי האָט זיך אָבער נישט געקענט אָפּהאַלטן פון נישט זאָגן גאַרנישט דעם פאָטער און באַלד זיך צוגערוקט:

— אָבער מ'זאָל זען אַז די חתונה זאָל באַלד זיין . . . אין אַ חודש אַרום. ניש מאַכן פריער קיין תנאים . . . נאָר אַלץ צוזאַ־מען . . . דו ווילסט אַז ס'זאָל זיך אַזוי אויסלאָזן ווי מיט שלמה'ן? זע, זיי זאָלן ניש לאַנג אַרומגיין חתן־כלה . . . נאָר באַשטימט און פאַרטיק געמאַכט . . . וועסט מיך הערכן, טאַטע?

— יאָ . . . — זאָגט ער, קראַצנדיק זיך ביי אַ פּאה — דו ביסט גאַנץ גערעכט . . . פון צופיל אַרומגיין אויף בלויז ליובעניו־שמובעניו, קימט קיינמאָל ניש אַרויס קאַ גוטס . . . שלמה איז געווען אַ גוטע לעקציע . . . נו, אַצינד גיי זשע נאָך דער מאַמען, נאָך חוה'ן, און זאָג זיי אַז די בשורה . . . גייסט?

צי זי וועט גיין, פייגע? זי וועט לויפן, זי וועט אָנזאָגן די בשורה, וואָרים אין דער בשורה איז אויך דאָ איר רעטונג . . .

שמעון, ווידער, האָט זיך גענומען צוריק צו זיינע חשבונות פאַרן נייעם געשעפט.

---

אַריינגעקומען אין כיל היטלמאַכערס וואַרשטאַט, האָט יאַקל זאַנב געטראָפן דעם חתן־בחור, בן־ציונ'ען, און זיין מוטער יוכבד'ן.

יוכבד איז אהיימגעקומען פון יאריד, כדי צו הערן די בשורה, וואס יאקל זאנב וועט ברענגען פון שמעון רימער. נאך איידער זי איז אהיימגעקומען, האט זי שוין געוואוסט פון דעם גליק, וואס שטייט איר פאר. געוואר געווארן האט זי עס פון דער טאכטער דבורה׳לען, וואס איז געקומען צולויפן פון דער היים מיט דעם נייס וועגן בן־ציון׳ס באשלוס. אבער כדי נישט צו לאזן דעם טויבן כילן אליין ביי דער סחורה, האט זי געהייסן דער טאכטער בלייבן און איז געקומען צולויפן געוואר ווערן דעם אמת פון זון גופא. כיל, דער פאטער, איז וועמען מען האט עטלעכע מאל ארייננעשריען וועגן דער גוטער בשורה. האט אויך געוואלט אהיימקומען, אבער זי, יוכבד, האט אים צוריק־געהאלטן.

— וואס ווילסטו לאזן די סחורה אויף הפקר ? א מיידל אליין וועט דען זיך קענען אן עצה געבן צווישן אזא געהינטעכץ מיט גנבים ? . . .

אינדער׳אמת׳ן איז עפעס היינט, אויפן יאריד, געווען מער גנבים ווי אלע מאל, צי ווייל בכלל מערן זיך גנבים, צי ווייל די אנגעפארענע פויערים האבן אן אויג אויף יידישע סחורות און ווילן האבן א געלעגנ־הייט צו נעמען אומזיסט, יעדנפאלס — נישט מען לייזט א גראשן. נאר מ׳דארף זיך גוט היטן פאר גנבים, וואס לאקערן פון אלע זייטן.

איז אט איז ער, כיל, געבליבן מיט דער טאכטער ביי דער סחורה, און זי, יוכבד, איז אהיים.

אלץ וואס זי האט באדארפט געוואר ווערן פון בן־ציון׳ען, האט זי זיך שוין דערוואוסט, און איצט זיצט זי אויף א שטול ביי דער ניי־מאשין אויסקוקנדיק יאקל זאנבן מיט דער גוטער בשורה.

אויך זיצט דא, ביי דער מאשין, דער חתן זעלבסט, בן־ציון. ער זיצט, ווי אלץ וואלט איצט געווען ניי פאר אים, די וועלט, ס׳לעבן, און ער רעדט זייער ווייניק.

אבער אין דעם האט זיך באוויזן יאקל און זיי האבן זיך ביידע אויפגעשטעלט.

— נו ? — טוט א פרעג די עטוואס איינגעארבטע מאמע יוכבד, וואס האט, זינט דער גוטער בשורה, געקראגן א ניי חיות אין די ביינער.

— סא שידוך, — טוט יאקל זאנב א פשטיק מיט צוויי פינגער אין לופטן — איינער אין א מיליאן . . . א גאלדענער שידוך.

— אבער וואס איז די תשובה ? — טוט זיך יוכבד א דערנענ־טער צו יאקלען און וויל וויסן וועגן א תכלית פאר בן־ציון׳ען.

— גאלד . . . אז מ׳זאגט גאלד איז גאלד . . . ממש גאלד ! איר ווייסט וואס ?

— אדרבה, לאמיר הערן . . . פינקלט יוכבד גיך מיט אירע אייגעלעך, וואס קענען נישט רוען קיין ווילע.

— אוודאי . . . — זאגט זיך געלאסן דער בנעימות׳דיקער אינ־טעליגענט בן־ציון.

— א געשעפט־פירער אין געשעפט . . . טוט א זאג יאקל זאנב, קוקנדיק מיטאיינמאל אי אויף דער מוטער, און אי אויפן זון — איר ווייסט אין וועלכן געשעפט ? אין דעם נייעם געשעפט . . . אין דעם גרויסן . . . אין דעם ריזיקן . . .

— אין דעם ? — טוט יוכבד פון איבערראשונג אזש א שיקל מיט די אויגן.

— טאקע אין דעם ? — פרעגט בן־ציון, ווי ער וואלט געווען אין א ספק — אין דעם געשעפט פאר אלע יידן . . אין דעם יידישן געשעפט ? . . .

— דאס וואס דו הערסט . . . — שאקט צו יאקל זאנב מיטן קאפ און קוקט א צופרידענער, וואס ער איז געווען דער טאטע פון דעם דאזיקן שידוך.

בן־ציון האט זיך איצט אויסגעדרייט צו דער מוטער און אויף איר געקוקט, ווי ער וואלט זי געגאנגען שטראפן :

— נו, — זאגט ער — האב איך זיך באדארפט פרייען מיט דער שטעלע ביי לאזאר אמסטערדאמען ? דא וועל׳ך דאך האבן א שטעלע אין א יידיש געשעפט, אין א כלל׳יש געשעפט . . . וואס דארף איך ארבעטן ביי א מענטש, וואס נעמט אלץ פאר זיך, האט נישט קיינעם אין זינען ? דא וועל׳ך דאך האבן פאר וואס צו ארבעטן . . . נישט נאר פאר געלט אויף פרנסה, נאר אויך פאר אן אידעאל . . . א סך מענטשן וועלן דערפון געניסן . . .

און צוריק אויסדרייענדיק זיך צו יאקלען, טוט ער, אן אויפגע־לויכטענער, א שאקל מיטן קאפ :

— אט פאר אזא זאך האב איך שוין לאנג געוואלט ארבעטן . . . כ׳מיין פאר א כלל׳ישער זאך. און אצינד וועל׳ך וויסן אז כ׳האב צוליב וואס צו זיין אין גלות . . . ערשט אצינד ווייס איך.

אין עטלעכע מינוט ארום האט זיך יאקל זאנב געלאזט צוריק צו שמעון רימער מיט דער בשורה אז אלץ איז גוט. שמעונ׳ס פלאן געפעלט אויסגעצייכנט.

ביי שמעון רימער אין דער קיך איז געווען די גאַנצע משפּחה.

פּערל איז געשטאַנען מיט דער טאָכטער חוה'ן ביים שפּייז־שענקל. פייגע איז געשטאַנען מיט די איבעריקע צוויי שוועסטער, גיטל און שרה'לע, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג צוריקגעקומען מיט איינקויפּעכץ פון דער גאַס. און ביים פעסל וואַסער — מאַרקל און זיין ווייב בלומע.

שמעון זעלבסט איז געשטאַנען ביים וואַרשטאַט־טיש און האָט גערעדט צום אָנגעקומענעם יאָקל זאַנב.

פּערל האָט איצט געקוקט אויף איר טאָכטער חוה'ן מיט אַ סך גליק־ווינטשנדיקע אויגן. שוין לאַנג ווי פּערל האָט געבעטן, אַז עס זאָל זיך מאַכן עפּעס רעכטס פאַר איר טאָכטער, חוה'ן. אינדער'אמת'ן. האָט זי געבעטן אויך פאַר פייגען, אָבער אַז ס'האָט זיך שוין געמאַכט אַנדערש, ווייל זי שוין מער נישט ברענגען קיין נישט גינסטיק וואָרט איבער אירע ליפּן. און וואָס אָנבאַלאַנג די איבעריקע טעכטער, בעט זי אויך גוטע שידוכים מיט פיינע יונגעלייט, וואָס מ'זאָל קענען מיט זיי אַרויסרעדן אַ לייטיש וואָרט. דערפאַר איטלעכס מאָל ווען זי טוט אַ טראַכט וועגן אַ יונגנמאַן, וואָס מ'שלאָגט פאַר אירס אַ טאָכטער, טוט זי זיך אויך באַלד דערמאָנען אַן איר שוועסטערקינד, דעם מרא־דאתרא, וואָס ער וועט זאָגן, ווען ער'ט קומען צו אַ שמחה און אָנקוקן מיט וועמען זי. פּערל, גייט פאַרבינדן אירס אַ טאָכטער. און וואָס אמת, ווען ס'איז אָפּגעגאַנגען דער שידוך מיט שלמה'ן, האָט זי אינגאַנצן אָנגעקוואָלן, כאָטש חוה האָט געקלאָגט. פאַרוואָס? אויך צוליב דעם זעלבן טעם: וואָס וועט זאָגן דער מרא־דאתרא? אמת, מ'קען רעדן מיט אים, שלמה'ן, אַ וואָרט, אָבער אַזאַ גוי, אַזאַ כופר בעיקר — רבונו של עולם היט אָפּ פון אַזעלכע! ער איז דאָך בלויז פייער אויף פרומע און אויף אַזעלכן, וואָס מאַכט אַ פּאָר קערבלעך מיט דער הילף פון אַ געדונגענעם מענטש. אָבער איצט, אַז ס'איז סוף־כל־סוף גע־קומען צו אַ שידוך מיט בן־ציונ'ען, דעם חשוב'ן בחור אין שטאָט, איז זי לגמרי צופרידן.

— יאָ, טאָכטער, — זאָגט זי צו חוה'ן אין דער שטיל — כ'גיב דיר אַלע מיינע ברכות אויף דעם שידוך.

חוה האָט גאָרנישט געזאָגט, כאָטש זי איז געווען צופרידן וואָס ס'איז אַזוי אַרויסגעקומען. אָבער ווען שלמה איז זיך מיישב, וואָלט זי נאָך איצט געלאָזט שטיין אַלץ מיטאַנאַנדער און געגאַנגען מיט אים וואו די וועלט האָט אַן עק. אָבער דאָך, ווייל דאָס איז אוממעגלעך, איז זי מיט איר לאַגע אויך נישט ווייניק צופרידן . . . פון וואָס זי

איז אָבער אָממיינסטן אויפגעהייטערט איז דאָס, וואָס זי זעט, אַז זי געפעלט אים. ווארים אָט: איינמאָל געגאַנגען מיט אים און שוין האָט ער אַליין היינט צוגעזאָגט צו אַ שידוך. ווי ס'זעט אויס, איז ער טאַקע אַ זייער ערלעכער מאַן. אַ פאַקט, אָט האָט ער נעכטן געזאָגט אַז זי געפעלט אים, מיינט ער עס טאַקע. נו, איצט וועט שוין אפילו איבעריק זיין צו פרעגן, צי ער האָט אַ שייכות מיט אַזעלכע זאַכן, ווי שלמה . . . אַז ער איז אין איר פאַרליבט, וועט ער געוויס נישט נייטן זי צו טאָן זאַכן, וואָס זי האָט נישט גערן. דאַך ביי אַ געלעגנהייט וועט נישט שאַטן יאָ צו פרעגן. ס'איז נישט קיין מלער.

— ער געפעלט דיר טאַקע? — פרעגט זי די מוטער, נאָך עט־לעכע ווײַלעס.

— נאָר עלטערן זאָלסטו זיך מיט אים . . . — ווינטשט פערל אויפסניי.

און מארקל און בלומע, וואָס זענען געשטאַנען אַנאַזייט, האָבן זיך צוגעקוקט בלויז ווי שטומע עדות . . . — פאַר זיי וואָלט רעכט געווען אפילו, אַז מ'זאָל האָבן דעם געוועזענעם חתן, שלמה'ן, איז דער משפחה. אַ פאַקט: זיי האָלטן נאָך היינט אָן מיט אים זייער וואַרימע פריינדשאַפט. אַמאָל גייט ער, מארקל, מיט אים שפּאַצירן, אַמאָל זי, בלומע. און בכלל איז שלמה ביי זיי אין שטיבל אַ גאַנץ אָפטער אריינקומער. אָבער אַז מ'האָט זיי געבעטן אריינקומען איצטער און הערן וועגן דעם נייס, זענען זיי אַריינגעקומען. מארקל איז אריינ־גערופן געוואָרן פון דער גאַרבערײַ־קאַמער, און בלומע פון דער וואוי־נונג. איז אָט שטייען זיי אַלע איצט און קוקן אויף שמעון'ען און יאַקלען זאָגנב ווי זיי רעדן.

אָבער אינדעם טוט זיך שמעון דאָרטן, ביים וואַרשטאַט־טיש, אַ רוק און זאָגט צום גאַנצן עולם:

— נו, אַצינד דאַרף מען באַשטימען, ווען צו טרעפן זער מיט די מחותנים און אָפּרעדן וועגן תנאים . . .

— וועגן אַ חתונה! . . . — טוט זיך פייגע אַ ריר אַוועק פון די שוועסטער גיטלען און שרה'לען און גייט־צו צום פאָטער צו דער־מאָנען אים.

שמעון קוקט אויף איר, גלייך ער וואָלט פאַרגעסן, אַז זי שטייט דאָ.

— אַ, יאָ, — זאָגט ער צו יאַקלען, ווי ער, יאַקל, וואָלט באַדאַרפט משפּט'ן אין דעם גאַנצן עניין, — מ'עט רעדן בלויז וועגן אַ חתונה...

— און אפשר, טאַטע, — טוט פייגע ווידער אַ פאַר אריין דעם

פאטער איז די רייד — מאכן אויך מיין חתונה אין דער זעלבער צייט? . . .

שמעון קוקט זי איצטער אַ, ווי מיט חידוש. זע־נאַר, טראַכט ער, ווי דאָס רעדט אַפּן, אַז זי וויל חתונה האָבן!

— האָסט שוין גאָרניש קאַ חרפּות און בושות? . . . — פרעגט ער זי.

אָבער נישט נאָר ער, אויך אַלע איבעריקע פון דער פאַמיליע האָבן אויף איר געקוקט מאָדנע.

— אויסגעלאָסן מויל . . . — טוט פּערל זייער שטיל אַ ברום, כדי דער גאַסט יאַקל זאָנב זאָל נישט הערן.

אָבער פייגע האָט זיך אַלעמען, ווי מיט חוצפּה, אַקעגנגעשטעלט.

— וואָס קיקט'יר אַלע אַזוי אויף מיר? . . . — זאָגט זי און די בלויע אויגן שטייען ווי גלעזער, מחמת נישט קענען פאַרשטיין דעם עולמ'ס פאַרוואונדערונג — מ'פירט זיך דען ניש אַזוי ביי לייטן? . . . אַז מ'האָט צוויי כלות אין אַ הויז, שטעלט מען צוויי חופּות אין דער־זעלבער צייט . . .

אַלע האָבן איצטער נאָכמער פאַרוואונדערט געקוקט אויף איר צוליב איר דרייסט רעדן.

אָבער זי, פייגע, טוט ס'איריקע. זי דרייט זיך ווידער אוים צום פאַטער און רעדט צו אים, ווי זי וואָלט אויך געווען זיין בעל־יועצ'טע.

— און ס'וועט קאָסטן וועלוועלער . . . איין חתונה פאַר צוויי כלות . . . יאָ, טאַטע . . .

געזען אַזוי, אַז אי זי איז צופיל דאָ מיט איר מויל און אי זי איז גערעכט, האָט זיך שמעון צעשמייכלט און אומבאַהאָלפן אַ קוק געטאָן אויף יאַקלען.

— ני, געהערט שוין אַמאָל פון אַזעלכע צייטן? מ'רעדט אָפן וועגן חתונה־מאַכן זעד . . . איז עס אָבעט געווען אַזוי אין אונדזערע צייטן?

נו, סיי־ווי־סיי האָט דאָס אַלץ ערשט באַדאַרפט באַשטימט ווערן, ווען מ'וועט זיך צונויפטרעפן מיט די מחותנים פון חתנ'ס צד. וואָרים מ'דאַרף דאָך זיי אויך פרעגן, צי זיי באַשטייען אויף אַזאַ זאַך. איז אָט האָט מען געשיקט יאַקלען זאָגן די מחותנים, אַז זיי זאָלן דאָ אָראָפּקומען מאָרגן אויפדערנאַכט און מ'וועט אַלץ איבעררעדן ווי ס'קער צו זיין.

— גייסט גלייך צו זיי? — פרעגט שמעון.

— יאָ. — ענטפערט יאַקל. און גייט טאַקע גלייך אַוועק.

אויך האָט זיך דער פאַמיליע־עולם איצט גערירט, אָבער נישט אויף אַוועקצוגיין. איטלעכער איינער האָט זיך דערנענטערט צו חוה׳ן און מ׳האָט זי גענומען באַוואונדערן אויף איר גרויס מזל . . .

די איינציקע, וואָס איז דאָ נישט געבליבן, איז געווען פייגע. זי איז אַרויס צו איציקן, אָנזאָגן אים די בשורה, אַז פון איר שרעק פאַר דער בושה וועט זיין בלויז פרייד. וואָרים אַט וועלן זיי, זי און ער, קירצלעך זיין פאַרהייראַט און אַלץ וועט אַרויסקומען אויפן גלייכן וועג . . .

# קאַפּיטן פּופּצן

אויפדערנאַכט זענען די אַרבעטער־יינגען — איציק, מאיר'ל, שיע, בערל, כאַסקל, — געווען אין קיך און האָבן זיך געגרייט אַוועקצוגיין. איינער האָט זיך געקעמט דעם קאָפּ. אַ צווייטער — געוואַשן דאָס פּנים. אַ דריטער — געפּוצט די שטיוול. און די איבעריקע האָבן זיך שוין אָנגעטאָן די רעקלעך. אַלע האָבן זיך געפּאָרעט ווי צו אַ גרויסער שמחה.

געווען איז דאָס פאַרעניש, כדי אַוועקצוגיין אויפן פּלאַץ, וואוהין שלמה האָט נעכטן באַנאַכט געהייסן קומען. איז אַט גרייטן זיי זיך אהינצוגיין.

אין קיך איז געווען ליכטיק. אויך — אין אויפנעם־צימער. אָבער דאָרטן — לכבוד דעם חתן בן־ציון. עס ברענט דאָרטן דער שבת־יום־טוב'דיקער קייטן־לאָמפּ מיט די אילומיניר־גלעזלעך. עס איז דאָרטן דער טיש באַדעקט מיט אַ פרישן, ווייסן טישטעך. אויך איז דער דיל פריש געשייערט, געוואַשן. פון אַלעם שמעקט דאָרטן מיט ציכטיקייט־ריחות. אַלץ וואַרט צו מקבל־פּנים זיין דעם גרויסן, חשוב'ן גאַסט, בן־ציון'ען, וואָס גייט באַטרעטן דאָ די שוועל צום ערשטן מאָל און ווערן אַן אייגענער אויף אייביק.

מיט דעם דאָזיקן חשוב'ן גאַסט האָט געדאַרפט קומען חוה. שוין לאַנג ווי זי איז אַוועק באַגעגענען אים. אַלע דאָ אין הויז האָבן שוין געוואוסט, אַז זי גייט באַגעגענען דעם חתן צוליב אַ באַשטעלונג נעכטן באַנאַכט. עס איז שוין פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. אָבער מ'האָט אָפּגעמאַכט, אַז זי, חוה, זאָל מיט אים אַהיימקומען אויז מ'וועט אים מכבד זיין, ווי ס'קער צו זיין.

— ווערסט עס זאָגן, חוה? — האָט שמעון זי געפרעגט.

— אַן ספק, טאַטע... — האָט חוה, אַן אויפגעלעבטע, געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווערסט עס זאָגן, אַז טאַטע־מאַמע פאַרבעטן עס, הערסט?

— אַז ספק, טאַטע.

— נו גיי, גיי, נישט געבאַלעמוטשעט . . . — האָט אונטערגע־טריבן די פרומע פּערל, אַז די טאָכטער זאָל זיך גיין באַגעגענען מיטן יונגנמאַן.

איז אַט וואַרט מען אַז זי, חוה, זאָל אָנקומען מיט איר חתן און מ׳קוקט זיך אַרום פון צייט צו צייט, צי עפּעס איז אין אויפנעם־צימער איז געבליבן אין אומאָרדנונג.

דאָרטן אין צימער זענען דאָ פּערל, פייגע, גיטל און שרה׳לע.

שמעון איז אין הויז נישטאָ. ער איז אַוועק אין בית־מדרש מיט זיין נייער עצה, וויאַזוי צו קריגן געלט פאַר זיין פּלאַן. פאַרן אַוועקגיין האָט ער אַגב געזאָגט צו פּערלען, אַז עס איז קעגן זיין טבע נישט צו זיין אין הויז ווען דער חתן וועט אָנקומען. אָבער, ערשטנס, קומען כלל־זאַכן פריער. צווייטנס, וועט ער זיך באַמיען נישט צו זאַמען זיך לאַנג.

— איבעריקנס, ער וועט פאַרשטיין . . . — האָט ער געזאָגט צו פּערלען וועגן חתן — וועסט עם זאָגן די סיבה, וועט ער פאַרשטיין . . . ער איז ניש קאַ כ׳וויים ווער . . .

איז אַט איז ער אַוועק.

די איינציקע, וואָס וואָלטן געקענט מאַכן אַביסל מער היימלעך אין הויז, זענען די יינגען, די אַרבעט־מענטשן, נישט דערפאַר וואָס זיי זענען אַזעלכע אויפגעקלערטע, אַזעלכע געבילדעטע. ניין, גאָר פּשוט, ווייל מיט מער מענטשן פילט מען זיך ביי אַ שמחה אַנדערש. אָבער וויפיל מ׳האָט זיי נישט געבעטן, האָבן זיי אַלץ געזאָגט: ניין. זיי קענען נישט! איידער שמעון איז אַוועק, האָט ער אַליין אויך געבעטן. אָבער גאָר נישט. ווי די שטיינער, האָבן זיי זיך נישט גערירט. און ווען שמעון איז אַוועק, האָט פּערל גענומען בעטן. אָבער ס׳זעלבע. קיינער האָט ביי זיי נישט געקענט פּועל׳ן! און דאָס ערגסטע: קיינער פון אַלע הויז־מענטשן, אחוץ פייגען, האָט נישט געוואוסט וואָס עס איז אַזאַ מוז אויף זיי היינט אויפדערנאַכט. קענען זיי עס נישט טאָן מאַרגן, איבערמאָרגן? און בכלל, וואָס האָבן זיי דאָס אַזעלכע גע־שעפטן, וואָס זיי מוזן היינט טאָן? אחוץ אַרומדרייען זיך אין דרויסן האָבן זיי דאָך גאָרנישט וואָס צו טאָן! אָבער וואָס וועט העלפן ס׳רעדן, אַז זיי האַלטן זיך ביי ס׳זייעריקע?

אָבער איצט, ווען די יינגען האַלטן שוין באַלד ביים אַרויסרירן זיך, האָט זיך באַוויזן פּערל.

— כאַטש דו, איציק, האָסט זיך געדאַרפט אַנדערש באַנעמען . .

— זאָגט זי צו אים — אַ נייער מענטש קומט אַריין אין הויז . . . כאַטש דו האָסט געדאַרפט געדענקען אַז הויז . . . וואָס ביסטו אַ פרעמדער?

אָבער איציק האָט געדרייט מיטן קאָפּ, אַז קיין שום געבעט וועט נישט פועל'ן:

— ניין . . . — זאָגט ער — כ'מוז אַוועקגיין . . .

און ער און די אַנדערע יינגען זענען טאַקע באַלד אַוועק.

געזען אַזוי, האָט זיך פערל צוריקגעקערט אין אויפנעם־צימער און אַ קוק געטאָן אויף די דריי טעכטער, וואָס זענען געזעסן אַרום דעם וויים־באַדעקטן טיש.

— וועסט אַזוי גוט זיין — זאָגט זי צו פייגען — און אַריבערגייז צו מאַרקלען, אַז ער און בלומע זאָלן אַהערקומען . . .

פייגע, אָנגעטאָן, אין אַ שבת'דיקן, שוואַרצן קלייד, אין אַ שבת־דיקער, ווייסער בלוזקע, האָט זיך אויפגעשטעלט און ווילּיק געגאַנגען.

אין דרויסן איז געווען פינצטער. אויפן הימל האָבן זיך געקליבן כמאַרעס. שטערן, ווי שמייכלענדיקע כלה־אויגן אין חופה־טאָג, זענען פלוצים, ווי פון אַ טויט־שפּריינגדיקער האַנט, אויסגעלאָשן געוואָרן. אין דער לופט האָט זיך געפילט שווערקייט.

פייגע האָט געהערט טריט פון נישט־ווייט אויף דער באַנגאָס. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס זענען טריט פון די פינף יינגען. זי איז גיך נאָך און האָט גענומען רופן:

— איציק! איציק! . . .

די פינף יינגען, אין ווייטנס, האָבן זיך געשטעלט. אָבער פון אַלע פינף איז בלויז איינער איר אַקעגנגעקומען: איציק.

— וואָסי, פייגע? — נעמט ער זי אָן צערטלעך ביי אַ האַנט.

— גיי ניש . . . — בעט זי אים זייער טרויעריק און ציטערדיק. נישט צוליבן אָנקומען פון חוה'ס חתן, נאָר איבער עפּעס אַנדערש — כ'בעט דיך און גיי ניש . . . אפשר וועט עפּעס געשען . . . כ'וויל ניש, אַז ס'זאָל מיט דיר עפּעס געשען . . .

איציק האָט, אין דער פינצטער, געקוקט אויף איר, ווי ער וואָלט זי באַדויערט. געוואוסט האָט ער, אַז זי איז מיט אים איינשטימיק אין אַלעם, וואָס ער זאָגט און טוט. אָבער דאָ זעט ער גאָר עפּעס אַנדערש.

— ביסטו דען ניש אַלעמאָל איינשטימיק מיט מיר אין אַלעם, וואָס כ'זאָג און טו? — פרעגט ער זי.

— יאַ . . . — רעדט זי קוים אַרויס און ליגט־צו ס׳פּנים צו זיין אַקסל — אָבער אַצינד . . .

— וואָס אַצינד ?

— טאַמער . . .

— וואָס טאַמער ? — פרעגט ער זי, כאַטש ער האָט געזען, אַז זי קען קוים אַרויסרעדן, עס שטיקן זי טרערן.

— טאַמער — נייט זי זיך צו רעדן — וועט עפּעס מיט דיר געשען . . . דו גייסט דאָך ניש אויף אַ פּלאַץ, וואו מ׳מעג זיך צונויפ־קימען . . . און יעדר בין אַצינד אַזוי . . . וועל פאַרשעמט בלייבן . . . אונדזער חתונה וועט ניש קענען זיין, אויב מיט דיר וועט חס־וחלילה עפּעס געשען . . .

— גיי אַהיים . . . — זאָגט ער גלעטנדיק זי איבערן קאָפּ — ס׳וועט גאָרניש זיין . . . איבעריקנס, כ׳מוז גיין . . .

געבליבן אַליין, האָט זי, פייגע, אָנגעהויבן שטאַרקער צו וויינען. ווי זי וואָלט זיך שוין מער ניש גערעכנט אויף איר געליבטן. אָבער נאָך אָפּשטיין אַ שטיקל צייט, האָט זי זיך אויסגעווישט די אויגן און פאַמעלעך זיך געלאָזט גיין צו מאַרקלען.

---

ביי מאַרקלען אין שטיבל האָט מען זיך געגרייט אוועקצוגיין. מאַרקל האָט זיך אָנגעטאָן דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע, שבת׳דיקע סאַקל און נאָכדעם זיך גענומען אָפּפּוצן ס׳היטל.

בלומע, אַן אָנגעטאָענע אין אַ ריין קלייד, אין אַ ריינער בלוזקע, ווי זי איז שטענדיק געוואוינט צו גיין, איז געשטאַנען לעבן קאַפּקען. דעם דרייצניעריקן, בלוי־אויגיקן, אַלעמאָל פאַראומעטיקטן בחור׳ל, און האָט אים אין עפּעס זייער שטיל אַריינגערעדט.

קאַפּקע איז געזעסן ביים טיש, אַריינגעקוקט אין תנ״ך, דאָרטן, וואו ס׳ווערט דערציילט וועגן שלמה המלכ׳ס בויען אַ הויז פאַר גאָט, אַ הויז פאַר זיין גוישער פרוי, אַ הויז פאַר זיך, און האָט זיך אין דער זעלבער צייט צוגעהערט צו דער מוטער.

— וועסט געדענקען ? — פרעגט אים שוין די מוטער הויך.

— יאַ . . . — ענטפערט ער און קוקט אַלץ אַריין אין תנ״ך.

— וועסט ניש אַרויסלויפן פון שטוב און איבערלאָזן אַלץ הפקר ?

— ניין.

פאַרטיק געמאַכט מיט אים, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו מאַרקלען :

— ני, ביסט שוין גרייט ?

— יאָ. — זאָגט מאַרקל.

— איז געגאַנגען . . .

אָבער אינדעם האָט זיך אין דער טיר באַוויזן פייגע.

— וואָסי ? — האָט זיך מאַרקל און בלומע אָפּגעשטעלט איז מיטן גיין.

פייגע האָט געזאָגט, וואָס די מוטער פאַרלאַנגט.

— ס'וועט ניש זיין שיין, — זאָגט פייגע — אַז מ'עט ניש האָבן, ווער ס'זאָל רעדן אַ וואָרט צום חתן . . .

— פאַרוואָס איז נישטאָ ? — טוט בלומע גיך אַ פרעג, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרלויפן מאַרקלען, וואָס קען קיינעם נישט אָפּזאָגן — און דו קענסט ניש רעדן ? . . . און די מאַמע קען ניש ? וואָס דער מער ? . . . איבעריקנס, דער חתן דאַרף ניש, אַז מ'זאָל אים גיסן אויל אויף דער צונג . . . ער'ט שוין אַליין רעדן . . . ער האָט, באַבשעם, אַ גוט מאַשינדל אין זיין קעפּל, בן־ציון . . .

— אָבער . . . — טוט פייגע שטאַרקער בעטן, כדי מ'זאָל פאַר־שטיין, וואָס זי מיינט.

— חוץ אַלעם, — טוט זיך שוין בלומע אומגעדולדיק אַ ריר צו דער טיר — מ'קען אַצינד סיוויסיי ניש אַריבערגיין צו ענק . . . מיר מוזן אַוועקגיין . . .

— עץ מוזט ?

— יאָ . . .

געזעגט אַזוי, האָט זיך פייגע אַ הילפלאָזע אַ ריר געטאָן און איז צוריק אַהיים.

בלומע און מאַרקל זענען אויך אַרויס און גענומען גיין מיט דער באַנגאַס. בעת'ן גיין האָט זיך מאַרקל עטלעכע מאָל אַ קראַץ געטאָן אין די פּלייצעס, כאָטש ס'האָט אים נישט געביסן. אָבער אָט דאָס קראַצן איז ביי אים אַלעמאָל געווען אַ סימן פון ווען זיך אַרויס־פּלאָנטערן פון אַ פּלאָנטער, פון אַזאַ מין צושטאַנד, ווען ער וויל רעדן און קען נישט. בלומע, וואָס האָט שוין געקענט דעם באַדייט פון די דאָזיקע שטיק, האָט אַ כמורנעם קוק געטאָן אויף אים:

— וואָס קראַצסטי זעך שוין ? — פרעגט זי אים — האָסט שוין עפּעס אין דער קעל און קענסט עס נישט אויסשפּייען ? שלינג אַראָפּ, אויב דו קענסט ניש אויסשפּייען ! . . . שלינג ! שלינג ! . . .

מאַרקל האָט גאַרנישט געזאָגט. נאָכן אָפּגיין אַ שטיקל וועג, האָט ער זיך אָבער יאָ אָפּגערופן:

— וואַדעז, ס'איז שיין? — זאָגט ער שטיל און קרעכצנדיק — לויט מענטשלעכקייט האָט מען יאָ גערדאַרפט אַריבערגיין צו דער מאַמען אין הויז אַריין . . . ס'איז ניש מענטשלעך . . .

— ס'איז ניש מענטשלעך? — קוקט זי אים אָן נאָכמער כמור־נעדיק און האָט שוין בדעה זיך אָפּשטעלן און פאַרפירן מיט אים אַ מחלוקת — פאַרוואָס איז עס ניש מענטשלעך? . . . און דאָס איז יאָ מענטשלעך, אַז אפילו אויפדערנאָכט זאָלסטו ניש קענען אַרויסגיין מיט דיין ווייב? . . . איז'ס ניש גענוג, וואָס ביסט אַ גאַנצן טאָג פאַרשקלאָפט? . . .

מאַרקל האָט אַ ברום געטאָן:

— וואוהין גייסטו דען דאָס איצינד? אויף שפּאַציר גייסטו?

— ניש קאָ חילוק.

— שוין גאָר אַ חילוק . . . כ'האָב ניש קאָ חשק צו גיין אויף אַ פּלאַץ, וואו ס'איז אַ סכנה . . .

— וואָס?

— יאָ.

— אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! . . . — טוט זיך איצט בלומע אַ שטעל אָפּ און גיט אויף אים אַ בטול'דיקן קוק — און ווען ביסטו דאָס ניש באַשראָקן? דו ביסטאָך שטענדיק שרעקעוודיק . . . צו וואָס ווילסטו זעך דען צורירן, אויב מ'דאַרף אַרויסווייזן שטאַרקן ווילן, אַ פּנים מיט אַ געזונטער קאָליר, אַ מויל מיט לשון? . . . אפילו פאַרלאַנגען פון טאַטן הינטערשטעליקע וואָכן־שכירות ווילסטו דאָך ניש פאַרלאַנגען, ווייל דו דאַרפסט נאָר זאָגן, אַז ער איז דיר שולדיק! . . .

און נאָך עטלעכע ווײַלעם מוסר'ן — ווידער גערעדט פאַרדראָסיק:

— ני, וועט אַזוי גוט זיין? וועסטו אַמאָל צו עפּעס קענען קומען? . . . וואָס מיינסטו, מ'וועט דיר פון הימל אַלץ אַראָפּ־וואַרפן? . . .

מאַרקל האָט בעת איר מוסר געקוקט אין אַ זייט. ער האָט נישט געוואָלט הערן. אָבער ער האָט פאָרט געהערט.

— אַז יעדן בין אַזאַ, — זאָגט ער עניוות'דיק — האָסטו ניש גע־דאַרפט מיט מיר חתונה האָבן . . .

— דאָס איז דאָך מיין צרה, אויף וואָס כ'וועל שטענדיק וויי־נען . . . — זאָגט בלומע טרויעריק און מיט האַסט — אוי, הלוואי וואָלטעד אַלץ געקענט קריקכאַפּן . . .

— נו, הער־זשע מיך אויף צו שטראָפן, — זאָגט מאַרקל שטיל — וואָרן יעד וועל שוין אַנדערש ניש זיין . . . יעד האָב ניש ליב קאַ געשרייען, ניש ליב קיינעם צו באַליידיקן און ניש ליב קריכן אין געפערלעכע פּלעצער . . .

בלומע האָט געוואוסט וואָס ער האָט געמיינט מיט „געפערלעכע פּלעצער". אין תוך האָט ער געמיינט בלויז איין פּלאַץ, דאָס פּלאַץ, וואוהין זיי האַלטן איצט אין גיין ; דאָס פּלאַץ וואוהין שלמה און אַנדערע לייט האָבן פּאַרבעטן אַ סך מענטשן אויף היינט אויפדערנאַכט. אויך זיי, בלומע און מאַרקל, זענען פּאַרבעטן געוואָרן. שלמה אַליין האָט זיי פּאַרבעטן. ערשטנס, ווייל זיי (איבערהויפּט בלומע) האַלטן מיט אים אין אַ סך זאַכן. צווייטנס, ווייל ס'האַנדלט זיך וועגן אַ זייער טרויעריקן נייס — וועגן אַ קירצלעך־דערוואַרטן פּאָגראָם.

— איז וואָס מיינסטו, — טוט זי אים אויפּסניי בייז אַ זאָג — אַנדערע וועלן פאַר דיר טאָן ? מוזט דאָך עפּעס אויכעט טאָן ! דו ווילסטאָך ניש אַלעמאָל לעבן אין שרעק, אַז היינט דערוואַרט דיך דאָס, מאָרגן עפּעס אַנדערש, און איבערמאָרגן גאָט־ווייס־וואָס ! . . . ביסטאָך אַ טאַטע ! דאַרפסטאָך אַרבעטן פאַרן זון . . . דאַרפסטאָך זען, אַז ער זאָל, חס־וחלילה, ניש צעריבן ווערן . . . גרויסער קנאַקער מיינער . . .

— מעגלעך, כ'בין ניש קאַ לייט . . . — רעדט מאַרקל ווידער שטיל — אָבער יעד קען ניש אַנדערש . . .

— ני, ני, שוין געהערט . . . — נעמט בלומע אים אָן ביים אָרעם און גיט אים אַ צי — שטעל אַ פוס, צ ד י ק . . .

מאַרקל האָט זיך שוין איצטער איר אפילו נישט געקענט אַקעגנ־שטעלן און איז געגאַנגען אַהין, וואוהין זי האָט אים געשלעפּט.

---

נישט לאַנג נאָכדעם האָט זיך פון הינטער דעם מאַרק אַראָפּגעלאָזט דאַ אויף דער באַנגאַס אַ הויכער מאַן, און אָנגעהויבן רופן !

— סענדער ! געצל ! ראַכמע ! הענעך !

אָבער נאָכן אָפּלויפן זיך פון עק ביז עק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרווירטער :

— וואו זענען זיי עפּעס די טרעגערס ? וואָס איז די מעשה, וואָס מ'זעט ניש קאַ איין טרעגער ? וואו זענען זיי אוועקגעקומען, וואו ? . . .

נאָך עטלעכע ווײַלעס האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו רחל'ס רעס־טאָראַן, אָפּגעעפנט די טיר און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ :

— איז נישטאָ דאַ קיין טרעגער ? — פרעגט ער, וואָרים ס'רוב־

מאָל זיצן זיי דאָ, די טרעגערס, שעה'ן־לאַנג, מחמת אײנזאַמקייט.

— ניין. — טוט אויף אים אַ קוק די קליינוואוקסיקע רחל'ע.

געזען טאָקע, אַז ניַשט, האָט ער צוגעמאַכט די טיר און זיך גע־לאָזט צו שמעון רימערס הויז.

— ר' שמעון! — האָט ער פון דרויסן אַריינגעשריען דורך אַן אָפן פענצטער אין די ליכטיקע שטובן — איז דאָ ביי אייך נישטאָ קיין טרעגער?

פון אינעווייניק האָט זיך באַוויזן פּערל.

— ווער איז דאָס?

— איך, ר' אהרן, דער טראַן־הענדלער . . . — טוט דער מאַן פון דרויסן אַן ענטפער — איז ר' שמעון נישטאָ?

— נישטאָ . . . — זאָגט פּערל, נאָכדעם ווי זי האָט געזען דעם טראַן־הענדלער, ביי וועמען שמעון האָט נעכטן, אויך היינט גענומען אַ סך פעסער טראַן — וואָס איז דען?

— כ'האָב געוואָלט האָבן עטלעכע טרעגערס . . . — ענטפערט דער טראַן־הענדלער — זע איך דערווייל ניש קיין איינעם . . . איז נישטאָ ביי אייך קיינער פון די טרעגערס? . . . איר האָט דאָך געהאַט צוגענומען טרעגערס צו דער אַרבעט! זענען זיי נישטאָ? . . .

— אַצינד? . . . — וואונדערט זיך פּערל — שוין לאַנג זיי אַהיימגעלאָזט . . .

— איז וואָס טוט מען אַצינד? — נעמט זיך ר' אהרן אַרומקוקן אין פינצטערן דרויסן — מ'האָט מיר געבראַכט פון דער באַן־שטאַט עטלעכע פעסער טראַן . . . כ'וויל דאָך האָבן טראַן גרייט, ווען שמעון וועט געבן אַ ידיעה: טראַן! . . . אָבער דאָ האָב'ך ניש קיין טרעגערס, וואָס זאָלן מיר אַראָפּלאָדעווען די פעסער פון די וועגענער אין סקלאַד אַריין . . .

— וואו זענען זיי? — וואונדערט זיך פּערל.

— שוין געהערט אַזאַ מעשה? — קוקט ר' אהרן שאַרף אויף פּערלען, גלייך זי וואָלט שולדיק געווען — ווען איז דאָס געהערט געווען, אַז מ'זאָל דאַרפן אַ טרעגער און עס זאָל זיין שווער צו קריגן . . . וואָס זענען זיי שוין באַגליקט געוואָרן? . . . זיי בעטן זיך דאָך תמיד נאָך אַ פאַרדינסטל! . . .

— טשיקאַווע . . .

— מנע! . . . אַ פאַרקערטע וועלט . . .

ווען ר' אהרן איז אוועק, זענען פון הויז ארויסגעקומען פערלס צוויי טעכטער, פייגע און גיטל.

ארויס פון הויז זענען זיי, כדי א קוק טאן אין מארק־גארטן, צי חוה און בן־ציון, וואס האבן זיך דארטן געדארפט באגעגענען, זענען נאך דארט דא. ווארים על־פי שכל האבן די חתן־כלה שוין פון לאנג געדארפט זיין אין הויז. אבער עס איז שוין אוועק א היפשע צייט און מ'זעט זיי נישט. איז אט האבן זיי זיך דאס, די צוויי שוועסטער, ארויס־געלאזט פון הויז און גייען זען, וואס ס'איז די סיבה.

איינגנטלעך איז דאס געווען פייגעס עצה. אזוי ווי מ'האט גע־ווארט און געווארט און נישט געזען זיי, האט זי געלאזט פאלן א פאר ווערטער וועגן גיין א קוק טאן אין מארק־גארטן. און ווי נאר די מוטער האט דאס דערהערט, האט זי באלד צוגעשטימט.

— גייט טאקע, גייט . . . — האט זי א שאקל געטאן מיטן קאפ — און לאמיר טאקע וויסן צי מ'האט נאך לאנג צו ווארטן . . .

פייגע האט אבער אונטער דער דאזיקער עצה אינזינען געהאט עפעס אנדערש. ווי נאר זי וועט זיך ארויסכאפן אין דרויסן, וועט זי גיין א קוק טאן — נישט אין מארק־גארטן צומערשט, נאר צום פלאץ, וואו איר איציק דארף זיין . . . דעם מארק־גארטן וועט זי נישט פאר־שפעטיקן. צום פלאץ, וואו איציק דארף זיין, איז בילכער. דארטן שמעקט מיט געפאר . . .

און איצט, ווי נאר זי איז ארויס אויף דער באנגאס, האט זי טאקע באלד אנגעהויבן דערציילן גיטלען וועגן איר כוונה.

— ווילסט מיטגיין? . . . — פרעגט זי.

— יא . . . — ענטפערט גיטל.

— זאלסט אבער גיש זאגן דער מאמען וועגן פלאץ, וואו איציק איז, הערסט? . . .

וואס, זאגן וועט זי, גיטל? וואס איז זי א קינד? זי דארף, אז עס זאל ארויסקומען א קריגערייַ איבער אזא זאך? . . . שוין גענוג קריגערייען געווען, ביז ס'איז אויסגע'פועל'ט געווארן, אז פייגע זאל מעגן חתונה־האבן מיט איציקן.

איז אט גייען זיי.

געארעמט ווי צוויי אנגעפארענע אין אן אומבאקאנטער, שרעקנ־דיקער וועלט, זענען זיי אריין אין דער יידישער גאס, פון דאנען ארויס פון דער שטאט און זיך געלאזט מיטן שאסיי.

געשטאנען זענען בײם שאסיי א סך הייזער. אייניקע — געמוי־

ערטע, די איבעריקע — פון האַלץ. די מיינסטע הייזער, וואָס פון האָלץ, זענען שוין געווען צעשאָקלט, אונטערגעשפּאַרט מיט פּאָדפּאָרעס, אָדער אַנגעלענט אויף שכנות׳דיקע ווענט, וואָס זענען נאָך געשטאַנען פעסט. אין פיל הייזער זענען פענצטער געווען אָן שויבן, אָדער מיט בלעך, שטאָט גלאָז.

אין די דאָזיקע הייזער האָבן געוואוינט באַלעגאַלעס, טרעגערס און פיל בעל־מלאכה׳ס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין דער סאַמאַראַדנער שטאָט. אויך האָט דאָ געוואוינט בלומעס אַ פעטער.

דער דאָזיקער פעטער איז געווען אַ שוסטער, וועמעס זון, אַ בן־יחיד, איז, נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. געווען איז דער זון — „ברוך" האָט מען אים גערופן — פון אַ עטלעכע און צוואַנציק יאָר (ווען מע האָט אים אַנגעטאָן אין קייטן), אַ הויכער, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און מיט ברענענדיקע סמאָלע־אויגן. אין וועלכן פּלאַץ ער איז, ווייסט מען נישט. צי ער לעבט, הערט מען נישט. ער איז ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין. דער פאָטער איז שוין אַלט. אַלט — מער פון צרות, ווי פון יאָרן, און קען שוין פון לאַנג קיין כלי אין דער האַנט אַריין נישט נעמען. אויך איז די מוטער אַ צעבראָכענער שאַרבן. זי ליגט מיינסטנס אין בעט. דער איינציקער מענטש, וואָס גיט אויף זיי אַכטונג באַטאָג און באַנאַכט, איז דעם פאַרשיקטן זונס כּלה. מרים — רופט מען זי. זי, מרים, וואוינט ביי זיי אין הויז און איז צו זיי בעסער ווי אַן אייגענע טאָכטער. און נישט נאָר גיט זי אַכטונג אויף זיי, נאָר איז אויך זייער שפּייזעריין. זי האָט זיך אַריינגענומען אַ ניי־מאַשין אין הויז און אַרבעט דאָרטן אַלץ, וואָס זי נעמט אָן פון באַלעבאַסטעס.

דאָס דאָזיקע מיידל איז שוין היינט פון אַ יאָר דרייסיק. איידער מ׳האָט פאַרשיקט איר חתן, איז זי מיט אים אַרומגעגאַנגען אַ שטיקל צייט. נאָכן פאַרשיקן אים קיין סיביר און נאָך אירע יחוס׳דיקע על־טערנס טויט, האָט מען איר אַנגעהויבן רעדן שידוכים. אָבער זי האָט נישט געהערט פון גאָרנישט און זיך אַריינגעצויגן צום חתנ׳ס עלטערן אין הויז, וואו זי אַרבעט און וואַרט, ביז איר געליבטער וועט קומען צוריק ...

אָט צו דעם דאָזיקן הויז זענען דאָס איצטער פייגע און גיטל געגאַנגען.

דאָרטן אין הויז קומען פאָר, זינט אַ לענגערער צייט צוריק, באַגעגענישן פון מענטשן, וואָס שלמה רופט צונויף. דאָרטן אין הויז

זענען אויך פאָרגעקומען באַגעגענישן אין „פיפטן יאָר". נאָר נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע איז דאָס פּלאַץ געבליבן וויסט. אָבער זינט אַ לענגערער צייט צוריק, ווען שלמה איז שוין געווען גוט באַ־קאַנט מיט אַ סך מענטשן, האָט מען ווידער אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין יענעם הויז. און אַט דאָרטן איז דאָס אויך איצט דאָס באַגעגעניש, ביי וועלכן איציק און די איבעריקע יינגען דאַרפן זיין.

געשטאַנען איז דאָס דאָזיקע הויז אין סאַמע עק פון דער רייע הייזער, וואָס ביים שאָסיי. נאָכן הויז האָבן זיך שוין געצויגן פעלדער, וועלדער, בערג, טאָלן, טייכן און וויסטע שטיקער ערד.

צוגעקומען צום הויז, וואו די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט מיט לאָדנס, האָבן זיי, די צוויי שוועסטער, באַגעגנט עפּעס אַ מאַן.

דער מאַן איז געשטאַנען אין דרויסן און האָט אַכטונג געגעבן אויף איטלעכן פאַרבייגייער און איבערהויפּט אויף אַזעלכן, וואָס איז צוגעקומען נאָענט. דערזען די דאָזיקע צוויי מיידלעך, האָט ער זיי אָפּגע־שטעלט און אַריינגעקוקט אין די פּנים׳ער. ווייזט אָבער אויס, אַז ער האָט זיי געקענט, ווארים ער האָט באַלד אָפּגעשלאָסן אַ טיר פון הויז און צו זיי אַ ברום געטאָן:

— גייט . . .

---

אַריינגעקומען אין אַ פינצטערן קאָרידאָר, זענען די צוויי שוועס־טער געבליבן שטיין ביי אַן אָפענער טיר פון אַ לאַנגער שטוב.

אין דער שטוב האָט זיך געברענט אַ ליכט. דאָס ליכט איז גע־שטאַנען אויף אַ טיש, וואָס אויבנאָן. לעבן טיש האָט זיך באַוועגט אַ הויכער מאַן, ווי אַ ווערבע אין אַ ווינטיקער נאַכט. געשטאַנען איז ער דאָרטן, דער הויכער מאַן, און האָט גערעדט צו אַ וואַלד קעפּ און קעפּ, וואָס זענען געווען צונויפגעדריקט פון וואַנט צו וואַנט. ער האָט גערעדט, דער הויכער מאַן, מיט אַ הייזעריקלעכער שטים, אַמאָל ווי אַן אויפגעצאָרנטער און אַמאָל ווי אַ מידער. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָבער אָפּגערוט און זיך געווישט דעם שטערן מיט אַ טיכל. געווען איז דער דאָזיקער הויכער מאַן: שלמה.

פייגע און גיטל, שטייענדיק ביי דער טיר, האָבן איצט געקוקט אויף אַלע זייטן. זיי האָבן געוואָלט געפינען איציקן. אָבער ס׳איז געווען שווער. חוץ אויבנאָן, ביים טיש, איז אומעטום געווען ווי ביי האַלבער לבנה. מ׳האָט נישט געקענט זען קיינעם דייטלעך. דאַך, נאָך צוגעוואוינען זיך צו דער האַלב־טונקלקייט, האָבן זיי באַמערקט די

טרעגערס, וואָס ליגן אַלעמאָל אַז אויף דער באַנגאַס. אויך די טרעגערס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער גאַרבעריי. אויך באַלעגאַלעס. זיי האָבן אויך געזען בעל־מלאכה׳ס, אַרבעטער. אויך מאַרקלען און בלומען. זיי האָבן געזען נאָך באַקאַנטע מענטשן פון אָרעמען גאַטונג. אָבער איציקן האָבן זיי נישט געקענט געפינען. און נישט נאָר אים. אויך נישט די איבעריקע יינגען.

פייגע איז איצט געוואָרן אומרואיק. וואו זאָל ער זיין? — טראַכט זי. זי איז אַריין אין שטוב און, נישט ווייט פון דער טיר, געטראָפן זיצן אַ בלאַס מיידל, מיט סובאָטע־אויגן, וואָס האָט געהאַלטן די דאַרע הענטלעך פאַרקרייצט אויף דעם איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטן.

— האָבן זי ניש געזען דאָ מיין איציקן? . . . — טוט זי אַ פרעג ביים מיידל.

געווען איז דאָס מיידל — די נייטאָרין מרים, וואָס וואַרט אויפן חתן ברוך, דעם פאַרשיקטן אין סיביר.

מרים, כאָטש ערשט דרייסיק, דאָך שוין גרוי, האָט געקוקט, ווי אַ קאַלטע, אויף דער ברויזנדיקער פייגען, און פּאַמעלעך געעפנט אירע בלוטלאָזע ליפּעלעך:

— גע־זע־ע־ן . . .

פייגע האָט געוואָלט וויסן וואו און ווען.

— דאָ . . . פרי־־ער . . . — ענטפערט די גרויע יחוס׳דיקע כלה מרים.

— פאַרוואָס זע יעד עם ניש? . . .

— ער איז דאָ ניש־ש־טאָ־אַ . . .

— וואו דען? ....

— טאָר־ר־ר־סט נישט ווים־ס־ן . . .

— וואָס? ! — האָט פייגע אַ קוויטש געטאָן.

איבער דער לאַנגער בין־השמשות־טונקעלער שטוב האָט מען זיך גענומען אומקוקן:

— ווער איז דאָס?

— וואָס איז געשען?

— וואָסאָרא געשרייען?

אָבער באַלד האָבן מענטשן באַרואיקט פייגען און מ׳האָט געהייסן אָנגיין ווייטער.

איצט אָבער האָט שוין נישט גערעדט שלמה. ביים זעלבן טישל

מיטן ליכט איז איצט געשטאַנען אַ הויכער, שלאַנקער מאַן, מיט בלאָנדע וואָנצעס, אין אַ העלן גאַרניטור, און האָט געקוקט אַמאָל אויף רעכטס, אַמאָל אויף לינקס, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט.

— מיינט נישט, — זאָגט ער — אַז איר זענט אַליין, טאָוואַ־זשישע . . . איר זענט נישט אַליין . . . מיר, פּוילישע סאָציאַליסטן, זענען מיט אייך . . . אייערע שונאים זענען אויך אונדזערע פּיינט . . אונדזערע פּיינט זענען אויך אייערע . . . אונדזער אַלעמענס שונא מוז און וועט באַזיגט ווערן . . . און דעמאָלט, ערשט דעמאָלט — — —

דאָ זענען אויסגעבראָכן פּליעסקערייען, וואָס האָבן פאַרהילכט זיינע געלאַסענע, רירנדיקע רייד. און ווען דאָס געפּאַטשעריי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען געהערט פון דעם בלאָנד־וואָנצעדיקן, שלאַנקן מאַן, אַז ער מוז פאַרלאָזן דאָ דאָס פּלאַץ אויף אַ קורצער צייט.

פייגע, וואָס איז שוין איצטער ווידער געשטאַנען לעבן דער טיר. מחמת דעם, וואָס מ'האָט איר צוגעזאָגט, אין עטלעכע מינוט אַרום אַהערצושיקן איציקן, האָט געקוקט אויף דעם גייענדיקן, בלאָנד־וואָנ־צעדיקן מאַן און זייטיק באַלד אַ שעפּטשע געטאָן גיטלען אין אויער אַריין :

— וואָלעק . . .

וואָלעק איז אייליק פאַרביי פייגען און אַרויס פון הויז. ער איז געגאַנגען איצט צו פּאַננאַ זאַשקען אַמסטערדאַם, וואָס האָט אים אויף היינט אָוונט איינגעלאַדנט אין הויז אַריין צו אַ „זעבראַניע".

---

אין זעלבן זאַל, וואָס נעכטן באַנאַכט, זענען אויך איצט געווען פאַרזאַמלט די דאַמען און הערן, וועלכע געהערן צו די דריי געזעל־שאַפטן, וואָס פריילין זאַשקע האָט געגרינדעט. אָבער איצט איז קיינער נישט אַרומגעלאָפן, נישט געפלירטעוועט ווי נעכטן. אַלע זענען געזעסן פאַרטאָן אין שמועסן.

ביי איין גרופּע, וואו ס'איז געווען דער יונגער דאָקטער, רובין, האָט מען גערעדט וועגן פרוידס לערע, וואָס הויבט אָן פאַרנעמען אַ וויכטיק פּלאַץ אין דער היילונג פון גייסטיק־קראַנקע. און נישט נאָר אין דער היילונג, נאָר אויך אין פאַרשטיין די נשמות פון גייסטיק־נאָרמאַלע מיט זייערע שיינע אידעאַלן . . .

— זי אַנטפּלעקט פאַר אונדז, דאָקטוירים, — זאָגט דאָקטער רובין וועגן פרוידס לערע — אַ „טעררא אינקאָגניטאַ", נישט נאָר אַ ביז איצט

אומבאַוואוסטן מעכאַניזם פון מענטשנס גוף אַנטפּלעקט זי, נאָר אויך פון זיין גייסט . . . זי אַנטפּלעקט, אַז אַלע אונדזערע עטישע, עסטעטישע באַגערן זענען אַן אַרויסשטראַלונג פון סעקס־קאָמפּלעקס . . . איבער סעקס־קאָמפּלעקס ווערט אַמאָל דאָס גייסטיקע ליכטל אין האַרץ און אין מוח אויסגעלאָשן, לאָזט דעם מענטש אַ מאַרבידן, אַ היסטערישן, אָדער אַ וואַנזיניקן, אָדער דאָס ליכטל פאַרשפּרייט אַ ליכטיקייט, פיל־פאַך גרעסער ווי פריער, פירט אַרויף דעם מענטש צו אַ הויכקייט פון געניאַליטעט . . .

ביי אַ צווייטער גרופּע, וואו ס'איז געווען, בערמאַן, דער יונגער אַפּטייקער, האָט מען געשמועסט וועגן פּאַן קאַרפּס טאָכטער, פּאַננאַ פּאַניע, אַז זי האָט זיך היינט געוואויגן אין אַפּטייק, האָט זי נאָכדעם שטאַרק געקלאָגט, וואָס זי האָט לעצטנס צוגענומען וואָג . . .

און ביי אַ דריטער גרופּע, וואו ס'איז געזעסן דער דרוקעריי־אייגנ־טימער, שוואַרץ, האָט מען גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ וויצן־בלעטל אויף פּויליש, כדי צו פאַרטרייבן די וועגיטאַציע אין שטאָט און מאַכן עפּעס לעבעדיקער, לוסטיקער . . . .

די איינציקע, וואָס זענען געזעסן באַזונדער און האָבן זיך אין גאַרנישט געמישט, זענען געווען: יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער און פריילין זאַשקע.

יאָסעלע — ווייל ער האָט נישט מיט וועמען צו זיצן. אַז מען צעזעצט זיך אין פּאַרלעך, אָדער אין גרופּעס, וואָס באַשטייען אין תוך פון אַ גרעסערער צאָל פּאַרלעך, האָט ער גאַרנישט וואָס צו טאָן, ווי נאָר צו זיצן אַליין. ער פילט, אַז מ'קען זיך נישט צו אים צופּאַסן. איבערהויפּט איז אים דאָ אומעטיק, ווען בן־ציון איז נישטאָ. און איצטער איז ער טאַקע אויך נישטאָ. ער ווייסט נישט פאַרוואָס. אָבער ווען ער זאָל אפילו יאָ וויסן, וואָלט עס אים אַלציינס גאַרנישט געהאָלפן אין זיין אומעטיקייט און איינזאַמקייט. איז אָט זיצט ער באַזונדער און שווייגט.

פריילין זאַשקע אָבער זיצט אַליין איבער עפּעס אַנדערש.

שוין פון מיטן טאָג אָן גייט זי אַרום אַ טרויעריקע. רעדט מען צו איר, שווייגט זי. קומט איר אויס צו ענטפערן עפּעס, לייגט זי עס אָפּ אויף שפּעטער. עס גייט זי נישט אָן, צי זי וועט יאָ רעדן, צי נישט; צי מ'וועט צו איר יאָ עפּעס זאָגן, אָדער נישט. עס איז איר עגאַל. געווען איז די דאָזיקע שטימונג אירע איבער פּאַפּאַס חרטה־האָבן אויף

זיין צושטימונג צו הער שמעון אַלטערס פּלאַן. דערוואוסט האָט זי זיך וועגן דעם, ווען דער פּאַפּאַ איז אַהיימגעקומען אויף מיטיק. ווי נאָר ר'איז אַריין אין הויז, האָט ער גענאָגט צו די זין און שנירן, וואָס זענען געזעסן אַרום דעם טיש, ביים מיטיק, אַז ער האָט געטאָן דאָס „ווייזעסטע דינג", וואָס ר'האָט וועגן אַ געוויסן סענטימענט אַ „בעשלום געפּאַסט" אין נויטיקן מאָמענט, שליסלעד:

— איך האָב אויסגעמיטן אַ פּרעצידענט, — האָט ער געזאָגט — וואָס די יודן־פּיינט מעכטע געקענט געבן מיינע קריסטלעכע קונדן אַלס וואָפע קעגן מיר . . . הער אַלטערס פּלאַן וואָלט מיינע געשעפטן, אָן צווייפל, צו פאַרלוסטן געטריבן . . .

אַז פריילין זאַשקע האָט דערהערט דעם פאָטערס חרטה, איז זי אויפגעשפרונגען ביים טיש און גענומען קוקן אויפן פאָטער, ווי אויף אַ פרעמדן. אָבער אַלע איבעריקע, די ברידער, די שוועגערינס, האָבן זי באַטראַכט פאַר אַ לייכטזיניקע, כאָטש אייניקע פון זיי האָבן צוגע־געבן, אַז ווען דעם פּאַפּאַס קאָאָפּערירן מיט הער אַלטערן וואָלט נישט געבראַכט קיין שאָדן אין קאָמערציאַן, וואָלט זי, זאַשקע, געווען פולקום גערעכט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט מען אָבער אינגאַנצן אויפגע־הערט צו פירן די קאָנווערסאַציע וועגן דעם און מ'האָט זיך ווידער גענומען צום עסן.

— קאָניעץ קאָמעדיאי ! . . . — האָט איינער פון די ברידער, מיט אַקטיאָרישע זשעסטן, אַ קלונג געטאָן מיט אַ גאָפּל אין אַ טעלער.

פריילין זאַשקע האָט אין יענער זעלבער ווײַלע פאַרלאָזט דעם טיש און זינט דעמאָלט איז זי אין הויז ווי אַ פרעמדע. אָבער איבער איר אויפגעבראַכטקייט קעגן דער פאַמיליע, איז זי אויך נישט אין קיין גוטער שטימונג צו די אַלע, וואָס זענען דאָ פאַרזאַמלט. זי זיצט איינע אַליין, באַזונדער, האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ, אַ האַנט ביים שטערן, און וואַנדערט אַרום ערגעץ מיט געדיכט פאַרנעפּלטע געדאַנקען.

בעת זי זיצט אַזוי, באַווייזט זיך יאַן דער משרת.

— פּאַננאַ . . . — זאָגט ער צו פריילין זאַשקען — אַ גאַסט . . .

פריילין זאַשקע האָט זיך איצט אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט אַקעגן אין די ווייטע צימערן.

אין וואַרט־צימער איז געשטאַנען, מיטן הוט אין האַנט, דער פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

— מאיע אושאנאוואניע . . . 1) — שטרעקט אוים זאשקע א האנט צו אים.

— מאיע אושאנאוואניע פאני . . .

— פראשעז דאלעי . . . 2)

אריינגעקומעז איז זאל, האט פריילין זאשקע פארגעשטעלט אים פאר טייל פון עולם, וואס האט זיך מיט אים פערזענלעך נישט געקענט, און פארבעטן זיצן.

טאוואזשיש וואלעק האט זיך געזעצט און גענומען קוקן אויף דער געזעלשאפט אן איבערראשטער און מיט חידוש. אן איבערראש־טער: מחמת דא איז דער קעגנזאץ צו דער פארזאמלונג הינטער דער שטאט . . . דארטן — ערנסטקייט, טרויער און פאראנטווארטלעכקייט; דא — לייכטזין, טריוויאלקייט און לופטיק געמיט. מיט חידוש: ווייל ס'האט זיך אים געווארפן אין די אויגן די גרויסע צאל פון דער יידשער אינטעליגענציע, וואס איז געזעלשאפטלעך אין ערגעץ נישט פארווארצלט, וואס איז אידייענלאז, צעשוואומעז, באפרידיקנדיק זיך מיט פאזע, מיט גלויבן אין דעם, אין וואס מ'גלויבט נישט. ער האט זיך אן אנטוישטער אויסגעדרייט צו פריילין זאשקען.

— איז מיר דערלויבט בעטן, צו וואס פאננא אמסטערדאם האט מיך איינגעלאדנט צו אייער צונויפקום? . . .

פריילין זאשקע האט זיך איצט אנגעקוקט מיט איטלעכן איינעם פון דער געזעלשאפט, ווי זי וואלט געווען אין א ספק, צי דאס, צוליב וועלכן איטלעכער איינער איז לעצטע נאכט געווען איינשטימיק אים איינצולאדן, איז נאך אקטועל. און נאך עטלעכע ווײלעס זיך יישוב'ן, א שאקל געטאן מיטן קאפ צום פאן וואלעק:

— אוושעם . . . 3) מיר ווילן, אז דער פאן זאל אונדז פארשלאגן א פלאן קעגן דעם מעגלעך אנקומענדיקן פאגראם . . .

— א פלאן? . . . — קוקט ער אריין אין פריילין זאשקעס אויגן, גלייך ער וואלט געווען אין א ספק, צי זי דארף אנקומען צו אים נאך א פלאן. — ז'פשיעמנאשטשאן . . . 4) כ'האב א פלאן . . .

— יא? . . — האבן זיך עטלעכע פארלעך א הויב אויף געטאן פון זייערע פלעצער.

1) מיין הויכאכטונג צו אייך . . .
2) ביטע, קומט ווייטער . . .
3) געווים . .
4) מיט פארגעניגן . . .

— נאַ פּראַוודע? 5)

— שוין?

— אַ פאַרטיקן?

טאָוואַזשיש וואַלעק האָט צוגעוואַרט ביז איטלעך איינער וועט זיך באַרואיקן און ווידער גענומען קוקן אויף דער פאַננאַ אַמסטערדאַם.

— דער פּלאַן איז שוין אָנגענומען . . . איר קענט צושטיין . . .

— וואָס איז דער פּלאַן? — טוט זיך פריילין זאָשקע אַן אומרואיקן באַוועג אויף דער שטול.

— באָיאָווואַ אָרגאַניזאַציאַ . . . 6)

— וואָ-?-?-ם!!

ביי פריילין זאָשקען זענען די ליכטיקע, בלויע אייגעלעך, שיר-נישט טונקל געוואָרן. זיי האָבן זיך אַ דריי געטאָן, געגעבן זיך אַ באַהאַלט אין אַ ווינקל, ווי פאַר אַ געפאַר, און גענומען קוקן אויף דעם פּלאַן-געבער, ווי אויף אַ גזלן.

— דאָ-?-?-ם? — זאָגט זי נאָך אַלץ פאַרוואונדערט, נאָך עטלעכע ווײַלעם צעטומלטקייט.

— יאָ. — רעדט ער זיך פאַמעלעך און גאַנץ קאַלט, דער פירער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי — זי איז שוין אפילו געשאַפן געוואָרן . . . היינט באַנאַכט . . . ווילט איר צושטיין צו איר? . . .

— מיר האַלטן נישט פון צוריקטאָן שלעכטס . . . — רופט זיך אָפּ פון זיין איינזאַמען ווינקל דער קליינער יאָסעלע — מיר ווען זיך נישט צונויפקומען מיט קיין נקמה-נעמער, מיט קיין בלוט-פאַרגיסער . . . ניעט . . .

— געווים נישט . . . — מישט זיך אַריין הער שוואַרץ, דער דרור-קעריי-אייגנטימער — מיר זענען טאָלסטאָיאַנער . . . אונדזער וואָפן איז: ליבשאַפט און פאַרגעבונג . . .

— „ליבשאַפט און פאַרגעבונג" . . . — זאָגט איבער טאָוואַזשיש וואַלעק אי באַדויערנדיק און אי שפּאָטיש — אַ? . . . „ליבשאַפט און פאַרגעבונג" . . . זייער גרויסאַרטיק . . . ווספאַניאַליע . . . 7)

— מיר באַמיען זיך צו זיין טאָלסטאָיאַנער . . . — שוואַכט אָפּ די פריילין זאָשקע דעם הער שוואַרצס קרעדאַ-דערקלערונג און קוקט

---

5) איז אמת'ן?

6) קאַמף-אָרגאַניזאַציע . . .

7) פּראַכטפול . . .

אויף דעם איינגעלאַדענעם גאַסט מיט סובטילער באַציאונג — מיר גלויבן נישט אין שלעכטס פאַר שלעכטס . . . מיר גלויבן אין פאַרגע־בונג, אין געוויסן, וואָס וועט דעם פאַרבלאַנדזשעטן מענטש אַרויספירן אויפן גלייכן וועג . . . האָט איר, פאַניע, עפּעס פאַרצושלאָגן, וואָס זאָל ענטשפּרעכן אונדזער אידעאַל?

— ניין. — טוט ער זיך שווין אַ שטעל אויף, דער טאַוואַזשיש וואָלעק, און פאַרקרומט ביטערלעך די ליפּן — נישט איצט איז די צייט פאַר אַזעלכע אידייען . . . ניע . . .

קיינער האָט שוין איצטער גאָרנישט געזאָגט און אויך נישט גע־טראַכט וועגן צוריקהאַלטן אים.

פריילין זאַשקע האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, וואָס זי האָט נישט פאַרויסגעזען, אַז דאָס באַגעגעניש וועט נישט ברענגען קיין פאַרשטענדיקונג. גלייכצייטיק האָט זי אים גע־דאַנקט, וואָס ער איז געווען אַזוי פריינטלעך צו לאָזן איר וויסן וועגן דער מעגלעך אַנקומענדיקער געפאַר.

וואָלעק האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט צו אירע רייד און זיך געזעגנט. ....

ווען ר'איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר, איז נאָך דאָ אין זאַל געשטאַנען פריילין זאַשקע, אָבער אַזוי, ווי זי וואָלט מיט זיך איצטער גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. אויך האָבן אַלע איבעריקע געפילט ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט זיך.

אין זאַל איז געווען אַ שטילקייט, ווי נאָך אַ שטורעם. איטלעכער איינער האָט זיך געשפּירט, ווי ער וואָלט נישט געווען קיין טייל פון דעם צונויפקום, נאָר אַ פרעמדער, אַן אומגעריכט אַריינגעפאַלענער. דאָס, וואָס מ'האָט געהאַט גערעדט פאַר דעם סאָציאַליסטישן פירערס אַריינקומען, איז שוין אויך נישט געווען אַזוי וויכטיק, אַז מ'זאָל עס ווען אויפסניי אָנהויבן. מ'איז געזעסן, ווי מ'וואָלט געוואַרט, עמעצער זאָל אַריינקומען און אַריינבלאָזן אַ נייע נשמה. וואָרים, כאָטש מ'האָט זיך דערקלערט פאַרן גאַסט פאַר אַזעלכע און אַזעלכע, דאָך האָט מען זיך עפּעס געפילט אומצופרידן . . .

און אינדעם האָבן זיך טאַקע געהערט טריט, טריט פון אַ באַקאַנטן מענטש. דער מענטש איז געקומען פון די ווייטע צימערן, דורך וועלכע מ'קומט אַרייַן פון דרויסן, און געלאָזט זיך הערן דורך מכלומר'שט עכטע הוסטעלעך . . .

די ערשטע צו רירן זיך, איז געווען פריילין זאַשקע. זי איז צו

צו דער טיר און אַ פּלוצים אויפגעלויכטענע, אַ פרייליכע, אויסגע־שטרעקט די האַנט:

— וואָס איז מיט אייך, הער שאַפּיראָ? וואָס זענט איר נישט אין צייט נעכטן און היינט? מאַכט איר אַן אָנהויב צו דערווייטערן זיך פון אונדז?

— גאָט באַהיט... — טוט בן־ציון אַ קוק אי אויף פריילין זשאַקעז און אי אויפן עולם אין זאַל — מיר איז ערשט איצט אַלץ נאָכמער נאָענט...

— טאַ, וואו זענט איר געווען?

— כ'וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד... איר מעגט אים אַלע וויסן... — טוט ער זיך אַ שטעל אין מיטן זאַל אַן אויפגעלייגטער — כ'ווער פאַרלאָבט...

— האַ?... — האָבן זיך אַלע געסט אויפגעשטעלט מיט שטורעם — פאַרלאָבט?... מיט וועמען?...

— מיט וועמען?... קוקט ער זיך אַרום, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ס'איז דאָ עמעצער, וואָס גייט עס זאָגן פריער — מיט העך אַלטערס טאָכטער...

— מיט שמעון רימערס טאָכטער?... — טוט אַ לויף־צו צו אים יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער — מיט איר?

—ווירקלעך? — טוט פריילין זשאַקע עפּעס יאָ און נישט פאַר־גינענדיק אַ שטרעק אויס אַ הענטל מיט ווינשעוואַניעס.

— און כ'ווער אויך דער געשעפט־פירער פון דער אונטערנעמונג, וואָס הער אַלטער וועט לויט זיין פּלאַן קירצלעך אויפבויען... — גיט ער נאָך צו, בן־ציון, אַ פרייליכער.

— איז דער פּלאַן נישט אויפגעגעבן? — טוט זיך פריילין זשאַקע אַ רוק־צו צו אים.

— גאָט באַהיט... — זאָגט בן־ציון — אייער פאָטער האָט גאָרנישט קאַליע געמאַכט.

— ווירקלעך נישט?... — וואונדערט זיך זייער אַ צופרידענע פריילין זשאַקע.

און איז עטלעכע ווײַלעס דערנאָך טוט זי זיך אַ דריי אויס צו אַלעמען און קוקט זיי אָן, ווי נישט צו לאָזן קיינעם פאַרגעסן דעם ציל פון היינטיקן צונויפקום.

— דאַמען! הערן! — טוט זי פייערלעך אַ זאָג — דאָס, וואָס פאַר אונדז בלייבט אין אַזאַ צייט צו טאָן, איז העלפן הער אַלטערן

דורכפירן זיין פּלאַן . . . דאָס וועט זיין ווירקזאַמער ווי די „באַיאַוואָ אָרגאַניזאַציאַ” . . . זענט איר נישט איינפאַרשטאַנען מיט מיר? . . .

אַלע האָבן איינשטימיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און מ'האָט זיך צוריק געזעצט, וואָרים נאָך איטלעכן צונויפקום־שמועס ברענגען די דינסטן אַריין פון דער קיך טאַצן מיט זיסע געבעקסן, טאַצן מיט גלעזער טיי, טאַצן מיט קאָנפעקטור, און מען אַמוזירט זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דער איינציקער, וואָס איז אָבער נאָך געווען צעטראָגן, איז געווען יאַסעלע. ער האָט אַ נעם געטאָן בן־ציונ'ען ביי אַ האַנט, ווען אַלע האָבן זיך שוין געהאַט געזעצט, און איז מיט אים אַוועק אין אַ זייט איבערצורעדן וועגן שידוך. וואָרים דעם זעלבן שידוך האָט מען דאָך אים, יאַסעלען, ערשט נעכטן גערעדט, און ער האָט נישט געוואָלט! דאָך איז ער נישט געגאַנגען קאַליע מאַכן. ער האָט נאָר געוואָלט, בן־ציון זאָל אים אויפקלערן, וואָס ער האָט אַזעלכעס אין איר, הער אַלטערס טאָכטער, געזען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט אַזעלכע שיינע און געבילדעטע פּריילינס, ווי די, וואָס זענען פאַראַן דאָ אין זאַל.

געזען אַז דער חבר גייט האָבן אַ לאַנגן שמועס, האָט זיך בן־ציון נישט געלאָזט פאַרפירן און אָפּגעלייגט אים אויף אַן אַנדער מאָל.

— מ'איז דאָך אין געזעלשאַפט . . . — זאָגט בן־ציון — ווי פּאַסט צו רעדן דיסקרעט? . . .

אויב אַזוי האָט שוין יאַסעלע קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און געמוזט זיך אונטערגעבן. ער האָט זיך אָבער געפילט, ווי איינער, וואָס האָט אַ פאַרלוירן און אַ קיין הנאה נישט געהאַט אין שפּיל.

---

— יאָ זנאַל, איך האָב געוואוסט, שטאָ, אַז מיט דער בורזשואַזנער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענציע ניטשעוואָ אַבטשעוואַ, דאַרף מען קיין געמיינזאַמעס נישט האָבן . . . — האָט שלמה, שטייענדיק ביים טישל מיטן ליכט, אויף דער געהיימער פאַרזאַמלונג אין עקשטאַטישן שוסטער־הויז, גערעדט זייער אַ דערצאָרנטער אין האַלב רוסיש און האַלב יידיש, נאָכדעם ווי טאַוואַזשיש וואָלעק איז צוריקגעקומען אַז אַנטוישטער פון פריילין אַמסטערדאַמס סאַלאָן — יאָ סקאַזאַל, איך האָב אָבער נאָך פריער געזאָגט, — קלאַפּט ער מיט אַ פויסט אין טישל — שטאָ ניקאַקיך נאַדיעזשד, קיין שום האָפנונג

זאל מען נישט ליגן אויף זיי . . . טעפער, אצינד — — — נו, טעפער, אצינד, וואַטזשע ווידיטע . . . אצינד זעט איר . . .

דער עולם, טייל זיצנדיק, טייל שטייענדיק, האָט געקוקט אַמאָל אויף דעם בלאַנדן טאָוואַזשיש וואַלעקן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, נישט ווייט פון טישל מיטן ליכט, און אַמאָל אויפן זיך־היצנדיקן שלמה'ן, וואָס האָט געהאַלטן אין איין רעדן.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז טאָוואַזשיש וואַלעק צוריקגעקומען און האָט איבערגעגעבן אַלץ וואָס ביי לאַזאַר אַמסטערדאַמען אין הויז איז געוואָרן געשמועסט. אָבער באַלד נאָך זיין פאַרענדיקן, האָט זיך שלמה אָוועקגעשטעלט און מוסר'ט אַז אויפהער:

— יאַ זנאַל . . . יאַ סקאַזאַל . . . טעפער, נו . . . וואַט־זשע ווידיטע . . .

אָבער בעת'ן רעדן זיינעם האָט זיך דערהערט פון צווישן עולם אַ מורמלען, גלייך אַ גרויסע בין וואָלט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט און גענומען זשומען. טייל עולם האָט זיך אומגעקוקט און גענומען זוכן דעם מורמלער. באַלד נאָכדעם האָט זיך אומגעקוקט אַז אַנדער טייל. און אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָט מען שוין קיינעם נישט געקענט צוריקהאַלטן. איטלעכער איינער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען קוקן אין מיטן שטוב אַריין. קיינער האָט שוין איצטער נישט געהערט שלמה'ן.

געווען איז דער מורמלער — מאַרקל.

מאַרקל איז געשטאַנען לעבן בלומען און האָט צו איר גערעדט היפּשלעך פאַרדראָסיק און איינגע'עקשנ'ט:

— יעדער האַלט אויבעט ניש פון אַקעגנשטעלן זעדר פּאַגראַממטשיקעס . . . יעדער האַלט אויבעט, אַז מ'דאַרף ניש פאַרגיסן קאַ בלוט . . . יעדער זאָג ס'זעלבע, וואָס יענע, די געבילדעטע . . .

אָבער איידער די ענערגישע בלומע, און דער פאַריבלהאַבנדיקער עולם האָבן באַוויזן אים שטיל צו מאַכן, זענען זיי אַליין פּלוצים מיט־איינמאָל געבליבן שטיל און גענומען פאַלן צום דיל. איינער איז אַראָפּ נאָכן אַנדערן. הענט האָבן זיך אויסגעמישט מיט פיס, מיילער מיט שטיוול, מיט שיך, קעפּ מיט פּלייצעס, מיט בייכער. מ'האָט איצטער מער גאָרנישט געזען ווי נאָר דיל און אויסגעמישטע קערפּערס.

— וואָסי?

— דונערט עס?

— איז אַ דונער אַריין אין שטוב?

— מ'האָט דאָך געזען אַ שטיק פייער! . . .

קיינער האָט נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. מ'איז נאָר געלעגן, ווי אין חלשות, און מ'האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס האָט זיך פּלוצים זייער הילכיק אַ טראַג געטאָן איבער די קעפּ און פאַר־שוואונדן ערגעץ אין הויז.

— וואָסי?

— דונערט עס?

— איז אַ דונער אַריין אין שטוב?

געוואוסט האָט מען, אַז אין דרויסן האָט זיך געקליבן אויף אַ רעגן. כמאַרעס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט געדיכטע און שווערע. און דערפאַר, הייסט עס, איז עס טאַקע געווען אַ דונער דאָס, וואָס האָט זיך פייערדיק אַ טראַג געטאָן איבער די קעפּ. הכלל, עס איז נישט קיין מלער . . .

אָבער אינדעם האָט זיך דאָס ליכט אויפן טישל אַ לעש געטאָן און באַלד דערנאָך האָט זיך דער עולם געלאָזט לויפן צו אַ זייטיקער טיר, וואָס האָט געפירט צו פעלדער מיט תבואות. דער עולם איז גע־לאָפן, ווי מ'וואָלט נישט געווען אין אַ שטוב, נאָר אין אַ פּלוצים פאַר־פלייצנדיקן געוויסער, וואָס וואָלט זיך ראַשיק געהויבן העכער און העכער. דער עולם איז געלאָפן ווילד. איינער האָט געטראָטן אויפן צווייטן. איינער דעם אַנדערן האָט געקאַפּעט מיט די פיס, געריסן מיט די ציין און נעגל צו קריגען אַ פריי פּלאַץ, כדי וואָס גיכער, וואָס פריער צו קענען אַנטלויפן. מ'האָט זיך געריסן, ווי צעדולד־געוואָרענע הינט, ווי חיות אין וואַלד. פון בהלה'דיקייט און האסטיקייט האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער קנאַק פון דער טיר און אַ געבראַזגעריי פון פון פליענדיקן און צעבראַכענעם געפעס. דער עולם איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען. און וואָס גיכער מ'האָט זיך געאײַלט, אַלץ גיכער האָט געדויערט דאָס אַנטלויפן פון שטוב. מ'האָט זיך גאַרנישט געקענט אַרויסקריגן פון דעם פינצטערן הויז, וואָס איז אָנגעפילט מיט געפּאַר . . .

אָבער נאָך אַ לאַנג געלאַף איז ענדלעך רואיק געוואָרן. עטלעכע סטראַזשניקעס זענען אַריינגעקומען דורך דער פראָנט־טיר, וואָס דער שטוב־באַלעבאָס האָט געמוזט עפענען, און עטלעכע סטראַזשניקעס זענען אַריינגעקומען דורך דער הינטער־טיר, וואָס גייט אַרויס צו די פעלדער. אַלע האָבן גענומען לייכטן מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנס אין די פּנימ'ער פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך פון דאַנען נישט געקענט באַצייטנס אַרויסכאַפּן.

— פּאַאידיטע ז׳נאַמי . . . (1 — האָט זיך דערהערט אַ קורצער אָפּגעהאַקטער באַפעל פון די סטראַזשניקעס צו די איבערגעבליבענע מענטשן.

דער עולם איז אַרויס. אפילו די קראַנקע שטוב־באַלעבאַטים און די אויסגעדאַרטע גרויע כלה, מרים, זענען אויך צוגענומען געוואָרן פון דער פּאָליציי.

דאָס הייזל איז געבליבן ליידיק און חרב.

---

אין דרויסן, אַרום דעם הויז, וואו ס׳ציען זיך פעלדער מיט צייטיקע, הויך געוואַקסענע תבואות, איז געווען שטיל. איבער די ליימיקע שליאַכן, וואָס פירן צו דאָרפישע היימען, איז קיינער נישט געפאָרן, נישט געגאַנגען. אויך איז געווען פינצטער־חושך. אַ תהום׳דיקע בלינדקייט. דער הימל איז געווען שוואַרץ, ווי אויך ער וואָלט פון דער טונקלקייט אויפגעגעסן געוואָרן.

עס האָט נישט גערונערט, נישט געבליצט. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט זיך אָוועקגעלייגט אין אַ אייביקן שלאָף.

בעת דעם האָבן זיך פּלוצים אויפגעהויבן פינצטערע געשטאַלטן פון צווישן די תבואות. געשטאַלטן — שטומע און פול מיט סודות. געשטאַנען זענען די געשטאַלטן אַ לענגערע צייט אָן באַוועגונג, גלייך זיי וואָלטן אין אָט דעם אָפּגרונט־פינצטערניש געלאַקערט אויף עמעצן און געגאַנגען באַשאַפן עפּעס נייעס, עפּעס איבערראַשנדיקעס. אָפּגעשטאַנען אַזוי אַ לענגערע צייט, האָבן זיי זיך גענומען רירן. זיי זענען געגאַנגען צו צוויי, צו פיר, אין גרופּעס. זיי זענען געגאַנגען אין פאַרשידענע זייטן, ווי זיי וואָלטן זיך צעטיילט, כדי עמעצן אַרומצורינגלען און פאַנגען. געהערט האָט מען נישט זייערע טריט, נישט זייער באַוועגן זיך, נאָר דאָס שאָרכן פון די תבואות. עס איז געווען אַ געשאָרך, ווי האָזן וואָלטן זיך געפּאָרקעט.

געדויערט האָט דאָס געשאָרכעריי אַ היפּשע צייט. נאָכדעם איז עס ערגעץ איינגעזונקען געוואָרן און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן הערן האַרטע טריט. טריט אויף שטיינער, טריט אויף וועגן אַרום דער שטאָט. אָבער איצט האָבן זיך שוין געהערט ברומערייען, ווי פון קעץ, וואָס ווערן צערייצט.

— יעד האָב דיר געזאָגט, זאָלסט ניש גיין . . . וואָס וואָלט מיט מיר געווען, ווען דו פאָלסט אַריין ? . . .

---

1) קומט.

געברומט האָט דאָס פייגע, וואָס איז געגאַנגגען מיט איציקן און מיט די אַנדערע יינגען.

— און וואָסאָרא תירוץ וועלן מיר אַצינד קענען געבן דער מאַמען פאַר אונדזער ניש אַהיימקימען באַלד? — האָט גיטל געפרעגט פייגן.

אָבער נישט איציק האָט געענטפערט פייגען און נישט פייגע האָט געענטפערט גיטלען. אַלע, ווידער שטילע, זענען געגאַנגען אַהיים —

— — — — — — — — — — —

אין דער היים איז געווען לעבעדיק און לוסטיק.

שמעון, פּערל, חוה און שרה'לע זענען געזעסן אַרום דעם טיש אין אויפנעם־צימער און האָבן געטרונקען סאָדע־וואַסער מיט סאַק.

אויפן טיש, וואָס איז נאָך אַלץ געווען באַדעקט מיטן ווייסן טיש־טעך, זענען געשטאַנען צוויי פלעשער. איינער מיט מאַלינעס־סאַק, וואָס פּערל האָט נאָך מיט צייטן צוריק געמאַכט, און דער צווייטער מיט אייז־קאַלטן וואַסער, וואָס שרה'לע האָט געבראַכט פון אַ סאָדע־וואַסער־געוועלב. ביידע פלעשער האָט מען דאָ אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אויף שמעון'ס פאַרלאַנג. ווען ר'איז אַהיימגעקומען פון בית־מדרש וואו ר'האָט אויסגעפירט אַלץ, וואָס ר'האָט געוואָלט, איז ער געווען זייער פריילעך. און נאָכמער איז ער געוואָרן פריילעך, ווען חוה, וואָס איז שוין געווען אין הויז, האָט אים דערציילט, אַז בן־ציון האָט היינט נישט געקענט קומען, אָבער מאָרגן וועט ער אַליין דאָ אין הויז אַריינ־קומען. דעמאָלט האָט שמעון אַ קלונג געטאָן מיט דער קעשענע קליינ־געלט, אַ שיק געטאָן שרה'לען נאָך סאָדע־וואַסער און חוה'ן געבעטן אַרויפברענגען פון קעלער אַ פלאַש סאַק צו באַזאַפטיקן מיט אים דעם געטראַנק. איז אַט זיצט מען אַרום טיש און מ'קווועלט אַז פון זיך און פון דעם לעבן אויף דער וועלט. ....

— אַך, מענטשן, מיינע ליבע, — זאָגט שמעון צו דער פאַמיליע אַרום, בעת ער האַלט אַ גלאָז מיט באַזאַפטיקטן געטראַנק אין האַנט — עיר ווייסט גאַרניש ווי גוט מיר איז אַצינד . . . מ'וואָלט נאָר געדאַרפט לעבן אייביק צו אַזאַ גליק . . . וואָס פעלט מיר אַצינד? . . . געלויבט השם־יתברך, כ'האָב אַלץ, וואָס געוואָלט . . . כ'האָב אויסגעפירט מיט מיין פּלאַן, וואָס יעדן האָב פּלאַנירט. כ'האָב געקראָגן אַ שידוך אַזעלכן ווי עס פּאַסט פאַר חוה'ן . . . כ'זאָג ענק, מענטשן, אַז ס'איז נישטאָ קאַ בעסערס אין לעבן ווי דאָס, וואָס מ'וויל, ווערט מקוים. מ'פילט זיך דאָך עפּעס אַזוי, ווי זאָל'ך ענק זאָגן? מ'פילט זיך ווי מלאכים

וואָלטן געטראָגן אויף די הענט און . . . און . . . און . . . נו, וועט ער נאָך האָבן טענות צו מיר, אַלמאַי כ'האָב ניש געוואָלט צעברעכן קאָ הויז, ניש געוואָלט ענק לאָזן וואַנדערן אין דער וועלט אַריין, צו זוכן נייע היימען? . . . אַ? . . . וואָס זאָגט עץ? . . .

בעת דעם זענען אַריינגעקומען אין דער קיך די טעכטער, פייגע, גיטל, און די פינף יינגען, איציק, מאיר'ל, שיע, בערל, כאַסקל.

אָבער שמעון האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי און ווייטער גערעדט:

— מ'דאַרף קיינמאָל ניש אַראָפּפאַלן בּאַ זעך . . . מ'דאַרף קיינ־מאָל ניש מיינען — שויז, ס'איז עק וועלט . . . ניין . . . כל זמן אַז אויג שטייט אָפן . . . יאָ. כל זמן . . . דאַרף מע האָפן. האָפן און האָפן . . . עץ פאַרשטייט? . . .

די איינציקע וואָס האָט זיך אָבער נישט געקענט איינהאַלטן ביים טיש איז געווען שרה'לע. זי איז גיך אַריין אין קיך צו האָבן אַ שמועס מיט די שוועסטער און יינגען.

שמעון אָבער איז זיך ווייטער אַזוי אַנגעגאַנגען. ער האָט גערעדט און גערעדט . . . אָבען ווען ר'איז שוין געווען מיד פון אַריינרעדן אין די זעלבע מענטשן, האָט ער גענומען זוכן אַנדערע.

— פאַרוואָס קימט עץ ניש אַריין צום טיש? — שרייט ער אַריין אין דער קיך צו די טעכטער און יינגען — קימט אַריין און טרינקט אַ גלאָז קאַלט וואַסער מיט סאָק . . .

געזען אָבער, אַז ס'איז שוין נישטאָ קיין סאָדע־וואַסער אין פלאַש, האָט ער ווידער אַ קלונג געטאָן מיט דער קעשענע קליינגעלט און ווידער געשיקט שרה'לען:

— שרה'לע! . . . לויף! . . . נעם דיר געלט און ברענג עטלעכע פלעשער וואַסער . . . פאַר אַזויפיל אירע, קיין עין־הרע, וועט אַצינד ניש געניג זיין איין פלאַש . . .

שרה'לע האָט זיך טאַקע באַלד אַ ריר געטאָן. און די טעכטער, אויך די יינגען, ביי וועמען די שרעק, די איבערלעבונג איז עק שטאָט, איז נאָך געלעגן אויף די פּנים'ער, האָבן זיך נישט געקענט העלפן און זענען אַריין אין אויפנעם־צימער. זיי זענען אַריין ווי מיט אונטערגע־שלאָגענע פּיס.

# קאַפּיטל זעכצן

צווישן די וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן אין עק־שטאַטישן שום־טער־הויז, זענען אויך געווען מאַרקל און בלומע.

איידער די פּאָליציי איז אַריינגעקומען, האָט בלומע געגוואַלדעוועט צו מאַרקלען, „קים גיכער . . . ריר זיך". אָבער ער, ווי עפּעס וואָלט צו אים צוגעשטאַנען, האָט זיך נישט געאײַלט. „וואָס זאָל'ך אויף מענטשנס קעפּ טרעטן? . . ." — האָט ער גע'טענה'ט. „וואָס זאָל'ך זיי אָפּשטופּן און פאַר מיר מאַכן פּלאַץ? . . . זיי ווילן זעך דאָך אויכעט ראַטעווען . . . " איז אַט איז ער און בלומע געבליבן, ווי אַנדערע, און צום סוף אַרעסטירט געוואָרן.

אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָט מאַרקל ס'ערשטע אַ טראַכט געטאָן נישט וועגן זיך, נאָר וועגן קאַפּקען, וואָס איז געבליבן אין דער היים.

— נו, — טוט ער פאַרביטערט אַ ברום צו בלומען — וואָס וועט אַצינד זיין מיט אונדזער זון? . . .

בלומע האָט איצט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין שום קלאָגענישן, דערצו פון אים, מאַרקלען. דאָס, וואָס זי און ער זענען אַרעסטירט געוואָרן, איז פאַר איר געווען גענוג וועגן וואָס צו זאָרגן. איז אַט קומט ער נאָך צו מיט מער.

— דאָס אַלץ וואָס ליגט דיר אַצינד אין קאָפּ? — טוט זי אים אַ פאַריבלדיקן פרעג — פריער טראַכט וואָס מ'האָט מיט דיר געטאָן . . .

— וואָס האָב'ך צו טראַכטן? — זאָגט ער — כ'האָב עס דען ניש פאַראויסגעזען? . . .

— איז דאָס גענוג? — טוט זי אַ שטעל אויס די אויגן אויף אים, — טראַכט זעך אַריין פ אַ ר וו אָ ס און פ אַ ר ו ו ע מ ע ן!

— וואָס איז דען אַ חילוק?

— שוין גאָר אַ חילוק! האָסט'אַך פריער געשריען, אַז שלמה'ס טענות געפעלן דיר ניש . . . ביסט'אַך פאַרכלינעט פון די זיידענע

ווערטעלעד, וואס מ׳האט גערעדט אין סאלאן פון דער רייכער פוסט־און־פאסניצע, דער מוידטשינע פאננא אמסדערדאם . . .

— כ׳האלט נאך אלץ, אז דארטן האט מען גערעדט צו דער זאך . . .

— נאכאלץ? א? . . . — טוט בלומע א בייזן קוק און א געשריי — אייזל דו! . . . וואס מ׳זאל דיר אלץ ניש טאן, וועסטו פארליב נעמען . . .

פון פארנט, וואו ס׳זענען געגאנגען א צאל סטראזשניקעס, האט זיך דערהערט א געשריי:

— מאלטשאט! (שטיל זאל זיין!)

געווען איז דאס קול פון עלטסטן סטראזשניק שולגער.

שולגער, איין האנט אויפן רעוואלווער, די צווייטע אויפן שווערד, האט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דעם עולם ארעסטירטע און גענומען זיך איינקוקן וועלכע ארעסטאנטן עס טומלען. די גראע באקנבערד האבן זיך אנגעבלאזן. דער גאנצער שווערער, פעסלדיקער גוף זיינער איז געווארן א שטיק גליענדיקע קויל. ער האט געווארנט מיט א הויך קול נאך אמאל:

—מאלטשאט! . . .

בלומע האט זיך אבער קעגנגעשטעלט:

— כ׳האב א מויל דערויף . . . — זאגט זי — ניש גענומען עס בא דיר . . .

— טשטא? (וואס?) — האט ער, דער נידעריקער, צעוואקסענער שולגער, געטאן א קוויטשענדיקן פרעג, ווען ר׳האט געהערט לשון, וואס ער פארשטייט נישט . . .

— זאלסט נישט אויפשטיין צו תחית־המתים . . . — זאגט בלומע — אט וואס! . . .

— א? — טוט שולגער ווידער א קוויטש.

בלומע האט שוין אבער איצט נישט געקענט ענטפערן. זי האט געקראגן א שטויס פון א סטראזשניק, וואס איז געגאנגען הינטער איר, אז זי האט זיך שיר־נישט צוגעזעצט.

— אט דאס האסטו פאר דיין היציקן בלוט . . . — טוט איצט מארקל מיט באדויער א ברום צו איר — זעסט, וואס עס געשעט, אז מ׳האלט זעך ניש איין? . . .

בלומע, א מיטלוואוקסיקע, א גלייבע, איז איצטער געווארן מיטאמאל א קליינע און אן איינגעבויגענע. אבער אז א קרעכץ און אז

געבעט אויף רחמנות איז זי געגאַנגען ווייטער.

אויף דער גאַס איז, מחמת דעם פינצטערניש, געווען שווער צו זען עמעצן. דאָך האָט מען געזען. און דערצו — אַ סך מענטשן. מענטשן זענען געשטאַנען פאַר די הייזער און אויפן מיט־וועג. אַרויס־געקומען זענען אַט די מענטשן פון די הייזער, ווען ס'האָט זיך געהערט אַ געוואַלד פון „פּאַליטישן הויז", ווי די שכנים האָבן עס גערופן, און זינט דעמאָלט שטייען זיי און קוקן זיך צו, וואָס דאָ קומט פאָר. איצט אָבער, דערזען דעם עולם אַרעסטירטע, וואָס מ'פירט אַוועק צו דער פּאָליציי, זיינען זיי צוגעקומען נענטער. זיי האָבן געוואָלט זען, צי געפינען זיך נישט אין „רעדל" אויך אייגענע מענטשן. און זיי האָבן טאַקע באַלד געפונען און גענומען שרייען:

— קיווע!

— מעכל!

— פּיניע!

— משה!

די סטראַזשניקעס האָבן אָבער העכער געשריען, און דער עולם האָט זיך געמוזט צוריקציען.

ווען די אַרעסטירטע זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער יידי־שער גאַס, האָבן זיך אָבער געהערט העכערע און שטאַרקערע קולות:

— געוואַלד, יידן, ראַטעוועט!

— געוואַלד, מ'פּאַגראַמירט!

— געוואַלד, מ'האָט מיין קינד אומגעבראַכט!

איבער דער גאַס איז אויך געווען אַ געלאַף פון מענטשן, וואָס מ'האָט זייערע פּנים'ער נישט געקענט זען. זיי האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס.

די אַרעסטירטע, וואָס זענען באַוואַכט געוואָרן פון סטראַזשניקעס אויף אַלע זייטן, האָבן גענומען קוקן אַרום און אַרום און קרעכצן:

— שוין...

— ס'האָט זעד שוין אָנגעהויבן...

— ווינד איז אינץ...

— דער פּאָגראָם האָט זעד שוין אָנגעהויבן...

בלומע האָט נישט מיטגעקרעכצט. זי האָט נאָר געקוקט בייז אויף מאַרקלען און געברומט צום עלטסטן סטראַזשניק, שולגערן:

— ני, וואָס, פּאַניע סטאַרשי, — פרעגט זי אין רוסיש — וועסט גאַרנישט טאָן דערצו?...

— מאַלטשאַט! — האָט שולגער ווידער אַ קוויטש געטאָן, אָבער איצט אויך גענומען אַהערגיין צו דער בונטאַוואַטשינקע.

— מאַלטשאַט! יאַ סקאַזאַל! . . .

בלומע האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. זי האָט זיך נאָר אַראָפּגערוקט דאָס שייטל בעסער צו די אויגן, ווי זי וואָלט זיך בעסער אָנגעפּאַנצערט, און זייטיק געברומט צו מאַרקלען:

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם? ווּעסט זעך נאָך אַליין פאַרלאָזן אויף אַ נס? . . . ווּעסט נאָך אַליין מיינען, אַז מיט גוטן קען מען בעסער אויפטאָן? . . .

— כ׳בעט דיך און לאָז מעך צורו . . . — זאָגט ער, מאַרקל, אַ חלוש׳דיקער, ווי נאָר אַנידערצופאַלן — כ׳האָב ניש קאַ קאָפּ צו דיר און ניש צו דער דאָזיקער גאַנצער וועלט . . .

דאָס געשריי אין דער גאַס, וואו מ׳האָט אין דער פינצטער אויס־געבראָכן פענצטער און געוואָרפן זיך אויף אַלט און יונג, האָט אים, דעם איידעלן און שוואַכן מאַרקלען, נישט געענדערט. אויך נישט אין די אַנדערע גאַסן, וואו די געוואַלדן פון די מענטשן זענען געווען העכער און האַרצרייסנדיקער. ער איז געגאַנגען, מאַרקל, דער זעלבער פאַרצאָגטער, וואָס פריער, אָן בלוטיקע נקמה־געפילן. ער איז געגאַנגען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

---

אַריינגעקומענע אין פּאָליציי־הויז, וואָס איז געווען באַלויכטן ווי אויפצונעמען הויכגעשטעלטע מלוכה־געסט, האָט שולגער אַ קאָמאַנ־דעווע געגעבן צו די סטראַזשניקעס — אָפּצופירן די ציווילע חברה אין דער הויפּט־קאַנצעלאַריע, און אַליין זיך באַלד געלאָזט צוריק אַרויס אין דרויסן.

געגאַנגען איז ער איצט צום הויפּט פון דער פּאָליציי — צום נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי, און אים אָפּגעבן אַ ראַפּאָרט וועגן צוויי זאַכן. ערשטנס, וועגן דעם דורכגעפירטן איבערפאַל אויף דער גע־היימער פאַרזאַמלונג, וועגן וועלכער ער האָט מיט אים היינט גערעדט. צווייטנס, וועגן דעם אָנהויב פון פּאָגראָם, אויף וועלכן מ׳האָט זיך שוין אַ לענגערע צייט געריכט. איז אָט גייט ער וועגן דעם אַלעם ראַפּאָרטירן.

ווי אַ שיכור נאָך אַ הוליאַנקע, איז ער וואַקלענדיק אַריין אין מאַרק, וואו ס׳האָבן זיך אין דער פינצטערניש געהערט געוואַלדן פון הינטערגאַסן, אויך פון דאָנען — פון ראָגן און טראָטואַרן, און האָט זיך געלאָזט, ווי נישט אים וואָלט עס אָנגעגאַנגען, אַקעגן דער פּאָוויאַט־

געביידע, ביי וועלכער ס'זענען געשטאנען צוויי אייזערנע סלופעס מיט אנגעצונדענע קעראסין־לאמפן.

מחמת דעם העל־רויטן אפשיין פון די צוויי לאמפן, האבן זיך אויף א שטיק שטח ארום געזען פיל זיך־וואַרפנדיקע שאטנס איבערן ברוק. עס זענען געווען שאטנס, וואס אט האבן זיי זיך דערווייטערט, און אט האבן זיי זיך דערנענטערט. אט זענען טייל גיך אוועקגעלאפן און אט זענען זיי געבליבן ליגן אומבאוועגלעך אונטער א מענגע שאטנס, פון וועלכע זיי זענען מיט רציחה באפאלן געווארן.

הויך איבער די דאזיקע שאטנס, הויך אין דער לופט, האבן זיך געהערט קרעכצן פון מענטשן:

— ראטעוועט, יידן!

— ראטעוועט, יידן, בני־רחמנים . . .

— רופט פאליציי . . .

— רופט פאליציי, דערבארעמט אייך!

שולגער, אבער, האט זיך נישט ווייסנדיק געמאכט. ער איז פארביי די שאטנס, וואס האבן זיך אין באלויכטענעם שטח געוואלגערט אויף דער ערד. ער איז אויך פארביי א שאטן פון א לאנגער האנט מיט א מעסער, וואס האט זיך געהויבן אויף עמיצן אויפן ברוק, און איז ארויף אויף די טרעפ פון דער פאוויאט־געביידע.

ער האט איצט געמוזט גיין א פראכטנדיקער איבער די שוואכלעך באלויכטענע דילן פון די קארידארן, ווי ער וואלט זיך ערשט קוים געראטעוועט פון א סכנה. ער איז ארויף מיט די טרעפ, וואס האבן זיך געדרייט העכער און העכער צום סאמע אויבערשטן שטאק פון דער געביידע, און א מידער, סיי פון אלטקייט און סיי פון גיכן איילן זיך, געבליבן שטיין הינטער א טיר מיט א זיידענעם שטריק, וואס איז צו־געטשעפעט צו א גלאק אין די אינעווייניקסטע צימערן.

בעת'ן ווארטן האט ער זיך, מחמת גרויס רעספעקט צו זיין פארשטייענדיקן וויזיט, געדרייט די וואנצעס, געפוצט זיך די גראע באקנבערד, אכטונג געגעבן, צי א קנעפל איז אים חס־וחלילה נישט אפן און, ווען די טיר האט זיך געעפנט, א קלאפ־צונויף געגעבן ביידע שטיוול־אפצאסן, ווי א שוידער וואלט אים אדורך דורך די ביינער.

— צום גאספאדין נאטשאלניק סטראזשעמסקי!

אין דער טיר־עפענונג, איז געשטאנען א פרוי מיט א פארריסן נעזל, א משרת'טע, און האט א ווייז געטאן מיט א פינגער אויף ארייכצוגיין:

— פּאַזשאַלויסטאַ!

שולגער איז אַריין. ער האָט מיט דער האַנט צוגעהאַלטן די שווערד און געמאַכט שפּרייזן פון איין צימער אַרויס און אין אַ צווייטן צימער אַריין. ער איז געגאַנגען אַזוי פעסט און מעכטיק, אַז כאָטש איבער די דילן זענען געלעגן טעפּיכער, דאָך האָט מען אַן אָפּהילך פון זיינע טריט געהערט איבער אַלע צימערן.

ענדלעך איז ער געבליבן שטיין ביי אַן אָפענער טיר פון אַ גרויסן צימער, וואו ס׳איז געווען ליכטיק, און צוגעטאָן צום דאַשיק פינף גלייך־אויסגעצויגענע פינגער:

— גאָספּאָדין . . .

אין צימער איז ביי אַ שרייבטיש געזעסן אַ הויכער מאַן, אַ שלאַנ־קער, מיט אַן עטוואָס גרויליכן קאָפּ האָר, און האָט געשריבן אויף אַ בויגן־פּאַפּיר. אָנגעטאָן איז ער געווען, דער דאָזיקער מאַן, אין אַן אויסגעפּאַסטן, גרינעם רעקל מיט זילבער אַרומגענייטע שליפעס, אין לאַנגע גרינע הויזן, מיט רויטע שנירלעך, און אין שוואַרצע לאַ־קירטע שיך מיט שפּאָרן. געווען איז ער: דער נאַטשאַלניק סטראַ־זשעמסקי.

געזעסן איז ער זייער אַ פאַרנומענער ביים שרייבן. דער קאָפּ טיף אַראָפּגעבויגן, די אָרעמס אויפן טיש און די ליפּן האָבן זיך געקנייטשט לויט דעם אימפּעט פון שרייבן.

געווען איז דאָס שרייבן אַ פּריוואַטע אַרבעט איבער אַ ווערק, וואָס ער שרייבט שוין עטלעכע יאָר. עס איז פונוועגן „רוסלאַנד און אירע אימפּעריאַלע פעלקער". איטלעכן אויפדערנאַכט, ווי נאָר ער ווערט פריי פון מלוכה־ און פאַמיליע־פליכטן, זעצט ער זיך אַוועק דאָ צום טיש און שרייבט. אָבער זייער שווער קומט אים אָן דאָס שרייבן. אַלץ וואָס ער שרייבט אָן, שטעלט אים נישט צופרידן. דאָ דאַכט זיך אים, אַז ס׳וועט נישט געפעלן ווערן די אימפּעריע־פירער אין מאָסקווע. דאָ, אַז מיט דעם אָדער יענעם זאַץ גראָבט ער זיך אַליין אונטער דעם פונדאַמענט פון זיין קאַריערע. ער איז שטענדיק אין אַ ספק וועגן זיין שרייבן, כאָטש בעת׳ן שרייבן איז ער זיכער, אַז אָט־אָ דאָס איז עס; אַז ער האָט אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל געגעבן די בעסטע פאָרמו־לירונג וועגן רוסלאַנד און איר מיסיע צווישן די אימפּעריאַלע פעלקער. אָט אַזוי אויך איצט.

ער זיצט איינגעבויגן ווי ער וואָלט געטראָגן אַ משא אויף די פּלייצעס, דער קאָפּ טיף געזונקען, די אויגן איינגעגראָבן אין די ווער־

טער, וואָס ער שטעלט אַרויף מיט דער פּען, אָבער בעת׳ן דאָזיקן אָנגעשטרענגטן שרייבן קלאַפּט אים עמיצער אין די ווענטעלעך פון האַרץ:
„ס׳וועט נישט גוט זיין... ס׳וועט נישט געפעלן ווערן אין מאָסקווע... גראָבסט זיך אונטער מיט דיינע אייגענע הענט דיין קאַריערע..."

איידער ר׳האָט אָנגעהויבן אַזוי אימפּעטיק צו שרייבן, האָט ער צעריסן עטלעכע בויגן. און איידער ער האָט געהאַט צעריסן, האָט ער שוין געמעקט, געשלייפט, צוגעשריבן. אָבער ווען ס׳איז שוין געווען אַלץ ווי ר׳האָט געוואָלט, האָט אים אַ שטימע אין האַרץ געהייסן איבערלייענען נאָכאַמאָל. עס זענען דאָרטן דאָ, — האָט די שטימע געזאָגט, — עטלעכע זאַצן וואָס וועלן באַין־אופן נישט געפעלן ווערן אין מאָסקווע... איז האָט ער די פּאַפּירן צעריסן און גענומען זיך שרייבן אויף ס׳ניי...

וואָלט עס אָנגעטראָפן אויף אַן אַנדערן, וואָלט יענער אַ שליידער געטאָן דאָס שרייבן „דאָ ק׳טשאָרטו", און אַ סוף. אַן אַנדערער וואָלט זיך נישט געוואָלט מוטשען. אָבער מיט אים איז אַנדערש. ער האָט נישט קיין חשק צו בלייבן שטיין ביי דער איצטיקער ראַנגע. ער מוז שטייגן העכער און אָנקומען אין אַ מער אָנגעזעענער שטאָט. וואָס, שטענדיק וועט ער זיצן אָט־דאָ־אָ אין דעם שטעטל, וואו ס׳איז נישטאָ קיין היפּשע רוסישע געזעלשאַפט, קיין לייטישע צערקווע, קיין מעגלעכקייט צו זיין מיט די קינדער צוזאַמען? שוין יאָרן ווי זיינע דערוואַקסענע קינדער וואַלגערן זיך אַרום אין דער פרעמד, וואו זיי שטודירן. און ער בענקט אַזוי, אַז דאָס חיות גייט אים אויס. און דאָס זעלבע אויך מיט דער פרוי זיינער. איז וואָס? בלייבן שטיין אַזוי? דאָס וועט זיין דאָס לעבן? ניין. ער מוז זיך אַרויסראַטעווען פון דעם דאָזיקן העק. ער מוז באַווייזן! און באַווייזן וועט ער מיט דעם ווערק, וואָס ער שרייבט. אַ ווערק וואָס וועט מוזן געפעלן ווערן אפילו דעם סאַמאָראָדנעם הויף, דער קייזערלעכער פאַמיליע.

איז אָט שרייבט ער מיט בלוט, מיט האַרץ, מיט זיין גאַנצער ענערגיע. אָבער אינדעם — ווער קלאַפּט דאָס מיט די שטיוול־אָפּצאַסן און מורמלט אים אין דער פּלייצע אַריין: גאָספּאָדין... גאָספּאָדין...

אויסגעדרייט זיך, האָט ער ערשט דערזען דעם סטאַרשי סטראַזשניק, שולגערן.

— טשטאָ זשע טאַקאָי?...

שולגער האָט נאָך איצט געהאַלטן די שטיוול צונויפגעדריקט. די סאַלוטירנדיקע האַנט אָבער שוין אַראָפּגעלאָזט צום פוס און מיט די

וואַנצעס און באַקנבערד געוואָרפן אַז אויפהער. אַז אויפהער.

בעת'ן דאַזיקן וואָרפן האָט ער געכריפּעט, געפּראַכט, געצוקט מיט דער ברייטער נאָז, מיטן האַלדז, און די אויגן, וואָס זענען געזעסן טיף אונטערן ברייטן שטערן, האָבן משונה'דיק זיך פאַרגלאָצט פון צייט צו צייט, ווי זיי וואָלטן געגעבן אָנצוהערן: שוין . . . זיי גייען זיך געזעגענען מיט דער וועלט . . . נישט געבליבן קיין סך פון די אמאָליקע כוחות אונטן אין גוף . . .

דער נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי האָט זיך צוגעקוקט צו אָט דעם אַלטן סלוזשביסט, באַטראַכט אים ווי ער פּאַכעט מיט דער נשמה, ווי ער קאַכט מיט אָנגעשטרענגטע נערוון, און ווען געזען ר'איז שוין פאַרטיק, האָט ער אים נישט געענטפערט אויפן ראַפּאָרט, נאָר גענומען טענה'ן וועגן אים, דעם סטאַרשי סטראַזשניק זעלבסט.

— סלושאַיטע . . . וואָלט איר נישט געוואָלט גיין אין ציוויל אַריין? — טוט ער אים פּלוצלונג אַ פרעג.

און געווען איז דער פרעג נישט דערפּאַר וואָס אים איז איצט איינגעפאַלן דער דאַזיקער געדאַנק, ניין. ער האָט שוין וועגן דעם לאַנג געטראַכט. איבעריקנס, ער וואָלט דאָס אים געקענט אַמאָל אַ פרעג טאָן אין דער קאַנצעלאַריע, וואָס אין פּאָליציי־הויז. אָבער דאָ איז אים גע־גאַנגען אין אויסמיידן צו געבן אַז אמת־דערפילטן ענטפער, הויפּט־זעכלעך, אויף דעם ראַפּאָרט וועגן דער צווייטער געשעעניש — דעם פּאָגראָם. אמת, לויט זיין ערלעך פּערזענלעכן איינזעעניש, האָט ער געפילט אַז, איבערהויפּט, וועגן דער צווייטער געשעעניש דאַרף מען זען עפּעס באַלד צו טאָן, וואָרים ער האָט פּיינט אומאָרדענונגען אונטער זיין הערשאַפט. ער האָט געפילט, אַז ס'וואָלט געווען אַ פּלאַן, באַלד איינצושטילן די „דורניעס", די פּאָגראָמירער. אָבער מיט דעם גאַנג וועט ער זיך אַליין די קאַריערע אונטערגראָבן. אַזאַ טאַט וועט נישט שטימען מיט דעם, וואָס ער שרייבט אין זיין ווערק. אַלץ וואָס ער שרייבט דאָרטן, מוז שטימען מיט דעם, ווי ער האַנדלט אויף זיין סלוזשבע. איז אָט כדי אויסצומיידן אַז אמת'ן ענטפער, האָט ער גע־נומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

— פּאַטשעמו? . . . האָב איך זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט? — טוט שולגער, אַ באַשראָקענער, אַ פרעג, און די ליפּן זיינע הויבן אַן נאָכמער צו ציטערן.

— ניעט . . .

— נאר וואס דען? גאספאדין נאטשאלניק... איך בין דאך אזוי געטריי אונדזער צאר און פאטערלאנד!

— איר זענט שוין אלט... סטארי...

— סטארי?... איך אלט?... ווער זאגט אלט? — ווערט דער סטארשי סטראזשניק אויפגעקאכט און צערודערט — איך האב דאך נאך מער כוח ווי עטלעכע יונגע צוזאמען! טשעסטנעיע סלאווא... טא פארוואס בין איך אלט? ווער וואלט געמאכט בעסער מיט די רע־וואלוציאנערן היינט ביינאכט?

— נו, מ׳וועט שוין אן אנדער מאל רעדן... — טוט ער זיך, דער נאטשאלניק, צוריק א דריי אוים צום טיש, וואו ער הויבט אן שרייבן עפעס, וואס איז נישט געווארן דיקטירט פון געוויסן, נאר פון קאריערישן חשבון.

שולגער אבער האט זיך נאך נישט געפילט צופרידנגעשטעלט. דאך האט ער שוין מער נישט געוואלט רעדן וועגן זיין אלטקייט, איבער וואס ער ציטערט אפגעזאגט צו ווערן פון דער סלוזשבע, און ווי א בראווער מלוכה־סלוזשביסט, וואס האט מער אין זינען די מלוכה־אינטערעסן איידער די פערזענלעכע, גענומען פרעגן וועגן די צוויי היינט־אויפדער־נאכטיקע געשעענישן.

— וואס טאן מיט די געכאפטע רעוואלוציאנערן? גאספאדין נאטשאלניק...

— א? — טוט זיך דער נאטשאלניק א כאפ, ווי ער וואלט געהאט פארגעסן פון דער גאנצער זאך — דא... האלט זיי... שוין זען...

— און מיט דעם פאגראם? — פרעגט ווידער שולגער.

דער נאטשאלניק איז שוין איצט ווידער געזעסן מיטן קאפ איבער דעם בויגן פאפיר און האט געשריבן. דערהערט אבער די צווייטע פראגע, האט ער זיך ווידער אויסגעדרייט און גיך אויף איר געענטפערט:

— כאראשא... שוין אן אנדער מאל רעדן...

— דערווייל גארנישט טאן? — וויל דער סטארשי סטראזשניק וויסן גענוי.

— געזאגט „שוין אן אנדער מאל רעדן"... — טוט דער הויכער נאטשאלניק א ברום איבערן טיש, וואו ער האט שוין ווידער געשריבן.

דערזען אז ער קען שוין מער גארנישט דערוואַרטן צו הערן, האט ער זיך, דער סטארשי סטראזשניק, א ריר געטאן און גענומען ארויס־גיין. ער איז געגאנגען איצט צוריק אראפ אין פאליציי־הויז אריין.

דער נאטשאלניק, אבער, האט איצט געשריבן מיט מער אימפעט ווי פריער. ער האט געפילט, אז אויב ער וועט אט דעם נאר־וואס פאר־געקומענעם פאל פון זיין האנדלונג אנשרייבן אלס מעטאדע אין זיין ווערק, וועט ער גאר־גאר אויסנעמען דארטן אין מאסקווע, און זיין קאריערע, טאקע זיין אייגענע קאריערע, דעם נאטשאלניקס, וועט וואקסן אומגעריכט גיך, און אזוי הויך, ווי ער אליין וויל.

און ער האט די דאזיקע האנדלונג טאקע אנגעשריבן.

---

צוגעקומען א פופצן־צוואנציק שפאן פון דער פאליציי־געביידע, האט שולגער דערזען א גרויסן עולם מענער און פרויען פאר די אריינגאנג־טויערן.

זיי זענען געשטאנען, די מענטשן, אין דער פינצטערניש און האבן אריינגעשריען אין דעם ליכטיקן קארידאר, וואס האט ארויס־געלייכט דורך די צעעפנטע טויערן.

דארטן, אין קארידאר, זענען געשטאנען עטלעכע סטראזשניקעס און האבן ארויסגעקוקט צום עולם. זיי זענען געווען אנגעגורט אין כלי־זין און האבן געקוקט ווי שטומע.

— לאזט אונדז זען אונדזערע מענער! — האבן פרויען פון צווישן עולם געשריען.

— לאזט אונדז זען אונדזערע זין! — האבן מאנסבילן זיך געבעטן.

אבער קיינער האט זיך דארטן, אין ליכטיקן קארידאר, נישט גע־רירט. אלץ וואס זיי האבן געטאן, די סטראזשניקעס, איז געווען — שטיין און קוקן.

געווען זענען די מענער און פרויען — טאטעס און ווייבער פון די ארעסטירטע, וואס מ'האט ארויסגענומען פון הינטער־שטאטישן „פאליטישן הויז". ארונטערגעקומען זענען זיי ערשט נישט לאנג צוריק. ווי נאר זיי האבן זיך דערוואוסט, אז זייערע נאנטע זענען אוועקגעפירט געווארן אין פאליציי־הויז אריין, זענען זיי דא אראפגע־קומען און האבן געגנומען בעטן, מ'זאל זיי צולאזן אויף א ווײַלע צו זייערע אוועקגעריסענע. אבער די סטראזשניקעס האבן זיך נישט גערירט.

אז שולגער איז אריין אין קארידאר, האט ער צום ערשט א באפעל געגעבן — אוועקטרייבן דעם עולם „דורניעס", און נאכדעם זיך גע־לאזט אין קאנצעלאריע.

אין דער קאַנצעלאַריע, וואו ס'איז געווען ליכטיק און רחבות'דיק, זענען אויף בענק געזעסן פיל מענער און פרויען. מענער — באָבער־דיקטע, ראַזירטע. פרויען — עלטערע און יונגע. אויך זענען גע־שטאַנען אַ סך ביי די ווענט. געווען זיינען זיי די, וואָס שולגער האָט ארויסגענומען פון הינטער־שטאַטישן „פּאָליטישן הויז".

צווישן די, וואָס זענען געשטאַנען, זענען געווען מאַרקל און בלומע. נישט ער און נישט זי האָבן איצטער גערעדט. אויך האָט קיין אַנדערער נישט באַוועגט מיט די ליפּן. עס איז געווען שטיל ווי אין אַ געריכט־הויז, ווען דער ריכטער גרייט זיך לייענען דעם פּסק־דין.

שולגער האָט זיך איצט אומגעקוקט אויף דעם גאַנצן עולם. כאָטש ער האָט צוטרוי צו זיינע אונטערגעאָרדנטע סלוזשבע־לייט, דאָך האָט ער אַנגעהויבן איבערצוציילן די חברה. געזען אַז ס'איז איז אָרדענונג, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די היטנדיקע סטראַזשניקעס און באַפעלט — ארויספירן די באַנדע אין די תפיסה־קאַמערן אריין:

— סקאָרעי — — מאַרש! . . .

אַז די סטראַזשניקעס מיטן עולם אַרעסטאַנטן זענען שוין געווען אויף יענער זייט שוועל, האָט אויך שולגער גענומען ארויסגיין. ער איז נאָכגעגאַנגען מיט אַ בונט קלינגענדיקע שליסלען, ווי אַ שאַף־מייסטער פון אַ מלוכה־אוצר. ער האָט נישט געוואָלט געטרויען קיינעם דאָס אָפּשליסן די תפיסה־טירן.

אין קאָרידאָר, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ געסקליעפּעטע, געמויערטע הייל, איז ער אָבער געבליבן שטיין. — אַ שטאַט־באַלעבאָס האָט אים אָפּגעשטעלט.

— טשטאָ זשע, גאָספּאָדין אַלטער . . . — פרעגט ער.

געווען איז עס: שמעון רימער.

אַהערגעקומען איז ער דאָ, שמעון רימער, געוואָר ווערן, וואָס מ'גייט טאָן מיט זיין זון און שנור. און איבערהויפּט — פאַרוואָס האָט מען זיי אַרעסטירט, כאָטש ער שטעלט זיך פאַר פאַרוואָס.

געוואָר געוואָרן וועגן דעם אַרעסט האָט ער ערשט מיט אַ פאָר מינוט צוריק, אין דער היים, ווען שרה'לע, די יינגסטע טאָכטער, איז צוריקגעקומען פון גאַס, וואו זי האָט געקויפט סאָדאַ וואַסער, און האָט דערציילט וועגן אַ פּאָגראָם און וועגן דער גאַנצער געשעעניש אין הינ־טער־שטאַטישן „פּאָליטישן הוי", וואו מ'האָט חוץ אַנדערע אויך געקריגן מאַרקלען און בלומען. איז אַט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איינס־צוויי גענומען אַהער איילן, כדי צו זען זיך מיטן הויפּט. אָבער אַזוי ווי דעם

הויפט, דעם נאטשאלניק סטראזשעמסקי, איז איצטער אוממעגלעך צו זען, האט ער אפגעשטעלט דעם סטארשי סטראזשניק.

— פארוואס זענען ארעסטירט מיין זון און שנור ? . . . — טוט ער א נישט פריינטלעכן קוק אויף שולגערן.

שולגער, אויך נישט זייער פריינטלעך, אבער אביסל מיט דרך־ארץ פאר א באלעבאס, האט זיך א דריי געטאן ביי א וואנצע :

— סאציאליסטי . . . רעוואלוציאניסטי . . . — ענטפערט ער זייטיק — געטראפן זיי דארטן . . . אין הויז . זגאיעטע . . .

— וואו ? דארטן ? . . . — טוט זיך שמעון א פאר'חידוש'טן און בייזן פרעג — פאמיליע . . . זיי זענען דאך פאמיליע ! . . . מיין זון און שנור און דער „כאזיאאין" פון יענעם הויז קומען איינע צו די אנדערע . . .

בעת'ן רעדן האבן זיך געהערט די אפהילכן פון די טריט, וואס די פארטיעס מענער און פרויען האבן געשטעלט איבערן שטיינערנעם דיל צו די תפיסה־קאמערן. שולגער האט זיך איטלעכע ווײַלע אומגעקוקט, געוואלט זען ווי ווייט זיי זענען שוין אפגעגאנגען, די פארטיעס. געזען אבער אז מ'ווארט שוין דארטן אין ווייטנס אויף אים, האט ער זיך א ריר געטאן און איבערגעלאזט צו שמעון'ען :

— טאק טשטא ? . . . קיין חילוק . . . אייער פאמיליע, צי נישט אייער פאמיליע, ארים צי רייך, אלע „יעווריעים" בונטעווען זיך . . .

שמעון האט איצט נאכגעקוקט דעם אוועקגייענדיקן סטארשי און צוגעמרוזשעט אן אויג. ווייזט אויס, טראכט ער, אז אט דאס ארעסטירן די חברה, ס'הייסט דעם זון מיט דער שנור, אינאיינעם מיט דעם איבעריקן עולם, וועט שוין גלאטיק נישט אפגיין. און ווער ווייסט צי ער, שמעון, וועט עפעס דא קענען אויפטאן. ער האט פון כעס אז עפן געטאן ס'אויג און זיך געלאזט גיין אהין צו די ארעסט־קאמערן, וואס אין ווייטן עק קארידאר.

—קענ'ד זען מיין זון, מיין שנור ? — טוט ער א פרעג שולגערן, וואס איז געשטאנען ביי איינער פון די תפיסה־טירן.

— ניעט . . . — דרייט שולגער מיטן קאפ — זאווטרא . . . (1.

מארקל, וואס איז איצט שוין געשטאנען נאנט פון א תפיסה־טיר, האט ווי א חלוש א קוק געטאן צום פאטער און, דאס מאל, אן מורא פאר די אונטערטרייבנדיקע סטראזשניקעס, קרעכצנדיק געבעטן :

---

1) מארגן.

— זיי אזוי גוט, טאטע, און נעם אריין צו דיר מיין זון קאפקען... ס'א פאגראם אין דרויסן . . .

בעת'ן רעדן האבן זיך אים טרערן געשטעלט אין די אויגן. ער האט זיך אבער באהערשט און נאך באוויזן צו זאגן דעם פאטער א „גוטע נאכט", איידער מ'האט אים אריינגעשטופט אין דער קאמער אריין.

שמעון איז דא צוגעשטאנען א שטיקל צייט. ער האט געקוקט אויף דער טיר, הינטער וועלכער דער זון איז געווארן פארשלאסן, און געטראכט, אז דווקא איצט, ווען ר'האט באדארפט האבן א רואיקן קאפ, אי צוליב די געשעפטן און אי צוליב חוה'ס שידוך, האט זיך אים נאר געמאכט אזא קאפ־פארדרייעניש . . .

— צו אלדישוואַרציאַר . . . — טוט ער א ברום — אז עפעס האט זעך שוין אנגעהויבן ווייזן פון מיין גאנצער הארעוואניע, האט זעך מיר ווידער געמאכט דאס . . .

און ער איז ארויס פון דער געביידע.

---

אריינגעקומען אין מארקלס שטיבל, איז ער געבליבן שטיין ווי פארשטארט. — חוץ קאפקען האט ער דא געטראפן אויך שלמה'ן.

אריינגעקומען איז ער דא, שלמה, נישט לאנג צוריק. אזוי ווי ער האט געהערט, אז מארקל און בלומע זיינען ארעשטירט, האט ער זיך גיך אהערגעלאזט דא ארויסצונעמען קאפקען פון דאנען, כדי אים, ווי ווייט מעגלעך, צו באשיצן פון פאגראם. ער גייט אים אריבער־נעמען צו רחל'ען אין רעסטאראן אריין.

אבער אט האט זיך באוויזן דער זיידע.

שלמה איז איצטער געשטאנען ביים טיש. ער האט געהאלטן די הענט אויפן הינטן און געקוקט אויף קאפקען, וואס האט זיך, זיצנדיק אויפן בעט, אנגעטאן די שטיוועלעך.

דאס דאזיקע האט אים שלמה געהייסן. וואס עס זאל נאר נישט אויסקומען, האט שלמה געטראכט, איז בעסער אז ער, קאפקע, איז אנגעטאן. אפשר וועט ער דא נישט קענען צוריקקומען אזוי גיך. און אפשר וועט דארטן, אין רעסטאראן, אויך גארנישט זיין אזוי זיכער. מ'ווייסט דען עפעס, וואו עס הויבט זיך אן און וואו עס לאזט זיך אוים? איז אט דעריבער בעסער — זיין אנגעטאן. ער האט אפילו געטראכט צו זאגן אים, אז ער, קאפקע, זאל זיך מיטנעמען א העמד. טאמער קומט אים אוים צו זיין עטלעכע טעג, אז איבעררייס, אין

רעסטאָראַן, זאָל ער האָבן אַ העמד אויף איבערצוטאָן זיך. אָבער ער האָט זיך מיישב געווען, נישט צו זאָגן. ערשטנס, טאָמער האָט ער נישט, דער קאַפקע, נאָך דעם העמד אַחוץ דעם, וואָס ער טראָגט. און דאָס קען גריילעך זייער מעגלעך זיין, מחמת מ׳לעבט דאָ אַ זייער אָרעם לעבן. צווייטנס, אויב ער האָט יאָ, איז אויך גלייכער נישט זאָגן, ווארים מ׳וואָלט באַדאַרפט אָנהויבן זוכן צווישן די וועש אין דעם קופערט. און דאַרטן וויל ער, שלמה, נישט אַריינקוקן און נישט זען וואָס עס טוט זיך. מחמת שפּעטער, ווען מאַרקל און בלומע וועלן זיך דערוויסן, וועלן זיי זיך שטאַרק פאַרשעמען . . . איבעריקנס, ער וויל סתם נישט האָבן די אויגן אין פּריוואַטע זאַכן. ער האָט דערפאַר געזאָגט קאַפקען מיטצונעמען זיך עפּעס אַנדערש.

— דו דאַווענסט׳אַך איטלעכן אינדערפרי. — האָט ער געזאָגט — אַ ? . . . טאָ נעם דיר מיט די תפילין און אַ סידור׳ל . . .

איז אָט, נאָכן באַזאָרגן אים מיט דעם, האָט ער זיך אַוועקגע־שטעלט וואַרטן, ביז קאַפקע וועט זיך אַנטאָן די שטיוועלעך.

דערזען אָבער שמעונ׳ען, דער געוועזענער כלה׳ס פאָטער, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט זיך נישט געפילט אין עפּעס שולדיק. ניין, נאָר פּשוט, ווייל אים איז געווען דערווידער צו זען זיך מיטן פאָטער פון אַ נישט באַנגערטער טאָכטער. ער האָט געזען דערין אַ טיפע געפאַלנקייט פאַרן פאָטער. איז אָט שטייט ער מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און קוקט נישט אין שמעונ׳ס זייט.

שמעון האָט זיך אָבער אויך פאַרלאָרן. ער — ווייל אַקעגן שלמה׳ן פילט ער זיך אַלעמאָל עפּעס שוואַכער. אין דער גאַנצער שטאָט איז נישטאָ קיין אַנדער מענטש אַקעגן וועמען ער זאָל זיך פילן געפאַלן. ער וועט זיך אַוועקשטעלן רעדן מיט יעדן איינעם, אַקעגן איטלעכן איינעם, און ער וועט האָבן וואָס צו זאָגן! אָבער אַנטקעגן שלמה׳ן פילט ער זיך ווי פאַרלאָרן. סיי אין רעדן, סיי אין ווילן. און אַחוצדעם, האָט אים, וואָס אמת, שלמה׳ס אָפּלאָזן דעם שידוך מיט חוה׳ן, אויך קיין קוראַזש נישט צוגעגעבן. אָבער דאָס, נישט דערפאַר ווייל חוה׳ן פעלט עפּעס. חס־ושלום. ניין. מיט חוה׳ן האָט ער נישט געהאַט קיין זאָרג! נאָר אפילו קענען איר האָט שלמה אויך געהאַנדלט ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַן אייגענעם, פעסטן כאַראַקטער. ער האָט זיך גאָרנישט גע־שראָקן פאַר אים, שמעונ׳ען, און גאָרנישט גערעכנט זיך דערמיט, וואָס ער, שמעון, האָט אים געהאַט צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. אַז חוה איז אים נישט געפעלן געוואָרן איבער איר אַנדערשקייט, האָט ער נישט

געקוקט אויף קיין גאָלדענע בערג און געטאָן ווי דער שכל האָט אים דיקטירט. צוליב אָט די אַלע זאַכן, האָט ער, שמעון, פאַר אים געהאַט דרך־ארץ. און אַז ער זעט אים, פילט ער זיך דערפאַר געפאַלן.

איצטער, אָבער, האָט ער זיך באַמיט צו שטאַרקן זיך. ווײַל איצט האָט ער געדאַרפט האָבן קוראַזש צוליב דעם אייניקל . . . ער האָט זיך דערפאַר באַלד דערנענטערט צו קאַפקען און אים געפרעגט:

— וואוהין גייסטו דאָס?

דער בלאַ־אויגיקער, נידעריק־וואוקסיקער קאַפקע, וועמעס פּנים איז שטענדיק פאַרטראַכט, פאַר׳חלומ׳ט, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און גענומען קוקן אויפן זיידן.

— צו שלמה׳ן אין שטוב אריין גיי יעד . . .

— צו עם? — טוט שמעון אַ נישט פאַרדראָסיקן, אָבער פאַר־חידוש׳טן פרעג — פאַרוואָס ניש צו מיר? . . . כ׳בין דאָך דאָס טאַקע נאָך דיר געקימען . . . קים אריבער צו מיר . . .

קאַפקע האָט איצטער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. וואָס אמת, וואָלט ער אפילו בעסער געוואָלט מיטגיין מיט שלמה׳ן, ווײַל מיטן זיידן רעדט ער זעלטן־ווען אוים אַ וואָרט. מיט שלמה׳ן, אָבער, זעט ער זיך יעדן טאָג, רעדט מיט אים, זיצט מיט אים. דאָך, אַזוי ווי אַ זיידע איז נענטער, האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אָבער שלמה, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף נאָכגעבן, ווײַל ביים זיידן וועט ער, קאַפקע, פאַרט זיין מער זיכער, איידער אין רעסטאָראַן, וואו פיל מאָל אין טאָג וועט ער, שלמה, נישט זיין דאָרטן, האָט ער דערפאַר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— גיי זשע צום זיידן . . . — זאָגט ער, ווי איינבעטנדיק זיך ביי אים — איכ׳ל דיך נישט אָפּהאַלטן.

שמעון האָט איצט געקוקט אויפן אייניקל, ווי אויפגעכאַפּט זיך פון מיטן שלאָף. אָבער באַלד האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו שלמה׳ן און מיט אים זיך אָנגעקוקט אין משך פון עטלעכע ווײַלעס.

— נו, — זאָגט ער, שמעון, צו שלמה׳ן, ווי ער וואָלט זיך גע־גאַנגען מיט אים עפּעס אָפּרעכענען — וואָלט ער זעך באַדאַרפט אַצינד אַזוי אַרומוואָלגערן, זיין נע־ונד, אַז טאַטע־מאַמע? . . .

שלמה האָט נישט געוואוסט, צוליב וואָס שמעון זאָגט עס. ער איז דערפאַר געשטאַנען אומבאַוועגלעך און האָט ווי אַ שטומער גע־קוקט, געלאָזט אים, שמעון׳ען, אַזוי רעדן וואָס ער וויל.

שמעון, אָבער, האָט זיך איצט נישט געקליבן צו רעדן לאַנג. עס

איז אים איצט בכלל נישט געלעגן אין קאָפּ צו רעדן. ער האָט זיך דערפֿאַר אויסגעדרייט צו קאָפּקען, צו גיין מיט אים אַהיים, און בלויז געזאָגט צו שלמה'ן:

— אַלץ איבער דיר . . .

ביי שלמה'ן האָבן איצט אַ טאַנץ געטאָן די צוויי שוואַרצע אויגן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און גענומען אַנקוקן שמעונ'ען, ווי ער וואָלט אין אים דערזען אַ גאַנצע סכנה פֿאַר זיך. נאָך עטלעכע ווייַלעס האָט ער זיך אָבער באַרויִקט און גענומען אַרויסגיין.

— נו, — לאָזט ער איבער אויף הינטער זיך צו שמעונ'ען — פֿאַרוואָס זעט איר נישט, אַז דער נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי זאָל זיך פֿאַר אונדז איינשטעלן? . . . אדרבה, פֿאַרוואָס זעט איר נישט? אַז ער וועט עפּעס טאָן, וועלן מיר נישט דאַרפֿן טאָן! . .

שמעון האָט געהערט די אַלע ווערטער און געפֿילט, אַז אפֿילו איצטער מאַכט ער, שלמה, אַ תּל פֿון אים, שמעונ'ען. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט און געהייסן קאָפּקען נעמען אַ שלעסל אויף צושליסן די שטוב־טיר.

אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָט ער, שמעון, געזען ווי שלמה פֿאַראייניקט זיך מיט אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אויף אים געוואַרט אין גאַס, און גייט אַוועק מיט איר ערגעץ ווייט אין דער פֿינצטערניש.

שמעון, אַ שווייגנדיקער, איז געגאַנגען מיט קאָפּקען אַהיים.

---

אין הויז האָבן אויף אים, שמעונ'ען, אויסגעקוקט אויגן, פֿול מיט שרעק. אויגן, וואָס האָבן געוואָלט וויסן, וואָס ס'הערט זיך אין דרויסן. אויגן וואָס האָבן געברענט נאָך אַ וואָרט וועגן מאָרקלען און בלומען. און אויגן וואָס האָבן נישט אויפֿגעהערט צו באַגיסן זיך מיט שטראָמען טרערן.

שמעון איז געבליבן שטיין אין אויפֿנעם־צימער, וואו אַלע הויז־מענטשן זענען געווען, און האָט זיך איינגעקוקט אין פֿערלען.

פֿערל איז געזעסן ביים טיש, ווי אַפּגעשיידט פֿון אַלעמען, און האָט געבלישטשעט אָן אויפֿהער:

— כאַי וואָלט'ך דאָס נישט געווען דערלעבט . . . כאַי וואָלטן מיינע אויערן דאָס נישט געווען געהערט . . . אַ זון און אַ שנור אין אַ תּפֿיסה, וואו ס'זיצן גנבים, מערדערס . . . כאַי וואָלטן דאָס מיינע אויגן נישט צוגעזען . . . וואָס וועט אַצינד דער חתן זאָגן צו אַזאַ יחוס?

בעת איר ווײנען האָבן זיך פֿון פֿאַרשידענע זײטן געהערט פֿראַגעס פֿון די אַנדערע הויז־מענטשן.

— איז עפּעס שטילער געוואָרן אין דרויסן? טאַטע... — האָט חוה געפֿרעגט.

— האָסטו געזען מאַרקלען, בלומען? — האָט פֿייגע געוואָלט וויסן.

— געזען אפֿשר אָבער אַנדערע אַרעשטירטע אויסער מאַרקלען און בלומען? — האָט איציק געוואָלט דערגײן מער.

שמעון האָט זיך אָבער צו די אַלע פֿראַגעניש ניט צוגעהערט, נאָר אַ דונער אַרויס געגעבן אויף פּערלען:

— וועסט אפֿשר שוין אויפֿהערן צו באַקלאָגן דעם יתום? — פֿרעגט ער זי — באַקלאָג עפּעס אַנדערש, די שטענדיקע קריכערײן און קניערײן פֿאַר יתום!...

נאָכדעם זיך אויסגעדרייט צו די טעכטער און גענומען נאָך בײ־טערער וועגן איר רעדן:

— פּליצטאַלבן געוואָרן אַ בושה צו ווערן אַרעשטירט פֿאַר וועלן זעך ווערן קעגן רוצחים... פּליצטאַלבן איז אַ יתום גאַרנישט צו טאָן, צו לאָזן זעך קוילענען...

דערנאָך זיך צוריק אויסגעדרייט צו פּערלען און איר ווי אַ באַפֿעל געגעבן:

— מאַך נאַכט! דו תשעה־באב אויף צוויי פּיס... ניט גע־רוויניצט אין די אויערן אַרײן...

און ווען פּאַרטיק מיט איר, צוריק זיך אויסגעדרייט צו די טעכ־טער, אָבער אויך באַלד גענומען קוקן אויף די אַרבעטער:

— אָבעט עץ! אַלע שלאָפֿן!....

גלייכצײטיק — צוגעגעבן צו די ייִנגען:

— צ׳וועט אַרײננעמען קאַפּקען צווישן ענק אויפֿן געלעגער... ער׳ט שלאָפֿן מיט ענק...

אַלע האָבן זיך איצט גערירט און בעת דעם גענומען קוקן אויף קאַפּקען, ווי אויף אַן ערשט־דערזעענעם יתום׳ל, וואָס מ׳וואָלט ערגעץ געפֿונען און דאָ אַרײנגעבראַכט.

קאַפּקע האָט גאַרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געוואַרט, אַז ס׳זאָל אים עמיצער רופֿן.

— קים קאַפּקע — האָט אים טאַקע באַלד איינער גערופֿן.

געוועזן איז עס איציק.

ווען די טעכטער און די יינגען זענען שוין געהאַט אַפּגעגאַנגען, האָט שמעון פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און נאָכאַמאָל גענומען קוקן אויף פּערלען.

פּערל איז איצטער געשטאַנען ביי איר בעט און צוגעגרייט עס צו ליגן זיך דערין.

שמעון האָט אָבער געהאַלטן אין איין קוקן אויף איר. ער האָט גאָרנישט אויפגעהערט. ערשט ווען זי איז שוין געווען פאַרטיק און איז צו צו זיין בעט, האָט ער זי אָפּגעשטעלט.

— מאַד ניש מיין בעט.

— ניש צוגרייטן עס ? — פרעגט זי — פאַרוואָס ?

— כ'על זעך ניש ליגן . . .

— וואָס איז דיר איינגעפאַלן, וואָס ?

— כ'על אויף זיין . . . . — רעדט ער שטיל און דערשלאָגן — סי גלייכער אויף צו זיין . . . קיינער ווייס ניש וואָס ס'קען באַנאַכט טרעפן . . .

— טאָ פאַרוואָס האָסטו אונדז געהייסן זיך ליגן ?

— וואָס דאַרפן אַלע האָבן אַ וואַך־נאַכט ? . . .

פּערל האָט שוין איצט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נאָר פאַרלייגט די הענטעלעך אויף דער ברוסט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל.

---

ווען די יינגען זענען אַריין אין זייער שטיבל, האָט איטלעכער איינער גענומען זיך עפּעס צו טאָן, אָבער נישט איציק. איינער האָט זיך געפּאַרעט מיט שוועבעלעך. אַ צווייטער — מיט אַ לעמפּל. די אַנדערע צוויי — מיט שטרוי־זעק. איציק אָבער איז געשטאַנען אין אַ זייט, און האָט זיך נישט גערירט. ער האָט געטראַכט פון אוועקגיין אין גאַס און אויך מיטרופן די אַנדערע יינגען. געווען איז עס צוליב דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", וואָס שלמה און וואָלעק האָבן אין „פּאַליטישן הויז" געשאַפן היינט אויפדערנאַכט.

דאָרטן, אין „פּאַליטישן הויז", איז ביי דער פאַרזאַמלונג אָפּגעמאַכט געוואָרן: ווען ס'וועט אויסברעכן דאָס, אויף וואָס מ'רעכנט זיך, מוזן אַלע, וואָס געהערן צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", אַרויס אין גאַס. איז אַט האָט שוין דאָס דערוואַרטעטע אויסגעבראָכן און ער, איציק, און די אַנדערע יינגען, וואָס געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע, זענען נישט אַרויס אין גאַס. אדרבה, זיי גייען זיך גאָר ליגן שלאָפן, ווי קיינמאָל גאָרנישט. ער האָט דערפאַר באַלד ביים אַריינקומען אוועק־

געשטעלט זיך אין אַ זייט און נישט געוואָלט טאָן קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער אַריין. ער האָט געפילט, אַז עס איז אַ פאַרברעכן צו טראַכטן איצט פון גיין שלאָפן. אָבער ער האָט געשוויגן. ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון הויז, ווען דער מחותן איז דאָ. יענער וועט דאָך פשוט וואָס טאָן! . . .

אַז ס'איז ליכטיק געוואָרן און די יינגען האָבן דערזען איציקן שטיין אַ שטומען אין אַ זייט, זענען זיי פאַרוואונדערט געוואָרן.

— וואָס איז?

— וואָס איז געשען?

— וואָס שטייסטו אַזוי?

— פאַרוואָס גייסטו זיך ניש לייגן?

איציק האָט אָבער געשוויגן. דאַך, אין עטלעכע ווײַלעס אַרום, האָט ער מער נישט געקענט שווייגן.

— איר האָט שוין פאַרגעסן וואָס מ'האָט היינט אָפגעשמועסט אין „פּאָליטישן הויז"?

די יינגען האָבן זיך געכאַפּט און גענומען קוקן איינער אויפן אַנדערן.

— אמת . . .

— טאָ וואָס זאָל מען טאָן?

— דער באַלעבאָס איז דאָך אין וועג! . . .

— ער וועט דאָך ניש לאָזן . . .

— מיר זענען דאָך מחויב צו זיין אין הויז, אויב עפּעס געשעט . . .

איציק האָט ווייטער נישט געוואָלט „איינ־טענה'ן און אַליין זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אַריינגעקומען אין די טעכטערס שלאָף־שטוב, האָט ער געהערט פייגעס קול:

— וואוהין גייסטו, איציק?

— אין גאַס אַריין . . . — זאָגט ער זייטיק צו פייגען, וואָס איז שוין געלעגן אין בעט.

— צו וואָס גייסטו אין גאַס אַריין אַצינד? — טוט זי זיך שוין אַ זעץ אויף אין בעט — ס'איז דאָך אַ סכנה אַצינד! . . .

איציק האָט מער נישט געענטפערט און איז געגאַנגען ווייטער. אַריינגעקומען אין קיך, וואו ס'איז געווען פינצטער, האָט ער אָבער ווידער געהערט אַ קול:

— איציק? . . . וואוהין גייסטו אין אַזאַ שפּעטער שעה?

געוועזן איז עס שמעונ׳ס קול.

— אין גאס אריין . . . — ענטפערט איציק שטיל און ווי א פרעמדער.

שמעון, וואס איז געזעסן דא אין דער פינצטער, כדי צו היטן ס׳הויז פון אן איבערפאל, האט זיך גענומען פאראינטערעסירן מיטן יינג.

— צו וואס ?

איציק האט געוואלט זאגן, אבער נישט געקענט. זאל ער זאגן דעם אמת, טראכט ער, וועט ער ארויסרופן אין אים א קעגנווילן. זאל ער נישט זאגן דעם אמת, וועט ער אבער גארנישט אפלייגן. ווארים קיינמאל פריער איז ער אין אזא שפעטער שעה נישט אוועק אין דער גאס אריין. טא, וואס עפעס פלוצים היינט ?

אבער נאך איידער ער האט זיך מיישב געווען, וואס צו טאן, איז דא אין בלויזן העמד, בארוועס, מיט צעפלאכטענע צעפ, אריינגעקומען צולויפן פייגע און צוגעשפרונגען — נישט צו איציקן, ווי זי וואלט מיט אים שוין מער גארנישט געהאט וואס צו טאן, נאר צום פאטער.

— טאטע ! — טוט זי צו אים א געשריי, ווי זי וואלט זיך גע־וואלט פון עפעס ראטעווען — ער גייט אין פייער אריין, איציק . . . ער גייט זיך אקעגנשטעלן די פאגראמטשיקעס . . .

און נאכן אפזאגן, א שטעל זיך געטאן מיט ברענענדיקע אויגן אנטקעגן איציקן, דורך וועלכע זי האט געמיינט צו זאגן: האסטו נישט קיין רחמנות אויף מיר, ווילסטו נישט וויסן וואס איכ׳ל פאר־שעמט ווערן, אויב מיט דיר וועט עפעס געשען ? טא מעג דיך פאר־דריסן וואס כ׳מסר דיך.

איציק, וואס האט פון איר איצטיקן גאנצן אויסזען דערפילט, אז נישט נאר קען זי איצט אויסדערציילן אלץ וואס מ׳דארף נישט, נאר זי קען אפילו דאס ערגסטע אפטאן, אבי אויסצופירן ס׳איריקע, ער, איציק, האט איצט געטראכט, הלוואי וואלט ער געקענט זיין אין גאנצן פריי פון איר. אבער ער האט איר באלד פארגעבן. ווארים אין דער זעלבער צייט האט ער אויך געפילט, אז זי טוט עס מחמת ליבשאפט צו אים. דאך האט ער זיך נישט געוואלט בייגן און א שאקל געטאן מיטן קאפ צו שמעונ׳ען — אינגאנצן אן מורא:

— יא, טאקע אמת . . .

לויט ווי ר׳האט דערווארט פריער אין זיין שטיבל און איצט אין קיך, נאך פייגעס מסירה, האט זיך שמעון געדארפט א כאפ אויף טאן

און צו אים, איציקן, אַ געשריי טאָן, „ביי מיר טוט מען ניש וואָס איט־לעכן איינעם געפעלט, דו הפקר'ניק איינער! . . . ביי מיר איז ניש קאַ אַריינפאַר־הויז . . . דאָ זיץ! אָבער שטאָט דעם, זיצט ער גאָר, שמעון, רואיק און קוקט זיך אַריין אין די הענט, וואָס האַלטן דעם שפּיץ פון דער באָרד.

— דו אַליין גייסט? — פרעגט ער זייער געלאַסן, נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת.

איציק האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן, האָט פּייגע אַ ברעך אויס געטאָן אין אַ געוויין און זיך אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט.

שמעון האָט אויף איר געקוקט. אָבער באַלד האָט ער גענומען קוקן אויך אויף אַנדערע נישט־שלאָפערס. עס זענען אַריינגעקומען די איבע־ריקע ייִנגען.

שמעון האָט איצט אַראָפּגענומען די הענט פון דער באָרד און פאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט. די ייִנגען, וואָס זענען אָקאָרשט אַריינ־געקומען, האָבן איצט דערוואַרט אַז אויסערגעוויינלעכן ברוך־הבא פון אים, דעם מיינסטער. אָבער שמעון האָט איצט גאַרנישט געטראַכט קיין שלעכטס וועגן זיי. אַדרבה, ער האָט געהאַט צו זאָגן זייער אַ סך גוטס וועגן זיי. אָבער אַזוי ווי ער האָט פּיינט צו זאָגן עמעצן גוטס אין די אויגן אַריין, האָט ער בלויז אַ קוק געטאָן אויף די ייִנגען, ווי ער וואָלט אַזאַ מסירת־נפש פון זיי קיינמאָל נישט געוועזן דערוואַרט, און נאָך עטלעכע ווײַלעס זיך צוריק אַנידערגעזעצט.

— אַז עץ ווילט גיין אין גאַס אַריין, — זאָגט ער, ווי ער וואָלט זיך געפּילט אומבאַדייטנדיק אַקעגן זיי — טאָ, גייט . . . אָבער איינ־גאַנצן אַליין קאָן דאָס הויז דאָ אַבעט ניש בלייבן . . . כ'מיין, מיט בלויז איין מאַספּאַרשויז, מיט מיר אַליין, קען עס ניש בלייבן . . . מ'קען דאָך ניש וויסן . . . אפשר וועט דאָ אַבעט גיש דורכגייַן גלאַטיק . . .

די ייִנגען האָבן זיך איצט איבערגעקוקט, ווי צוגעשטימט צום מיינסטערס רייד. אָבער ווער זאָל בלייבן? וויפל? קיינער האָט נישט געוואָלט בלייבן, איטלעכער איינער האָט נישט געוואָלט הערן קיין פאַרוואָרף און שטראָף פון שלמה'ן, אַלמאַי זיי האָבן זיך אויסגעהיטן. דאָך איז אין עטלעכע מינוט אַרום געבליבן, אַז איציק זאָל בלייבן. ערשטנס, איז ער אַחתן. צווייטנס, מוז דאָך כאָטש איינער אומבאַדינגט בלייבן. איז דעריבער גלייכער, אַז ער זאָל נישט מיטגייַן.

— באשטייסט? — פרעגט אים דער דיקלעכער מאיר'ל.

איציק האט זיך געווארפן. ער האט נישט געוואלט בלייבן צוליב זכות־אבות. אבער אזוי ווי איינער מוז דאך פארט אננעמען, האט ער סוף־כל־סוף איינגעשטימט.

— אבער זאגט שלמה'ן, — קוקט ער נאך אלץ בייזלעך אויף די יינגען — פאר וואס כ'בין געבליבן . . .

פייגע האט איצט נישט געוואוסט, וואס מיט זיך צו טאן. ס'ערשטע מאל, בעת'ן פאטערס בייזיין, האט זי א כאפ געטאן איציקן מיט אירע נאקעטע הענט און זיך צעלאכט פון פרייד, וואס ס'איז דאך נאך אלע טענות געבליבן אזוי, ווי זי האט געוואלט.

די אנדערע פיר יינגען זענען איצט ארוים אויף דער גאס.

# קאַפּיטל זיבעצן

אין שטאָט איז געווען אימה'דיק, פינצטער, שטיל, און פון ערגעץ אין ווינקלען האָבן אַרויסגעלויערט מלאך־המות־אויגן. פון הייזער האָט מען נישט געזען קיין פייערל, קיין מענטשלעך פּנים. אויך האָט מען נישט געהערט פון קיין הויז קיין קלאַנג, קיין באַוועגונג, קיין פּיפּס. אַלץ אַרום און אַרום איז געווען ווי אין אַ מדבר.

אין אָט דער גרוילנדיקער נאַכט האָבן זיך אין מאַרק געאײַלט צוויי מענטשן. זיי האָבן זיך געאײַלט אי איבער דער אימה'דיקייט, דער טויט־געפאַר, וואָס דראָט פון פאַרהוילענע ווינקלען, און אי איבער אַ שתדלנות, וואָס זיי האָבן זיך איצט גענומען טאָן פאַר דער שטאָט ייִדן.

געווען זענען זיי: לאַזאַר אַמסטערדאַם און פריילין זאַשקע.

ערשט נישט לאַנג צוריק זענען זיי אַרויס פון הויז און גענומען זיך אײַלן צו זייערע באַקאַנטע פונוועגן העלפן אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם אין שטאָט. אייגנטלעך האָט ער, לאַזאַר אַמסטערדאַם, נישט געוואָלט גיין. ס'איז נישט איצט די צייט דערויף, האָט ער גע'טענה'ט, מ'מוז צוואַרטן ביז מאָרגן. איצט איז אַ געפאַר אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ אין גאַס. נאָכדעם האָט ער נישט געוואָלט גיין, ווייל איבער זיין שטאַרק אַרויסווייזן זיך אַלס נאַציאָנאַלער ייִד, וועט ער אָנווערן די פאַרערונג פון די הויך־געשטעלטע קריסטן. אָבער אַז די טאָכטער, וואָס צוליב איר איז דער געדאַנק וועגן שתדלנות געבוירן געוואָרן, האָט גענומען שטאַרק צושטיין, אויב ער גייט נישט מיט איר, גייט זי אַליין, האָט ער זיך געמוזט בייגן און גענומען נאָכפאָלגן, וואוהין נאָר זי האָט געפירט.

— ווען דו גייסט נישט העלפן, פּאַפּאַ, — האָט זי שטראָפנדיק פאַרויסגעזאָגט אים, בעת'ן אַרויסגיין פון הויז — וואָלט דיין געוויסן דערפון מער פיין געהאַט, ווי איבער דער אָפּגעקילטער באַציאונג פון דיינע קריסטלעכע פריינט . . .

הער לאזאר אמסטערדאם האט אין „דיזן הינזיכט" נישט גע־וואלט פארפירן קיין שמועס מיט איר . . . ער האט נאר א ברום געטאן, „די ווינסשאפטן פון הער גראף טאלסטאי שפריכן ארויס פון איר" און גענומען גיין דער געפאר אין די הענט אריין . . .

איז אט גייען זיי.

צוגעקומען צו פאן קארפס וואוינונג, האבן זיי אנגעקלאפט אין טיר און ס'איז ארויסגעקומען אן אלטע, ברייטפלייציקע קריסטין, מיט א צעקנייטשט פנים, מיט קבר־אויגן, און האט א קוק געטאן אויף די צוויי באריכטע מענטשן, וואס זענען איר באלעבאס און טאכטערס פריינט.

— וועמען ווילט איר זען, מיינע העכסט ווירדיקע הערשאפטן ?

— דעם פאן קארפ . . . — האט א זאג געטאן פריילין זאשקע, וואס איז געשטאנען די ערשטע ביי דער טיר און נישט געדארפט, אז דער פאטער זאל איר אין שתדלנות העלפן רעדן.

— ניעסטעטי . . . 1) פאן קארפ איז נישטא . . . — ענטפערט די גרויע גויע, וואס איז דא אין הויז די ווירטשאפט־פירעריך, זינט דער באלעבאס און זיין טאכטער זענען אנגעקומען פון פעטערבורג — אויך איז די פאננא קארפ נישטא.

— נישטא ? — וואונדערט זיך פריילין זאשקע. און אין דער זעלבער צייט טראכט זי מיט עגמת־נפש : געקומען איז זי, כדי אין איר מיסיע אויך אריינציען דעם פאן קארפ. ווארים אויך ער איז אנגעזען ביי די איינפלוסרייכע קריסטלעכע הערשאפטן, וואס קענען העלפן אפשטעלן דעם פאגראם. אבער ער איז, ליידער, נישטא.

— וואו איז ער ? — פרעגט זי ווידער.

— איך ווייס נישט, מיינע העכסט ווירדיקע הערשאפטן . . . — זאגט די גרויע הויז־פירערין — איך ווייס נאר, אז זיי זענען אוועק צו קריסטלעכע פריינט, צו געפינען באשיצונג, ווילאנג עס וועלן זיין די אומרועז אין שטאט . . .

— האבן זיי אייך מיט קיין איין ווארט נישט געזאגט וואו ? . . .

— פרעגט ווידער פריילין זאשקע, ווי פארשנדיק.

— ניין . . . ניעסטעטי . . . — ענטפערט די עטלעכע און זיבעציק־יעריקע גויע און טוט זיך באלד צו ס'פארטעך צו די אויגן. — שטעלט זיך פאר, מיינע ליבע הערשאפטן — רעדט זי שוין מיט

1) צום באדויערן . . .

יאַמערלעכן געוויין — אַז אַפילו פאַר מיר האָבן זיי זיך געהיטן . . .
איך, וואָס בין צו זיי, ווי אַ מאַמע, בעסער ווי אַ מאַמע... אַפילו מיר,
האָבן זיי געזאָגט, געטרויען זיי נישט אַצינד . . .

— נו באַרואיקט זיך, באַבושקאַ . . . — האָט פריילין זאָשקע
אַרומגענומען די אַלטיטשקע און זי געטרייסט. — אורטיילט נישט
צום שלעכטן, אַזוילאַנג ווי איר ווייסט נישט, וואָס זיי לעבן איבער..

די אַלטיטשקע האָט זיך אָבער העכער צעוויינט און זאָשקע מיט
פאָטער זענען אַוועק.

— נו, וואוהין יעצונד? . . . — פרעגט לאַזאַר אַמסטערדאַם
אויף דער גאַס אַ צוויי־פלענדיקער און געוואָלט תיכף צוריק אַהיימגיין.

— צום רעיענט זעלבסט . . . — זאָגט פריילין זאָשקע באַשלאָסן
און קוקט אויפן פאָפאָ זייטיק, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען זיינע איצטיקע
מחשבות — צום פאָגראָם־פירער דירעקט.

— אוי — האָט דער שווערער לאַזאַר אַמסטערדאַם אַ קרעכץ
געטאָן און גענומען נאָכגיין דער פלינק זיך באַוועגנדיקער טאָכטער.

צוגעקומען צום רעיענטס הויז, וואָס שטייט אין עק שטאָט, ביים
סוף פון דער לאַנגער אַלייע, וואָס איז מיינסטנס באַוואוינט פון רייכע
קריסטן, פון באַאַמטע און געזעלשאַפטן־פירער, זענען זיי, לאַזאַר אַמ־
סטערדאַם און פריילין זאָשקע, געבליבן שטיין. אין די פענצטער פון
רעיענטס גרויסן, געמויערטן הויז, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט ביימער,
מיט גערטנער, איז געווען ליכטיק, פאַרבלענדנדיק ליכטיק. און דורך
אַט די ליכטיקע פענצטער האָט מען געזען ווי אין די ווייטסטע פּאָקאָיען
עסט מען און מ'טאַנצט — ס'איז געווען אַ באַל פאַר אַ גרויסן עולם.

פריילין זאָשקע און דער פאָפאָ האָבן זיך איצטער איבערגעקוקט.
זיי האָבן אָבער באַלד ווידער זיך אויסגעדרייט מיט די פּנים'ער צו
די פענצטער.

אין איינעם פון יענע באַל־פּאָקאָיען זענען ביי אַ לאַנגן, ווייס־באַ־
דעקטן טיש געזעסן דער פאָטער פון קאָשטשאָל, גלח קסאַוועראָס; דער
דאָקטער פון שטאָטישן שפּיטאָל, פּאַן לעקאַרזשינסקי; דער אַדוואָקאַט,
פּאַן פראַוואַלודסקי; דער אַפּטייקער, פּאַן מעדיצינסקי; דער ספּולקע־
פאַרוואַלטער און שול־לערער, פּאַן כוואַטסקי; דער פאַבריקאַנט פון
לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, פּאַן וורובלעווסקי, וואָס איז אַמאָל
געווען אַ פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אויך איז
דאָרטן געזעסן דער סאַמאַראָדנער הויז־באַלעבאָס און פירער פון פּאַט־
ריאָטן־קלוב, דער נידעריק־וואוקסיקער, פליכעוואַטער, לאַמער רעיענט,

מיט די באַגילדעטע ברילעבלער אויף די פּריילעכע אייגעלעך. אויך דער דירעקטאָר פון דער באַנק „עזרה", פאַן פּעליקס קאַרפּ, און נאָך פיל חשוב'ע לייט פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט אין שטאָט. איטלע־כער איינער (חוץ דער גלח) איז דאָרטן געזעסן מיט דער אייגענער פאַמיליע און מ'האָט אָדער געגעסן, אָדער געשמועסט, אָדער זיך צו־געקוקט צו די טאַנצנדיקע פּאָרלעך אין צווייטן פּאָקאָי, וואו ביי אַ פּיאַנע איז געזעסן דעם פאַן באַנק־דירעקטאָרס טאָכטער, פּאַננאַ פאַניע, וואָס האָט מיט אירע ווייסע פינגער אַרויסגעצויבערט פון די קלאַווישן מיסטיפיצירטע פּאַלינעזן . . .

פריילין זאָשקע און לאַזאַר אַמסטערדאַם האָבן זיך ווידער איבער־געקוקט.

— וואָס איז דאָס? . . . — פרעגט הער אַמסטערדאַם.

— אַנשטעל פון אומשולדיקייט אין פּאָגראָם . . . — ענטפערט די טאָכטער.

— און די הערשאַפטן קאַרפּס וואָס טוען היער? . . .

— קום אַריין . . . — האָט פריילין זאָשקע נישט געענטפערט דעם פּאַפּאַ אויף זיין פראַגע און אַנטעקלונגען אין טיר.

---

דער שמועס, וואָס איז אַנגעגאַנגען ביים רייך־סערווירטן טיש אין פּאָקאָי, איז געווען וועגן פּילסודסקין און זיינע פּוילישע לעגיאָנען אין קראָקע.

שוין אַ לאַנגע צייט ווי אין שטאָט, פּונקט ווי איבערן לאַנד, זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן לעגיאָנען, וואָס פּילסודסקי, פּוילנס באַ־רימטער נאַציאָנאַלער קעמפער, האָט מיט דער דערלויבעניש פון עסט־רייך, רוסלאַנדס שונא, געשאַפן אין קראָקע, כדי צו זיין גרייט קעגן מאָסקווע אין אַ שעת־הכושר. אָבער לעצטנס רעדט מען זייער שטאַרק וועגן געלט־הילף, אין וועלכער עס נויטיקן זיך זייער שטאַרק אָט־די לעגיאָנען. איז אַט אויך איצט, ביים טיש אין רעיענטס הויז, רעדט מען וועגן דער זעלבער זאַך . . .

דער גלח קסאַווערוס, מיט אַ לאַנגן, מרה־שחורה'דיקן טויט־פּנים, אַנגעטאָן אין אַ שוואַרצן גאַרניטור, אין אַ גומענעם, הויכן, ווייסן קראַגן, וואָס האָט אים די דאַרע, געפּעלבטע גאָמבע געשניטן, האָט זיך שטאַרק געקווענקלט, צי ער זאָל איינשטימען אויף הילף פאַר אַ קער־פּערשאַפט, וואָס איר ציל איז דערגרייכן דעם צוועק דורך בלוט־פאַרגיסונג.

— אין אונדזער הייליקן נייעם טעסטאַמענט — זאָגט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — ווערט געזאָגט . . .

דאָקטער לעקאַרזשינסקי, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט זראַ־גע־שוירענעם קאָפּ, מיט אַ שפּיציקן מויל, ווי ביי אַן אויסגעמאַרעטן וואָלף, האָט אים אָבער ווייטער נישט געלאָזט רעדן. ער האָט זיך שוין משער געווען, וואָס דער קשאַנדז גייט זאָגן.

— ווען מ׳פרעגט דעם שוויענטי פּאַוועל, — זאָגט ער אַ ביסל פאַרדראָסיק — צי אַ דאָקטער מעג אַפּערירען אַ מענטש, וועמעס לעבן איז אין געפאַר, וואָלט ער געווים נישט געזאָגט: נייז. און אונדזער פאָלק דאַרף אויך זיין גרייט אויף בלוט . . .

— געווים, געווים . . . — שטימט צו דער הייזעריקער, זעלבסט־צופרידענער אַדוואָקאַט פּראַוואָלודסקי און ווישט זיך אין דער זעלבער צייט די ליפּינע מיט דער ווייסער סערוועטקע — אין פּאָליטיק קען מען אָן בלוט־פאַרגיסן נישט זייען און נישט שניידן . . .

— יאָ! אָן בלוט איז נאָך קיינער נישט געבוירן געוואָרן. גיב איך צו . . . — האָט דער ברייטפּלייציקער אַפּטייקער מעדיצינסקי, מיט די גרויסע, בלאָנדע וואָנצעס, איינגענומען מיטן גאָפּל אַ געדיכט באַצור־קערט געבעקסל, צום פאַרבייסן מיט דער טיי, — בלויז אייער ווערן געלייגט אָן בלוט . . .

— כאַ, כאַ, כאַ . . . — האָט זיך הויך צעלאַכט דער שול־לערער, וואָס האָט דערזען אין אַפּטייקערס געדאַנק אַ טיפן וויץ . . .

און אַנגעשטעקטע פון אים, האָבן זיך אויך אַלע איבעריקע הערען, דאַמען, אפילו דער גלח, אַזוי צעלאַכט, אַז ביי טייל איז דאָס עסן אַרויפגעקומען צום האַלדז און פון טייל האָבן זיך אַנגעהויבן הערן שלוקערצן. איבערהויפּט האָבן די מענער נישט געקענט זיך איינהאַלטן פון געלעכטער. זיי האָבן אי געקוקט אויפן גלח און אי אויף די פרויען און געקווויטשעט פון לוסט. אייניקע האָבן אפילו אַרומגענומען זייערע פרויען, געקנייפּט זיי אומאַנשטענדיק. זיי האָבן געוואָלט דורך די קניפּן געבן די פרויען צו פאַרשטיין די טיפע מיינונג פון דעם אַפּטיי־קערס ברילִיאַנטענעם וויץ.

דער אַפּטייקער האָט איצט נישט נאָר אויך געלאַכט צוליב דעם געדאַנק זיינעם, וואָס איז אומדערוואַרט פאַר אים, דעם אַפּטייקער, גע־וואָרן אַן אַנטיק, אַן אוניקום, נאָר אויך געקוקט אויף זיך, ווי אויפן העלד פון באַל. מ׳וועט שוין וועגן אים, טראַכט ער, דער אַפּטייקער, און

גלעט זיך ביי די וואָנצעס, רעדן אין שטאָט פאַר וואָכן און וואָכן . . .
מ׳וועט אים האַלטן פאַרן גרעסטן געזעלשאַפטן־אַמוזירער.

און נישט נאָר דאָ, אַרום דעם טיש, האָבן זיך געקערט וועלטן. אויך אין צווייטן פּאָקאָי איז געווען הימל־עפּן־זיך . . . ווי נאָר מ׳האָט אָנגעהויבן קייכן ביים טיש, האָט זיך דער וויץ דערטראָגן אין צווייטן פּאָקאָי, וואו מ׳האָט געטאַנצט, און מ׳האָט זיך באַלד אָנגעהויבן קוילערן פון ספּאַזמאַטישן געלעכטער. פאַרלעך, אַדומגעאָדעמטע, ווי בעת טאַנצן, האָבן זיך גענומען דריקן פעסט, פעסטער, מכלומר׳שט ווי איינער אָן אַנדערן וואָלט זיך געמוזט אָנהאַלטן, כדי נישט אומפאַלן פון קייכן, און מ׳האָט זיך דערלויבט דאָס, וואָס מ׳וואָלט פריער נישט געוואַגט, אָדער אָן דערלויבעניש נישט געטאָן. דעם רעיענטס טאָכטער — אַ בלאָנדע, מיט אַ קאָרן־קאָליר־פּנים, ווי ביי אַ דאָרף־שיקסע, איז אַריינגעקומען פון טאַנץ־פּאָקאָי מיט אַ קוזין, אָן אָפיצער, וואָס דינט אין דער רוסישער אַרמיי, און פון אויסערגעוויינלעכער פרייד, וואָס באַרעכטיקט אַלץ, דערלויבט זיך אַרויפצוזעצן זיך אויף זיין אַקסל.

— וויוואַט, פּאַניע אַפּטעקאַזשו! — האָט זי געשריען.

— וויוואַט!! — האָט דער אָפיצער צוגעהאָלפן.

אָבער אינדעם איז אַריינגעקומען דער הויז־דינער און עפּעס איינגערוימט דעם רעיענט.

דער רעיענט, וואָס האָט זיך נאָך געשטיקט פון געלעכטער, האָט זיך אָן באַנער אויפגעהויבן פון דער שטול, אָנגעהאַנגען זיך אויף די צוויי קוליעס, וואָס ר׳האָט געהאַט שטיין לעבן זיך, און אַ בלישטשענ־דיקער פון לאַכן גענומען אַרויסהינקען פון פּאָקאָי.

— פּשעפּראַשאַם פּאַנסטוואָ! . . . — האָט ער הויך געשריען צו די געסט — באַלד זיין צוריק מיט אייך . . .

איצט האָט זיך אויפגעהויבן דער הויכער, פּריציש־געשטאַלטנער פּאַבריקאַנט, וורובלעווסקי, אָנגעטאָן אין אַ באַלאָוון שוואַרצן פראַק, און זיך אַראָפּגענומען די סערוועטקע פון שטייפן קראַגן:

— פּאַנסטוואָ! — זאָגט ער — איצט אַ ביסעלע ערנסטער . . . כ׳וויל לאָזן וויסן, אַז כ׳האָב באַשלאָסן געבן אויפן לעגיאָנען־פאָנד אַ סומע פון 500 רובל . . .

וואָס ער האָט געזאָגט ווייטער האָט מען שוין נישט געהערט, וואָרים פון אַלע זייטן האָבן געהילכט פּליעסקערייען און וויוואַטס:

— וויוואַט, פּאַניע וורובלעווסקי!

— וויוואַט!

אויך דער גלח האָט געקלאַפּט מיט די הענט און באַגריסט מיט זיינע האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן דעם פאַן וורובלעווסקין.

אַ צווייטער פון די אַנדערע געסט האָט זיך איצט אויך גענומען אויפשטעלן און נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון פריערדיקן פּאַטריאָט, אָבער איידער וואָס און ווען איז שוין געשטאַנען אַ דריטער, וואָס האָט גע־קוקט איטלעכן איינעם אין פּנים אַריין, ווי ער וואָלט געוואָלט זען, צי מ'איז מיט אים צופרידן.

— איך גיב, פּאַנאָוויע, — זאָגט דער דריטער — 1000 רובל אויף דעם גראַנדיעז־ווירדיקן פאָנד און פאַרפליכט זיך צו שאַפן פיל־פיל מער צווישן מיינע פריינט . . .

— וויוואַט! — איז אין אַלע זייטן געוואָרן אַ געשריי און פּליעסקעריי.

— וויוואַט, פּאַניע קאַרפּ!!

פאַן פעליקס קאַרפּ, אַ רויטער פון געוואַגטקייט, אַ פאַרשוויצטער פון אַ סך אָנשטרענגונג, האָט איצט געהאַלטן די שפּיצפינגער אויפן טיש און אַנגעקוקט זיך מיט איטלעכן איינעם. זעצן זיך שוין, צי נאָך נישט זעצן זיך? — טראַכט ער — מ'קלאַפּט דאָך נאָך בראַוואָ פאַר מיינעטוועגן! . . .אַ? . . .

— קום אַהערצו, פּאַניושו . . . — רופט ער די טאָכטער דורכן שטורם פון אַנהאַלטנדיקן אַפּלאַז. ער איז איצט געווען אַזוי גערירט פון דעם כבוד, אַז ר'האָט זיך אָנגעהויבן פילן שולדיק, וואָס ער געניסט אים איינער אַליין, אַן דער טאָכטער, זאָל זי אויך האָבן אַפּלאַז! . . . פּאַניושו, טעכטערל, מיין ליבם . . .

פּאַניע, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיר, ווי אַן אויסגעמאָלענע, טראַגישע פיגור, אין אַ ראַם, האָט זיך נישט גערירט. זי האָט געקוקט אויפן פאָטער, אַמאָל אויף דער טומלדיקער געזעלשאַפט און נישט געוואוסט פון וואָס זי זאָל דאָ גערירט ווערן,, פון פאָטערס קריגן כבוד, אָדער פון דער געזעלשאַפטס געבן . . . ביידע זענען איצט איר נישט געווען צום האַרץ, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז זי געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז אומישנע צונויפגערופן געוואָרן צו אַ באַל. כדי ס'זאָל נישט זיין קיין פאַרדאַכט, אַז זיי, די געסט, מיטן רעיענט בראָש, זענען די אָנפירער פון איצטיקן פּאָגראָם אויף יידן. זי וועט נישט גיין, טראַכט זי אַ טרויעריקע. זאָל דער פּאַפּאַ רופן. זי וועט זיך אָבער נישט רירן . . . זי האָט זיך נישט מיט וועמען צו פרייען. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זי זיך געפילט פּונקט אַזוי, ווי ס'פילן

זיך אַלע איבעריקע יידן אין שטאָט. עס איז געווען ביי זיך אין הויז. דאָרטן, אין דער היים, האָט זי געפילט, אַז עס וועט איר נישט העלפן. וואָס זי פּאַרקערט כמעט איינגאַנצן צווישן קריסטן און מ'וועט זי און דעם פאָטער נישט אויסמיידן, פּונקט ווי מ'וועט נישט דורכלאָזן די אמת'ע יידן. איז אָט האָט זי און דער פאָטער געמוזט אַראָפּ צום רעיענט, זייער פריינט, און בעטן שוץ, ביז די אומאָרדנונג אין שטאָט וועט אַריבער. נו, איז וואָס, אַז ער האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס? איז ער דען נישט אַלצאיינס דער אָנפירער פון פּאָגראָם?

אָבער אירע געדאַנקען זענען באַלד איבערגעריסן געוואָרן.

— זינג, פאַניושקאַ . . . זינג עפּעס אין ערע צו אונדזערע לעגיאָנערן . . . — האָט פאָן קאָרף שוין מיט קוראַזש אַריבערגעשריען צו דער טאָכטער.

— זינגען! זינגען! — האָבן באַלד אָפּגעהילכט קולות פון די געסט, וואָס האָבן געשעצט פאַננאַ קאָרפס טאַלאַנט . . .

אין עטלעכע מינוט אַרום איז איןביידע פּאָקאָיען געווען אַזוי שטיל, גלייך עס וואָלט דאָ קיינער נישט געווען. פאַניע איז געזעסן ביי דער פּיאַנע, מיט איר ווייס־הויטיקן, נאַקעטן רוקן צו דער געזעלשאַפט, און האָט אַראָפּגעקוקט אַ ליידנדיקע צו די קלאַווישן. זי האָט געהאַלטן די הענט אויפן שוים ווי נישט צו הויבן זיי העכער, און געפילט, אַז עפּעס פאַלגט זי אוים אַ געבעט, ווי אַ נעפּאַלענע, ווי אַ דאַכלאָזע, וואָס זוכט אַ היים. דאַך האָט זי זיך נישט געקענט אויפהויבן, אָפּזאָגן זיך, און צוגעבויגן זיך צו די קלאַווישן.

די דאַמען און הערן אַרום האָבן זיך גענומען איינהערן אין דער שטימע, וואָס איז געווען, ווי ביי אַ פאַרוואונדעטן נאַכטיגאַל. זייער שטיל און טרויעריק. איטלעכער איינער האָט זיך געפילט, ווי אַראָפּגעשלעפּט אין אַ פינצטערן לאַבירינט וואו מ'גייט דאַך וויליק. פון דערשיטערונג האָבן זיך הערן גענומען ווישן די שווייסיקע שטערנס. דאַמען האָבן זיך געווינטלט די געזיכטער מיט פעכערס. ס'איז געווען אַזאַ עקזאַלטאַציע, ווי אין אַ קירך, בעת טרויעריקן אָרגל־שפּיל. אָבער אינגדעם האָט מען זיך גענומען איבערקוקן. אַ? וואָס איז? . . . איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן מיט פאַרוואונדערונג און אויך מיט שרעק.

— וועמעס זינגט זי? — פרעגט דער גלח קסאַווערוס דעם דאָקטער — זענען דאָס אירע אייגענע ווערטער?

— כ'ווייס נישט . . . — ענטפערט דער דאָקטער און דרייט זיך באַלד אוים צום אַדוואָקאַט — וועמעס ווערטער זינגט זי ?

— כ'ווייס נישט . . . — זאָגט דער אַדוואָקאַט אויפגערעגט און קוקט זיך אום, וואו ס'איז דער שול־לערער — וואָסאַרא שוואַרציאַר ! ?

— ברומט ער צו זיך — וואָס דערלויבט מען איר דאָ זינגען אַזעלכעס ? פאַרוואָס פאַרשטאָפּט מען איר נישט דעם פּיסק ?

פאַן קאַרפּ אַליין איז אָבער געווען נאָך מער אויפגעצאָרנט ווי דער אַדוואָקאַט. ער האָט זיך געוואָלט דורכפּאַקן דורכן עולם און אַ געשריי טאָן צו דער טאָכטער : „שטיל, דו אומדאַנקבאַרע ! פון וועמען האָסטו זיך אָפּגעלערנט צו רעבעלירן ? . . .” אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און אַריינגעשעפּטשעט די נאָענט־שטייענדיקע דאַמען און הערן אין די אויערן :

— ס'איז אַדאָם מיצקעוויטשס ווערטער . . . פון „דזשיאַדי” . . .

— דאָס זענען מיצקעוויטשס ווערטער ? — האָט איינער ביים צווייטן געפרעגט — דאָס ? . . .

דאָס געברומעריי האָט זיך פאַרשפּרייט וואָס ווייטער און ווייטער, ביז ס'איז דערגאַנגען צו פאַניען. פאַניע האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהערט. זי איז נאָר געזעסן מיט איר נאַקעטן רוקן צו דער געזעלשאַפט און האָט ווייטער געשפּילט אויף דער פּיאַנע און געזונגען.

דער שול־לערער פאַן כוואַטסקי, וואָס איז געשטאַנען, ווי אויף שפּילקעס, האָט איצט שטיל נאָכגעזאָגט די ווערטער, וואָס פאַניע האָט געזונגען, און געוואָלט זיך דערמאָנען, צי זענען דאָס טאַקע מיצקעוויטשס ווערטער. ער האָט זיך אומגעקוקט אויפן אַדוואָקאַט, וואָס האָט נישט צורו געלאָזט מיט זיין פראַגע, און כסדר נאָכגעזאָגט :

*) Ja nie chcę dlużej z wami być pod jednym dachem;
mowiłam : mężu, nie leż do tych spraw dziecinnych
pókiś knutował Żydów, chociaż i niewinnych.

אָבער פּלוצום טוט ער אַ שאַר אָוועק עטלעכע הערן פון זיך און גיט אַ זעץ אין טיש :

1) לענגער אונטער איין דאַך קען איך מיט אייך נישט זיין ;
געגוג דיר צו הערן נאַרישקייטן, מאַן, האָב איך געזאָגט —
דו האָסט אומ'ברחמנות'דיק געפּייניקט יידן, דערצו אומשולדיקע.

— דאַ ליבאַ! (2! וואָסאַראַ אַנשטעל מיט מיצקעוויטשן ווערט דאַ געמאַכט!

אַרום און אַרום איז דער עולם געבליבן שטיין ווי אַפּגעגאָסן. מ'האָט געקוקט אַמאָל אויפן לערער און אַמאָל אויף פאַניען. מ'האָט זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן, ווער דאָ איז שולדיק: מיצקעוויטש, פאַניע אָדער כוואַטסקי . . .

אַמערגסטן האָט זיך אָבער געפילט פאַן קאַרפּ. פון באַליידיקונג און שרעק האָט ער, ווי אַנצוהאַלטן אינערלעכן באַלאַנס, גאַר איראַניש געשמייכלט. אָבער ס'האָט אים אַרומגעכאַפּט אַזאַ היץ, וואָס האָט אים אַליץ מער און מער געדריקט אויפן האַרץ . . . ער האָט געפילט — צו־צומאַכן די אויגן און פּטור. אַ סוף מיט דער וועלט. איבערהויפּט האָט זיך אָבער געזען זיין פאַרלוירנקייט, ווען ר'האָט געקוקט אויף דער טאָכטער.

פאַניע איז שוין איצט געשטאַנען. נישט זי האָט געשפּילט, נישט געזונגען. זי האָט נאָר געקוקט אויפן עולם, ווי מ'וואָלט זי נישט געוואָלט הערן, ווי מ'וואָלט נישט געהאַלטן פון איר טאַלאַנט. אירע אויגן, פאַראייזטע שטיקער געוויין, האָבן ווי געבעטן: „לאָזט מיך נאָכאַמאָל . . . לאָזט מיך פאַרענדיקן . . . איך וויל אייך ערשט ווייזן, וואָס איך קען . . .” אָבער אַליץ אַרום איז געווען שטום.

בעת דעם האָבן זיך באַוויזן דער לאָמער רעיענט אויף די קוליעס, פריילין זאַשקע און לאַזאַר אַמסטערדאַם.

דער עולם, ווי אַן אונטערגעהוילטע געביידע, האָט זיך איצט אַ שאָקל געטאָן:

— וואָס טוען דאָ די דאָזיקע יידישע געסט? . . .

דער פאַן רעיענט איז אַריינגעקומען אין עס־פּאָקאַי, אוועקגע־שטעלט די קוליעס לעבן זיך, ביים טיש, אַראָפּגענומען זיך די גאָלד־געראַמלטע ברילעכלעך פון ברייטלעכן נעזל און זיך אַ וויש געטאָן מיטן הענטל איבערן פאַרשוויצטן קאַרק.

— פאַנסטוואָ! — טוט ער זיך אַ דריי אַרום פאַרן עולם, ווי געוואָלט זען איטלעכן איינעם — איר וועט מיר דערלויבן אייך עפּעס זאָגן . .

דער עולם האָט גענומען קוקן אויף לאַזאַר אַמסטערדאַמען, אויף

2) צום טייוול!

פאננאַ זאַשקען און זיך משער געווען, אַז דאָס, וואָס דער רעיענט נייט רעדן, איז געווים וועגן זיי.

— איך וויל האָבן דעם האָנאָר צו רעדן מיט אייך וועגן די הויכגעשעצטע פאַנסטוואַ אַמסטערדאַמס . . . — זאָגט דער רעיענט און קוקט זיך אָן מיט איטלעכן איינעם, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דער־קלערן אין ליבשאַפט צו אַלץ אין דער וועלט.

די הערן און דאַמען האָבן ווידער גענומען קוקן אויף פאַן אַמסטערדאַמען און זיין טאָכטער.

— יאָ, פאַנסטוואַ, — דרייט ער זיך ווידער אַרום, דער לאַמער רעיענט מיט די פריילעכע, שעלמישע אויגן — די הויכגעשעצטע פאַנ־סטוואַ אַמסטערדאַם זענען געקומען אונדז בעטן אַפּצושטעלן דעם פאַגראָם. איז עס נישט קיין גרויסע ערע דאָס, וואָס הויכגעשעצטע פאַנסטוואַ דענקען וועגן אונדז? מיר דאַרפן זיך פילן אין אומגע־ווייגלעכן עקסטאַז פון אַזאַ ווירדיקער פעסטשטעלונג, אַז מיר האָבן איינפלוס אויף אונדזער פאָלק . . .

דער עולם האָט ווידער גענומען קוקן אויף די אַמסטערדאַמס.

דער רעיענט האָט זיך אויפסניי אַ דריי געטאָן מיטן גוף'ל און ווידער זיך געמאַכט מינדערוווערטיק:

— און איך זאָג נאָכאַמאָל: יאָ, ס'איז אַ האָנאָר צו הערן אַזאַ לויב . . . אָבער, ליידער, פיל איך, אַז אונדזער מי וועט זיין אומזיסט . . . דער אומדערפאָלג? ס'איז דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט באַ־וואוסט . . . אונדזער איינפלוס איז איבערשאַצט. יאָ, איבערשאַצט . . . אַדער אַקאַדעמיש פּינקטלעכער: מיר האָבן קיין איינפלוס נישט . . . איז עס נישט ריכטיק, מיינע פריינט?

קיינער פון די געסט האָט נישט געענטפערט. איטלעכער איינער האָט נאָר געקוקט אויף די אַמסטערדאַמס ווי זיי שטייען נעבעכדיקע, און געוואָלט, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער אַוועק, וואָרים זיי האָבן אַרויס־גערופן צו זיך אַ וועלט מיט מיטלייד . . .

און די אַמסטערדאַמס האָבן זיך טאַקע באַלד געריררט.

— עס איז נישט צו באַגרייפן — זאָגט פריילין זאַשקע צו דער דערשלאָגענער, פון אַלע הויכקייטן אַראָפּגעפאַלענער, דאָד, מכלומר'שט, נאָך שטאָלצער פאַניען, — ווי דו קענסט זיך געפינען אין אַזאַ מיזאַנ־טראָפּישער געזעלשאַפט . . . דו, אַזאַ קינסטלעריו מיט געשמאַק . . .

די כמעט האַלב־נאַקעטע, טעמפּעראַמענטפולע פאַניע האָט איצט נאָרנישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אַליין, אַז דער געוויינטלעכער

ארומרינגלונג פון פארלויבנדיקע פריילינס און הערן, און, אין אן ערב־היסטערישקייט־צושטאנד, געוואַרט אויפן פאפאס דעצידירונג. דער פאטער, ווי פרעמד צו איר, האט זיך אבער נישט גערירט. ער איז געזעסן ביים טיש, ווי קיינמאל גארנישט.

---

ארויסגעקומען אין דרויסן זענען פריילין זאשקע און לאזאר אמסטערדאם געבליבן שטיין. וואוהין צו גיין איז שוין איצטער נישט געווען, ווארים אלע, מיט וועמען זיי האבן זיך געוואלט זען, זענען אויפן באל. זיי זענען אבער געבליבן שטיין, ווייל זיי האבן געפילט, אז דער רעיענט האט פון זיי אויף א קונציקן און מיאוס'ן אופן אפגעפ'חוזק'ט.

איידער זיי זענען אריין אין די באל־פאקאיען, זענען זיי געשטאנען מיטן רעיענט אין א זייטיק צימער און האבן גערעדט וועגן דעם, צוליב וועלכן זיי זענען געקומען אים זען. דער פאן רעיענט האט זיך אין אנהויב געמאכט נישט וויסנדיק וועגן דעם, וואס גייט אן אין שטאט. ער האט געמאכט אן אנשטעל, ווי ער הערט עס ס'ערשטע מאל. נאכדעם האט ער צוגעגעבן, אז א געוויסער קלאנג איז צו אים, דאכט זיך, יא דערגאנגען. אבער ער האט נישט געגלויבט און דערפאר אים באלד פארגעסן. און נאכדעם האט ער זיך ארויסגעדרייט מיט א תירוץ, אז כאטש איצט גלויבט ער שוין יא (ווארים ווי קען ער נישט גלויבן אזעלכע הויכגעשעצטע הערשאפטן, ווי די אמסטערדאמס ?), איז אבער די מעשה, וואס ער איז אן אומבאדייטנדיקער מענטש ביים פאלק אין שטאט. ער האט קיין איינפלוס נישט. וואס ער קען אבער יא טאן פאר די הויכגעשעצטע הערשאפטן, איז איבעררעדן מיט זיינע געסט. ווארים ווי קען ער אוועקלאזן אזעלכע לייט סתם אזוי ? איז אט האט ער זיי אריינגעפירט אין די באל־פאקאיען און האט געהאלטן זיין אפ'חוזק'נדיקע און מיאוס'ע רעדע.

אט דערפאר פילן זיי זיך זייער שטארק באליידיקט. אבער וואס קענען זיי טאן ? לאזאר אמסטערדאם פילט אזש אויסצולאזן זיין צארן אויף זאשקען. פשוט, ווייל אין זיין געפאלנקייט איז קיינער נישט אזוי שולדיק, ווי זי. ער האט פארויסגעפילט, אז קיין גוטס קען זיין שתדלנות נישט ברענגען. אבער זי האט אים געטריבן. זי האט זיך אויף אים אנגעזעצט, ווי א זלודנע פליג — ער מוז גיין און מוז ראטעווען די יידן אין שטאט. נו, האט ער שוין געראטעוועט און

די יידן זענען שוין גליקלעך, זיי לעבן אין פרייד! . . . זאשקע אבער האט נישט געוואוסט, אויף וועמען זי זאל זיין בייז — אויפן רעיענט אויף זיינע געסט, אדער אויף זיך. זי האט געביסן איין ליפעלע אינעם צווייטן און, סוף־כל־סוף, א ברום געטאן צום פאטער:

— קום אהיים.

אריינגעקומען אין הויז, זענען זיי באגעגנט געווארן פון צוויי נערוועזע פנים׳ער: מאדאם אמסטערדאם און איר קרוב, דער פילאזאף הער שטראלנסאן.

מאדאם אמסטערדאם — א הויכע, א געשטעל מיט קראפט און מיט אריסטאקראטישער חשיבות, וואס האט ארויסגעקוקט פון די שווארצע אויגן אירע, פון דעם גלייכן גאנג און פאמעלעכן רעדן, ווי אין דיקטירן עפעס, — האט געשטאמט פון אן אלטן יחוס, וואס האט זיך אין גאליציע צעצווייגט אין א משפחה פון אלערליי טיפן יידן: רביים, דאקטוירים, קרוב־למלכות׳ניקעס, פריצים פון פאלווארקן, סוחרים, ברויערײ־גבירים, און אייגנטימער פון נאפט־פעלדער. אט די אריסטאקראטישע מאדאם אמסטערדאם, וואס האט אין איר טאכטער זאשקען געזען א געמיש פון פיל משפחה־אייגנשאפטן, און געהאלטן עס פאר א גרויסע מעלה, האט זיך אבער געשראקן פאר דעם ביסעלע פלעבייאישן בלוט, וואס די טאכטער האט איבערגענומען פון פאטער, וועלכער קומט ארויס פון עטלעכע דורות קרעטשמערס און פאכטערס אויף פוילישער ערד. אט דאס ביסעלע פלעבייאישע בלוט, וואס האט געטריבן די טאכטער צו ווערן א קאכלעפל צווישן פראסטן פאלק אין שטאט, האט זי, די מאדאם אמסטערדאם, זייער געשראקן. זי האט מורא געהאט, אז די טאכטער וועט זיך קלאגן די רעפוטאציע פון אן אריסטאקראטישער פריילין און דערפאר אויפשטעלן א צאם צווישן זיך און א שידוך פון אירם גלייכן. אבער איצט איז זי געווען באהערשט נישט נאר פון דער דאזיקער מורא, נאר אויך פון שרעק פאר דער טאכטערס לעבן זעלבסט. איבער דער גאנצער צייט, וואס די טאכטער איז נישטא געווען, האט זי, מאדאם אמסטערדאם, נישט געקענט איינרוען. זי איז ארומגעגאנגען אין די צימערן און געבראכן זיך די פינגער. און איצט, אז זי האט זי שוין דערזען צוריק, האט זי כעס׳יק א וויין געטאן זאשקען אויף איר שלאפצימער און באפעלעריש א דריי געטאן מיט די מענערישע ליפן:

— שוין גיי שלאפן! . . . מער קומט דיין פוס היינט נישט ארויס פון הויז . .

זאשקען איז נישט געפעלן געווארן דער אופן פון דער מוטערס רעדן. זי האט פון דער מוטער קיינמאל אזא מין שפראך נישט געהערט. אבער אזוי ווי זי האט היינט שוין סייוויסיי נישט געדארפט אין ערגעץ גיין און, איבער דעם דורכפאל ביים רעיענט, געוואלט זיין אליין מיט זיך, האט זי גארנישט געענטפערט און איז אריין צו זיך אין שלאפ־צימער.

שטאט אבער צו באשעפטיקן זיך איצט מיטן מאן, פרעגן אים, וואו ר'איז אלץ געווען און וואס ר'האט אויפגעטאן, האט זי זיך אוועק־געדרייט, ווי נאר די טאכטער האט פארמאכט הינטער זיך די טיר. און אליין אויך גענומען גיין אין איר שלאפצימער.

— זי איז אויפגעבראכט אויף דיר, לאזאר . . . — זאגט דער קרוב שטראלנסאן, נאך מאדאם אמסטערדאמס אוועקגיין — זי האט פארדראס, וואס דו האסט אויסגעפאלגט זאשקען און ביסט מיטגע־גאנגען מיט איר . . . אבער נו . . . ס'וועט אוועקגיין, לאזאר . . . די צייט איז דער בעסטער באלזאם . . . נאר געדולד . . . זאג מיר ליבערשט, וואס האסטו גערעכט?

לאזאר אמסטערדאם האט איצט געהאט א פנים פון א פאררעגנ־טער קאץ. ער האט געהאלטן די הענט אויף הינטן, די אויגן פארקרומט און ברומענדיק זיך געלאזט גיין אין זאל אריין.

— וואס האב איך דען געזאלט אויפטאן? האב איך דען דיזעם ניט פארויסגעזען? בלויז זי האט געדאכט אנדערש . . . „געוויסן! געוויסן" האט זי געשריען, „מ'דארף שפרעכן צו מענטשנס געוויסן"... איז אט האט זי, די טאלסטאיאנערין, לייטעם געוויסן . . .

הער שטראלנסאן — א נידעריקער, מיט הארעפאשנע פלייצעם, מיט בערן־פיס, נאכלעסיק אנגעטאן, די הויזן צעקנייטשט, דאס רעקל מיט א פארדרייטן קאלנער, דער קאפ־האר אנגעוואקסן ביז צו די אקסלען, ווי ביי א רוסישן פאפ — האט געטראגן אטא וויינינגערס בוך וועגן דעם מעפיסטאפאלישן כאראקטער פון דער פרוי. דאס בוך האט ער געלייענט, כאטש ער האט געהאט אן אנדער מיינונג וועגן פרויען. „אט איז זאשקע א ביישפיל פון אנדערשקייט!" — פלעגט ער זאגן. אבער אזוי ווי ר'האט ערגעץ אין גאליציע, אדער אין עסטרייך, אן אייגענע פרוי, אן אנטלאפענע, וואס האט אים קיין האניק נישט גע־געבן צו לעקן, האט ער זיך גענומען פאראינטערעסירן מיט וויינינגערס ווערק. איצט אבער האט ער געהאלטן ס'בוך פארמאכט, געוואלט וויסן,

וואס לאזאר און זאשקע האבן אויפגעטאן, און איז אים, אמסטער־דאמען, נאכגעגאנגען אין זאל אריין.

---

שפעט נאך האלבע נאכט, ווען אלע אין הויז זענען שוין ווי־נישט־ווי געשלאפן, איז פון איר שלאפצימער צוריק ארויסגעקומען די מאדאם אמסטערדאם און ווידער געגאנגען זען איר טאכטער.

דאס איצטיקע מאל אבער איבער עפעס אנדערש.

איידער זאשקע און דער פאפא זענען אהיימגעקומען פון זייערע וויזיטן, איז דא געווען דאקטער רובין און איבערגעגעבן זייער אומ־אנגענעמע נייעס וועגן איינעם פון זאשקעס געזעלשאפט־פריינט — וועגן בן־ציון שפירא. געווען איז די נייעס, אז אקארשט האבן דעם דאקטערס הויז פארלאזט פיר יונגעלייט, וואס ארבעטן ביים הער שמעון אלטער, און אים דעם דאקטער רובין, איילק ארויסגערופן צו הער שפירא. וואס איז די אורזאך? מ'האט אים געפונען ליגן אין גאס א באוואוסטלאזן, א באגאסענעם מיט בלוט. געשען איז עס מיט אים אויפן וועג צו זיין כלה, הער שמעון אלטערס טאכטער, אום זיך דערוויסן ווי זי פילט זיך בעת די פאסירונגען אין שטאט . . . נו, איז ער, דאקטער רובין, געקומען צו לאזן וויסן פריילין אמסטערדאם וועגן דעם און נאכדעם גיך אוועק צו הער בן־ציון שפירא, וואס ליגט שוין אין הויז . . . איז אט מיט דער דאזיקער נאכריכט גייט זי דאס איצטער, מאדאם אמ־סטערדאם, צו דער טאכטער זאשקען.

אייגנטלעך האט זי נאך געוואלט זאגן וועגן דעם פריער, ווען זי, זאשקע, און דער פאפא זענען אהיימגעקומען. האבנדיק אבער פארכט, אז די טאכטער וועט זיך ווידער לאזן אין גאס אריין, האט זי דערפאר געשוויגן און איז אוועק צו זיך אין שלאפצימער. איצט אבער גייט זי יא זאגן. ערשטנס, האט זי נישט געקענט איינשלאפן. עס האט זי געפייניקט א געפיל, אז זי באהאלט אוים אן ערנסטע נאכריכט פאר דער טאכטער. צווייטנס, האט זי זיך אלעמאל געפירט, אז זי זאל קיינמאל גארנישט אויסבאהאלטן פאר איר. זי האט אלעמאל געזאגט וואס ס'איז געווען צו זאגן, און דעם אורטייל געלאזט צו איר פאר־נונפט. אזוי האט זי זיך באצויגן צו דער טאכטער און אונטער אזא באציאונג איז זאשקע דערצויגן געווארן. ווען זי איז נאך געווען א קליין מיידעלע, זאשקע, האט זי שוין געוואלט וויסן אזעלכעס, וואס אנדערע מוטערס וואלטן פארכט געהאט צו ענטפערן דערויף. אבער

נישט זי, מאַדאַם אַמסטערדאַם! זי האָט געזאָגט און דעם אורטייל געלאָזט צו איר אייגענעם פאַרשטאַנד. אַזוי איז די טאָכטער אויפֿגעוואַקסן נאָרמאַל, אָן די נאַרישקייטן און אַפּנאַרערייען, מיט וועלכע מ'דינגלט געוויינטלעך אַרום קינדער, און זי, די מוטער, איז פֿאַר דער טאָכטער אַלעמאָל געווען אַן ערלעכע. אפילו אַזאַ זאַך ווי איר, דער מוטערס, באַציאונג צום פּאַפּאַ, האָט זי זיך נישט קרעמפּירט צו אַנטפּלעקן.

— וועסט עלטער ווערן, וועסטו אין דער הינזיכט מער פֿאַרשטיין . . . — האָט זי געזאָגט צו דער טאָכטער, וואָס איז דעמאָלט געווען אין עלטער פֿון 12 יאָר. — ווען דער פּאַפּאַ איז דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון מיינס אַ פֿאַרוואַנדטן, אַ רבי, אַנגעקומען אַלס יונגערמאַן צו מיין פֿאָטער אין דער ליכט־פֿאַבריק, אין גאַליציע, איז געווען מיין באַציאונג צו אים אינגאַנצן אַן אַנדערע . . . זי איז געווען, ווי זאָל'ך עס דיר מאָלן? ביי די פּאָעטן שילער און געטהע וועסטו אַזאַ ערהאַבנקייט טרעפֿן . . . קורץ און שליסלעך: איך האָב געאַפּפּערט אַ מאַיאָר, אַ ליבלינג פֿון דער עסטרייכישער אַרמיי, צוליב דיין פּאַפּאַ . . . אָבער היינט . . . נו . . . צוואָר, אויף אַלעם קומט דער האַרבסט . . . אַמאָל פֿריער, אַמאָל שפּעטער . . . אָפּהענגענד אַן אומשטענדע . . . אין מיין פֿאַל איז ער אָבער געקומען פֿריער . . .

איז אָט איז זי פֿאַר דער טאָכטער געווען אַ מוסטער פֿון ערלעכקייט. דעריבער, פֿאַרוואָס גראָד איצט נישט אַרויסקומען מיט דער וואַרהייט? וואָרים היינט זיך אויסהיטן פֿאַר איר? באַזונדערס, עס איז שוין איצט גענוג שפּעט, אַז זי, זאָשקע, זאָל נאָך איצט וועלן אַריבער צום הער שפּירא. געוויס נישט. דעריבער — אַ איז זי באַלד אַראָפּ פֿון בעט און גענומען גיין צו דער טאָכטער.

אַריינגעקומען אין שלאָפּצימער, האָט זי געטראָפֿן די טאָכטער אויף.

— פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו ניט, זאָשקע?

זאָשקע איז געלעגן אויפֿן בעט אין די לעטשלעך, אין קליידל און געהאַלטן דעם קאָפּ אויף אַן אויפֿגעמישטן בוך פֿון טאָלסטאָי.

מאַדאַם אַמסטערדאַם איז צו איר צו.

— פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו ניט? — פֿרעגט זי ווידער.

זאָשקע האָט נישט געענטפֿערט און זיך אויפֿגעזעצט.

— וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר איצט, מאַמושקאַ? . . . — פֿרעגט זי זייטיק און שטיל.

יאָ, טראַכט מאַדאַם אַמסטערדאַם, זי וועט איר זאָרין־זאָפּאָרט זאָגן. נישטאָ איבער וואָס צו פאַרזאַמען זיך.

— זיי ווייסן, זאָשקע, — זאָגט זי פּאַוואָלינקע און האַלט די הענט פאַרקרייצט אויפן בוזעם — זיי ווייסן, אַז דיין פריינט הער שפּירא איז עקסטרעמהאַפּט אין געפאַר . . .

זאָשקע האָט זיך ראַפּטום געטאָן אַ שטעל אויפן דיל.

—וואָס ? . . .

— יאָ . . .

— הער שפּירא ?

— יאָ . . .

— אין וואָסאַרע געפאַר ?

— אין לעבנס־געפאַר . . .

— אין לעבנס־געפאַר ? . . . וואָס איז געשען ? ער איז דאָך געווען אַזוי געזונט היינט אוונט ! . . .

— די לייטע פון פוילישן קלוב . . . די פּאָגראָם־לייטע . . .

— ווען ? פון וואַנען די נאַכריכט ?

מאַדאַם אַמסטערדאַם האָט אויסגעשטעלט די אויגן :

— מאַמענטאַל גיי איך אַריבער צו אים . . . — טוט זיך זאָשקע אַ כאַפּ פאַרן הוט, פאַרן האַנט־בייטל און נעמט אַז די מוטער ביי דער האַנט — קום מיט . . .

מאַדאַם אַמסטערדאַם האָט אוסגעשטעלט די אויגן :

— וואָס ? . . . פון זינען אַראָפּ ? . . . מיך רופסטו צו לייטע, מיט וועלכע איך האָב קיין געמיינזאַמעס ניט ? . . .

און נאָך עטלעכע ווײַלעס אויפגערעגטן און באַליידיקטן קוקן אויף דער טאָכטער, אַרויסגעכאַפּט ביי איר דעם האַנט־בייטל, דעם הוט און אָנגעוויזן איר אויפן בעט :

— זאָפּאָרט שלאָפן ! . . . דיין פוס פון דעם צימער קומט היינט ניט אַרויס ! . . .

איצט האָט זאָשקע שוין מער גאָרנישט געזאָגט און זיך אוועקגעזעצט אויפן בעט. וואָס, וואָס, אָבער קעגן דער מוטער וועט זי זיך נישט שטעלן. כאָטש זי פילט זיך באַליידיקט פון איר האַנדלונג.

מאַדאַם אַמסטערדאַם האָט איצט אַוועקגעלייגט דעם בייטל און הוט אויפן טואַלעט־טישל און זיך גענומען צוריק אַרויסגיין.

— דאָבראַנאָץ . . . — זאָגט זי צו דער טאָכטער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

זי איז איצט געווען זיכער, מאדאם אמסטערדאם, אז זאשקע וועט בלייבן. ווארים געהארכזאם איז די טאכטער, כאטש זי איז אומצופרידן. דאס, געווים, איז צו פארדאנקען איר, מאדאם אמסטער־דאם, און נישט דעם פאפא, ווארים ער, הער לאזאר, זאגט זיך נישט אפ פון ברעכן א ווארט. א ווארט ביי אים איז ווי דער וועטער. זי אבער מאדאם אמסטערדאם, איז אנדערש. און די אנדערשקייט האט די טאכטער דערפילט ווערנד דער דערציאונג, וואס זי האט אונטער דער מאמעס אויסשליסלעכער אויפזיכט געקראגן.

זי איז, אלזא, איצט א בארואיקטע, צוריק אריין אין שלאפצימער.

---

דאך איז פריילין זאשקע, אין עטלעכע מינוט ארום, יא ארוים פון צימער. אבער נישט אוועקצוגיין. זי איז בלויז צו צו יאנס, דעם הויז־משרת'ס צימער, וואס ביים ווארט־זאל, און האט אנגעקלאפט אין טיר.

אין עטלעכע וויילעם ארום האט זיך אין א שפארע פון דער זיך געעפנטער טיר באוויזן יאנס גבורה'דיק פנים מיט פארקנייטשטע וואנצעס:

— יא, פאניענקא . . . — באהאלט ער דריי פערטל גוף הינטער דער טיר, כדי פריילין זאשקע זאל אים נישט זען אין די אונטערוועש.

פריילין זאשקע האט געזאגט, פארוואס זי האט אים אויפגע־וועקט פון שלאף.

— איך האב צוגעזאגט מיין מאמושקא נישט צו פארלאזן ס'הויז היינט ביינאכט, און דאך קען איך נישט איינרוען וועגן פאן שפירא . . . וואלט איר געוואלט אריבערגיין, געוואר ווערן, וואס ס'הערט זיך ביי אים? . . .

נישט געזאגט קיין איין ווארט מער ווי דעם ענטפער „גרייט צו דינען אייך, פאניענקא", איז ער גיך אוועק פון דער טיר און גענומען זיך אנטאן.

ווען ער איז שוין געווען ארוים פון הויז און פריילין זאשקע איז שוין צוריק געזעסן אויפן בעט אין איר צימער, האט זיך פון דרויסן דערהערט א גלאקן־געקלאנג, וואס האט אנגעזאגט א שרפה אין שטאט.

זאשקע האט זיך איצט האסטיק א ווארף געטאן צום פענצטער. זי האט געוואלט זען, צי ווייזט זיך ערגעץ א פייער. אבער אינדעם איז הינטער דער טיר געווארן א געלאף און א געשריי:

— דא זעט מען!

— קומט אין דער זייט . . .

— פון באַלקאָן זעט מען ס׳פייער!

זאשקע האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון צימער און גענומען לויפן צום באַלקאָן, וואָס גייט אַרויס צום מאַרק.

צום באַלקאָן זענען אויך געלאָפן דער פּאַפּאַ, די מאַמושקאַ, הער שטראַלנסאָן. אויך זענען געלאָפן די ברידער, זייערע פרויען, וואָס האָבן די שלאָפצימערן אַרום די געסט־זאַלן. אַלע זענען געלאָפן אין די שלאַפראָקע, די אויגן פול מיט שרעק. איבערן וועג האָבן זיי זיך פאַרטשעפּעט אָן שטולן, אָן שענקעלעך מיט גלאָזוואַרג, אָן די ברעגן פון טעפּיכער. ס׳האָבן זיך געהערט בראַזגען פון צעבראָכענע גלעזער, קאַרפינקעלעך, דומפּיקע קלאַנגען פון קרעכצן. מ׳האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט, מ׳איז ווייטער געלאָפן.

אַרויסגעקומען אויפן באַלקאָן, האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג זוכן. אויף צפון־זייט איז דער הימל געווען צונטער־רויט. ער האָט דאָרטן געפלאַקערט, ווי אַ ברענענדיקע שיף אויף אַ פינצטערן ים. דאָס פייער האָט פון זיך אַרויסגעשלאַנגעוועט קנוילן רויך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי משונה׳דיקע ווילדע חיות, וואָס זענען צאַרניק אַרויס פון די היילן מיט זייער אכזריות׳דיקן הונגער נאָך לויער.

לאַזאַר אַמסטערדאַם האָט זיך אויסגעדרייט צו דער פאַמיליע:

— מ׳ברויך אַ שיק טאָן יאַנען צו דער פאַבריק . . . מיר דוכט, זי ברענט . . .

— וואָס פאַלט דיר איין? . . . רעדט אויפגערעגט מאַדאַם אַמסטערדאַם.

— זעסט ניט? אין דיזער ריכטונג, וואו די פאַבריק, איז דאָס פייער . . .

—וואַרשיינלעך! וואַרשיינלעך! — רופט זיך אָן אַ זון — דאָס ראַטזאַמסטע איז שיקן יאַנען . . . זאָל ער שנעל גיין געוואָר ווערן און קומען מיט אַנטוואָרט . . .

— ער איז נישטאָ, יאָ . . . — זאָגט פריילין זאשקע.

— ניטאָ? — קוקט דערשראָקן לאַזאַר אַמסטערדאַם.

— וואו איז ער? . . . — פרעגט מאַדאַם אַמסטערדאַם.

— איך האָב אים געשיקט צו הער שפּירא . . .

אַלע פון דער משפחה האָבן גענומען קוקן אויף איר, ווי אויף אַן אַראָפּגעפירטער פון זינען. דאָך האָט מען זיך איצט נישט געוואָלט

אוועקשטעלן מאכן איר פארוואורפן און מ'האט זיך גענומען איילן אנצוטאן זיך, כדי אליין אריבערצוגיין צו דער פאבריק.

---

ארויסגעגאנגען פון הויז זענען אבער נאר לאזאר אמסטערדאם און די דריי זין: אלעקסאנדער, פראנציזשעק און זיגמונד. אלע דריי זענען אריין אין מארק און האבן זיך גענומען איילן, ווי זיי וואלטן נאך געוואלט כאפן די אונטערצינדער.

אין מארק איז געווען אזוי פינצטער, ווי פריער. פון הייזער האט זיך נישט געזען קיין ליכטל און פון הימל קיין שטערן. עס איז געווען אן אימה צו גיין. פון א ווייטער גאס האבן זיך געהערט טריט פון לויפנדיקע מענטשן. די טריט האבן א ביסל געוואָרעמט און א ביסל גרוילנדיקער געמאכט דעם דרויסן. געוואָרעמט — ווייל זיי זענען געקומען פון דער יידישער גאס. גרוילנדיקער געמאכט — ווייל ס'האבן דאך געקענט זיין טריט פון די קלוב־לייט. ענדלעך זענען אבער די לויפערס דורכגעלאפן ווייט אין מארק און אוועק מיט דער באנגאס.

צוגעקומען צו דער זעלבער גאס האט לאזאר אמסטערדאם גע־וואלט גיך אריבער, כדי וואס שנעלער צו זיין ווייט פון סכנה־פלאץ, וואו די לויפנדיקע אומבאקאנטע מענטשן זענען פארשוואונדן. ער האט זיך אפילו מורא געהאט אומצוקוקן. אבער די זין האבן אים צוריקגעהאלטן:

— אט — דא איז גאר ס'פייער, פאפא . . .

— דא אויף דער באנגאס . . .

— מ'הערט אויך געשרייען פון ראטעווער . . .

לאזאר אמסטערדאם האט זיך אפגעשטעלט, גענומען א פאר־חוש'טער קוקן.

יא, דאס איז עס טאקע. זיילן פייער, געמישט מיט רויך, הויבן זיך אויף פון הינטער א הויז אין עק באנגאס און שפרינגען ארויף צום הימל מיט אזא רעש און כעס, ווי זיי וואלטן זיך געגאנגען ווארפן אויף עמעצן אויבן. זיי האבן געוואָרפן מורא'דיק לאנגע הענט אין דער ברייט, ווי זיי וואלטן געוואלט דערגרייכן עפעס און פארוויסטן אלץ ארום און ארום.

לאזאר אמסטערדאם איז איצט מיט די זין אראפ אויף דער באנגאס. דא, ביים סוף פון דער גאס, וואו ס'איז געווען היים און ליכטיק פון פייער, האבן זיי זיך פארנומען מיט א וועג, וואס פירט צו א גרוים פלאץ, הינטער שמעון אלטערס הויז.

אויפֿן פּלאַץ, וואו שמעון האָט אין משך פֿון עטלעכע טעג געבויט א גאַרבעריי, זענען געשטאַנען אַ פּופֿציק מענטשן, עלטערע און יונגערע, און האָבן געאַרבעט אַרום די גאַרבעריי־קאַמערן, פֿון וואַנען ס'האָט גע־זעצט אַ פֿייער. טייל האָבן געהאַקט אין די ווענט מיט העק. טייל האָבן אַראָפּגעריסן די דעכער מיט אייזערנע דרענגער. טייל האָבן געטראָגן עמערס וואַסער פֿון ברונעם און געלאָשן. ס'איז געווען אַזאַ געיעג פֿון די מענטשן, אַז איינער האָט דעם אַנדערן אָנגעטראָטן אויף די פּיס. איבערהויפּט האָבן זיך די מענטשן אָנגעשטויסן איינער אויפֿן צווייטן אַרום די קאַמערן, וואו עס זענען געווען איינגעקאַפּעט די פּעסער, אין וועלכע ס'האָבן זיך שוין געהאַט אין קאַלך געקישעט פֿעל. פֿון יענע קאַמערן האָט דאָס פֿייער געשפּריצט, געשפּרונגען מיט שטיקער ברע־נענדיקע פֿעל, מיט שטיקלעך קאַלך, ווי פֿון אַ זידנדיקן שמעלץ־קעסל.

צווישן אַט די אַלע מענטשן האָט מען אָבער נישט געזען נישט שמעון'ען, נישט פּערלען און קיינעם נישט פֿון די טעכטער. — לאַזאַר אַמסטערדאַם האָט זיך געוואונדערט און באַלד געמוזט פֿאַרשן.

— וואו איז דער הער שמעון אַלטער? — פֿרעגט ער איינעם פֿון די ראַטעווער.

— אוועק מיט דער פֿאַמיליע צום חתן, בן־ציון שפּירא . . . — זאָגט דער ראַטעווער, וואָס האָט געהאַלטן אַ האַק אין האַנט — פֿאַר האַלבער נאַכט איז ער אַוועק, ווען מ'האָט אים געלאָזט וויסן וועגן פּאָגראָם אויפֿן חתן . . . און אַצינד ווייסט ער אפֿילו נאָכנישט, אַז די קלובלייט האָבן אונטערגעצונדן דאָ די גאַרבעריי . . .

לאַזאַר אַמסטערדאַם האָט איצט עפּעס מאָדנע געשוויגן. עס איז געווען אַ שווייגן פֿון איינעם, וואָס פֿאַרלירט פּלוצים ס'געהער. ער האָט געקוקט אויף די אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ געפּאָרעט ביים פֿייער. טייל האָט ער געקענט פּערזענלעך, טייל בלויז פֿון זען, און איניקע, אויף וועלכע מ'האָט אים עטלעכע מאָל אָנגעוויזן . . . צווישן די לעצטע איז געווען: שלמה.

שלמה, אַן אַ רעקל, די העמד־אַרבל פֿאַרשאַרצט, איז געלאָפֿן מיט אַן עמער אַהין און אַהער, פֿון פֿייער צום ברונעם, פֿון ברונעם צוריק, און בעת מעשה געהאַלטן אין איין אומגעדולדיק שרייען, „וואַסער! נאָך וואַסער!" חוץ אים, שלמה'ן, איז צווישן די ראַטעווער אויך געווען: וואַלעק.

וואַלעק, אַ געוועזענער קאָמאַנדיר פֿון די פֿייערלעשער אין שטאָט,

האָט אויך איצט קאָמאַנדירט. דאָ האָט ער געהייסן דאָס טאָן, דאָ עפּעס אַנדערש. ער איז אַרומגעלאָפן, ווי אַ פּאַר'סמ'טער . . .

— דאָ פריער, טאָוואַזשישע ! . . . דאָ פּאַרצאַמט דאָס פייער ! . . .

לאַזאַר אַמסטערדאַם האָט זיך איצט אויסגעדרייט צו די דריי זין און גענומען גיין :

— קאָמט . . . — זאָגט ער בייזלעך — מיר מוססען ניבט דענקען, אַז די קלוב־לייטע וועלן אונדז פיליבט שוינען . . . זאָלן מיר זאָוויזאַ גיין צו דער פאַבריק און אַוועקשטעלן וועבטער . . .

די דריי זין האָבן זיך גערירט און גענומען נאָכפאָלגן דעם אימער זאַבלעד און פּראַקטיש שפּרעבנדיקן פּאַפּאַ.

# קאַפּיטל אַכצן

וואַלדיקע שטילקייט. אַ שטילקייט פון אַ בראשית׳דיקן פּרימאָרגן, וואָס אין זיין שטומקייט און רויקייט האָבן געלאָקערט בלוט־פּאַרגלי־ווערנדיקע, מחשבות־פּאַרפינצטערנדיקע איבערראַשונגען. אפילו דאָס טאָג־ליכט איז געווען צביעות׳דיק: העל, בלענדנדיק, אויפפרישנדיק, אָבער דאָך סודותדיק, עפּעס באַהאַלטנדיק. עס האָט אויסגעזען ווי אָט ־ אָט, און ער, דער אַלעמאָל אין עמעצן אַנדערש מגולגל־געוואָרענער ברודער־מערדער, קין, אַן אַ פּייגן־בלאַט אויף זיך, אַט אַזוי פרעכעריש־דרייסט, מיט דער גאַנצער חיה׳שער גראַדליניעדיקייט, מיט אַ שפּיציקן שטיין אין האַנט, מיט שוים אויף די ליפּן, באַווייזט זיך ווידער פון ערגעץ אַן אומגעריכטן ווינקל . . .

אויף דער באַנגאַס איז געגאַנגען אַ מאַן, אַ קליינער, עטוואָס אַן איינגעבויגענער. זיין קאָפּ — ווייס. די אויגן, ווי ביי אַ העזל, אין שטענדיקער מורא פאַר לויערער. און די הענט, פאַרלייגט אויף הינטן, ווי אַ סימן פון פרידן, פון אייביק אָפּטרעטן דעם שטאַרקן, וואָס ניצט חומר׳דיקן כוח. געווען איז דער גרייז־גרויער מאַן: לייבעלע בית־דין־שמש.

געגאַנגען איז ער איצטער אין שליחות פון רב און די דיינים. ער איז געגאַנגען צו באַלעבאַטים מיט אַ ידיעה: שוין קומען צום רב אין הויז אויף אַן אסיפה מכוח דעם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן לעצטע נאַכט און האַלט נאָך אַן היינט. איז מיט אָט־דער ידיעה איז ער שוין געווען ביי פיל חשוב׳ע לייט און איצטער גייט ער צו איינעם פון נאָך עטלעכע, וואָס ער דאַרף זען, און וועט איבערגעבן די זעלבע נייעס.

ער גייט צו ר׳ שמעון רימער.

פון הייזער האָט געיאָגט אַ גרויל. פון טייל געשעפט־טירן האָבן אַראָפּגעקוקט שלעסער און פּרענטן. פון טייל געשעפטן, וואו די טירן זענען געווען אָפּגעריסן, האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט ליידיקע, צעבראָ־

בענע פּאַליצעס. אויך איז געווען חורבה'דיק אין דרויסן גופא. דאָ און דאָרטן פאַר הייזער האָבן זיך געוואַלגערט שטיקער צעבראָכן מעבל, צעברעקלט גלאָזוואַרג, צעריסענע ספרים, קנוילן פעדערן. קיין מענטש האָט מען אָבער אין ערגעץ נישט געזען. אפילו נישט אויף דער באַנגאַס, וואו אַלע מאָל, באַטאָג און באַנאַכט, קען מען טרעפן אַ באַלעגאָלע, אָדער אַ געשפּאַן. אַלץ, אָבער, וואָס מ'האָט איצט געזען, איז געווען אַ וויסטן, שטומען ברוק אונטער אַ העל־בלויען, זוניקן הימל.

לייבעלע האָט געוואוסט, אַז ס'איז אַ סכנה אַרויסצוגיין. אָבער אַזוי ווי עס איז איצט סכנת־נפשות פאַר גאַנץ קהל, וועט ער, לייבעלע נישט שטעלן זיין אייגן לעבן העכער, נישט האַלטן עס טייערער פון דעם לעבן פון אַנדערע, און יאָ גענומען גיין. איז אָט גייט ער, כאָטש ס'דראָט געפאַר.

---

אין שמעון רימערס הויז איז געווען תשעה־באָב.

אויפן בענקל ביים אויוון אין קיך זענען געזעסן פערל און חוה און האָבן זיך אַריינגעוויינט אין די הענט.

ביים וואַרשטאַט־טיש איז געזעסן פייגע, ווי זי וואָלט געוואָלט זיין אינגאַנצן אַליין, און האָט געוויינט פאַר זיך.

און אין דריטן צימער זענען אויף זייערע בעטן געלעגן גיטל און שרה'לע און האָבן מאַכטלאָז געשוויגן פון לאַנג וויינען.

דער איינציקער, אָבער, וואָס האָט נאָך געהאַט כוח צו שטיין אויף די פיס, איז געווען שמעון. ער, שמעון, איז איצטער געווען אין אויפנעם־צימער און האָט זיך אָנגעטאָן דעם שבת'דיקן סאַק. ער האָט זיך געגרייט גיין צום נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי אין פּאַליציי־הויז, פונוועגן אַרויסלאָזן מאַרקלען און בלומען.

פונוועגן דעם זעלבן ענין וואָלט ער נאָך געווען געגאַנגען לאַנג פריער. אָבער איבער צרות פון אַנדערע זייטן, האָט ער עס אָפּגעלייגט. אַזוי, למשל, האָט ער געדאַרפט זיין אויפן פּלאַץ, זען צו מאַכען אָרדענונג אַרום דער חרוב'ער גאַרבעריי, כדי דאָס פייער, וואָס כאַפּט זיך נאָך אויף דאָרטן פון צייט צו צייט, זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן צום הויז צו. חוצדעם האָט ער אויך נאָך געדאַרפט זיין ביי בן־ציון'ען, ווען מ'האָט אים, ווען ער האָט נישט געהאַט געזען פון פאַרטאָג אָן, ווען מ'האָט אים, שמעון'ען, אָנגעזאָגט די בשורה וועגן דער שרפה. פשוט, ער האָט נישט קיין צייט געהאַט אָפּצורוען זיך אויף אַ ווייל. און איצט, כאָטש

ער האָט שוין אַ סך אָפּגעטאָן, האָט ער אויך נישט קיין רואיקן קאָפּ. ערשטנס, בן־ציון. נישט צו זיין ביי זיין בעט, איז פּשוט אוממענטש־לעך. מילא, פּערל, די טעכטער — זיי קענען נישט. ס'איז סכנות'דיק פאַר אַ פרוי צו גיין איצט אין דרויסן. אָבער ער, שמעון! בן־ציונ'ס לעבן האַלט דאָך אַזוי שמאָל! און איצטער דאָס הויז דאָ . . . אמת, די יינגען — איציק, מאיר'ל, שיע, בערל כאַסקל, — זענען אויפן פּלאַץ, ביי דער חרוב'ער גאַרבעריי. אָבער אויב עס זאָל זיך נאָך חלילה עפּעס מאַכן, וואָלט ער געוואָלט זיין אין הויז. אָבער פאַרפאַלן. ער מוז גיין.

אַריינגעקומען אין קיך, איז ער אָבער געבליבן שטיין.

— וואָס וועט עץ אַזוי אויסוויינען? — פרעגט ער פּערלען, חוה'ן, פייגען אי מיט אַ פאַריבל און אי מיט מיטלייד — וואָס איז דער זין דערפון? צ'מיינט, אַז מיט ענק האָט זעך די וועלט אָנגעהויבן און מיט ענק גייט זי אונטער? ... נעמט ענק אין די הענט אַריין ... ס'לעבן הויבט זעך ערשט אָן, ס'לעבן ...

בעת'ן רעדן האָט זיך די טיר געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען לייבעלע בית־דין־שמש.

— וואָס איז? — פרעגט שמעון.

לייבעלע האָט גענומען זאָגן וואָס.

— מ'וויל אַריבערשיקן אַ צאָל באַלעבאַטים צום נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי, פונוועגן אָפּשטעלן דעם חורבן . . .

שמעון האָט, פּלוצים, ווייטער נישט געוואָלט הערן און איז אַרויס פון הויז.

— קום! . . . . — האָט ער בלויז אַ זאָג געטאָן צו קאַפקען, מיט וועמען ער האָט זיך געוואָלט ווייזן פאַרן נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי, כדי אַרויסצורופן אין אים רחמנות צום יינגלס עלטערן.

קאַפקע, וואָס איז דאָ, אין קיך, געזעסן אַ שטילער אין אַ ווינקל, צוגעקוקט זיך צו איטלעכן איינעם און געטראַכט וועגן די טאַטע־מאַמע, האָט זיך איצט גערן גערירט און איז מיטגעגאַנגען מיטן זיידן.

אין דרויסן איז שמעון געגאַנגען אַזוי, ווי עס וואָלט אים איצטער אַוועקגעקומען איינע פון דעם הויזגעזינד, וואָס ר'האָט איבערגעלאָזט אין דער היים. ער איז געגאַנגען מוטלאָז און פאַרביטערט. מיינט עס אפשר, אַז דאָס, וואָס ר'האָט פריער געזאָגט דער פרוי און די טעכטער אין דער היים, איז נישט אַרויסגעקומען פון האַרץ? ניין. באין־אופן נישט. עס איז יאָ אַרויסגעקומען פון האַרץ. איי, ער איז פאַרט איצט

אזוי מוטלאז און פארביטערט ווי זיי? דאס איז אי יא און אי נישט איבער דעם זעלבן, איבער וועלכן די היים־מענטשן קלאגן. עס איז יא, ווייל וואס, ער האט דען נחת פון דעם, וואס ס'איז אים געשען לעצטע נאכט? אבער עס איז אויך נישט, ווייל ער איז נישט דער איינציקער, וועמען ס'פירט זיך נישט גלייך. דאך, פארוואס דען איז אים אזוי נישט גוט אויפן הארץ? ס'קען זיין דערפאר, ווייל אינ־דער'אמת'ן קען ער זיך נישט טרייסטן מיט דעם, וואס אויך אנדערע ליידן. און ס'קען אויך זיין דערפאר, וואס לייבעלע איז אים ארייגגע־קומען מיט דער אסיפה־נייעס . . . וואסי? — טראכט ער, שמעון, — צו דעם דארף מען אזא ייד, ווי דעם רב, א תלמיד־חכם, האבן זיצן אין שטאט, כדי ער זאל זיך דערטראכטן צו אזא פארטל, ווי גיין צו נאטשאלסטווע בעטן אפשטעלן דעם פאגראם? ווייסט דען נישט נא־טשאלסטווע, וואס ס'קומט פאר אין שטאט? אבער אין עטלעכע ווילעם ארום האט ער אויך אין דעם נישט געזען די גאנצע אורזאך פון זיין איצטיקער דערשלאגנקייט און גאר דערפילט אז אנדער סיבה. וואס זי איז? דא האט ער אבער נישט געוואלט ארייגלאזן זיך אין וויטע געדאנקען, ווייל ר'האט געפילט, אז דא פארטשעפעט ער זיך מיט איינעם, קעגן וועמען ער וועט נישט קענען ביישטיין מיט גאר־נישט. דאס איז דער רבש"ע זעלבסט. און געשטופט צו פארשטעפען זיך מיט אים, האט זיכער נישט זיין אייגענער ווילן, שמעון'ס. עס איז עפעס געוועזן אן אנדער כוח . . . אבער אזוי ווי ער וויל זיך אין אזא זאך נישט ארייגלאזן, ס'איז נישט פאר דעם מענטשנס כוחות, האט ער נישט געוואלט וויטער טראכטן און איז אריין אין פאליציי־הויז.

---

אין קארידאר פון פאליציי־הויז האט זיך געדרייט א סטראזשניק, אנגעגורט אין כלי־זין פון קאפ ביז די פיס.

שמעון איז צו אים צו:

— קענ'ד זען דעם נאטשאלניק סטראזשעמסקי?

— נישטא . . . — ענטפערט דער סטראזשניק און קוקט בייזלעך אויף שמעון'ען.

שמעון פארוואונדערט:

— וואס מיינסטו?

ר'איז נישטא . . . — זאגט דער סטראזשניק א ביסל הארבלע־כער — ר'איז אוועקגעפארן?

— אוועקגעפאָרן ? . . . כ'האָב דאָך עם געזען נעכטן אויפדער־נאַכט ! וואָס מיינסטו, ר'איז אוועקגעפאָרן ? ר'איז דען אוועק, ווען ס'האָט זיך אַנגעהויבן אין שטאָט דאָס אַלצמיטאַנאַנד ?

— געזאָגט שוין, כאַזיאַין . . . — ענטפערט דער סטראָזשניק אַביסל באַפעלעריש, כאָטש ער קען גוט שמעון'ען.

שמעון האָט זיך שוין איצט משער־געווען, פאַרוואָס מ'האָט פּלוצים אוועקגעשטעלט אַ סטראָזשניק אין קאָרידאָר און פאַרוואָס מ'האָט אים געהייסן זאָגן, אַז דער נאַטשאַלניק סטראָזשעמסקי איז אוועקגעפאָרן. ער האָט גענומען קוקן אויף קאַפּקען, ווי ער וואָלט ביי אים געוואָלט בעטן אַן עצה.

— און דעם סטאַרשי, שולגערן, קען'ך יאָ זען ? — קוקט ער ווידער אויפן סטראָזשניק.

— אויך נישט . . . ברומט דער סטראָזשניק.

— פאַרוואָס עם ניש ?

— ער איז קראַנק, ליגט אין בעט . . .

— אין בעט ? קראַנק ? . . . — פרעגט שמעון, ווי ער וואָלט סתם געוואָלט אַרויסרעדן די ווערטער — ער איז טאַקע קראַנק ? ער ליגט טאַקע אין בעט ? . . .

און נאָך עטלעכע ווײַלעם האָט ער זיך האַסטיק אַ רוק געטאָן אויף פּינף, זיבן טריט און געוואָלט אַריין אין דער קאַנצעלאַריע, וואו ס'זיצט דער נאַטשאַלניק סטראָזשעמסקי. ער איז געווען אינגאַנצן זיכער, אַז דער נאַטשאַלניק סטראָזשעמסקי איז יאָ דאָרטן. אַפילו שולגער, איז ער געווען זיכער, איז דאָ. אָבער אינדעם האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט און אַנגענומען קאַפּקען ביי אַ האַנט :

— קים פון דאַנען . . . — זאָגט ער צו אים — אומזיסט ס'באַלעמוטשען . . . מ'וועט דאָ היינט קאַ פּיצל רחמנות ניש קריגן . . . אומזיסט . . .

דער סטראָזשניק, וואָס איז, בעת שמעונ'ס צושפּרינגען צו דער קאַנצעלאַריע, געווען גרייט אים דורס־זיין, האָט איצט נאָכגעקוקט דעם שטאָט־באַלעבאָס און געהאַט פאַריבל, וואָס ער לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן.

אין דער היים האָט ער, שמעון, אָבער געטראָפן מענטשן, איבער וועלכע ער האָט זיך ווידער נישט געקענט אָפּרוען. אַ זאַך, וואָס ער האָט זי איצט נאָך מער געדאַרפט, איידער פריער.

געווען זענען די מענטשן : יאָקל זאַנב ; דער מקובל, ר' בעריש

קאַלד־הענדלער; דער פעסלדיקער האַלון־סוחר, ר׳ שלמה, מיט דער געלער, לאַנגער באָרד, און דער הויכער, שוואַרצער ר׳ אהרן טראַן־הענדלער. אַלע זענען זיי געזעסן אין דער קיך און האָבן געוואַרט אויף שמעון׳ען.

געקומען זענען זיי איינער נאָכן אַנדערן, אָבער אַלע צוליב איין־און־דעמזעלבן ענין: געלט. ווען שמעון האָט ביי זיי גענומען די סחורות פאַר דער גאַרבעריי, האָט ער איטלעכן איינעם צוגעזאָגט געלט אויף היינט. היינט, ווייל היינט, איז ער געווען זיכער, וועט ער שוין זיכער קריגן זיין חוב ביי די יודקעס. אָבער ווי נאָר פערל האָט זיך דערוואוסט, נאָך וואָס זיי זענען געקומען, האָט זי אָנגעהויבן יאָמערלער צו וויינען:

— ווי קענט איר, יידן, האָבן אַ האַרץ צו פאַרלאַנגען געלט פאַר סחורות, וואָס זענען חרב־ומוחרב געוואָרן, אַוועק מיטן פייער?... ווי קענט איר דאָס?... איר זענט דאָך יידן!

ר׳ שלמה דער האַלון־סוחר און ר׳ אהרן דער טראַן־הענדלער זענען אַרוים מיט קעגן־טענות, אַז ווי נאָר שמעון האָט גענומען זייער סחורה אין זיין רשות, איז ער שוין מחויב צו צאָלן פאַר איר, אפילו ער וואַרפט זי אין וואַסער אַריין. חוץ לזה, צו וואָס וואָלט עס געפירט, ווען זי, פערל, זאָל טאַקע זיין גערעכט?

— עס וואָלט געפירט, פאַרשטייט איר מער, יידן, — האָט זיך דער פעסלדיקער ר׳ שלמה האַלון־סוחר אויסגעדרייט צו די איבעריקע סוחרים און גענומען מיטן גראָבן פינגער דרייען צום טאַקט פון זיין גמרא־ניגון — עס וואָלט געפירט צו דעם, אַז יאָר וואָלט געדאַרפט גיין צום סטאַליער און פון אים פאָדערן ער זאָל מיר צוריקגעבן ס׳געלט פאַר די בעטן, וואָס כ׳האָב ביי אים געקויפט מיט 25 יאָר צוריק, וואָרן נעכטן באַנאַכט האָבן די פאָגראָמשטשיקעס געמאַכט ביי מיר אַ תל פון די בעטן... און עס וואָלט אויך געפירט...

— וואָס דאַרף מען לאַנג מאריך־זיין? — לאָזט ר׳ אהרן טראַן־הענדלער ווייטער נישט רעדן — ס׳וואָלט געווען גזילה, ווען מיר קריגן נישט אונדזער געלט...

— וואָסאַראַ גזילה?... — האָט זיך פערל העכער צעיאָמערט און געבעטן רחמנות ביי די סוחרים — וואָסאַראַ גזילה, אַז איך האָב גאָרנישט דערפון געהאַט...

— ע, מ׳ווייסן דאָס! מ׳פאַרשטייען אַזעלכעס!... — האָט ר׳ שלמה אַ רוק אַרויף זיך געטאָן דאָס סאַמעטענע היטל צום מוח —

וואָס מיינט'יר מיר זענען בלינד אין די קליינע אותיות'לעד ? . . .

אינדעם האָט זיך באַוויזן שמעון און געפרעגט דעם עולם וועגן וואָס עס גייט.

שטאָט די סוחרים, האָט אָבער פערל אָנגעהויבן רעדן. און גע־רעדט האָט זי מיט אַזאַ געוויין, אַז אַי יאָקל זאַנב, אַי דער מקובל ר' בעריש קאַלד־קרעמער האָבן זיך געוואָלט אויפשטעלן און זאָגן: „הכלל, יידן, מוחל . . . מיר זענען דאָך נישט קיין פּאַגראַמטשיקעס. . .״ אָבער אינדעם האָט שמעון געהייסן פערלען שווייגן און זיך צוריק גענומען אַרויסגיין.

— עץ וועט אַלע קריגן צו אַ פּרוטה . . . — זאָגט ער צו די סוחרים אַ בלייבער —אַלץ, וואָס ס'קימט ענק . . . וואַרט־צו און יעכל באַלד קריק זיין פון די יודקעס . . .

די סוחרים האָבן איצט גענומען קוקן איינער אויפן אַנדערן, און פערל האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט אַ געוויין אין די אַנדערע שטובן.

קאַפקע איז איצט געשטאַנען דאָ, אין דער קיך, ווי אַ צעמישטער. ער האָט נישט געוואוסט, צי זאָל ער בלייבן דאָ מיט די סוחרים, צי אַריינגיין צו דער באָבען. ער האָט זיך גענומען קראַצן ביי אַ פּאה.

---

אַראָפּגעקומען צום הויז פון די יודקעס, האָט שמעון אַ ריר געטאָן די טיר פון פראָנט־אַריינגאַנג, צווישן די גערטנדלעד. די טיר איז אָבער געווען פאַרשלאָסן.

— פאַרשלאָסן ? . . . — טוט ער אַ פאַר'חידוש'טער אַ ברום.

אָבער ס'האָט אים נישט געשראָקן. אַן ספק — איבערן פּאָגראָם, טראַכט ער, איז די טיר פאַרשלאָסן. וואָרים ביי וועלכן ייד איז דאָס איצט די טיר נישט פאַרשלאָסן ? ער איז דערפאַר צו צו אַ פענצטער, אַריינגעקוקט, כדי אַי צו רופן עמעצן און אַי מ'זאָל אים, שמעון'ען. זען. אָבער דורכן פענצטער האָט מען גאָרנישט געקענט זען. דאָס פענצטער איז געווען פאַרהאָנגען מיט לאַנגע, דיקע גאַרדינען. אויך דאָס האָט שמעון'ען נישט איבערראַשט, וואָרים ביי וועלכן ייד זענען דאָס היינט די פענצטער נישט פאַרהאָנגען ? ער האָט דערפאַר אָנ־געהויבן קלאַפּן מיט אַ פינגער אין אַ שויב און רופן איינעם פון די יודקישע מאַנסבילן :

— ר' יידל ! ר' יידל !

קיינער האָט אָבער נישט געענטפערט.

אָבער אויך דאָס האָט שמעון'ען נישט געוואונדערט. היינט, האָט

ער געטראַכט, רופט מען זיך נישט אָפּ, אפילו מ'הערט אַ יידיש קול. וואָרים וואָסערא חידוש איז היינט צו הערן אַ יידיש קול הינטער פענצטער? אַ סך יידן, וואָס ווערן אין די גאַסן געיאָגט פון די מער־דערישע קלוב־לייט, לויפן צו צו יידישע הייזער, שרייען, בעטן, מ'זאָל זיי ראַטעווען, עפענען די טירן. אָבער בעת'ן ראַטעווען פאַלט מען נאָך אַליין אויך אַריין אין אַ צרה. איז וואָס דעריבער אַ וואונדער, אַז מען ענטפערט נישט? הכלל, האָט ער גענומען אַריינשרייען זיין אייגענעם נאָמען און אויך מחמת וואָס ער איז געקומען.

— יעד שמעון! — האָט ער געשריען און איז געווען זיכער, אַז דאָס וועט האָבן אַ גוטע פעולה. וואָרים וואָס קען שוין זיין בעסער? — יעד שמעון בין געקימען נאָך מיין געלט! עפנט! יעד שמעון!!

אָבער אויך אויף דעם האָט ער נישט געקראָגן קיין ענטפער. וואָס עס האָט זיך יאָ געהערט, איז אַ ווידער־קול, וואָס האָט אָפּגע־קלונגען מיט אַ הייזעריקער שטים אין דער דאַזיקער, הינטער־שטאָ־טישער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט איבער דער בריק, איבערן טייך, איבער די פעלדער און די פויערשע הייזקעס.

שמעון האָט זיך איצט גענומען קראַצן אין קאָפּ. ער האָט זיך געקראַצט איין ווײַלע, צוויי, פיר, פינף. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן. אָבער נאָך עטלעכע מינוט טראַכטן, האָט ער איינ־געזען, אַז אפילו דאָס נישט ענטפערן איז נישט קיין מלער. וואָרים ס'קען גרייליך זיין, אַז זיי, די יודקעס, זענען גאַרנישט אין הויז, נאָר אין די תבואה־שפייכלערס, הינטער דער געביידע. יאָ, ס'איז שכל'דיק. וואָרים צו וואָס אין הויז, וואו די פענצטער זענען פריי פאַר יעדן אַרומשלעפּער אין דער איצטיקער הפקר־צייט? איז דערפאַר־אַ הערן זיי גאַרנישט דאָרטן, אין די שפייכלערס, אַז ער, שמעון, רופט.

ער איז דערפאַר צו צום הויכן פּלויט, וואָס רינגלט אַרום די שפייכלערס, און האָט גענומען זוכן אַ טירל. נאָך עטלעכע ווײַלעס אַרומקוקן, האָט ער דערזען דאָס טירל, וואָס איז, צו זיין פאַרוואונ־דערונג, נישט געווען פאַרשלאָסן פון אינעווייניק.

אינעווייניק, אויפן הויף, איז געווען שטיל. דער לאַנגער, ברייטער ברוק — ריין. די טירן פון די שפייכלערס פאַרשלאָסן מיט שלעסער און פרענטן. און די טירן פון די שטובן, וואָס גייען אַרויס צום הויף, אויך פאַרריגלט און פאַרהאַקט מיט שלעסער.

הייסט עס, טראַכט שמעון, אַז זיי זענען אינגאַנצן נישטאָ אין דער היים, די יודקעס. נו, גיט ער אָבער באַלד צו, דאָס איז נישט

קרום. ווארים וועלכער ייד וועט אין אזא צייט וועלן זיין אפגעזונדערט, אפגערוקט פון שטאט? אמת, אינאיינעם, מיט אנדערע יידן, איז אויך שלעכט, אבער אינגאנצן אליין איז דאך שרעקלעך! הכלל, נישט אנדערש, נאר זיי זענען געווים ביי עמעצן אין שטאט, די יודקעס. אבער ביי וועמען? ס'פעלט זיי דען משפחה? נישט אנדערש, נאר זיי זענען געווים ביים רב, ווארים מיט אים זענען זיי די גאר נאנטסטע קרובים. און נאך אז אורזאך, פארוואס ביים רב, ווייל צום רב וועלן די פאגראמטשיקעס נישט האבן אזא דרייסטקייט אריינצופאלן און מאכן א חורבן. הכלל, ער דארף זיך טאקע לאזן באלד צום רב און פארלאנגען פון די יודקעס דאס געלט, וואס זיי וועלן אים שוין היינט געווים געבן.

אבער ווי נאר ער האט געשטעלט א טריט, האט זיך דערהערט א רעש:

— אוי, מיין פראצע! מיין טאכטערס נדן!

שמעון איז צו צום טירל, געוואלט עס עפענען און נישט געקענט.

אויף דער צווייטער זייט, ביים טירל, איז געלעגן א פרוי פון הקדש־געסל, אן עופות־הענדלעריז, און געווארפן זיך אין „פעקל". די אויגן זענען געווען פארגלייצט און פון מויל האט געשוימט א ווייסע פיענע.

שמעון האט צוגעווארט א שטיקל צייט, ביז די פרוי איז גע־קומען צו זיך. און אז זי האט זיך שוין געקענט אויפשטעלן, האט ער זי אהיימגעפירט צו זיך אין הויז, וואו די סוחרים זענען נאך געזעסן, און מיט נישט קיין מענטשלעכן, הייזעריקן קול א קוויטש געטאן, אז איטלעכער איינער איז אויפגעשפרונגען און גענומען קוקן אויף אים ווי אויף א משוגענעם.

— וואסי?

— וואס איז געשען? . . .

— שוין דינגט מיר א באלעגאלע! — האט ער געשריען צו די מענטשן אין שטוב — שוין הייסט פארפארן א באלעגאלע, ווארן כ'פאר קא ווארשע צו די יודקעס . . . זיי האבן געמאכט אן אנזעץ . . .

די סוחרים, די פאמיליע־מענטשן זענען איצט געווארן אזוי בלאס און צעטומלט, ווי שמעון. אבער נאך עטלעכע ווײַלעס, איז מען עטוואס צו זיך געקומען און מ'האט אנגעהויבן צו יישוב'ן זיך, מיט וועמען רעדן וועגן דעם אנזעץ — מיט שמעונ'ען, אדער מיט

דער עופות־הענדלעריז? מ׳האט זיך גע׳יישוב׳ט גאנץ ניכטער, ווארים צו שמעונ׳ען איז איצטער נישט געווען לייכט צוצוקומען.

---

אייגנטלעך איז נישט געווען אין הויז ווער ס׳זאל גיין נאך א באלעגאלע. די פינף ארבעטער־יינגען זענען געווען אויפן הויף, ארום דער פארברענטער גארבעריי. און די פרויען? וועלכע פרוי וועט זיך איצט איינשטעלן ארויסצוגיין אין גאס, ווען ס׳איז אפילו פאר מענער סכנות׳דיק? איבעריקנס, אפילו פון די פרויען זענען נישטא אלע. די, וואס געפינען זיך דא, זענען פערל און חוה. די אנדערע — פייגע, גיטל, שרה׳לע — זענען ארויס אויפן גארבעריי־הויף, ווען די סוחרים זענען דא אריינגעקומען. זיי האבן נישט געוואלט זען ווי די סוחרים פארדרייען דער מוטער דעם קאפ וועגן זייערע חובות און ווי די מוטער קלאגט, קלאגט און סוף־כל־סוף פארלירט זי.

געזען, אז ס׳איז נישטא ווער ס׳זאל גיין נאך א באלעגאלע, האט זיך קאפקע ארויסגערירט פון הויז.

— איציק! — האט ער געשריען, ווען ר׳איז ארויף אויפן גארבעריי־הויף — איציק! גיי נאך א באלעגאלע פארן זיידנס־וועגן... ער גייט פארן קא ווארשע...

אויפן הויף זענען די יינגען און די שוועסטער געשטאנען אין צוויי גרופעס. איציק און פייגע — באזונדער. און מאיר׳ל, שיע, בערל, כאסקל, גיטל, שרה׳לע — אויך באזונדער.

איציק און פייגע האבן גערעדט וועגן זייער חתונה, וואס וועט שוין ווידער נישט קענען פארקומען. און דאסמאל — איבער בן־ציונ׳ען, וועמעס לעבן איז אין געפאר.

און די אנדערע יינגען און שוועסטער זענען געשטאנען ארום דעם בארג גליאיקן אש פון דער גארבעריי, פון וועלכער עס איז נאך ארויס א רויך, און האבן געשמועסט וועגן דעם הויז־באלעבאס׳ איצ־טיקן מעמד . . .

דערהערט אבער קאפקען, זענען זיי צו אים צו און גענומען קוקן פארציטערטע:

— וואס איז געשען?

— פארוואס?

קאפקע האט דערציילט:

— די מאנסבילן פון די יודקעס זענען אוועק קא ווארשע נאך מיט עטלעכע טעג קריק . . . און זייערע פרויען נעכטן באנאכט . . .

מ׳וואָלט דאָס ניש געוויסט, נאָר זייערע דינסטן, וואָס זענען ניש מיטגעפאָרן, האָבן, נאָך לאַנג קווענקלען זיך, אַלץ פאַרציילט . . .

די שוועסטער און די יינגען האָבן אַנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. פייגע האָט עס אָבער נישט געקענט אַריבערטראָגן. זי האָט זיך אַ וואָרף אַרויף געטאָן מיטן קאָפּ אויף איציקס ברוסט און זיך הויך צעהעשעט:

— וואָס וועלן מיר אַצינד טאָן? . . . פאַרוואָס זענען מיר אַזוי אומגליקלעך געבוירן געוואָרן? . . .

אויך איציק האָט זיך געפילט זייער דערשלאָגן. איצט מער, ווייל איצט איז אים און פייגען געשטערט געוואָרן איינער פון די בעסטע פּלענער. אוידער קאַפקע איז אָנגעקומען, האָבן זיי, איציק און פייגע, באַשלאָסן, אַוועק קיין אויסלאַנד. אורזאַך? אַזוי ווי איצט האָבן זיי שוין קיין האָפנונג נישט חתונה־צו־האָבן אַזוי גיך, און דאָס, וואָס זיי האַלטן בסוד, וועט מוזן אַרויסקומען פאַר דער וועלט און ברענגען דער משפחה שאַנד און שפּאָט, איז דעריבער גע־בליבן: אויסלאַנד. איי, הוצאות? האָבן זיי שוין אויך געהאַט אַן עצה. אַגב איז די עצה געווען פייגעס. די עצה? ביי דער ער־שטער, בעסטער געלעגנהייט צוכאַפּן זיך צו דער אַפּותיקי, וואָס דער טאַטע וועט ברענגען פון די יודקעס, און אַראָפּנעמען פון איר אַזוי־פיל, וויפיל מ׳דאַרף אויף הוצאות . . .

אָבער איצט איז שוין פון דעם דאָזיקן פּלאַן אויך גאָרנישט געוואָרן, און אַלץ וואָס בלייבט צו טאָן, איז וואַרטן אויף בושה, חרפּה און חוזק.

— וואָס וועלן מיר אַצינד טאָן? . . . — האָט דערפאַר פייגע אַנאויפהער געהעשעט — פאַרוואָס זענען מיר אַזוי אומגליקלעך גע־בוירן געוואָרן? . . .

אָנגעשטעקט פון פייגען, האָבן אויך גיטל, שרה׳לע גענומען העשען, כאָטש זייער קלאָגן איז געווען נישט אויף דעם, וואָס פייגעס.

איציק אָבער האָט זיך גערירט. וואָס, וואָס, אָבער ער דאַרף גיין נאָך אַ באַלעגאָלע פאַרן מחותן. און איז טאַקע באַלד אַוועק אין גאָס.

די אַנדערע יינגען און די שוועסטער זענען אַריין אין הויז.

---

צוריקגעקומען אין הויז אַריין, האָט קאַפקע געזען ווי די סוחרים גרייטן זיך שוין אַוועקצוגיין. די עופות־הענדלעריז, וואָס האָט פריער געהאַלטן אין דערציילן וועגן די יודקעס, איז שוין פאַרטיק. איצט

זיצט זי אויף א שטול דא אין קיך, מחמת פון שוואכקייט קען זי נאכנישט אהיימגיין, און ברעכט זיך די הענט . . .

די סוחרים, וואס האבן שוין אלץ געוואוסט, האבן איצט דא מער גארנישט געהאט וואס צו טאן. וואס וועלן זיי זיך אוועקשטעלן שרייען „געלט", ווען שמעון האט נישט? חוצדעם, פארט ער דאך קיין ווארשע, שמעון, און אויב ער וועט עפעס רעכטן ביי די יודקעס, וועלן זיי סייוויסיי קריגן, וואס ס'קומט זיי. טא, צו וואס נאך באַלעמוטשען דא? איז אט, האבן זיי זיך גערירט, אבער שטאט ארויס, זענען זיי גאר צום ערשט אריין אין אויפנעם־צימער, צו געזעגענען זיך מיט שמעון'ען.

שמעון איז געשטאנען ביי א פענצטער און האט ארויסגעקוקט אויף דער באנגאס, וואו איציק איז געלאפן אין שטאט אריין נאך א באלעגאלע. געווען איז ער איצטער, שמעון, עטוואס רואיקער, געלאסענער ווי פריער, כאטש נישט וויניקער פארטרויערט, פאר'ייאוש'ט. ער האט אבער נאך געהאט געגוג כוח צו באהערשן זיך, כדי קלאר צו וויסן, וואס ער גייט טאן. און וועגן דעם האט ער איצט טאקע געטראכט. יא פארן, אדער נישט פארן קיין ווארשע? — האט ער איצט געטראכט. יא פארן דארף ער, ווייל ער מוז וויסן, וואס די יודקעס טראכטן צו טאן: אפגעבן דעם חוב, אפגעבן א טייל, אדער אינגאנצן גארנישט געבן. נישט פארן דארף ער, ווייל אין אזא צייט, ווי די איצטיקע, קען ער נישט לאזן ס'הויז אליין. אבער צוריקגעטראכט: וויאזוי וועט ער קענען דא איינרוען, ווען ער וועט נישט האבן געזען די יודקעס און נישט וויסן, ווי ער האלט מיט זיי?

בעת דעם דאזיקן טראכטן זענען אריינגעקומען די פיר סוחרים.

— איר דאפט טאקע פארן . . . — זאגט ר' שלמה האלון־סוחר צו שמעון'ען — ס'א גוטער געדאנק . . . גוט געטאן, וואס איר האט זעך באשטימט צו פארן קא ווארשע . . .

— נאכאלעם קען מע דאך ניש וויסן . . . —זאגט ר' אהרן טראן־הענדלער און נעמט זיך אן ביי דער שווארצער בארד, ווי צו חקירה'ן זיך איבער א שווער שטיקל גמרא — נאכאלעם זענען דאך מענטשן ניש קא כ'ווייס־וואס . . . אפשר וועלן זיי זעך, די יודקעס, וועלן אויסהאנדלען . . . א הונדערטער ארויף, א הונדערטער אראפ . . . ס'איז דאך פארט בעסער עפעס ווי גארנישט . . .

פערל, וואס איז געווען בייז אויף די סוחרים נאך פון פריער און איז איצט געזעסן דא אויף דער קאנאפע א פארוויינטע, האט,

אומגעריכט פאַר איטלעכן איינעם, אַ הילך אַרויס געגעבן מיט אַ יאַמערדיקן כעס, ווי עס וואָלט צו איר עפּעס צוגעטראָטן:

— גיט אונדז נישט קיין עצות, וואָס צו טאָן, וואָרן פון אייך וויל איך זיי נישט הערן . . . איר האָט נישט געהאַט קיין נאמנות פאַר גאָט און פון אונדז פאַרלאַנגט אייער חוב ביז אַ פּרוטה, כאָטש מיר האָבן גאָרנישט געהאַט פון די סחורות . . . ווער איר נאָך אַצינד האָבן חוצפּה צו געבן עצות „אַ הונדערטער אַרויף, אַ הונדערטער אַראָפּ"? . . . מיט אייער געלט וואַרפט איר זיך אויך אַזוי לייכט? . . .

די סוחרים האָבן זיך אָנגעקוקט. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז פּערל באַליידיקט זיי. יאָקל זאַנב און ר' בעריש מקובל האָבן אָבער באַלד דערפילט, אַז זיי האָבן זיך עס פאַרדינט און גע־מאַכט פּליטה פון הויז אַרויס. און די אַנדערע, משמעות מיט מער חוצפּה, זענען נאָך געשטאַנען, כדי צו פאַרפירן אַ מחלוקה און אַרויסצוקומען די זיגערס. אָבער זיי האָבן זיך באַלד מיישב געווען, אַז עס דאַרף זיי נישט אָנשטיין אַ זיג איבער איינער פון נישט זייערס גלייכן, און זענען אויך אַוועק.

אין צימער איז איצט געווען שטיל, ווי נאָך אַ שטורעם. קאַפקע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט און צוגעהערט זיך צו אַלעם, האָט געקוקט אויף דער באָבען מיט דאַנקבאַרקייט פאַר איר אַרויסשרייען דאָס, וואָס ער האָט געפילט אַרויסצוזאָגן. אָבער ער איז נישט געווען דרייסט צו זאָגן דער באָבען. ער איז נאָר געשטאַנען און האָט געקוקט אויף איר מיט יראת־הכבוד.

בעת אָט דער שטילקייט האָט זיך דערהערט פון דרויסן, פאַרן הויז, דאָס אָפּשטעלן זיך פון אַ צוגעפאַרענעם געשפּאַן. קאַפקע איז איצט צו צום פענצטער, ביי וועלכן דער זיידע איז געשטאַנען.

געווען איז דער געשפּאַן — אַ דראָשקע און צוויי פערד.

סיי קאַפקע, סיי שמעון האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דער גע־שפּאַן, וואָס איציק האָט געדונגען. אָבער אינדעם איז פון אונטער דער אויפגעשטעלטער בויד אַרויסגעקומען אַ הויכער מאַן, מיט אַ בלייך פּנים און מיט פאַרטרויערטע אויגן: פּאַן פעליקס קאַרפּ.

קאַרפּ, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן גאַרניטור, אין אַ ווייסן שטרוי־הוט, איז צוגעקומען צום פענצטער.

— פּאַניע שמעון . . . — טוט ער אַ קוק אין פענצטער, וואו ער האָט געזען שמעון'ען.

שמעון האָט געעפנט ס'פענצטער און געקוקט פאַרוואונדערט אויף דעם באַנק־דירעקטאָר.

— וואָס איז?

— איך פאָר קיין וואַרשע . . . — זאָגט ער, פאַן קאַרפּ, — וועל דאָרטן זיין אַזוי־לאַנג, וויל־אַנג די באַרבאַרישע פּאָליאַקן וועלן נישט צורו־לאָזן די שטאָט . . . איז בעט איך אייך, אַז טאָמער קומט צו אייך מיין קריסטלעכער סקאַלע־פאַרוואַלטער און פאַרלאַנגען פון אייך דאָס געלט פאַר די שטיינער, וואָס איר האָט גענומען אויף קרעדיט, זאָלט איר נישט געבן. איך געטרוי נישט היינט קיינעם פון זיי . . . איך ווייס נישט, ווער ס'איז מיט מיר, און ווער קעגן מיר . . . וועט איר מיר טאָן די געפעליקייט? . . .

שמעון'ען זענען איצטער די מיינסטע רייד, קאַרפּס, נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט נישט געדאַרפט הערן פון אים קיין חרטה־ און תשובה־רייד. וואָס ער האָט איצט יאָ גערן געהערט, איז וועגן דער רייזע קיין וואַרשע. אפשר, האָט ער געטראַכט, וואָלט געווען אַ פּלאַן צו פאָרן מיט אים, קאַרפּן, צוזאַמען אין איין דראָשקע? דעם באַלעגאָלע, וואָס איציק וועט דינגען, וועט ער דאָך, שמעון, דאַרפן צאָלן פאַר אַן עקסטרע יאַזדע! דאָ אָבער וועט ער אָפּקומען מיט צאָלן דעם דראָשקאַר פאַר איין פּאַסאַזשיר.

— אַז דער פאַן קאַרפּ פאָרט צו דער וואַרשעווער באַן, — קומט צו פערל צו שמעון'ען און קלערט אים אויף, גלייך ער וואָלט דערפון נישט געטראַכט — טאָ קענסטו דאָך פאָרן צוזאַמען מיט אים! . . .

שמעון האָט זיך שוין אָבער געהאַט מיישב געווען. ניין. ער וועט בעסער פאָרן באַזונדער. ער וויל נישט זיצן מיט קאַרפּן אין איין דראָשקע. ער וויל איצט זיין אַליין — פאַר זיך, מיט זיך. ער וויל איצט איינזאַמקייט, שטילקייט.

אַז פאַן קאַרפּ האָט אָבער דערהערט, אַז שמעון פאָרט אויך קיין וואַרשע, איז ער צו אים צוגעשטאַנען און פאַרלאַנגט, אַז שמעון זאָל זיך שוין אַריינזעצן.

שמעון האָט זיך איצט טאַקע נישט איינגעשפּאַרט און איז יאָ געגאַנגען פאָרן מיט קאַרפּן אין איין דראָשקע.

— זייט געזונט . . . — זאָגט ער צו פערלען, צו די טעכטער, צו קאַפּקען און צו די אַרבעטער — גייט ניש אַרויס פון הויז . . . און ווען איציק וועט קריקקומען, זאָגט עם, אַז ער זאָל אַכטונג געבן

אויף אַלעם, ווי יעדן אַליין . . . ער איז דאָך ניש קאַ פּרעמדער! . . .
שטאָט ענטפערן, האָבן פּערל און די טעכטער געוויינט און באַגלייט דעם הויז־באַלעבאָס מיט צוקנדיקע ליפּן, ווי פון אַ קעלט, אַ פּראָסט.

---

אַ שטיק וועג איז ער, שמעון, געווען שטום. ער איז געזעסן אַנטקעגנאיבער פּאַן קאַרפּן און זיין טאָכטער פּאַניען, וואָס איז מיט־געפאָרן מיטן פּאַטער קיין וואַרשע, און האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, גלייך קיינער וואָלט דאָ נישט געווען. ער איז נאָר געזעסן און האָט טרויעריק אַרויסגעקוקט פון דער דראָשקע.

פאַרביי ביידע זייטן געשפּאַן האָבן זיך געדרייט פעלדער. פעל־דער — באַרגיקע און פלאַכע. געווען זענען די פעלדער רייך מיט קאָרן, ווייץ, גערשטן, האָבער, אויך מיט קאַרטאָפליעס, קרויט, בו־ריקעס, מיט מאָן־קעפּ, מיט אייזלבערטן, מיט היי — — — זיי זענען געווען באַדעקט, די פעלדער, ווי מיט אַ מיגנעדיקן, פיל־קאָלירטן טוך.
אויך זענען די פעלדער געווען פול מיט לעבן.

דאָ און דאָרטן זענען געלאָפן האָזן. בהמות האָבן געמעקעט. אַגערס, קאָבילעס האָבן געיאָגט איינער דעם אַנדערן און געהירזשעט. ס'זענען אַרומגעלאָפן הינט, חזירים. פּאָר כאָטעס מיט שטרויענע דעכער זענען אַרומגעגאַנגען הינער מיט טשאַטעס ערשט נישט לאַנג אויסגעפּיקטע עופה'לעך. אויך זענען אַרומגעגאַנגען קליינע קינדער, שקצים'לעך, שיקסלעך, און האָבן זיך געשפּילט. עס האָט זיך גע־טראָגן אַ רעש, אַ טומל פון אַלערליי באַשעפענישן, גלייך די וועלט וואָלט זיך ערשט געעפנט מיט לעבן.
אויך איז אויף די פעלדער אָנגעגאַנגען אַ גערן געטאָנענע אַרבעט.

פיל פּויערים און פּויערטעס מיט סערפּעס אין די הענט האָבן געשניטן תבואות. טייל האָבן געבונדן סנאָפּעס און טייל האָבן אָנ־געגאָרנט דראַבינים וועגענער מיט געטרוקנטן היי אויף אָפּצופירן אין די שייערן. אַלע, אַלע האָבן אָנגעקוואָלן פון זייער אַרבעט. זיי האָבן זיך געפילט פריי און זיכער מיט דעם גאָב, וואָס די ערד האָט געגעבן פאַר דער פּראַצע.

שמעון רימער האָט געקוקט אויף אַלעם און געפילט זיך נאָך מער דערשלאָגן. איז נישט בעסער, האָט ער געטראַכט, וואָס מ'ווערט געבוירן אַ גוי און מ'דאַרף נישט דורכגיין די אַלע פּרעניות, וואָס

א ייד גייט דורך? איז נישט געזינטער? אט שטייען זיי, די פּויערים מיט ווייבער און קינדער, און ארבעטן אויף די פעלדער, ווי קיינמאל גארנישט. קיינער טשעפּעט זיי נישט, קיינער פּאגראמירט זיי נישט, קיינער מאכט נישט קיין בויקאט אויף זיי. אלץ איז יוסטע, געזונט, פּארוואָרצלט . . . זיי דארפן זיך נישט דרייען קיין קאפּ, וואס עס וועט זיין מארגן מיט זייער האָב און גוטס, מיט זייערע קינדער. אלץ גייט גלייך. אלץ האט א מארגן. אָבער א ייד? מיט וואס איז ער זיכער? און ווער שטעלט זיך פאר אים איין? איבעריקנס, טאקע דערמאָנט זיך . . . ער, קארפּ, דער באנק־דירעקטאר, טענה'ט דאך דאס אלעמאל. כאָטש מ'איז שוין געבוירן געוואָרן א ייד, טענה'ט ער, דארף מען אויך ווערן א גוי און א סוף. ווארים ווילאנג איז דער שיעור צו ליידן? וואס איז דער זין און דער שכל דערפון? הוצדעם, וואסארא זין און שכל קענען זיי זיין, אז מ'דארף פאר זיי ליידן? קען מען דען נישט זיין אן ארנטלעכער מענטש צו גאָט און צו לייט און דאך נישט דארפן ליידן? — — אבער אינדעם האט ער זיך עפּעס אפּגעשטעלט אין טראכטן און גענומען קוקן אויף קארפּן און זיין טאכטער.

— עץ זענט דאך שוין געוועזן איינס מיט די קריסטן . . . — רעדט ער אמאל צו איינעם, אמאל צום צווייטן — נו, וואס? . . . דאס האט דאך שוין יא געדארפט גוט זיין? . . . טא, פארוואס טויג עס נאָכאלץ ניש? . . .

קארפּ איז איצט נישט געוועזן אין קיין שטימונג פון רעדן. ער האט געהאלטן דעם קאפּ אנגעלענט אויף דער בויד און געקוקט אראָפּ. אויך איז פאננא פאניע געוועזן אנגעשפּארט מיטן קאפּ אויף דער בויד און האט געקוקט אראפּ. ביידע האבן אויסגעזען, ווי ברוגז צווישן זיך. דאך האט ער, קארפּ, יא גערעדט.

— ס'קען זיין, — זאגט ער ווי נישט צו שמעון'ען, נאר אין דער וועלט אריין — אז מיר וואלטן נישט געדארפט אוועק . . . מיר האבן געהאט וואו צו זיין, וואו אויסצוהיטן זיך . . . אבער . . .

— וואס אבער? . . . — פרעגט שמעון א לעכצנדיקער.

— מיין טאכטערס שולד . . .

פאניע, וואס האט געהאט געקוקט אין א זייט, האט איצטער א ווארף געטאן אירע שיינע פייער־אויגן אויפן פאטער. אירע באקן, בלייכע, זענען געוואָרן נאך בלייכער. אירע ליפּן, פול מיט נערוועך, האבן גענומען ציטערן.

קארפ האָט שוין נישט געהאַט בדעה צו רעדן. דערזען אָבער די ענדערונג אויף דער טאַכטערס געזיכט, האָט ער ווידער נישט געקענט שווייגן.

— און מעגלעך, — זאָגט ער צו שמעונ׳ען — אַז זי איז אין גאַרנישט שולדיק . . . מעגלעך . . . אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן ? . . . כ׳האָב געפילט, אַז איך אַליין קען אויך נישט . . . יאָ. אומזיסט דאָס באַצווינגען זיך . . . ניין. ס׳איז נאָכנישט די צייט דערויף . . . די אידייע מיינע איז אַ גרויסע . . . ס׳איז אַ וועלט־אידייע, אַן — אַן אוניווערסאַלע אידייע . . . אָבער צום באַדויערן . . . יאָ. ס׳איז נאָכנישט די צייט דערויף. ס׳איז צו־פרי . . . אַבסאָלוט צו־פרי . . .

און ער איז ווידער געבליבן שטיל. אָבער אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָט ער אויפסניי גענומען רעדן, — רעדן, ווי ער וואָלט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט.

— יאָ . . . דערווײַל דאַרף מען נאָך זיין יידן . . . שטאָלצע יידן . . . און פילייכט אויך נאַציאָנאַליסטן . . . כ׳מיין, נו — כ׳מיין איינפאַך ציוניסטן . . . יאָ, גאַנץ איינפאַך, ציוניסטן . . .

שמעון האָט אויף דעם גאַרנישט געענטפערט. וואָס האָט ער געזאָלט ענטפערן ? זאָגן, ס׳איז שכל׳דיק, ס׳איז גוט ? פאַר אים, שמעונ׳ען, איז עס ביידע נישט געווען, וואָרים וואָסאַרא שוין איז עס צו ווערן, ווי פאַן קאַרפ זאָגט, אַ ציוניסט ? מ׳קען דען דיך נישט פייניקן, כאָטש ביסט אַ ציוניסט, כאָטש וועסט וואוינען אין אַ יידיש לאַנד ? אויב אַזוי, צוליב וואָס בלייבן אַ ייד ? ווי ער, שמעון, האָט געפילט און פאַרשטאַנען, זינט ר׳איז געקומען צום שכל, איז מען אַ ייד דערפאַר ווייל אַ ייד איז גאָטס אַ קינד, צוליב אים, דעם קינד, שטייט די וועלט. און אויב דאָס אַלץ, ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס, איז פאַלש, וואָרים יידן לײַדן אַלעמאָל, טאָ צו וואָס נאָך בלייבן אַ ייד ? — — — ער האָט אָבער נישט געוואָלט רעדן, מחמת דאָס וואָלט געווען ווי שניידן זיך אָדערן און אָפגיין אין בלוט . . .

דאָך האָט ער יאָ גענומען רעדן. פאַן קאַרפ, דער געוועזענער גויאישער ייד, האָט זיך אים אויסגעוויזן צו קענען פאַרשטיין אַלץ. ער האָט דערפאַר, נישט ווילנדיק, געעפנט זיין האַרץ.

פאַניע, וואָס איז געווען מיד, צעבראָכן פון נישט שלאָפן קיין גאַנצע נאַכט, האָט זיך איצט, אויך אַ געדריקטע פון ייד־ און קריסט־געדאַנקען, מיט נייגעריקייט גענומען צוהערן צום שמועס.

---

אין דער באַן האָט ער אָבער, שמעון, שוין געהאַט פאַרגעסן אַן אַלעם, וואָס ס'איז פאַרגעקומען אויפן וועג, און גאָר געטראַכט צוריקקערן זיך אַהיים. און נישט גאָר ער. אויך פיל אַנדערע פּאַ־סאַזשירן האָבן געטראַכט דערפון. עס איז געווען אַ צעמישונג.

פיל מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין וואַגאָן און געדרייכערט פּאַפּיראָסן איינעם נאָכן אַנדערן. טייל האָבן זיך אַראָפּגענומען די וואַליזעס פון די באַגאַזש־האַלטערס און זענען געשטאַנען מיט זיי גרייט אַראָפּצוגיין אויף דער נאָנטסטער סטאַציע און נעמען אַ באַן צוריק. אַנדערע האָבן מיט די אויגן עפּעס געזוכט אין צייטונגען און פון צייט צו צייט אַ בליק געטאָן אין די שכנים'ס בלעטער, גלייך דאַרטן וואָלט געווען דאָס, וואָס זיי האָבן אין די אייגענע גאַזעטן נישט געקענט געפינען. עס איז געווען אַזאַ טומל אין וואַגאָן, גלייך מ'וואָלט זיך געדערכט אויף אַ באַן־קאַטאַסטראָפע.

— צו וואָס דאַרף איך איצט אַריינפאָרן קיין וואַרשע? — זאָגט איין סוחר צו אַ צווייטן, — ס'איז דען אַ שכל איצט צו באַ־זאָרגן זיך מיט סחורות? ניין. כ'נעם באַלד אַ באַן צוריק . . .

— כ'זע אַבסאָלוט נישט איין, צו וואָס מיר פאָרן איצט קיין וואַרשע . . . — זאָגט איין סטודענט צו אַ צווייטן — זאָל מען בעסער צוריק אַהיים, נעמען די זאַכן און אומקערן זיך אין דער שווייץ . . . צוליב אַמוזירונג אין וואַרשע וועלן מיר פאַרשפּילן די מעגלעכקייט צו זיין צוריק אין בערן, אין אוניווערזיטעט . . . וואָס, וועט דען וואַרשע, אָדער מאָסקווע, אונדז געבן אַ שאַנס צו שטודירן? . . . מיר זענען דאָך דריט־קלאַסיקע בירגער פאַר זיי! . . .

— צו וואָס דאַרף מען ווייטער פאָרן? . . . — זאָגט איין אַרבעטער צו אַ צווייטן — וועט מען דען עפּעס האָבן דערפון, ווען מירן שוין אפילו יאָ קריגן אַרבעט אין וואַרשע? . . . מ'מוז דאָך סיוויסיי אַהיים און מעלדן זיך ביי דער רעגירונג . . .

געווען איז דאָס געטומל איבער אַ נייס, וואָס מ'האָט זיך דער־וואוסט אויף אַ פריערדיקער סטאַציע. דאָס נייס: אַ מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. פּאַסאַזשירן, וואָס זענען ביז דעמאָלט גע־

זעסן רואיק אויף די בענק, זענען מיטאַמאָל געוואָרן אויסער זיך, היסטעריש, אומרואיק, צעווילדעוועט. און טאַקע זינט דעמאָלט קען זיך קיינער קיין אָרט נישט געפינען.

אויך שמעון איז שוין זינט דעמאָלט אַן אַנדער מענטש. אָבער ער האָט נישט, ווי זיין געוואוינהייט, ארויסגעוויזן גאָרנישט. ער האָט נאָר געדריקט אין זיך. זינט דעמאָלט האָט ער שוין אויך איבער־געטראַכט וואָס די מלחמה גייט אָפּטאָן ביי אים אין הויז און וואָסאַרא שטערונג זי וועט זיין פאַר אים, שמעון'ען, גופא. ער האָט אָבער מיט קיינעם נישט גערעדט, ווי, למשל, אַנדערע, וואָס האָבן זיך גיך באַקענט מיט מיט־פּאַסאַזשירן און אַרויסגערעדט פאַר זיי, וואָס ס'איז נאָר געווען אויפן האַרץ. ער, שמעון, האָט דאָס נישט געקענט. אויסער דעם, ער איז בכלל נישט אַזאַ מענטש, וואָס קען זיך מיר־נישט, דיר־נישט, לייכט באַפריינדן מיט מענטשן. עס נעמט אים צייטן. דעריבער איז ער נאָר געזעסן און אַ געקוקט אויף די אַרומ־טומלענדיקע מענטשן און אַ אַרויסגעקוקט דורכן פענצטערל אין דער פינצטערער נאַכט, וואו ס'האָט זיך פון צייט צו צייט דורכגעטראָגן אַ פייער־פונק אינאיינעם מיט רויך, וואָס איז אַרויס פון גיך־לויפנ־דיקן, יאָמערלעך־שרייענדיקן לאָקאָמאָטיוו . . .

בעת דעם האָט זיך אין וואַגאָן באַוויזן פּאַן קאַרפּ און פריילין פּאַניע.ביידע זענען אַהערגעקומען פון זייער קופּעי, כדי צו זען דעם פּאַן שמעון אַלטער. מיט אים, דעם פּאַן אַלטער, האָבן זיי זיך נישט געזען, זינט זיי זענען אַריין אין באַן, מחמת זיי זענען אַוועק אין ערשטן קלאַס און שמעון — אין דריטן. איצטער אָבער, איידער זיי גייען זיך אויפסניי אָפּשיידן, ווילן זיי אים ווידער זען.

— איר פאָרט נישט צוריק אַהיים? . . . טוט פּאַן קאַרפּ אַ גיי־צו צו שמעון'ען, וואָס האָט געהאַלטן די אויגן אין טונקעלן פענצטערל.

שמעון האָט זיך אויסגעדרייט.

— אַהיים? . . . — פרעגט ער פאַרוואונדערט — איר ווייסט דאָך, אַז כ'מוז זען די יודקעס . . .

— מיר, אבער, פאָרן יאָ צוריק . . . — זאָגט פאַן קאַרפּ — איצט איז שוין אומזיסט צו פאָרן קיין וואַרשע . . . אין שטאָט, ביי אונדז, וועט שוין איצט זיין רואיק . . . איבער דעם קריג, גלויב איך, וועט זיך אַלץ אָפּשטעלן . . .

שמעון האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ קנייטש געטאָן מיט די ליפּן אין באָרד אַריין, ווי צו זאָגן, הלוואי וואָלט ער איצט אויך קיין אַנדער זאָרג נישט געהאַט, ווי פאַן קאַרפּ. און אויפגעהויבן זיך, וואָרים איבערן וואַגאָן האָט זיך צעטראָגן דעם קאָנדוקטאָרס מעלדנדיק קול:

— סטאַציאַ: וואַרשאַוואַ! . . .

פאַן קאַרפּ האָט איצט געגעבן שמעון'ען די האַנט און זיך מיט אים געזעגנט:

— עס פריידט מיך צו האָבען אין אייך אַ אַלט־נייעם פריינט...

אויך האָט זיך פריילין פאַניע געזעגנט מיט אים.

— קומט אַמאָל אַרויף צו אונדז אין הויז, פאַניע אַלטער...—

זאָגט זי אין פּויליש און פאַרנייגט זיך מיט אַ שמייכל און מיט פאַר־ערונג — איר וועט זיין העכסט אַנגעלייגט ביי אונדז . . .

שמעון, ווי אַ שטומער, האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גענומען אַרויסגיין פון דער באַן.

---

וואַרשע — — —

הויכע געביידעס, אַלטע, נייע, אָנגעפּאַקט מיט טויזנטער פאַ־מיליעס אין ענגע דירות, פון וואַנען מ'הערט דורך די פענצטער דאָס שטעפּן פון מאַשינען, דאָס צעוואַשן געפּעס, קריגערייַ פון פאַרפעלקער, קוויטשן פון קינדער, און רייד, רייד און רייד וועגן הונדערטער עניינים, פאַרפּלאָנטערנישן און פּלענער.

אויף די טראָטואַרן, פאַרביי געביידעס, פאַרביי סקלאַדן — אַ נעגיי פון הונדערטער מענטשן. אייניקע לויפן. אַנדערע פּאַקן זיך. פיל שטופּן איינער דעם אַנדערן.

צווישן די טראָטואַרן — אַ געקלאַנג פון טראַמווייען. טראַמ־

ווייען פול מיט קעפ. קעפ ביי די טירן, קעפ ביי די פענצטער. טראמ־ווייען, וואס קלינגען אן אויפהער און גיבן ווארנונגען צו פארבייגייער אן א סוף. טראמווייען, וואס אט טוען זיי א פלי און אט קריכן זיי, ווי טשערעפאכעס.

ארום די טראמווייען, ווי ארום קאטשן מיט געאכפערטע לייט אין א פראצעסיע, מאסן יונגע לייט אויף וועלאסיפעדן. אט מיידן זיי אוים די טראמווייען, די יונגע לייט. אט האלטן זיי זיך אן אן זיי און לאזן זיך שלעפן, ווי צו אמוזירן זיך.

צווישן דעם געדראנג פון מענטשן און די קאמוניקאציע־וועגענער פאקן זיך דורך טרעגערס מיט קאסטנס אויף די רוקנס. טייל, אנשטאט פערד, פירן וועגעלעך אויבסט, האלץ, קוילן, קארטאפליעס.

ביי פיל ווענט שטייען רעדלעך מענטשן און לייענען רעגירונגס־מעלדונגען וועגן דער מלחמה און מאביליזאציע פון מיליטעריש־פייאיקע מאנסבילן און פערד.

פון אייניקע מויערן פירן פאליציי ארוים מחנות מענער, פרויען, וואס שרייען איבער דער גאס: „נידער מיט דער אימפעריאליסטישער קריג! נידער מיטן קאפיטאליזם!"

פון א וויטער גאס באוויזט זיך פלוצים א ראטע קאוואלעריע אין פולער מיליטערישער אויסשטאטונג אויף אומרואיקע פערד און פליט דורך די פאראדנע בולווארן, וואו ס'בלייבט איבער מיסט פון די סוסים. נאכדעם, אויך אזוי בליצשנעל, מארשירט דורך א באטאליאן פוסגייער, וואס זעצן מיט די שטיוול אין ברוק, ווי אריינצוארבעטן זיך אין א כעס. נאכדעם, אויך אזוי האסטיק און גיך, לויפן דורך עטלעכע באטעריעס הארמאטן, איבער וועלכע עס ציטערן די שויבן אין די רעסטאראנען און אין די האטעלן. עס לויפן אויך אדורך פעלד־קיכן, וואס צעשפרייטן פונקען פון די זיך ברענענדיקע אויוונס. אויך שפיטאל־וועגענער. אויך א קארעטקעלע, וואו ס'זיצט א מיליטערישער גייסטלעכער. און צום סוף — אן איינציקער פעלדפעבל אויף א פערד.

שמעון איז איצטער מיט אן איינפערדיק דראשקעלע אריינגעפארן

אין גזשיבאוו־גאס, וואו ס'זענען געשטאַנען רעדלעך יידן און האָבן פאַר'חושכ'טע גערעדט. געשטעלט זיך ביי אַ הויז, לויט דעם אַדרעס, וואָס ר'האָט געקראָגן פון דער עופות־הענדלעריז, האָט ער, שמעון, באַצאָלט דעם קוטשער און איז אַריין אין אַפענעם טויער. ביי דער טיר אויפן דריטן שטאָק, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן, און נאָך עטלעכע ווײַלעס איז אַרויסגעקומען אַ פרוי מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר:

— ווער זענט איר? . . .

אָבער איידער די פרוי האָט נאָך באַוויזן קריגן אַן ענטפער, איז שוין שמעון געווען אַריבער דער שוועל און האָט גענומען זיך איילן אין די ווייטע צימערן.

די פרוי, וועמען ס'טרעפט זיך ס'ערשטע מאָל אַזאַ זאַך, האָט פלוצים אויפגעהויבן אַ געשריי און אויך גענומען לויפן:

— געוואַלד, יידן! אַ רויבער! געוואַלד יידן! . . .

שמעון האָט זיך אָבער נישט איבערגעשראָקן און זיך געאײַלט ווייטער.

---

אין אַ ווייטן, גרויסן, ליכטיקן צימער זענען געווען אַ סך מענטשן: מענער, פרויען, בחורים, מיידלעך.

עס איז געווען אין דער סאַליע.

דאָרטן אין דער סאַליע האָבן זיך איצט אָט די אַלע מענטשן געפּאָרעט. טייל האָבן געטראָגן בעטגעוואַנט, טייל — מלבושים, געפעס. מ'האָט אַריינגעפּאַקט אָט די אַלע זאַכן אין גרויסע קאַסטנס, אין וואַליזעס, אין זעק און מ'איז געלאָפן נאָך אַנדערע.

די, וואָס זענען געשטאַנען ביי די קאַסטנס, ביי די וואַליזעס, ביי די זעק, זענען געווען מאַנסבילן. טייל — מיט גרויע, שוואַרצע, רויטע בערד, אין לאַנגע, אַלפּאַגענע און ריפּסענע מלבושים, אין סאַמעטענע היטעלעך, מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּ. טייל — מיט יונגע שפּראָצלעך אויף די גאָמבעס, אויף די באַקן, און מיט געדרייטע פאה'לעך. טייל — פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, פאַרביטערט.

געווען זיינען זיי — די יודקעס־פאַמיליע.

ערשט גאָר וואָס, נאָך קיין האַלבער מעת־לעת נישט פאַרגאַנגען, ווי זייערע פרויען, שנורן, מאַמעס, טעכטער, קליינוואַרג זענען געקומען פון דער פּראָווינצער שטאָט, פון וואַנען יענע זענען באַנאַכט געהאַט אַנטלאָפן, און שוין דאַרף מען צוריק איינפּאַקן דאָס, וואָס מ'האָט היינט אַרויסגעפּאַקט. סיבה: מ'מוז צוריקפאָרן. צוריק, ווייל אין מלחמה־צייטן קאָן מען נישט לאָזן אַ היים מיט זאַכן אויף הפקר. איבעריקנס, ס'איז דאָך בכלל נישט קיין ענין אוועקצוזעצן זיך ביי יענעם! מעג יענער אפילו זיין אַן אייגענער ברודער . . . איידער זיי זענען געקומען, די מאַנסבילן, האָבן זיי געטראַכט, אַז זיי וועלן דאָ שטיין אַ שטיקל צייט, אַ חודש, צוויי, און ווען ס'וועט ווערן אַביסל שטיל וועגן זייער אַנזעץ, וועלן זיי איינציקווייז צוריקפאָרן און — גאָרנישט . . . איצט אָבער, אַז ס'איז מלחמה, דאַרפן זיי דען פאַר עפּעס מורא האָבן? זיי זענען דאָך פריי פון אַלעם. איצטער איז אַלץ אויף זייער זייט. די מלחמה איז אַן ענטפער אויף אַלעם. קיינער קען צו זיי נישט האָבן קיין פּרעטענציעס. קיינער קען נישט איינזען, אַז זיי זענען שולדיק. אָט דערפאַר האָבן זיי שוין גאָרנישט וואָס מורא־צו־האָבן און גרייטן זיך אין וועג אריין.

אָבער אינדעם — אַ געוואַלד.

— וואָס? — האָבן זיי, די מאַנסבילן, אין דער סאַליע אויפגעהערט פּאַקן און גענומען קוקן אויף אַלע זייטן.

— וואָס איז געשען? . . . — זענען די יודקישע פרויען, פּאַרווייטע, פאַרטרויערטע, דאָך אויסגעסטראַצט, מיט אוירינג אין די אויערן און מיט רינגען אויף די פינגער, געקומען גיך אריינצולויפן פון די פיל חדרים — וואָס האָט געטראָפן? . . .

אָבער איידער זיי האָבן געקראָגן אַ תשובה, האָבן זיי דערזען אין דער טיר אַ בלייך פּנים מיט אַ גרויער באָרד ביי אַ הויכן מאַן, וואָס האָט אויסגעקוקט מיד, צעבראָכן. געווען איז ער: שמעון רימער.

שמעון האָט זיך איצט ניט געריררט. ער האָט געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס פון שבת'דיקן סאַק, געקוקט אויף איינעם אַ ברייט־

פּלייצעדיקן יודקעניק, וואָס מיט אַ שוואַרצער באָרד, עטוואָס דורכ־געשנירלט מיט זילבערנע פּעדים, און נישט געזעדט. ער האָט נאָר געקוקט.

דער דאָזיקער יודקעניק איז געווען איינער פון די עטלעכע על־טערע אין דער גרויסער פאַמיליע. ער איז געווען מיטלוואוקסיק, מיט אַ הויכן שטערן, מיט אַ ברייט פּנים, מיט טיפע, שוואַרצע אויגן און מיט ליפּן — מיינסטנס צוגעביסענע, ווי נאָך איינגעמען אַ ביטערע פּיל. געווען איז ער איינער פון די האַנדל־פירער אין דער פאַמיליע, אָבער דער הויפּט דעה־זאָגער. ער האָט אָנגעבאָטן פרייזן. ער האָט באַשטימט פרייזן. ער האָט געהייסן געבן געלט. ער האָט באַשטימט, נישט צו געבן קיין געלד. ער האָט אַרויסגעגעבן וועקסלען. ער האָט פאַרלענגערט די טערמינען פון די וועקסלען. ער, ער — אָט ער, דער דאָזיקער מיטלוואוקסיקער, קנאַפּע זעכציקיעריקער מאַן, איז דאָס געווען דער קאָפּ, די נשמה פון דער גאַנצער פאַמיליע. אפילו אין שידוכים, וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין דער משפּחה, אָדער מיט באַ־רימטע משפּחות פון דרויסן, האָט ער אויך געהאַט זיין וואָרט: יאָ, אָדער ניין. אַ סך מאָל האָט מען זיך קעגנגעשטעלט זיין ממשלה. אָבער נאָכדעם האָט מען זיך געהאַט אויסצורעכטן אַ שוואַרץ קאָפּל... אַזאַ בעל־מרידה איז נאָכדעם אַזוי גיך נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער פּרנסה־שיסל. און אַז יענער איז שוין יאָ צוגעלאָזט געוואָרן, איז עס געווען לויט תּנאים.

גערופן האָט מען אים: ר׳ יודל.

דער דאָזיקער ר׳ יודל, אין אַ גרויסן, סאַמעטענעם היטל, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, אין אַ לאַנגער, ריפּסענער זשופּיצע, אין אַ לאַנגן לייבסערדאַק מיט שוואַרצע שטרייפן און מיט לאַנגע, זיך נאָכבאַמבלענדיקע ציצות איבער די קניען, איז איצט געשטאַנען אין פראַנט פון דער גרויסער חברה משפּחה׳ניקעס, צווישן די קאַסטנס, וואַליזעס, זעק, און האָט, ווי אַ רוביבער, געקוקט אויף שמעון׳ען.

די פרויען, וואָס זענען געהאַט אַנגעלאָפן פון די חדרים, זענען איצט געשטאַנען ביי די ווענט און האָבן געקוקט אַמאָל אויף די

אייגענע מאַנסבילן, ווײַדעס, טאַטעס, פעטערס, מענער, און אַמאָל אויף דעם פרעמדן מענטש, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט דאָ און געשטערט דאָס אײַנפּאַקן. אַ לאַנגע צײַט איז געווען שטיל. אַלע האָבן געוואַרט. אַז עס זאָל עפּעס אַרויסקומען איבער דעם פּלוצים אָנגעקומענעם גאַסט. אָבער דער גאַסט האָט גאָרנישט גערעדט. ער האָט נאָר געקוקט, — געקוקט אי בײַז און אי הכנעה׳דיק.

— וואָס ווילסטו, שמעון? — טוט, נאָך לאַנג שווײַגן, דער הויפּט פון דער יודקעס־פאַמיליע פּלוצים אַ פרעג שטיל, אָבער שטאַרק אונטערשטרײַכנדיק דעם „וואָס ווילסטו?“.

— כ׳בין געקומען נאָך מײַן געלט . . . — זאָגט שמעון און רירט זיך נישט אַוועק פון דער שוועל — נאָך מײַן פּראַצע, נאָך מײַן בלוט בין יעד געקומען . . .

— דײַן געלט? — טוט ר׳ יודל אַ מאַך צו איין אויג און אַ בליץ מיטן צווייטן, ווי ער וואָלט זיך געוואונדערט אויף שמעונ׳ס צושטיין — דײַן געלט? . . .

— יאָ. ניש נאָך קאַ פרעמדס . . .

— הם . . . — שאָקלט ר׳ יודל באַדויערנדיק מיטן קאָפּ — וואָס ווייסטו נישט וואָס אַצינד טוט זיך? . . .

— וואָס טוט זעך? . . . — פרעגט שמעון עטוואָס צוגעלייגט און הייזעריק.

— מלחמה . . . — זאָגט דער ברייטפּלייציקער ר׳ יודל און האַלט נאָך אַלץ איין אויג צוגעמאַכט.

— מלחמה? — פרעגט שמעון, ווי צעטומלט — וואָס האָט עס צו טאָן מיט מײַן געלט? . . . דו האָסט דאָך גענומען מײַן געלט נאָך לאַנג פאַר דער מלחמה.

— ס׳האָט שוין גאָר צו טאָן . . . — זאָגט ר׳ יודל און עפנט זיך פּאַמעלעך אויף דאָס פאַרמאַכטע אויג — ס׳האָט שוין גאָר צו טאָן!

— וואָס האָט עס דערמיט צו טאָן? — פרעגט שמעון און

דאָס בלוט ווערט אין אים הייסער און הייסער — וואָס האָט עס דערמיט צו טאָן ? . . .

— דייטשלאַנד . . . — ענטפערט ר' יודל — די בענק, וואָס האָבן געדאַרפט מאַכן די געלט־זענדונגען פאַר די תבואות, זענען איבערגענומען געוואָרן פון דער רעגירונג.

— די בענק ? — טוט שמעון אַ שטעל אויס די אויגן, ווי ער וואָלט געזען אַ שווינדל — די רעגירונג האָט זיי איבערגענומען ?...

— יאָ . . . — זאָגט זיך רואיק דער פעסט־געבויטער ר' יודל און קוקט ווי אַ פאַרשטיינערטער אויף שמעון'ען — אַזוי איז עס.

— ביסט'אַד אַנטלאָפן פון דער היים נאָך איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכן ! — טוט שמעון אַ געשריי און אין דער זעלבער צייט זיך אַ לאָז אַריין געגעבן אין דער סאַליע — האָסט'אַד געמאַכט אַז אַנזעץ נאָך איידער די דייטשע רעגירונג האָט איבערגענומען די בענק ! . . .

אַלע אין דער סאַליע זענען איצט געבליבן דערציטערט. זיי האָבן שוין פון דערפאַרונג געוואוסט, אַז טאָמער ווערט שמעון אויפגעקאָכט, וועט קיינער נישט געשאָנעוועט ווערן. אָבער דער געציש שטייענדיקער ר' יודל, דער הויפט זייערער, האָט זיך נישט געשראָקן. ער איז ווידער געשטאַנען ווי פריער און האָט אויפסניי אין אַ תקיפות־פּאָזע פון אַ רויבער געקוקט אויף שמעון'ען.

— ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז יאָד האָב געמאַכט אַז אַנזעץ ?...

און נאָך איידער שמעון האָט באַוויזן צו ענטפערן, האָט ער זיך געטאָן, דער געזונטער ר' יודל, אַ דריי אויס, אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פויסט אינם טיש, וואָס איז געשטאַנען צווישן די קאַסטנס, וואַליזעס, זעק, און גענומען קוקן אויף די מענער, פרויען פון זיין משפּחה, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט פרעגן, ווער ס'האָט אויף אים אַ בלבול אויס־געטראַכט.

— ווער האָט בלאַמירט מיין נאָמען ? — פרעגט ער אַז אומגע־ווייגטלעך דערצאָרנטער — ווער האָט געזאָגט, אַז יאָד האָב געמאַכט אַז אַנזעץ, ווער ? . . . ווער האָט דאָס געוואָגט צו באַשמוצן מיין פאָטערס און מיין זיידנס נאָמען, וואָס איז געווען אַ שם־דבר אין גאַנץ קרוין־פּוילן ? !

און אויסגעדרייט זיך צו שמעון'ען, ווי אַט דער וואָלט געווען דער שולדיקער, האָט ער נאָך העכער געליאַרעמט :

— ווער האָט גענומען וואַרפן שמוץ אויף אונדזער גוטן נאָמען, ווער? . . . ווער האָט געוואַגט? . . . יאָד וועל סודיען, יאָד . . . יאָד וועל רופן צו אַ בית־דין . . . יאָד וועל עוקר־מן־השורש זיין יענע מענטשן . . . יאָד וועל — — —

שמעון איז איצטער געוואָרן נאָד בלייכער ווי פריער. ער איז איצט געווען, ווי צעמישט. ער האָט נישט געגלויבט, וואָס ער הערט. ער האָט זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן, צי איז דאָס געהערטע— כעס פון אמת, אָדער פון אָנשטעל, פון שקר. ער האָט אָנגעהויבן קוקן דאָ אויף איין פרוי, דאָ אויף אַ צווייטער. דאָ אויף דעם מאַנס־ביל, דאָ אויף יענעם. ער האָט געמיינט, אפשר וועט ער דורך עמעצן פון זיי קענען דערגיין דעם אמת. ער האָט אָבער ביי קיין איינעם נישט געקענט גאָרנישט דערגיין. אַלע זענען געשטאַנען ווי געצן און האָבן געקוקט אויף אים, שמעונ׳ען, ווי ער וואָלט געווען דער צווייטער, וואָס איז שולדיק אין זייער צרה. קודם־כל איז. הייסט עס, שולדיק די מלחמה, און נאָכדעם — שמעון, וואָס האָט אומגעריכט נאָד צוגעשיט שוועבל אין זייער פייער. שמעון האָט איצט אָנגעהויבן אויף זיך צו קוקן, ווי איינער, וואָס דערקענט זיך נישט נאָד אַ טאָט, וואָס ער איז באַגאַנגען אין אַ מבולבל׳דיקן צושטאַנד. ער האָט זיך באַטראַכט די הענט, דעם סאַק, ווי ער וואָלט געווען אַ נאַרן־קאָפּ, ווי ער וואָלט באַגאַנגען איינע פון די גרעסטע נאַרישקייטן, דערצו, אין זיינע יאָרן, ווען אַ מענטש, אַ אָנגעזעענער שטאָט־באַלעבאָס, דאַרף צומערשט גוט טראַכטן, איידער ער גייט עפּעס טאָן. נאָד עטלעכע ווייַלעם האָט ער אָבער אָנגעהויבן קומען צו זיך און קוקן אויף דער גאַנצער געשעעניש דאָ נישט ווי אַ נאַרן־קאָפּ, נאָר ווי אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע שפּיצלעד. ער האָט באַנומען, אַז דאָס גאַנצע געשריי פון ר׳ יודלען איז טאַקע נישט מער ווי אָנשטעל, אַן אָנשטעל מיט חוצפּה, מיט קוראַזש, מיט גלויבן, אַז מ׳מעג אַזוי. אָבער סיוויסיי איז זין שטיין דאָ איצט, שמעונ׳ס אומזיסט. די אור־זאַך? כל־זמן זיי טענה׳ן, די יודקעס, אַז זייער געלט איז צוגענומען געוואָרן פון דער דייטשישער רעגירונג, איז גאָרנישט נישטאָ וואָס מ׳קען טאָן. זיי האָבן אַ גוטן אויסרייד. איי, זיי זענען אַנטלאָפן פון זייער היים? קענען זיי אָנגעבן אַ סך תירוצים. זיי קענען אפילו זאָגן, אַז ס׳איז געווען אַ לוסט־רייזע. יאָ גלויבן, צי נישט — קיין עצה קענן זיי אין נישטאָ. מ׳וועט דאָד נישט גיין פרעגן די דייטשישע רעגירונג, צי עס קלעפּט זיך איין וואָרט צום צווייטן! איבעריקנס, און אַז

מ׳וועט שוין פרעגן, איז וואס? מ׳וועט דען קריגען אן ענטפער?... א נעכטיקער טאג. טא, צו וואס דאס שטיין דא? ס׳וועט דען עפעס ארויסקומען דערפון? אדרבה, זאל ער דא עפעס וועלן טאן, וועט מען נאך רופן פאליציי און מ׳וועט אים, שמעון׳ען, אוועקשיקן ערגעץ, פון וואנען ער וועט אפילו ווייב און קינדער נישט קענען זען. ער האט זיך דערפאר אויסגעדרייט און איבערגעלאזט דער משפחה:

— גאטס תוכחה זאל זעך אויף ענק אויסגיסן . . . אזוי ווי עץ האט מיך אפגעשונדן, אזוי זאל ענק גאט אפצאלן . . .

און ער איז ארויס — צוריק אהיימצופארן מיט דער באן.

# קאַפּיטל ניינצן

ווען אויף אַן אַנדערן וואָלטן געפאַלן אַזעלכע קלעפּ, ווי אויף שמעונ׳ען, וואָלט זיך יענער געוואָרפן אונטער די רעדער פון דער באַן, אָדער ער וואָלט אַרויסגעשפּרונגען פון לויפנדיקן וואַגאָן, אָדער ערגעץ זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ טייך.

נישט אַזוי אָבער מיט שמעונ׳ען.

שמעון איז זיך אַ רואיקער צו צו דער באַן, אַ רואיקער געזעסן אין וואַגאָן און ווען ער איז געפאָרן אויפן בריק, וואָס הינטער דער היים־שטאָט, האָט ער זיך נישט אַריינגעוואָרפן אין טיפן טייך, וואו שוין נישט איין מענטש האָט זיך, איבער פאַרשידענע צרות, דער־טרונקען. ער איז זיך איבער דער גאַנצער צייט געווען רואיק, און איצט, אַריינפאָרנדיק אין דער שטאָט, איז ער אויך רואיק. זייער רואיק. ער זיצט אויפן וואַגן און האַלט נאָר די ליפּן קרומלעך צו־געפּרעסט, — קרומלעך, גלייך אין אָט דער קרומקייט ליגט דער גאַנצער סוד פון זיין רואיקייט . . .

עס איז געווען פאַר האַלבן טאָג.

אויף דער באַנגאַס איז געווען שטיל. מ׳האָט נישט געזען קיי־נעם — נישט אויף די טראָטואַרן, נישט אויפן ברוק. אויך האָט מען נישט געזען קיינעם אין די פענצטער, אין די טירן, כאָטש זיי זענען געווען אָפן.

דאָס זעלבע אויך אויבן אין דער האַנדלס־גאַס, וואו די מיינסטע הייזער זענען מיט געוועלבער, סקלאַדעס. און דאָס זעלבע — אויך אין ראָג מאַרק, וואָס מ׳האָט געזען פון דער באַנגאַס.

אומעטום — שטיל, ליידיק, גלייך דער גאַנצער דרויסן וואָלט נישט געהאַט מער קיין זין פאַר די מענטשן; גלייך איטלעך איינער וואָלט בעסער געוואָלט זיין מיט זיך אַליין אין הויז.

געווען איז שוין איצטער נאָכן פּאָגראָם.

נעכטן, ווען שמעון איז אוועק קיין ווארשע, האט דער פאגראם נאך אנגעהאלטן. אבער אין אוונט, ווען מ'האט פון נאטשאלסטווע געלאזט וויסן וועגן דער מלחמה, זענען די פאגראמטשיקעס זיך צע־לאפן, און ס'האט זיך אנגעהויבן א נייע שטילקייט, א שטילקייט פון שרעק פאר דער אנקומענדיקער נייער צייט.

איצט איז נאך אלץ אזוי שטיל. מענטשן, ביי וועמען דער קריג גענומען, ליגן אין די שטיבער פארוויינטע. מענטשן, ביי וועמען דער קריג נעמט דערווייל קיינעם נישט צו, האבן אבער מורא פאר דער אומזיכערקייט פון דער היים, פאר א געפאר אין הויז זעלבסט. קיינער פילט זיך נישט דערפאר ארויסצורירן זיך אין גאס אריין. מ'איז צוגעדריקט, ווי אומשולדיקע אין א תפיסה.

דאס אלץ האט שמעון געוואוסט נאך פריער.

ווי נאר דער באלעגאלע האט אוועקגערירט מיט אים פון וואקזאל, האט ער גענומען דערציילן וועגן אויסזען פון דער שטאט. א גאנצן וועג האט ער גערעדט. שמעון, אבער, האט זיך נישט אנגערופן מיט קיין ווארט, גלייך קיין שום זאך וואלט נישט געהאט קיין שייכות מיט אים. ער האט נאר בלויז געהערט, ווי א גלייכגילטיקער.

איצט, אז דער געשפאן האט זיך געשטעלט, איז ער, שמעון, אויך אז א ווארט, אראפ פונם וואגן און, פאמעלעך, אריין אין הויז.

---

אין קיך, ביים ווארשטאט־טיש, זענען געשטאנען דריי ארבע־טער־יינגען און האבן אין קופערטלעך ארייגעפאקט אלערליי חפצים: נאדלען, שפולקעס גארן, קנעפלעך, קעמלעך, בארשטלעך, ראזיר־מעסערס, זייף, שפיגעלעך — — —

געוועזן זענען די דריי יינגען: איציק, מאיר'ל און דער רויטער שיע. אלע דריי האבן זיך פארפאקט אלץ, וואס זיי נעמען מיט אין מיליטער אריין.

לעבן זיי זענען געשטאנען די אנדערע ארבעטער: בערל און באסקל. ביידע — ווי יתומים, וועמעס אייגציקע גוטע ברידער ווערן אוועקגעריסן. זיי זענען געשטאנען, ווי מבקר־חולה'ניקעס און האבן נישט געקענט דאס מויל עפענען. זיי האבן נאר געקוקט ווי די גוטע ברידער גרייטן זיך אין דער מלחמה אריין.

שמעון, וואס האט נאך אונטערוועגנס געוואוסט, אז די דריי יינגען זענען „מחותנים אויף דער חתונה", האט איצט נישט געהאט

וואָס צו זאָגן. ער האָט אָבער, נישט ווילנדיק, יאָ געזאָגט עפּעס.

— עץ גרייט זיך טאַקע אין דער מלחמה אריין ? . . .

איציק, מאיר'ל, שיע האָבן אויפגעהערט צו פּאַקן. זיי האָבן נאָך געוואָלט אויפהערן צו פּאַקן, ווען זיי האָבן אים דערזען אריינקומען. אָבער עפּעס האָבן זיך זייערע הענט נישט אוועקגעלייגט. זיי זענען געווען, די ייִנגען, אַזוי צעטומלט, זינט זיי האָבן דערהערט די נייעס וועגן גיין אין קריג, אַז קיין שום אַנדערע זאַך האָט זיי שוין מער נישט געקענט איבערראַשן. איצט, אַז שמעון איז צו זיי צוגעקומען און גענומען פרעגן, האָבן זיי אָבער יאָ אויפגעהערט דאָס פּאַקן.

— יאָ . . . — זאָגט איציק.

— מאָרגן פאָרן מיר שוין . . . — ענטפערט דער דיקלעכער מאיר'ל.

— ס'וועלן וואַרטן אויף אונז רעגירונגס־געשפּאַנען . . . — גיט־צו דער רויטער שיע.

שמעון האָט באַמערקט ווי די אויגן ביי שיען ווערן פאַרלאָפן מיט אַ פייכטקייט. ער האָט דאָ לענגער נישט געקענט שטיין און גענומען אריינגיין אין אויפנעם־צימער. ער איז אָבער נישט אריין, ווייל פּערל איז פון דאָרטן ארויסגעקומען.

— נו, האָסט עפּעס גערעכט ? — פרעגט זי אים.

אַנדערע מאָל, וואָס עס זאָל נאָר נישט געשען, איז זי, פּערל, זייער געצאַמט. זי קען קוים אַ וואָרט ארויסרעדן. איצט אָבער, ווי נאָר זי האָט דערהערט שמעונ'ען, האָט זי זיך נישט געקענט איינהאַלטן און איז גיך ארויסגעקומען מיט אַ פראַגע וועגן חוב ביי די יודקעס:

— נו, האָסט עפּעס גערעכט ?

שמעון, וואָס האָט זי אַלעמאָל געקענט פאַר אַ מענטש, וואָס וועט זיך נישט נעמען צום האַרץ קיין שום געלט־פאַרלוסטן, האָט איצט געקוקט אויף איר, גלייך ער וואָלט זי געזען ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן. איז דאָס פּערל ? — טראַכט ער — איז דאָס די פרומע פּערל, וואָס האָט אַזוי ווייניק אין זינען עולם־הזה ?

— געמיינט, — זאָגט ער — אַז וועסט מער אַצינד פרעגן וועגן עפּעס אַנדערש . . .

— וועגן עפּעס אַנדערש ? — טוט זי אַן איבערראַשטע האָסטיק אַ פרעג — צי ווייסטו נישט, אַז ס'איז אַצינד אַזאַ צייט, ווען איין מענטש דעם צווייטן וועט נישט געטרויען גאָרנישט אויפן וואָרט ? . . .

—דאָס ? . . . — זאָגט שמעון רואיק און וויל אַריינגיין אין אויפֿנעם־צימער.

פּערל האַלט אים אָבער צוריק:

— אָבער זאָג מיר, — קוקט זי שוין אויף אים פֿאַרדעכטיק — האָסט עפּעס גערעכט ? . . .

— וואָס ? . . . — קוקט שמעון אויף איר זייטיק, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט זאָגן — וואָס ? יאָ, ס'וועט זיין . . .

—יאָ ? ס'וועט זיין ? . . . — טוט פּערל נאָכאַמאָל האַסטיק א פרעג — וואָס מיינסטו ס'וועט זיין ? . . .

— נאָך דער מלחמה . . . — זאָגט שמעון אי פאַרביטערט און אי מיט חוזק.

— וואָס ? !

— ווען די בענק וועלן קריק זיין בענק . . . ווען די רעגירונג וועט ניש האָבן מער קאַ דעה איבער זיי . . . היינט אָבער . . . נו, כ'האָב דיר שוין געזאָגט: נאָך דער מלחמה . . .

— וואָס רעדסטו ! ? כ'פֿאַרשטיי דאָך דיך נישט ! . . .

— דאָס, וואָס כ'האָב דיר געזאָגט . . . און אַז דו ווילסט קלערער, טאָ, נעם דיר קלערער: די בענק, וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס געלט פון די דייטשישע סוחרים און געזאָלט איבערשיקן עס צו די יודקעס, זענען איבערגענומען געוואָרן פֿון דער רעגירונג . . .

— פֿון וועלכער רעגירונג ?

— וואָסאַראַ חילוק ? . . .

— וואָס מיינסטו, ס'איז נישט קיין חילוק ?

— זאָל זיין, ס'איז יאָ אַ חילוק ! . . . ווילטס וויסן וועלכע ? איז אָט האָסטי: פֿון דער דייטשישער . . .

— פֿון דער דייטשישער ? . . . אוי ! אַ בראָך איז צו מיר . . .

— נו, כ'האָב עס פֿריער געוויסט . . .

און נישט ווילנדיק מער רעדן וועגן דעם, איז ער אַריין אין אויפֿנעם־צימער.

פּערל איז נאָכגעגאַנגען.

---

אין אויפֿנעם־צימער, אין אַ ווינקל, איז אויף אַ שטול געזעסן חוה און האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּ, ווי זי וואָלט מיט קיינעם נישט געהאַט וואָס צו טאָן. אירע אויגן — רויט און דאָס פּנים — גערונצלט פֿון טרערן.

שמעון איז געבליבן שטיין. ער האָט גענומען קוקן אויף איר און — געשוויגן. אָפּגעשוויגן אַזוי אַ פּאָר מינוט, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו פּערלען:

— וואָס זיצט זי אַזוי? — פרעגט ער וועגן חוה'ן — וואָס איז געשען?

פּערל האָט נישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אין אַ זייט, לעבן דער קאַנאַפּע, האָט געקוקט אַראָפּ צום דיל און געשוויגן. איר איז איצט געווען אַזוי ביטער אויפן האַרץ, אַז צו באַוועגן מיט די ליפּן איז געווען די גרעסטע אָנשטרענגונג.

— יעדן פרעג דאָך עפּעס! . . . — טוט שמעון הויך אַ פרעג, וואָס איז אָנגעפּילט מיט פּולווער. און דאָס, נישט אַזוי איבער פּערלס שווייגן, ווי איבער דעם, וואָס ער האָט געליטן אין וואַרשע.

פּערל האָט איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט צו אים זייטיק, ווי מ'קוקט אויף אַ פּייניקער:

— זי איז געווען ביי בן־ציונ'ען . . .

— ביי בן־ציונ'ען? . . . — טוט שמעון, ווי איבערגעוועקט פון אַ שלאָף, פּלוצים גיך אַ פרעג — יאָ, טאַקע געוואָלט פרעגן וועגן עם . . . ווען איז זי, חוה, געווען ביי עם? וואָס מאַכט ער? . . .

— וואָס ער מאַכט? נישט ערגער . . . — זאָגט פּערל שטיל — ס'איז אים אַ סך בעסער . . .

— יאָ? . . .

— יאָ.

— טאָ, וואָס זיצט זי, חוה, אַזוי פאַרצאָגט, ווי עס וואָלט איר אַ גאַליער מיט ווייץ אונטערגעגאַנגען? . . .

— וואָס זאָל זי זיצן פריילעך? . . .

— וואָס, ניש צופרידן, וואָס ס'ווערט עם בעסער? חרטה אויפן שידוך . . .

— וואָסאָראַ שידוך, ווען שידוך? . . . — זאָגט פּערל — וואָס רעדסטו נאָך וועגן שידוך? . . .

שמעון גלאָצט אויס די אויגן:

— וואָס האָקסטי אַ טשייניק, וואָס? . . . וואָס פּלוידערסטי, וואָס? . . . וואָס דרייסטי אַ ספּאָדיק? . . . ביסט פון זינען אַראָפּ? . . .

פּערל האָט נישט געוואָלט מער רעדן. אָבער זי האָט זיך איבערגעריבן און יאָ גערעדט:

— פרעג זי . . .

— וועמען ? — טוט שמעון אויף איר אַ בייזן קוק — חוה'ן ?...

פערל האָט נישט געענטפערט. נאָך אַ פּאָר ווײַלעס האָט זי זיך ווידער מיישב־געווען און אויפסנײַ אַ זאָג געטאָן :

— אוודאי נישט אים . . . ער האָט שוין אָפּגעזאָגט ס'זייניקע . . . דער חתן, מיין איך.

שמעון איז איצט צו נענטער צו חוה'ן און גענומען קוקן אויף איר, ווי אויף אַ פאַרבאָטענער זאַך.

— וואָס האָט ער אַזעלכעס געזאָגט ? חוה . . . — פרעגט ער אי מיט רחמנות און אי מיט צעבראָכנקייט — אַ ? חוה . . .

חוה האָט אָבער נישט געענטפערט. נאָך עטלעכע ווײַלעס האָט זי נאָר ארויסגעלאָזט אַ הויך העשען און איז גיך אַרויס פון הויז.

שמעון איז איצטער געשטאַנען, ווי צווישן פייער און וואַסער. וואָס איז דאָ אַזעלכעס ? — טראַכט ער — וואָסאַרא סודות ?

— וועסט מיר זאָגן, אָדער וועסט מיר ניש זאָגן, דו שוטה, דו ? — טוט ער אַ בייזן קוק אויף פערלען — וואָסאַרא פּאָליטיק וועסטו מיר דאָ פירן ? וואָסאַרא פאַרנעפּלטע רייד און שטומעניש ? רעד, אויב דו האָסט עפּעס צו זאָגן ! וואָס ביסטו שטום, וואָס ? . . .

פערל האָט שוין איצט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר רעדן, מחמת פאַר זיין כעס האָט זי שרעקלעך מורא.

— היינט אין דער פרי איז זי ביי אים געווען . . . — הויבט זי אָן דערציילן וועגן חוה'ן און בן־ציון'ען — געוויינטלעך ווי עס פירט זיך . . . זי איז געגאַנגען מבקר־חולה זיין דעם חתן . . . איז געקומען צו אַ שמועס וועגן דער מלחמה, וועגן דער פאַרברענטער פאַבריק און דעם אַנזעץ פון די יודקעס, האָט ער געזאָגט, בן־ציון, אַז אַצינד איז נישטאָ צו וואָס חתונה צו האָבן . . . וואָרן, אַז ער וועט שוין אַצינד נישט האָבן ביי וואָס צו אַרבעטן, טאָ וויאַזוי קען ער חתונה־האָבן ? איבער דער קריג און די אַנדערע צרות זענען דאָך אַלע פּלענער צעשלאָגן געוואָרן ! . . . איי, נאָך דער קריג ? איז ווער ווייסט, ווילאַנג מ'וועט דאַרפן וואַרטן ביז דעמאָלט ? . . . איבעריקנס, פאַרוואָס זאָל זי, חוה, וואַרטן אַזוילאַנג ? אפשר שטייט איר פּאַר אַ בעסער מזל ! . . . איז אָט איז זי פון אים אַהיימגעקומען, חוה, און איז געזעסן אַזוי פאַרצאָגט. אַצינד ווייסטו שוין פאַרוואָס ? . . .

שמעון האָט שוין איצט גאָרנישט געזאָגט. ער איז נאָר גע־שטאַנען, געקוקט מיט איין אויג צו פערלען, און מיטן צווייטן, וואָס

איז געווען פארמאכט, האָט ער געדריקט ווי ער וואָלט נישט געוואָלט אריינלאָזן אַ פריקרע זאַך.

פּערל האָט זיך געזעצט אויף דער קאנאפּע. זי האָט נישט גע־וואָלט, אַז ער זאָל אַזוי מורא'דיק און צעבראָכן קוקן אויף איר. זי האָט געוואָלט אָפּווענדן פון זיך זיין בליק און דערמיט אים אפשר בארואיקן.

שמעון האָט זיך אָבער נישט בארואיקט. ער איז געשטאַנען אַ שטיק צייט, נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט און געטראַכט וועגן דעם וואָס ר'האָט געהערט. ענדלעך האָט ער זיך גערירט, אָבער נישט אויף אָפּצורוען זיך פון דער אומאַנגענעמער רייזע. ער איז אריין אין די טעכטערס שטוב, פון וואַנען ס'האָט זיך פּלוצים געהערט אַ כליפּען.

פּערל האָט שוין געוואוסט, פון וועמען אָט דאָס כליפּען קומט. נאָך פריער איז זי געווען דאָרטן, אין די טעכטערס שטוב, און האָט געזען, ווער עס כליפּעט. געווען איז עס פייגע.

אגב, שוין אַ שטיק צייט ווי זי, פייגע, כליפּעט אַזוי. נאָך נעכטן, ווי נאָר ס'איז גולד־געוואָרן דאָס נייס וועגן דער מלחמה, האָט זי זיך שוין אָנגעהויבן ארומדרייען און כליפּען. אָבער היינט — סכנת־נפשות. געפרעגט זי איין מאָל, פאַרוואָס, אָבער נישט געקראָגן קיין ענטפער. געפרעגט אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל, אַ פיפט מאָל, אָבער אָלצאיינס קיין ענטפער. געוויס האָט זי, פּערל, פאַרשטאַנען, אַז ס'איז איבער איציקס גיין אין דער קריג אריין. אָבער גאָרנישט אויפהערן קלאָגן? מ'קאָן דאָך פון זינען אראָפּ! ענדלעך אָבער האָט זי, פּערל, ארויסגעקריגן פון איר, פייגען, וואָס זי וויל. און וואָס טאַקע זי וויל? פשוט, ס'איז משוגעת. הער נאָר אַ שכל! אַ מענטש גייט אוועק אין דער מלחמה אריין, וויל זי מיט אים שטעלן אַ חופּה. וואו איז דער שכל, וואו? הלוואי זאָל זיך דער רבש"ע איבער אים, איציקן, מרחם־זיין. הלוואי זאָל ער, דער בחור, צוריק אַהיימקומען אַ געזונטער פון דער קריג. אָבער מ'קען דען עפּעס וויסן? אפשר נישט? . . . עס זאָל גאָר־נישט צו־האַנען־קומען, וואָס זי טראַכט. אָבער מ'מוז דאָך טראַכטן. איז דעריבער, וואָס וועט טאַקע זיין דעמאָלט? דאַרף זי, די טאָכטער, בלייבן אַן אַלמנה? און ווער ווייסט, אפשר וועט מען אינגאַנצן נישט הערן, וואָס ס'איז מיט אים געשען? אין אַזאַ פאַל דאַרף זי דאָך בלייבן אַן עגונה, אַ וואָגלערין איר גאַנץ לעבן. אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן! זי, פּערל, האָט גערעדט און גאָרנישט נישט געקענט

אַרויסהאַקן דאָס משוגעת פון איר קאָפּ. רק שטעלן אַ חופּה וויל זי. רק, וויסן, אַז זי איז זיין פרוי. שוין געהערט אַזאַ געדאַנק? אמת, זי, פּייגע, האָט גאָרנישט גע׳פּועל׳ט, אָבער דערפאַר אויך נישט אויפ־געהערט צו כליפּען. איז וואָס וועט זיין דער סוף? געזען אַזוי, האָט זי געטראַכט, פּערל, אַז זי וועט די גאַנצע זאַך לאָזן צו שמעונ׳ען. ווען ער וועט צוריקקומען פון וואַרשע, זאָל ער זיך נעמען אַרויסהאַקן די מאַנקאָליע פון דער טאָכטערס קאָפּ. נו, איז ער שוין דאָ און זאָל ער טאָן, וואָס ער וועט אײנזען פאַר רעכט.

אָבער בעת זי טראַכט אַזוי טוט שמעון גיך אַ קום צוריק און שטעלט זיך האַסטיק אַנטקעגן איר.

— וואָס איז דאָס אַזעלכעס? — זאָגט ער צו איר — האָסטו אויסגעפינען, פאַרוואָס זי וויל אַזוי שטאַרק, מ׳זאָל שטעלן אַ חופּה?

— וואָס מיינסטו? — נעמט פּערל קוקן עפּעס מאָדנע.

— וואָס זאָל׳ד מיינען? ביסט׳אַד אַ מאַמע, ביסטו דאָך! פאַרוואָס פרעגסטו זי ניש?

— וואָס זאָל׳ד פרעגן? . . .

— וואָס? — פאַרדרייט שמעון די אויגן — ס׳קען זעך דען דיר גאָרניש פאַרשטעלן, אַז ס׳איז איבער עפּעס אַנדערש? . . .

— וואָס עפּעס אַנדערש?

— וואָס? גיב נאָר אַ קיק ווי זי וויינט? . . . אַזוי וויינט מען, ווען מ׳וויל האָבן אַ חופּה? זי קוקט דאָך מיר אפילו ניש אין פּנים אַריין! . . . איז וואָס זיצסטו? פאַרוואָס ווערסטו ניש געוואויר?

— וואָס זאָל׳ד געוואויר־ווערן? — האַלט זיך פּערל ביי ס׳איריקע.

— פרעגסט נאָך, וואָס? . . . — טוט שמעון אַ בייזן קוק אויף איר.

פּערל האָט איצט שוין נישט געוואָלט מער פרעגן און זיך אויפ־געהויבן צו גיין אין די טעכטערס שטוב אַריין.

שמעון האָט איר נאָכגעקוקט, געוואָלט הערן, וואָס דאָרטן אין שטוב וועט אָנגיין צווישן דער טאָכטער און דער מוטער. אָבער ער האָט זיך דערפון געמוזט אָפּזאָגן, וואָרים ס׳איז אַריינגעקומען אַ סטראַזשניק מיט אַ נייס וועגן מאַרקלען און בלומען . . .

---

איינגעבויגן, דער קאָפּ אין די אַקסלען, ווי עס וואָלט געווען

אין דרויסן אַ קעלט, אַ פראָסט, איז שמעון אַרויס פון הויז און האָט גענומען גיין מיטן טראָטואַר.

געגאַנגען איז ער איצט צו יוסף סאַבאַלן נאָך געלט.

דאָס געלט, וואָס יוסף סאַבאַל האָט אים, מיט עטלעכע טעג צוריק, צוגעזאָגט צו געבן, האָט ער, שמעון, איצט געדאַרפט האָבן זייער נויטיק. נויטיק — ווייל אַחוץ אויף צו באַצאָלן די סוחרים פאַר זייערע סחורות, וואָס זענען פאַרברענט געוואָרן, אַחוץ אויף שטוב־באַדערפענישן, אויך פאַר מאַרקלען.

פאַרוואָס פאַר מאַרקלען?

דער סטראַזשניק, וואָס איז פריער געווען ביי אים, שמעונ׳ען, אין הויז, האָט געלאָזט וויסן, אַז מאַרקל ווערט אַוועקגעשיקט קיין טיף־רוסלאַנד אין אַ טורמע, וואו ער וועט דאַרפן וואַרטן אויף אַ משפּט. דער משפּט, אייגנטלעך, וואָלט אויך געקענט פאָרקומען דאָ אין שטאָט. אָבער איבער דעם שונא, דייטשלאַנד, וואָס איז נישט ווייט פון דאַנען, איז גלייכער נישט ריזיקירן . . .

דערהערט אַזאַ מעשה, האָט ער, שמעון, גענומען קוקן אויף איטלעכן איינעם, ווי אַ פאַרווירטער, און נאָכדעם שרייען צום סטראַזשניק: פאַרוואָס? פאַרוואָס שיקט איר אַוועק מיין זון? ער איז דאָך אין גאַרנישט שולדיק! ער קען דאָך קיין פליג אויף דער וואַנט נישט פאַרטשעפּען! . . . וואָס ווילט איר פון אים? וואוהין גייט איר אים פאַרשיקן? מערדער! . . . ער איז דאָך דערצו אַ קראַנקער!

געזען אַז ר׳איז אויסער זיך, אַז מחמת זיין נישט געצאַמט רעדן קען נאָך עפּעס געשען, האָבן פערל און די טעכטער אַרומגעכאַפּט אים, שמעונ׳ען, געשריען, געוויינט, און מיט הייזעריקע קולות געבעטן: שמעון, הער אויף . . . טאַטע, דערבאַרעם זיך . . . שמעון, מ׳קען נאָך אַלע ווער ווייסט וואו פאַרשיקט ווערן . . . טאַטע, דו קענסט דאָך אויף אונדז אַלעמען ברענגען אַ גרויס אומגליק . . .

קורץ, כאָטש קיין גרעסער אומגליק, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן ביז איצט אויף זיין קאָפּ, קען שוין נישט זיין, דאָך האָט ער זיך באַרואיקט. ער איז געקומען צו זיך. דעם סטראַזשניק האָט ער שוין אָבער פאַר די אויגן נישט געזען. שטאָט אים, האָט ער גאָר געזען בלומען.

בלומע איז געווען עפּעס קליינטשיק, איר פּנים — געל, די אויגן מיט גרויסע, בלויע רעדער, די ליפּן — טרוקן.

— ביסטו עס טאקע, בלומע? — האט ער, שמעון, זי געפרעגט
— א? וואס זעסטו אזוי אוים? . . . וואס איז געשען? . . .
— ס'וועט אריבערגיין, שווער . . . — האט זי געזאגט, די ענערגישע בלומע — כ'וויל אצינד וועגן זיך ניש רעדן . . . כ'וויל אייך נאר זאגן, אז מארקלען דארף מען ווי אמגיכסטן ארויסנעמען פון קרימינאל . . . פאר מארקלען איז קרימינאל סם, פשוט סם . . .
שמעון האט שוין דעמאלט געהאט געוואוסט, אז זי, בלומען, האט מען צוליב דעם איינציקן זון, קאפקען, ארויסגעלאזט, כאטש די שולד איז פון איר נישט אראפגענומען געווארן. זי איז ארויסגעלאזט געווארן אויף פאראל. דערוואוסט האט ער זיך געהאט דאס פונעם סטראזשניק. ער האט זיך אבער לאנג נישט געקענט פרייען פון איר „באפרייט" ווערן. ער האט גענומען טראכטן, וואס צו טאן פאר מארקלען. אפגעטראכט א שטיקל צייט, האט ער זיך ארויסגעלאזט פון הויז און גענומען גיין צו יוסף סאבאלן.
איז אט גייט ער.
ער גייט פאמעלעך, איינגעבויגן, און טראכט. ער טראכט וואס ער וועט טאן פאר מארקלען ווי נאר ער וועט קריגן דאס געלט פון יוסף סאבאלן. קודם, טראכט ער, וועט ער מיטגעבן דעם זון א ביסל געלט, כדי יענער זאל האבן אויף נויטיקייטן אונטערוועגנס און אין קרימינאל. נאכדעם וועט ער, שמעון, זיך זען מיט אדוואקאטן, אויך מיט מענטשן, וואס האבן א צוטריט צו רעגירנדיקע לייט, וועלכע קענען זאגן א גוט ווארט פאר מארקלען. נאכדעם, נאכדעם — — —
קורץ, ער וועט טאן אלץ אין דער וועלט, אבי ארויסצונעמען דעם זון פון די רחמנות'לאזע רעגירונגס־הענט. איז אט גייט ער אזוי פאר־טראכט, איינגעבויגן, און זעט זיך שוין פארען מיט דעם, מיט יענעם, וואס דארפן אים העלפן אין זיין ארבעט פארן איינציקן זון.

---

אריינגעקומען אין קיך, איז ער באגעגנט געווארן פון יוסף סאבאלס א טאכטער.
געווען איז זי — א הויכע, א שלאנקע, מיט שווארצע אויגן און מיט פוכקע, ראזע בעקלעך. זי איז געשטאנען נישט ווייט פון דער טיר און האט זיך געהאלטן אין קעמען די צעפלאכטענע שווארצע צעפ, וואס זענען געווען אריבערגעווארפן אריבער די אקסלען צו די האלב־נאקעטע בריסטן. גערופן האט מען דאס דאזיקע איין־און־צוואנציק־יאריקע מיידל: רוזשע.

— וו־יאקעי ספּראַוויע ? 1) — פרעגט זי אין פּויליש און שטעלט אויף פאַרשעריש אירע שיינע, גליאיק־שוואַרצע אויגן אויף שמעונ׳ען.

— כ׳בין געקימען צום טאַטן. — זאָגט שמעון שטיל.

— דאַ טאַטושאַ ? — טוט זי ווידער פאַרשעריש אַ קוק אויף שמעונ׳ען און גייט באַלד אַריבער אין יידיש — צו מיין טאַטעשי ? . . .
ער איז נישטאָ.

— נישטאָ ? . . .

— אַוועקגעפאָרן.

— ווען ?

— נישט לאַנג צוריק.

— וואוהין ?

— טשעמו שען פּאַן מיעשאַ וו־צודזיך אינטערעסאָד ? . . .
וואָס גייען אייך אָן פרעמדע געשעפטן ? . . .

— כ׳מעג דאָך וויסן, ווען כ׳האָב עם צו דערוואַרטן ! . . .
וואָס שטיי יעך ניש מיט קיין געלט ביי עם ? כ׳וויל דאָך וויסן, ווען ר׳וועט קריק זיין . . .

— ניעמאָם פּאַיענטשאַ . . . כ׳ווים נישט . . .

— וואָס ? . . . ווערט שמעון אויפגעקאָכט — ווייסט ניש ? ניש געזאָגט, ווען ר׳וועט קריק זיין ?

דאָס הויכע, שלאַנקע מיידל האָט שוין איצטער גאַרנישט גע־ענטפערט. זי האָט זיך נאָך דערצו אָפּגעקערט פון אים און אַקעגן אַ שפּיגל זיך ווייטער גענעמט די צעפלאָכטענע צעפּ.

שמעון האָט איצט געוואָלט נישט פרעגן, נאָר שרייען : פאַרוואָס האָט ער מיר נישט געזאָגט, אַז ער פאָרט היינט אַוועק ? פאַרוואָס האָט ער מיר נישט געבראַנגט ס׳געלט ? ער האָט דאָך עם מיר צוגעזאָגט אויף היינט ! פאַרוואָס האָט ער מיך געלאָזט אָן אַ פּרוטה ? ער ווייסט דאָך, אַז איך דאַרף האָבן ס׳געלט ! פאַרוואָס איז ער אַוועק און נישט געזאָגט, ווען ר׳וועט קומען ? ער האָט דאָך פאַרשטאַנען, אַז כ׳וועל זיין דאָ, אויב ער וועט נישט קומען צו מיר ! וואָס וועל איך אַצינד טאָן ? כ׳דאַרף דאָך מיטגעבן מיין זון עפּעס געלט אין וועג אַריין !

ער האָט אָבער נישט געקענט נישט נאָר אַרויסשרייען, נאָר אפילו נישט אַרויסרעדן. זיינע ליפּן זענען געווען, ווי אָפּגעפרוירן. דערפאַר

1) אין וואָסאַרע אָנגעלעגנהייט ?

האָט אָבער אין אים געברענט עפּעס אַ פייער, וואָס האָט זיך צעשפּרייט וואָס אַמאָל אַלץ מער איבערן גאַנצן גוף. אָפּגעשטאַנען אַזוי אַ פּאָר מינוט, האָט ער דערפילט, אַז ער וועט אויסשפּייען די נשמה, אויב ער וועט נאָך דאָ לענגער שטיין. ער האָט זיך דעריבער גערירט און גענומען אַרויסגיין.

פון דער סאַליע, וואָס איז אויסגעשטאַט מיט וואַרשעווער מעבל, איז איצט, ווי פון אַ באַהעלטעניש צוגעשפּרונגען צו רוזשען אַ הויכער, פלינקער בחור, אין אַ שוואַרצן גאַרניטור, אין לאַקירטע קאַמאַשקעלעך, מיט אַ שרונט אין מיטן קאָפּ, און זי אַרומגענומען מיט די הענט, ווי אַ הונגעריקער רויבער:

— אַט אַזוי טאַנצט מען פּאַקס־טראַט . . . — קושט ער זי אין די נאַקעטע אַקסלען, אין די האַלב־אָפּגעדעקטע בריסטן און שטיקט זיך בעת'ן רעדן — אַט אַזוי, דופּטיק בלימעלע מיינס . . .

געווען איז ער, דער יידישער אַקושערינס זון, אַבראַם, דער טאַנץ־מייסטער. אַריינגעקומען דאָ, צו געבן רוזשען אַ לעקציע אין טאַנצן, איז ער מיט אַ שטיק צייט צוריק. אָבער פּונקט ווי אַנדערע מאָל, ווען ר'האָט אַ גוטע געלעגנהייט, איז ער אויך היינט געבליבן לענגער ווי מ'דאַרף. ער ליגט דען צו צו דעם געשעפט? . . . און זי, די שוואַרצאויגיקע רוזשע, איז העכסט קאַנטענט פון זיין געזעלשאַפט. זי גיט זיך אים איבער מיט לייב און לעבן און לאָזט די לעקציע אויף שפּעטער.

— נעמסטו אַרום אַזוי אויך פּאַננאַ זאָשקע אַמסטערדאַם, אָדער פּאַננאַ פאַניע קאַרפּ? — פרעגט זי איפּערזיכטיק אין פּויליש.

— פּאַרוואָס באַלײדיקסטו מיך, רוזשקו? — ענטפערט ער צוריק אין פּויליש — גאָט באַהיט . . . דו ביסט די איינציקע, מיין טייערע . . .

בעת דעם האָט זיך דערהערט אַ טומל. ביידע, ווי אַ צונויפגעוואַקסן צווילינג, זענען צו צום פענצטער, וואָס איז אַרויס צו דער באַנגאַס.

---

אויף דער באַנגאַס איז איצט געווען אַ געלאַף פון מענטשן. מ'איז געלאָפן פון אַלע זייטן. מ'איז געלאָפן פון מאַרק, פון דער יידישער גאַס, פון קלעזמאָרים־געסל, פון הקדש־פּלאַץ, פון הינטער דער האַנדלגאַס, פון דעם סטאָליער־געסל, פון אַנדערע גאַסן און געסלעך. מ'איז געלאָפן מיט איממעט, מיט רעש, מיט געפילדער. מ'איז געלאָפן מיט

געשרייען — איינס העכער פון אנדערן:

— צו די יודקעס!

— אראפ צו די יודקעס!

— זיי זענען שוין געקומען!

— אראפ צו די מערדער!

— באלעגאלעס האבן זיי געברענגט פון דער באן . . .

— אראפ צו די שווינדלער!

— זאלן זיי געבן ס׳געלט צוריק!

— זאלן זיי אפגעבן חשבון!

— מ׳דארף נישט קיין חשבון!

— מיר זענען נישט געווען קיין שותפים!

— זאלן זיי געבן ס׳געלט, אדער די ווייבערס צירונג!

— זאלן זיי צוריקגעבן אלץ ביז א פרוטה!

— קיין רחמנות, יידן, געדענקט!

— א משפט מאכט אויפן ארט . . .

— אונדזער סוף, אדער זייערער . . .

— אראפ גיך צו די יודקעס! . . .

אויף דער באנגאס איז איצטער געגאנגען שמעון. ער איז גע־נאנגען אהיים. נאכן פארלאזן יוסף סאבאלס הויז האט ער נישט געהאט קיין כוח צו שטעלן א פוס. ער איז דערפאר געגאנגען, ווי ער וואלט געקראכן: א טריט און א טריט. נישט ווילנדיק און גלייכגילטיק האט ער זיך צוגעקוקט צו דעם דאזיקן גרויסן עולם מענער און ווייבער. ער האט פארשטאנען, וואס עס טרייבט זיי צו די יודקעס. ער האט בארעכטיקט זייער צארן. אבער ער איז דאך געווען גלייכגילטיק.

— אומזיסט אייער לויפן . . . — שעפטשעט ער מיט די ליפן אין דער לופט אריין — אומזיסט אייער געשריי . . .

ער האט, אגב, געהאט א חשק צוצוגיין צו זיי, אפשטעלן און זאגן: איך וויים עס שוין . . . איך בין היינט געקומען פון ווארשע. אבער ער האט עס נישט געטאן. ערשטנס, ווייל ער האט זיך מיישב געווען: זאלן זיי זיך עס אליין דערוויסן, די מענטשן. זאלן זיי אליין זען, וואס עס דערווארט זיי. צווייטנס, ווייל ער וואלט דעם עולם סיי־ווי־סיי נישט געקענט צוריקהאלטן, — איבער שלמה׳ן.

שלמה, גלייך ער וואלט געווען ערוב פאר די געלטער, אויב זיי וועלן נישט געצאלט ווערן, איז איצט, מיט א פארפלאמטן פנים, א

צאַרניקער, געלאָפן אינאײנעם מיטן עולם און האָט געשריען העכער פון אַנדערע:

— אַראָפּ צו די יודקעס!

— אַ משפּט אויפן אָרט!

— קיין מיטלייד!

— אָדער ס'געלט, אָדער די פּרויענס צירונג און אַנדערע זאַכן...

— קיין מיטלייד!

ער, שלמה, האָט געוועקט דעם עולם, זינט נעכטן, ווען ס'איז אַרויס די ידיעה וועגן אַנזעץ. און היינט, ווי נאָר די באַלעגאַלעס האָבן אים געלאָזט וויסן וועגן די יודקעס צוריקקומען, איז ער אַרומ־געלאָפן פון גאַס צו גאַס און אַרויסגערופן די מענטשן אין דרויסן. איצט אָבער דאַרף ער שוין מער נישט אַרומלויפן מיט דער בשורה; צוליבן טומל דערוויסן זיך אויך אַזעלכע, צו וועמען די ידיעה איז נישט דערגאַנגען, און ער פירט דעם עולם גלייך אַראָפּ צו די יודקעס.

שמעון האָט זיך נישט געוואָלט שטעלן אין זיין וועג, שלמה'ס, און איז אַהיימגעגאַנגען.

---

פון אויפנעם־צימער האָט זיך געהערט אַ כראָפּען, אַ זייער שווער כראָפּען. עס איז געווען אַנגעלעסטיקט, דאָס דאָזיקע כראָפּען, מיט משאות מידקייט, מיט דריקנדיקן שלאָף, מיט בליי־שווערער זאָרג און מיט שטיקנדיקע עגמת־נפש'ן.

פריער, ווען שמעון איז צוריקגעקומען פון יוסף סאַבאַלן, האָט ער שוין מער נישט געקענט שטיין אויף די פיס. ער האָט זיך דערפאַר אוועקגעלייגט אין אָנטועכץ אויפן בעט און באַלד איינגעשלאָפן, ווי אַ גע'הרג'עטער. פּערל, די טעכטער זענען דעמאָלט אַריינגעקומען דאָ אין קיך און האָבן זיך אוועקגעזעצט נישט ווייט פון די אַרבעטער. איז אַט זיצן אַלע זינט דעמאָלט און מ'שווייגט. מ'שטעלט זיך נישט אויף, מ'באַוועגט זיך נישט, מ'רעדט נישט, מ'הוסט נישט, — פּשוט מ'וויל אים נישט איבערוועקן פון זיין זייער נויטיקן שלאָף. איז אַט זיצט מען אַזוי און מ'הערט דאָס זייער שווערע כראָפּען, וואָס קומט, ווי אין אַנגסטן, אַריין פון אויפנעם־צימער.

דאָ, אין קיך, איז אויך געזעסן בלומע. אַריינגעקומען איז זי דאָ ערשט נישט לאַנג צוריק פון איר שטיבל, כדי צו רעדן מיטן שווער וועגן גלייך אַוועקפאָרן אין יענער שטאָט, וואוהין מאָרקל ווערט פאַרשיקט, און זען זיך מיט אַדוואָקאַטן. און פאָרן, ווי זי מיינט,

דארפןביידע — זי און דער שווער. ווארים דאס, וואס א מאנס־פארשוין קען אמאל נישט אויספירן, פירט עס דורך א פרוי. און טיילמאל טרעפט אויך פארקערט. הכלל, ביידע דארפן פארן. אבער ווען זי איז ארייננעקומען, איז דער שוועער שוין געשלאפן. זאל זי גיין אים אויפוועקן? ניין. ער איז שוין קיין צוויי נעכט נישט געשלאפן. איז דערפאר אן עבירה אים איצט איבערצוּוועקן. דעריבער האט זי זיך אויך אוועקגעזעצט און ווארט. זי זיצט און ווארט, ביז ער וועט זיך אליין אויפכאפן.

אויך איז דא געווען קאפקע. זינט די מאמע איז ארויסגעקומען פון קרימינאל, האט ער זי נאך אויף קיין ווייל נישט געלאזט אליין. וואו זי גייט און וואו זי שטייט — ער איז אלץ לעבן איר. בלומע האט זיך דערפאר אויסגעדריקט פאר מענטשן, אז זי האט אים נאך אזעלכן קיינמאל נישט געזען. פשוט, ער קלעפט צו איר.

— אז דו וועסט זיך אזוי אלעמאל אנהאלטן אן דער מאמעס פארטעך, — האט זי אים נאכדעם געזאגט — וועט דאך קיין מיידל ניש וועלן חתונה האבן מיט דיר . . .

— כ'האלט זיך ניש אן אן דיין פארטעך, מאמע . . . — האט ער געענטפערט און עס האט אים א ביסל געארט, וואס זי פארשטייט נישט זיין וועלן זיין כסדר מיט איר, זינט זי איז ארויסגעלאזט געווארן פון קרימינאל. דאך האט ער זיך נישט אנגע'ברוגז'ט און איז ווידער נאכגעגאנגען, וואוהין זי האט זיך נאר גערירט.

איז אט זיצט ער אויך איצט דא אין קיך און ווארט אויך, אז דער זיידע זאל אויפקומען פון שלאף.

בעת אט דעם ווארטעניש הערן זיך דורך די אפענע פענצטער גערידן פון צוויי מאנספארשוינען, וואס גייען אויף דער באנגאס. זיי זענען געגאנגען פאמעלעך, די דאזיקע צוויי מאנספארשוינען, און האבן גערעדט הויך.

פערל, ביי וועמען די חושים זענען לעצטנס, איבער די געשעענישן, געווארן פארשפיצט פארשארפט, האט זיך איצט ראפטום אויפגעשטעלט. זי איז צו צו איציקן און אים געבעטן, אז ער זאל אקעגנגיין די צוויי מענטשן.

— זיי אזוי גוט, — זאגט זי צו אים — און גיי ארויס צו די צוויי סוחרים און זאג זיי, אז דער מחותן שלאפט . . . כ'וויל נישט, אז זיי זאלן ארייננקומען אין הויז און אויפוועקן דעם באלעבאס מיט זייער טומל . . . זאלן זיי קומען שפעטער . . .

איציק האָט זיך אויפֿגעשטעלט און איז אַרויס פֿון קיך.

פֿאַרן הויז זענען געשטאַנען ר׳ שלמה האַלון־סוחר און ר׳ אהרן טראַן־הענדלער און האָבן געקוקט אויף איציקן.

— וואָס גייט אײַנץ אַן זיין שלאָף, דעם מחותנ׳ס . . . — זאָגט שלמה האַלון־סוחר.

— זאָל ער זיך שלאָפֿן, דער מחותן, ווילאַנג ער וויל . . . — שטימט צו ר׳ אהרן טראַן־הענדלער.

— אײַנץ גייט אַן, — זאָגט ווידער תרעומות׳דיק ר׳ שלמה — צי ער האָט געבראַכט געלט פֿון די יודקעס.

אַראָפּגעקומען זענען זיי איצט, פּונקט ווי נעכטן, פֿונוועגן זייער חוב. אַזוי ווי זיי האָבן געהערט, אַז די יודקעס זענען שוין דאָ צוריק פֿון וואַרשע, איז זיי באַלד איינגעפֿאַלן אַהערצוגיין צו שמעונ׳ען. וואָרים, אַז די יודקעס זענען שוין דאָ, איז דאָך שוין שמעון אין דער היים אוודאי און אוודאי. איז אָט האָבען זיי זיך אַהערגעלאָזט. איי, ווי זיי קענען זיך נאָך ווייזן ביי שמעונ׳ען אין הויז, נאָכדעם ווי פֿערל האָט זיי דערלאַנגט אַ גאָב? איי, ווי זיי קענען נאָך האָבן דרייסטקייט? שטות׳ן! וואָס דאַרף עס זיי אַרן? זיי גייען דען גאַנוועגען? פֿונוועגן זייער געלט וועלן זיי אַפֿילו גיין דעם טייוול אין די אויגן אַריין! אמת, נעכטן, ווען זיי זענען אַהיים פֿון דאַנען, האָבן זיי געהערט פֿון יאָקל זאַנב און פֿון ר׳ בעריש דעם מקובל, אַז ווען יענע זאָלן אַפֿילו וויסן צו פֿאַרלירן די געלטער, וועלן זיי שוין מער נישט גיין מאָנען. עס איז פּשוט קעגן זייער טבע, האָבן זיי געזאָגט, צו מאָנען געלט פֿאַר אש . . . אָבער דאָס, טראַכטן ר׳ שלמה און ר׳ אהרן, קען נישט זיין קיין משל פֿאַר זיי. און אַז איינעם וועט זיך פֿאַרגליסטן אָוועקשענקען ס׳לעצטע העמד, מוזען זיי נאָכטאָן? אָבער די צרה איז נאָר דאָס, וואָס שמעון, ווי זיי הערן פֿון דעם אַר־בעטאָרער, איז צוריקגעקומען פֿון וואַרשע מיט דעם, מיט וואָס ער איז געפֿאָרן.

— טאַקע לגמרי גאָרנישט געקריגן פֿון די יודקעס? — פֿרעגט ר׳ שלמה ווי נישט גלויבנדיק.

— טאַקע גאָרנישט? לחלוטין גאָרנישט? — העלפֿט צו ר׳ אהרן.

— ניין . . . — דרייט איציק מיטן קאָפּ.

— איז דאָך שלעכט . . . — קוקט ר׳ שלמה פֿאַרשנדיק אויף איציקן.

טאַ וואָס וועט זיין? — דרייט ר' אהרן מיט די דיקלעכע ליפּן.

— איר דאַרפט זעך ניש זאָרגן . . . — טרייסט איציק פאַר־דראָסיק — ווי נאָר דער מחותן וועט נעמען געלט ביי יוסף סאָבאָלן, וועט ער אייך אָפּצאָלן די חובות . . . ער דאַרף נעמען געלט ביי עם . . .

— ביי וועמען? — שטעלט ר' שלמה אוים די אויגן.

— ביי יוסף סאָבאָלן . . . — זאָגט איבער איציק.

— ביי וועמען? — טוען שוין איצטער ביידע סוחרים, איבער־ראַשטע, אַ פאַרגלייז די אויגן און נעמען פאַרוואונדערט קוקן אויפן יינג.

איציק האָט שוין איצט מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט גע־קוקט אויף די סוחרים, מחמת וואָס זיי זענען אַזוי ווי שניי־געצן געוואָרן, און באַלד זיך צוריקגעקערט אין הויז אַריין.

ר' שלמה און ר' אהרן האָבן איצט געקוקט איינער אויפן אַנדערן.

— וואָס איז דאָס? — ברומט ר' שלמה — זיי וויסן נאָכניש, די מענטשן אין דעם דאָזיקן הויז, אַז יוסף סאָבאָל צאָלט אויך ניש קאַ חובות? . . . זיי וויסן נאָכניש, אַז די בענק, וואו יוסף סאָבאָל האָט געהאַלטן אַלע זיינע געלטער, זענען איבערגענומען געוואָרן פון דער רעגירונג, און צאָלן ניש אפילו קיין פּרוטה, ביז נאָכן קריג? . . . ער האָט זיך דאָך מורא צו וויזן פאַר מענטשן, דער יוסף סאָבאָל, ווייל טייל מענטשן גלויבן אים ניש! ער איז דאָך אפילו אין הויז נישטאָ! . . .

ר' אהרן האָט געקוקט אויף ר' שלמה'ן, ווי ער וואָלט נישט געהערט, וואָס יענער זאָגט, נאָר געטראַכט וועגן חוב ביי שמעונ'ען, וואָס האַלט, איבער פאַרשידענע סיבות, אין איין זינקען. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און נישט געקענט ענטפערן דעם שכן זיינעם מיט קיין איין וואָרט.

# קאַפּיטל צוואַנציק

ביי שמעון רימערס בעט אין אויפנעם־צימער, וואָס גילט אויך פאַר א שלאָף־שטוב, איז געשטאַנען דאָקטער רובין. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו שמעונ׳ען, וואָס איז געלעגן אויפן בעט, און האָט געטראָגן א קליין רענצעלע מיט מעדיקאַמענטן, וועלכע ר׳האָט אָקאָרשט דאָ גענוצט.

לעבן בעט זענען געשטאַנען פּערל, חוה, בלומע און קאַפּקע. אַלע אַנדערע הויז־מענטשן זענען געווען אין קיך — אי אויס רעספּעקט צום דאָקטער רובין און אי כדי נישט שווער מאַכן די לופט אַרום דעם הויז־באַלעבאָס.

צוליב פרישער לופט האָט מען דאָ טאַקע אין צימער צעפּראַלט אַלע פענצטער. מ׳האָט אויפגעהויבן די פאָרהאַנגען און פאַרשטעקט זיי אין א זייט — זיי זאָלן נישט פאַרהאַלטן דאָס קוים־וויבּרירנדיקע ווינטעלע. מ׳האָט אַראָפּגענומען די בלומען־טעפּ, וואָס זענען געשטאַנען דאָרטן, אויף די פענצטער. מ׳האָט אַוועקגערוקט די קאַנאַפּע, וואָס איז געווען דער פרישער לופט אין וועג. אויך דעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן דיל, צווישן שמעונ׳ס בעט און די פענצטער. אַלץ, וואָס מ׳האָט געטאָן, איז געווען אויפן דאָקטערס עצה. און אַלץ, וואָס ער האָט געהייסן, איז געווען לטובת שמעונ׳ען.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז ער, דער יונגער דאָקטער רובין, דאָ אַריינגעקומען. געלאָפן נאָך אים און שנעל מיט אים אַהער דאָ — איז בלומע. דאָס בהלה׳ניש — צוליב דעם שווער.

פריער, ווען אַלע, די משפחה און די אַרבעטער־יינגען, זענען געזעסן אין דער קיך און האָבן געשוויגן, כדי נישט איבערוועקן שמעונ׳ען אין זיין שלאָף, האָבן זיי פּלוצים דערהערט ווי דאָס שטאַרקע בראָפּען זיינס האָט זיך מיט איינמאָל א האַק אָפּ געטאָן. עס האָט

זיך געדאַכט ווי אַ שווערער שטיין וואָלט פּלוצים אַריינגעפאַלן אין אַ באַרג פּוטערוואַרג און געבליבן געוויכטלאָז פון דער שטילער ווי־דערשטאַנדלאָזער ווייכקייט. דער עולם האָט זיך דעמאָלט נישט וויסנ־דיק געמאַכט. מ'איז געזעסן ווי פריער. איינער געבויגן מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַ צווייטער מיטן קאָפּ אויף אַ זייט. איינער — פאַר'דאגה'ט. און אַנדערער — פאַרטראַכט. איבער איטלעכן האָט געוויעט עפּעס אַן איינשלעפערנדיקע שטילקייט, אַ שטילקייט, וואָס מאַכט מיד, טעמפּ אָט די חושים, מאַכט מוטלאָז. אָבער אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָט דאָס פּלוצימדיקע אויפהערן פון שמעונ'ס כראָפּען גע־נומען פעלן. איטלעכער איינער האָט געפילט, אַז עפּעס איז געמי־נערט געוואָרן פון דער פריער באַלאַנסירטער שטילקייט. עס האָט גענומען פעלן ווי דאָס פּלוצים זיך אָפּשטעלן פון אַ רעגעלמעסיק טיק־טאַקן פון אַ זייגער. מ'האָט געפילט, אַז עפּעס איז די שטילקייט געוואָרן פּליסיק. זי פאַרשווינדט, ווי זי וואָלט אויסגערינען, און לאָזט אָבער אַ קילנדיקע הוילקייט. אַז מ'האָט אַ קוק אַריין געטאָן אין אויפנעם־צימער, האָט מען געזען ווי שמעון ליגט אויפן בעט אַ ווייסער און די ליפּן שעפּטשען עפּעס אַריין אין דער באָרד און וואָנצעס.

—וואָס איז, שווער ?! . . . וואָס איז ? ! . . . — איז גיך צו־געשפּרונגען די ענערגישע בלומע. און נאָך איידער די אַנדערע פון דער פאַמיליע זענען צוגעקומען צום בעט, איז זי שוין צוריק אַרויס פון צימער און גענומען לויפן נאָכן דאָקטער.

נו, איז ער געקומען. די מערסטע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם בעט, האָט ער אַז צערעמאָניעס געשיקט אין קיך אַריין, און זיך גענומען הארעווען אויף שמעונ'ען מיט אַלע מעדיקאַמענטן, וואָס ר'האָט געבראַכט אין זיין וואַליזקעלע. בעת'ן האָרעווען האָבן זיך געהערט העשערייען פון די טעכטער אין דער קיך. אויך פון פערלען און חוה'ן אין אויפנעם־צימער. אָבער דאָקטער רובין, וואָס איז בטבע אַן אומגעדולדיקער, דערצו — אַ קאַפּעטשקע נערוויאַיש, מחמת ער וויל אַלעמאָל טאָן גיכער און בעסער ווי ס'לאָזט זיך, האָט אַלעמען אויגנבליקלעך באַהערשט.

— זי דאַרפן דאָך וויסן, מיינע הערשאַפטן, — האָט ער גע־שטראָפט מיט די בייזע, שוואַרצע אויגן און זיך געבעטן ביים עולם אין ביידע שטובן — זי דאַרפן דאָך באַגרייפן דאָס דעם שמערצן־ליידנדן קומט נישט צו קיין געזונט פון אינעם לאַמענטאַציאָנען . . .

ווילן זי מאכן די לאגע פון דעם קראנקן קריטישער ? . . . א ? . . .

איצט אבער איז ער שוין פארטיק מיט דער אונטערזוכונג. ער שטייט שוין גרייט אוועקצוגיין און קוקט אריין אין געל־פנים׳דיקן שמעונ׳ען, ווי ער וואלט אים געוואלט איבערצייגן אין דער גוויסקייט — אנצונעמען א נייע רגילות אין וויטערדיקן לעבן.

— יא, — האלט ער אומגעשיקט א האנט אויף א זייט, מחמת נישט האבן מיט איר וואס צו טאן, און רעדט, ווי ער וואלט געווען דער מחבר פון קהלת — זי וועלן זיך דארפן היטן פון יעצט אן, הער אלטער . . . — זאגט ער צום שטאר קוקנדיקן שמעונ׳ען — זי טארן זיך ניט ערגערן . . . זי מוזן קוקן אויפן לעבן לייכטער . . . די ערנסטקייט אייערע וועט אינען קיין גוטעס ניט פארשאפן . . . נעמען זי אלץ גרינג . . . מיט א שמייכל . . . אלץ מיט א שמייכל . . .

ער האט געוואלט נאך עפעס זאגן, אבער אזוי ווי ר׳האט באמערקט ווי שמעונ׳ס אויגן קערן זיך אפ פון אים מיט ביטול, מאכן זיך צו, האט ער אפגעהאקט און גענומען ארויסגיין.

— וואס איז מיין טאטן ? — האט פייגע געפרעגט דעם דאקטער אין קיך.

— זאגט אינץ דעם אמת ? — זענען אויך צוגעשטאנען גיטל און שרה׳לע.

— ניט געפערלעך . . . — זאגט ער — זי דארפן זיך ניט שרעקן, פרויילינס . . . געווען אן אנגריף אויפן הארצן . . .

---

אז ער איז אוועק, דר. רובין, זענען די שוועסטער און די יינגען אריין אין אויפנעם־צימער און האבן זיך געשטעלט ארום דעם קראנקן־בעט.

ארום דעם בעט זענען אויך געווען פערל, חוה, בלומע, קאפקע. אבער אלע, חוץ בלומען, האבן פון דעם אומדערוואַרטן געשעעניש נישט געקענט מיט קיין אבר רירן. זיי זענען געווען ווי געליימט. די איינציקע, וואס האט זיך נישט נאר געהאלטן מונטער, נאר אויך נישט פארגעסן עפעס טאן פארן קראנקן, איז געווען די ענערגישע בלומע. אויפגעציטערט און געטריבן פון איר גיך באנעמענדיקן שכל און איר שארפן שפיר־חוש, וואס טוט זי אין אזוינע פאלן אויגנבליקלעך אלארמירן וועגן די אומבאדינגט באלדיקע נויטווענדיקייטן אין א סכנת־נפשות, האט זי זיך א נעם געטאן צו טאן ארבעט, אזש ס׳איז געווארן אוממעגלעך אונטערצושיידן, צי זי טוט עס מיט

א קלאָרן פאַרשטאַנד, אָדער, חס־וחלילה, פאַרקערט. זי איז געווען אַזוי אומגעוויינטלעך פאַרקאַכט בעת איר פּאַרען זיך — ממש נישט מענטשלעך . . . זי איז צו צום שווער און האָט פון אים אַראָפּגע־צויגן די וועסט, די שטיוול, די הויזן. נאָכדעם — אויפגעפּוכקעט די קישנס, אַוועקגעלייגט אויף זיי דעם קראַנקנס קאָפּ און צוגעדעקט די פיס מיט אַ קאָלדרע. פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, איז זי אַריין אין קיך. דאָרטן האָט זי צעפּראַלט די שפּייז־שאַנק און אַרויסגענומען אַ קריגל מילך. פון דאַנען איז זי צו צום קאַמין, געמאַכט אַ פייער, און פון צווישן אַ יאַריד פון טעפּ אַרויסגעקראָגן איינעם, וואָס זי האָט אָן שום שהיות אַריינגעטראַסקעט אין אַ פייערקע צום קאָכן. און אַז די מילך איז שוין געווען אָנגעוואַלן, האָט זי, די פאַריאַכמער־טע בלומע, גענומען אַ טעפּל פון געפּעס־שענקל, פון וואַנען ס'זענען בעת־מעשה אַראָפּגעפאַלן צוויי גלעזער צום דיל, און, איילנדיק זיך איבער די שאַרפע שפּליטערס, אַריינגעטראָגן דערין צום שווער דעם טרונק.

שמעון איז איצטער געלעגן מיטן פּנים אין קישן. ער האָט גע־האַלטן די אויגן פאַרמאַכט, די ליפּן פאַרביסן און די הענט — אַראָפּ־געלאָזט פון בעט־ראַנד, ווי צוויי ווענלעם פון אַ ליידיק שיפל, וואָס כוואַליעס פון אַ צעשטורעמטן טייך האָבן אַרויסגעשליידערט אויף אַ וויסטן ברעג. די באַקן זענען געווען בלייך, דער האַלדז עטוואָס איינגעשרומפּן, מיט אַרויסגעשטאַרטשענדיקע, אָנגעדראָלענע אָדערן, און די באָרד, וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען גראָ, האָט איצט אויסגעזען תכריכים־ווייס.

דער פּרויען־עולם אַרום האָט געשליוכעט. די שוועסטער האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר אַ ריס אין דער פאַמיליע און פאַר אָפּגעפרעמדט ווערן איינע פון דער אַנ־דערער. זיי האָבן געקוקט אויפן פאָטער און געוויינט זייער יאָמער־לעך. אויך פּערל איז נישט אָפּגעשטאַנען. זי האָט געהאַלטן דאָס פאַרטעך ביי דער נאָז און געשנייצט און געוויינט, געשנייצט און געוויינט.

בלומע, ווי נאָר זי איז צוגעגאַנגען צום בעט, האָט אַ פאַר־דראָסיקן געשריי געטאָן צו דער חברה:

— וואָס האָט עץ זעך אַזוי צע'תשעה־באַב'ט ? ? . . . שטיל זאָל זיין ! . . . שאַט ! . . .

איבער דעם געשריי האָט שמעון געעפנט די אויגן און זיך

אויסגעדרייט צום עולם, ווי ער וואָלט ערשט איצט זיך דערוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר. וואָס איז דאָס? — קוקט ער אויף איטלעכן איינעם טראַכטנדיק. — שוין? ליגט ער דען שוין אויפן טויטן־בעט, וואָס מ'באַוויינט אים? און וואָס איז דאָס בכלל אַן עובדה נישט צו לאָזן אים צומאַכן אַן אויג? ער איז דאָך מיד און וויל שלאָפן!

— גאָרניש... גאָרניש... — האָט בלומע אים גענומען באַרואיקן, כאָטש ער האָט ס'מויל נישט געהאַט געעפנט — ס'איז גאָרניש, שוועך... טרינקט די מילך...

שמעון האָט איצט צווייִדייטיק גענומען קוקן אויף בלומען. איינמאָל האָט עס באַדייט: „וועמען גייסטו פאַררעדן, וועמען? מיינסט, כ'וויים ניש, אַז זיי טראַכטן, כ'גיי שוין שטאַרבן?" און איינמאָל האָט עס באַדייט: „וואָס גייסטו מיך פּאַשען מיט מילך? וואָס וועל'ך אַ צווייט האַרץ קריגן פון איר?..." אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיך אויפגעזעצט.

— גיב מיר די הויזן און שטיוול. — זאָגט ער צו איציקן, וואָס איז געשטאַנען ביי אים צוקאָפּנס.

איציק האָט אַ צע'חוש'טן קוק געטאָן אויפן עולם און גענומען דערלאַנגען ס'אָנטועכץ.

— וואָס גייסטו זיך עפּעס אָנטאָן? — האָט פּערל זיך גיך צוגעבויגן צו אים.

— פאַרוואָס ליגסטו נישט אין בעט? — האָט חוה און די איבעריקע שוועסטער אין איין קול אַרויסגעלאָזט אַ וויינענדיק געבעט — דער דאָקטער האָט דאָך געהייסן ליגן אין בעט!...

שמעון האָט זיך אויף אַ ווייל אויפגעהערט אָנטאָן און געקוקט מיט אַ פאַר'חלש'טן בליק אויף איטלעכן איינעם.

— עץ ווייסט ניש, — זאָגט ער שטיל — אַז מ'דאַרף גיין באַגלייטן מאַרקלען? ס'איז דאָך שוין צייט...

אַלע פון עולם האָבן זיך איצטער איבערגעקוקט. אמת, האָבן זיי געטראַכט, טאַקע אמת. איבער דעם געשעעניש מיט אים, דעם הויז־באַלעבאָס, האָט מען געהאַט פאַרגעסן אַן מאַרקלען. אָבער ווי קען מען דערלאָזן, אַז ער, דער הויז־באַלעבאָס, זאָל איצט אַראָפּ פון בעט? פון עגמת־נפש, וואָס ער וועט זען ווי מען שיקט אַוועק מאַרקלען, קען דאָך מיט אים ווידער עפּעס געשען!...

— טאַטע... — איז חוה באַלד צו צו אים בעטנדיק, ער זאָל נישט גיין.

און נאך איר זענען אויך צו פערל, בלומע און די ארבעטער:

— שמעון . . .

— שווער.

— מחותן . . .

— מיינסטער . . .

אבער שמעון האט זיך נישט געלאזט איבעררעדן און זיך אנ־געטאן צום באגלייטן.

---

אויפן וועג איז איטלעכער געגאנגען שטיל. אזוי שטיל — ווי ס'וואלט געווען פארטאג און מ'וואלט נישט געוואלט איבערוועקן מענטשן אין די הייזער. איטלעכער איז אבער געווען פארטראכט און געקוקט אויפן עלטסטן, שמעון'ען, ווי מ'וואלט אים געדארפט היטן פון א נישט גלייכן קער און ווענד. געגאנגען זענען זיי אין א לאנגער פראצעסיע־שורה:

פערל און בלומע מיט שמעון'ען.

חוה מיט קאפקען,

גיטל מיט שרה'לען,

פייגע מיט איציקן, און

מאיר'ל, שיע, בערל, כאסקל — צוזאמען.

אלע (חוץ שמעון'ען) האבן איצט געטראכט וועגן זיך אין שייכות מיטן „הויז", מיט אלץ ארום, און אונטערגעצויגן, איטלעכער אויף זיין אופן, דעם לעצטן סך־הכל.

פערל:

שוין . . . וואס האב'ך זיך צו נארן? כ'זע דען נישט ווי ס'האלט? ווי איז מיר, סארא מלוכה מיר גייט אונטער! . . . פיל מאל האב'ך געקענט פירן מיט „אים" א מחלוקת, א סך הנהגות פון אים נישט גערן זען, אבער ס'איז דען מיר נאך אמאל געווען אזוי ביטער ווי אצינד? . . .

בלומע:

מאך זיך הארץ אהין, מאך זיך הארץ אהער, — דעם אמת קען מען אבער נישט פארשרייען . . . ס'איז שלעכט. יא. גארנישט גוט. אפשר איגנאנצן נישט גוט . . . יא, מ'קאן נישט פארבייגיין דעם פאקט . . . וואס וועל'ך א צינד טאן? פונוואנען וועט איצט זיין צו געבן מיר וואכן־שכירות? עם וועט דען האבן א זין צו מאכן זיך פרעטענציעס צו אים, דעם שווער, פארוואס ער גיט נישט? . . . אלץ

איז דאָך אַצינד אויס. נישט קיין מיטלען און נישט קיין פּירער . . .
וואָס, מ׳קען זיך דען נאָך אַצינד איינרעדן, אַז דער שווער וועט עפּעס
קענען טאָן ? אַ נעכטיקער טאָג. ער איז שוין אַזוי גוט ווי נישטאָ
צווישן די לעבעדיקע. ס׳איז בלויז אַ פראַגע פון טעג, אפשר פון
וואָכן . . .

חוה :

ווי אַנדערש עס האָט זיך שוין געהאַט געוויזן, און ווי אַנדערש ס׳האָט זיך איצט אויסגעלאָזט... דער שידוך... די פאַבריק... די געלטער . . . אַצינד דער טאַטע . . . פאַרפאַלן, ס׳קען שוין אַנדערש נישט זיין . . . ניין. וואָלט נישט געווען קיין מלחמה, וואָלט זי זיך איינגעפּאַקט די מלבושים און געלאָזט זיך וואו די וועלט האָט אַן עק . . . אָבער צו וואָס דאָס טראַכטן ? עס וועט דען לייכטער ווערן דערפון ? אַלץ לעשט זיך, גייט אויס, ס׳ווערט פינצטער . . . פשוט פינצטער . . .

קאַפּקע :

אַמאָל האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט נישט געווען אַזאַ אָרעמאַן, וואָלט ער אים, קאַפּקען, געשיקט אין ישיבות און גע־מאַכט פאַר אַ רב . . . אָבער ס׳האָט גאָרנישט געקענט ווערן דערפון, ווייל ער, דער טאַטע, איז נישט געווען אימשטאַנד . . . לעצטנס האָט ער ווידער געזאָגט, דער טאַטע, אַז ווי נאָר ער וועט קריגן פון זיידן אַ הוספה אויף די וואָך־שכירות, וועט ער אַריינגעמען צו אים, קאַפּקען, אַ לערער פון לשונות און אין אַ שטיקל צייט שפּעטער אַוועקשיקן אים, קאַפּקען, אין דער גובערניע־שטאָט צו לערנען אויף אַ בוכהאַל־טער . . . אָבער אַצינד . . . אַצינד איז שוין אויך פון צווייטן וועלן גאָר־נישט געוואָרן. דער זיידע קען נישט נאָר קיין הוספות נישט געבען, נאָר אינגאַנצן קיין שכירות נישט צאָלן, און חוץ דעם, קען דען דער טאַטע עפּעס טאָן ? ער ווערט דאָך פאַרשיקט ! . . .

גיטל :

זי ווייסט נישט, פאַרוואָס דעם טאַטן איז קיינמאָל נישט גע־לונגען דורכצופירן אַ פּלאַן ביז צום סוף . . . קיינמאָל . . . וואָס נאָר ער האָט זיך אונטערגענומען, איז געוואָרן צעשטערט. און דאָס זעלבע קען זי אויך זאָגן וועגן די קינדערס פּלענער. וועגן מאַרקלס, חוה׳ס און פייגעס פּלענער, איז נישט קיין סוד. אָבער נישט בעסער איז מיט אירע, גיטלס און שרה׳לעס. אָט האָט זי, גיטל, און שרה׳לע בסוד־סודות געהאַט שמועסן און שפּאַצירן מיט מאיר׳לען און שיען.

זיי האָבן געוואָרט מיטן סוד פאַר טאַטע־מאַמע, ביז פייגע און איציק וועלן שטעלן א חופּה . . . זיי האָבן דאָך געוואוסט, וואָס פאַר א מערכה זיי קענען האָבן ביי די עלטערן פאַר אַרויסקומען מיט איינ־מאָל, אַז זיי ווילן אויך התונה האָבן מיט אייניקע פון די הויז־אַר־בעטער! אָבער אַצינד איז אפילו פון שטילן פּלאַן גאָרנישט געוואָרן. די אַרבעטער גייען אוועק אין דער מלחמה.

שרה׳לע:

ווי הימל־ווייט עס איז אַצינד אַלץ, וואָס איז אָקאָרשט געווען דאָ, מיט אונדז. אפילו דאָס ערגסטע פון עטלעכע טעג צוריק איז אַצינד א שיינער חלום, נאָך וועלכן מ׳בענקט . . . אַך . . .

פייגע:

נו, אַצינד בלייבט איר שוין גאָרנישט מער איבער צו טאָן, ווי נאָר מאַכן א סוף צו איר לעבן . . . אַצינד. יאָ אַצינד, וואָרים אַלץ אין הויז איז רואינירט, און דערצו, ווען דעם טאַטנס געזונט הענגט אויף משקולת, וועט זי דען ווידער מאַכן אזא סצענע ווי אין דער פרי? ערשטנס, נאָכאַמאָל אזא סצענע, האָט נישט קיין זין. אויב אפילו יאָ, וואָלט זי אָבער זי געמוזט מאַכן מיטן פולן מויל. ס׳הייסט אָפן אַרויסקומען און זאָגן וואָס ס׳איז די אמת׳ע סיבה פון פאַרלאַנגען א חופּה. צווייטנס, מעג זי דען דאָס טאָן? זי וואָלט דאָך דעם פאָטערס טעג פאַרקירצט מיט אירע אייגענע הענט. דעריבער בעסער טאָן דאָס, וואָס זי האָט זיך שוין באַשטימט . . .

איציק:

נישט נאָר איז פייגען נישט גוט, וואָס עס דערוואַרט זי פון „הויז" און דער „שטאָט", נאָר עס דערוואַרט זי אויך נישט קיין גוטס איבער דעם פאָטער גופא. וואָס וועט זי, למשל, טאָן, ווען ס׳הויז וועט בלייבן אָן א באַלעבאָס? ווי וועט זי אויסזען? . . . ווייניק אַנדערע צרות? וועט זי נאָך צוקומען מיט אירע! . . . ניין, נישט געווען געדאַרפט זיך לאָזן פאַרפירן פון האַס צו די אַלטע און פון תאווה צו זייער טאָכטער. געדאַרפט געווען נאָכגיין דעם שכל . . . אָבער פאַרוואָס קריגט דער שכל מאַכט איבער אים ערשט דעמאָלט, ווען ער, איציק, איז שוין קיל, און נישט פריער, ווען אַלץ שטורעמט אין אים? . . .

מאירל, שיע:

אַצינד ווערן זיי נישט נאָר אַרויסגעריסן פון אַן אָרט, וואו זיי האָבן זיך שוין פיל ווייניק געהאַט געמאַכט א שטיקל נעסט און וואו

עס וואָלט פאַר זיי מיט דער צייט געוואָרן אַן אמת'ע חיים, נאָר עס איז שוין פאַר זיי איצט נישטאָ קיין פּיצל טרייסט, אַז נאָך דער מלחמה אפילו זיי, מאיר'ל, שיע, זאָלן יאָ לעבן, וועלן נאָך האָבן וואוהין זיך צוריקצוקערן . . . ניין, קיין טרייסט. ווארים אי „ס'הויז", אי שמעון — אַלץ איז שוין קאַפּוט . . .

און בערל און כאַסקל:

וואָס בלייבט אַצינד פאַר זיי צו טאָן, כאָטש זיי גייען נישט אין דער מלחמה? ס'בלייבט אַצינד פאַר זיי גאָרנישט וואָס צו טאָן, כאָטש זיי בלייבן אין ציוויל. גאָרנישט. פוסט און פּאַס . . . — — — — — — — — — — — — —

דערזען אָבער דאָס פּאָליציי־הויז, האָבן אַלע אויפגעהערט טראַכטן. דאָס קלאַנג, איטלעכן איינעמס, האָט זיך מיטאַמאָל אַ האַק אָפּ געטאָן, ווי פון אַן אומגעריכטן זעץ אין קאָפּ. און דער זעץ איז געווען דאָס גרויסע געטומל אַרום דעם פּאָליציי־הויז.

---

אַרום דעם פּאָליציי־הויז זענען געשטאַנען מענטשן — קאָפּ אויף קאָפּ. דאָס גאַנצע גרויסע פּלאַץ אַרום דער געביידע איז געווען, ווי אַ מאַרק אין אַ שפּע'דיקן יאַריד־טאָג. פון ברעג ביז ברעג האָבן זיך געדריקט אַלט און יונג, מענער און פרויען. אייניקע האָבן געגאַרט אַרויס. אַנדערע האָבן זיך געריסן אויבנאָן. טייל האָבן געזוכט אַן אָרט — בעסער צו זען . . . טייל האָבן בכלל נישט געקענט איינשטיין — — דער גאַנצער גרויסער עולם האָט זיך געוואָרפן, ווי אַ שיף אויף אַ צעבושעוועטן ים.

פון אייניקע ווינקלען האָבן זיך געהערט קללות. פון טייל ער־טער — קרעכצן. אַלץ איז אָבער, אַן פּעולה, דערטרונקען געוואָרן, ווי הילף־רופן אין אַ שטורמיש־צעוויגטן וואַלד.

געקומען איז דער עולם פון אַלע ווינקלען אין שטאָט. טייל — צו באַגלייטן די אַרעסטאַנטן, וואָס מ'פירט קיין טיף־רוסלאַנד. טייל — צו זען, ווער די „לייט" זענען. טייל — אונטערצוגעבן מוט. אַנדערע — צו געבן הילף, צו זאָגן מוסר, אויסצוגיסן די תוכחה, אדער — אָראָפּ־צונעמען זיך אַ מוסטער פאַרן אייגענעם לעבן . . . מ'האָט זיך אַהער געלאָזט, ווי צו אַ גרויסן משפּט.

געווען זענען צווישן עולם:

וויגדערל, דער גרייז־גרויער שוסטער פון „פּאָליטישן הויז" און זיין ווייב. געקומען זענען זיי — געזעגענען זיך מיט דער כלה, וואָס

האט פיל יארן געוואַרט אויף זייער זון פון סיביר. אויך טאַטעס, מאַמעס, ווייבער, קינדער, קרובים און באַקאַנטע פון אַרעסטירטע טרעגערס, פורמאַנעס, בעל־מלאכה'ס. אויך דירעקטאָרן פון דער זייף־און־ליכט פאַבריק „העלפאַנט" — צו באַגלייטן פיל אַרבעטער פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען. אויך די רימאַרערס: דער פרומער ראובנ־לע מיט די ברילעכלעך, מאַשקע מיט דער הויכער פּלייצע, דער געלער בער „פּאַרטאַטש", זיין ברודער אשר „קעלבל", יאַנקל „נאַכקוקער" און נאָך אַנדערע. אַלע זענען געקומען זיך געזעגענען מיט מאַרקלען. אויך יאָסעלע אַסיסטענט־בוכהאַלטער און דבורה'לע, בן־ציון'ס שוועס־טער, מיט וועלכער ער, יאָסעלע, איז לעצטנס, בעת'ן אָפּטן באַזוכן איר קראַנקן ברודער, געוואָרן זייער נאָענט באַפריינדעט . . . אויך פאַן קאַרפּ און די טאָכטער פאַניע, וועלכע פילן זיך לעצטנס פאַרפליכטעט צו זיין אומעטום, וואו ס'קומט פאָר אַ יידיש אומגליק, און אויסדריקן זייער ווידערווילן קעגן אַלע סאָרטן יידישע פייניקער. אויך דער הויט־און־ביינינקער, גרייז־גרויער לייבעלע בית־דין־שמש, וועמען דער רב זעלבסט האָט געשיקט זען וועלכע יידישע זין און טעכטער עס ווערן ארויסגעריסן פון זייערע היימען. אויך יידישע באַלעבאַטים: ר' יעקב דאַמסקי, ר' משה שפּערלינג, ר' ברוך ווינער, ר' צבי פיינמאַן, באַזשע לעדער־סוחר, דוד'ל פון קלעשטשעס און אויך שמואל ליפּמאַן, דער שקל־פאַרקויפער, און דער וואַנדיקער פילאָזאָף פון גאַליציע, הער שטראַלנסאָן, וואָס האַלט זיך אויף ביי זיינע קרובים, די אַמסטער־דאַמס. ס'זענען אויך געווען אַ סך אַנדערע אַנגעזעענע שטאָט־לייט, וואָס זענען געקומען מיט ערנסטע כוונות — צו טרייסטן, אָדער צו מוסר'ן, אָבער האָבן זיך בפּועל־ממש נישט אַרויסגעזען פון צווישן עולם.

די, וואָס האָבן זיך אָבער צום מיינסטן אָנגעזען, זענען געווען: פריילין זאָשקע און שלמה. פריילין זאָשקע איז געשטאַנען אין פראַנט פון עולם, נישט ווייט פון די פיל פערד־און־וועגן, וואָס האָבן פאַרן פּאָליציי־קאָרידאָר געוואַרט אויף די אַרעסטאַנטן, און שלמה — הינ־טערן עולם, ביים סאַמע ברעג.

פריילין זאָשקע, אין אַ ווייסן קאָסטיום, אין אַ באַפעדערטן היטעלע, איז געשטאַנען מיט עטלעכע מיידלעך פון „קרייז טאַל־סטאַיאַנער" און האָט געהאַלטן פעקלעך. אויך האָבן די חבר'טעס געהאַלטן פעקלעך. אין די פעקלעך זענען געווען פּאַפּיראָסן, זייף, נאָדלען, פאָדים, שאָקאָלאַד, קוכן, וואָס זיי, די מיידלעך, האָבן גע־

קויפט אי מיט טייל פון דעם קרייזס פאנדן, אי מיט נאך א גרעסערער סומע פון פרייווין זאשקעס אייגן געלט. דאס אלץ וועלן זיי צעטיילן צווישן די ארעסטאנטן, וועלכע מ'גייט אוועקפירן קיין טיף־רוסלאנד.

שלמה, אבער, איז געשטאנען איינער אליין. די הענט פארלייגט אויף הינטן, די ליפן צונויפגעפרעסט און די פאראומערטע נאכט־שווארצע אויגן — ווייט אריבער די קעפ פון עולם, צום פאליציי־קארידאר. צו גיין אהינצו — האט ער זיך נישט געפילט גענוג דרייסט. ער האט מורא געהאט, אז די ארעסטירטע, האבנדיק דערזען אים, וועלן אויף אים קוקן, ווי אויף דעם שולדיקן אין זייער איצטיקער לאגע, און דערפאר — אים פאראכטן. ער אליין, וואס אמת, האט זיך נישט געפילט שולדיק, אבער אזוי ווי די ארעסטירטע זענען איצטער געוויס פארטרויערט, מעגלעך אויך פארביטערט, האט ער, פון רחמנות צו זיי, נישט געוואלט קוקן אין זייער פנים אריין. ער איז דערפאר ליבערשט געשטאנען הינטער דעם גאנצן עולם, ווי אן אפּגעשטופטער, אן איבעריקער ביי אלעמען, און געקוקט אין ווייטנס, צי מ'פירט שוין ארויס די פארנומענע . . .

---

בעת'ן ווארטן אויף די ארעסטירטע איז פון עק־שטאט אנגעקומען א ברייטפלייציקער ייד, מיט א שווארצער, עטוואס דורכגעזילבערטער בארד, אין אן אטלעסענער קאפאטע, אין א סאמעטן היטל, און זיך גענומען גיין פאזע די פערד און וועגן — גלייך אריין אין פאליציי־הויז.

דער עולם ארום האט גענומען קוקן אויף אלע זייטן:

— וואס טוט ער דא, דער ראש פון די יודקעס?

— וואס וויל ער, ר' יודל?

— צו וואס גייט ער צו דער פאליציי?

— וואסארא קאמוניקאציעס האט ער מיט זיי?

ר' יודל האט זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף קיינעם און א בייזער, מיט ביטול צו איטלעכן איינעם פון „נאראד", וואס שטייט דא צוליב די ארעסטאנטן, און זיך האסטיק געלאזט אין דער געביידע אריין.

אין א שטיקל צייט נאכדעם האט ער זיך ווידער באוויזן. אבער דאס מאל שוין נישט אליין. מיט אים איז מיטגעגאנגען א סטראזשניק אין פולן קאמפלעט כלי־זיין. געגאנגען זענען זיי אייליק, ווי זיי וואלטן מורא געהאט — זיי וועלן זיך ערגעץ פארשפעטיקן, און בעת'ן גיין —

נישט געוואלט זיך אומקוקן. געגאנגען זענען זיי, ווי לויט אן אפמאך: ר' יודל — אויף פאראויס און דער סטראזשניק — פון הינטן. ר' יודל האט איבער דעם דאזיקן גיכן האוועז אויסגעזעזן צו לײדן פון היץ, ווארים איטלעכע פאר וויילעס האט ער זיך מיט איין האנט אראפ־גענומען דאס היטל, מיט דער צווייטער האט זיך צוגעדעקט דעם לײדיקן שארבן, און געבלאזן אין דער לופט אריין, ווי ער וואלט געווען אין א באד.

דער עולם האט אים ווידער גענומען נאכקוקן:

— צו וואס דארף ער האבן א סטראזשניק?

— ווער לויערט אויף עם?

— ווער טשעפעט עם?

— נישט אנדערש, נאר ער האט מורא צו גיין אין שטאט אליין...

— מסתמא... ער האט דאך אזויפיל שונאים אין שטאט...

ר'יודל האט אבער נישט באדארפט קיין שומר צו גיין אין שטאט אריין. ער איז ארויף מיטן סטראזשניק אויף דער באנגאס און ווי א דונער אריין אין רחל'עס רעסטאראן.

— וואו איז דער רוסישער? — טוט ער א בייזן שטעל אויס די שווארצע אויגן אויף דער קליינער אלמנה, וואס איז געשטאנען הינטערן בופעט, און שטייט צו צו איר, ווי א גזלן.

— וואסער רוסישער? — צאפלט די קליינע, דארע פרוי און קוקט אמאל אויפן סטראזשניק און אמאל אויף ר' יודלען.

— דו ווייסט נישט, וועלכער רוסישער? א?... ביסט ערשט פון הימל אראפגעפאלן, דו מכשפה?...

— אבער ווער? — טוט זיך רחל'ע א ריר ארויס פון הינטערן בופעט — ווי גאט איז ענק ליב... וואסער רוסישער, ווען רוסי־שער?... שוין וואכן ווי קיין פרעמדער האט ביי מיר ניש איבער־גענעכטיקט... איבריקנס, ב... בבב...

— אהא!... די שקרנ'טע האט זיך שוין פארפלאנטערט...— טוט ר' יודל א שטרעק אויס דעם ווייזפינגער צו איר מיט א ווארנונג און דרייט זיך אויס צום סטראזשניק מיט א באפעל אויף רוסיש — זוכן!...

דער סטראזשניק, ווי אן אנגעצויגענע ספרוזשינקע, וואס איז לויז געווארן, האט זיך בליצשנעל א לאז געטאן איבערן שטוב. ער איז אריין הינטערן בופעט און האט ארומגעשפיזט מיט די גראע

געדיכט־באַברעמטע אויגן. נאָכדעם איז ער צו צום אויוון און האָט באַטאַפּט דעם פּעקעליק. נאָכדעם — אַריין אין צווייטן צימער און געזוכט אין דער קליידער־שראַנק. נאָכדעם — אין דריטן צימער און צעוואָרפן די בעטגעוואַנטער פון די צוגעקליבענע בעטן. נאָכדעם איז ער אַריין אין פערטן צימער און האָט דאָרטן געזוכט אונטערן קופערט, אין קופערט, אין קעלער, וואָס אונטערן דיל, אין קעמערל, וואו ס'ליגן האָלץ און קוילן. נאָכדעם — צוריקגעקומען און זיך געלאָזט אַרויף מיט די טרעפּ צום צווייטן שטאָק, וואָס באַשטייט פון שלמה'ס קוואַר־טיר, פון נאָך צוויי שטובן, ליידיקע, אין וועלכע רחל'עס טאָכטער און אייניקלעך האָבן געוואוינט ביז מיט עטלעכע חדשים צוריק, ווען זיי זענען אַוועק קיין ניו־יאָרק.

רחל'ע האָט איצט געגלאָצט אויף ר' יודלען און געהאַלטן דאָס האַלב־ציינערדיקע מויל אָפן, ווי בעת מאַנגעל אין לופט.

— ע'ז מיינט שלמה'ן ? — פרעגט זי — הע ? . . .

— וועמען דען ? — קוקט ר' יודל זייטיק און גלאָצנדיק אויף רחל'ען — אוודאי אים, דעם ממזר'ניק, דעם פּושע־ישראל . . .

ערשט ווען ר' יודל האָט זיך מיטן צוריקגעקערטן סטראָזשניק גענומען אַרויסגיין צו זוכן שלמה'ן אין פאַרדעכטיקע הייזער אין שטאָט, איז רחל'ע צו זיך געקומען. אָבער זי האָט שוין קיין איבעריקע מינוט נישט באַלעמוטשעט.

זינט די טאָכטער איז אַוועק קיין אַמעריקע, איז שלמה פאַר איר ממש אַן אייגענער זון. ער רייניקט די שטובן, ער פאַרקלייבט די בעטן, ער העלפט איר אין צוגרייטן דעם בופעט, דעם טיי־קעסל, די מאכלים. ער איז, מיט איין וואָרט, ווי אייגן בלוט און פלייש. געזען אָבער, אַז ער איז איצט אין סכנה, האָט זי זיך קדחת'דיק אַ צי געטאָן דעם פאַרוק אַראָפּ צו די אויגן און פאַרשלאָסן די טירן פון רעסטאָראַן.

צוגעקומען צום פאָליציי־פּלאַץ, האָט זי אָנגעטראָפן בלומען.

בלומע איז איצט געשטאַנען מיט חוה'ן און עפּעס אַריינגערעדט אין איר וועגן שווער . . . דערזען רחל'ען, האָט זי זיך צו איר אויסגעדרייט :

— וואָסי ? . . . וואָס צאַפּלט איר אַזוי ?

— אפשר האָסטו געזען שלמה ? . . . רעדט רחל'ע שנעל און וואַרפט בעת מעשה מיט די אייגעלעך אַרום זיך, כדי נישט צו פאַר־לירן קיין צייט און אַליין אויך זוכן אים.

— וואָס איז דען ? צו וואָס דאַרפט איר אים האָבן ?

— מ׳זוכט עם . . . מ׳וויל עם אַרעסטירן, באשר ר׳איז פריער אַריין מיט אַן עולם צו די יודקעס אין הויז אַריין . . .

— שלמה׳ן ? — טוט זיך חוה אַ רוק צו צו רחל׳ען און נעמט קוקן אויף איר מיט הייס־געוואָרענע, פאַרגרעסערטע אויגן — איך האָב אים פריער געזען . . .

— וואו ?

— איכ׳ל אים שוין אויפזוכן . . . — טוט זיך חוה גיך אַ לאָז אַוועק פון בלומען און רחל׳ען און לאָזט איבער הינטער זיך, ווי נישט נאָכצולויפן איר — שרעקט אייך נישט . . . איכ׳ל אים שוין גוט אויסבאַהאַלטן . . .

בלומע האָט נאָכגעקוקט חוה׳ן מיט פאַרוואונדערטע אויגן און, נישט ווויסנדיק, געזוכט מיט די הענט קאַפּקען אַרום זיך.

קאַפּקע איז אָבער געשטאַנען ווייט, לעבן זיידן און דער איבערי־קער חברה, און האָט געקוקט אַריבער צום פּאָליציי־קאָרידאָר, צי מ׳פירט שוין אַרויס דעם טאַטן.

---

אויפן בוידעם פון פאָטערס הויז, צווישן אָפּגעלאָזטע פענצטער און אַרומלויפנדיקע סעץ, איז חוה געשטאַנען אין אַ באַרג שמוץ און האָט אין געאייל, אַן אָפּרו, ווי ס׳וואָלט דאָ ערגעץ געלעגן אַ באַ־האַלטענער אוצר, אַוועקגעראַמט אַלערליי חפצים.

עס איז געווען טונקל. דורך די צעבראָכענע פענצטער, וואו שטאָט שויבן איז בלעך געווען צוגעטשוועקעוועט, האָבן זיך דורכגע־בראָכן דינינקע שפּיזלעך זון און געהאַנגען אין מיטן בוידעם, ווי לאַנגע בלאַנקע שפּיזן. דורכן אַלטן שינדל־דאַך, וואָס איז ביים הויכן קוימען געווען עטוואָס אָפן, האָט אַריינגעקוקט אַ שטיקל בלאָער הימל, פון וועלכן די טונקלקייט דאָ איז עטוואָס בלייך געוואָרן. דאָך איז געווען טונקל און בעת טאָן עפּעס האָט מען געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק.

חוה׳ן איז אָבער איצט „פאָרזיכטיקייט” נישט געלעגן אין זינען. זי האָט אויף גאָרנישט געקוקט. קיין זאַך איז פאַר איר נישט געווען שווער, נישט געפערלעך. זי האָט זיך נאָר געאיילט, געבויגן זיך, גע־בראָכן זיך אַן אָפּשטעל און אָפּגעראַמט אַרום זיך די חפצים.

אַרום דעם פּלאַץ, וואו זי איז געשטאַנען, זענען געלעגן אַלטע, פאַרשטויבטע ראַנגאָזשעס, אין וועלכע סוחרים האָבן אַמאָל אַהער געשיקט חזירים־האָר פון רוסלאַנד, און וועלכע מ׳האָט נאָכן אויס־לײדיקן זיי, אַרויפגעוואָרפן דאָ אויפן בוידעם. אויך זענען דאָ געלעגן

קופּעס אַלטע קלעשטשעס, וואָס מ'האָט געהאַלטן אין איין זאַמלען — אויף אפשר וועט מען זיי קענען נוצן שטאָט נייע. אויך זענען דאָ געלעגן אַלטע און נייע ספּרוזשינעס פאַר פּריציִשע עקיפּאַזש־געזעסלער, אָדער פאַר מאַטראַצן אין די פּאַלאַציִשע היימען. אויך זענען דאָ געלעגן אַלטע ווינער שטולן, וואָס ס'איז געווען אַ שאָד צו פאַרברענען. אויך ערדענע טעפּ פאַר פּסח, וואָס מ'האָט אויף זיי געטראָטן הונ־דערטער מאָל, און דאָך קיינמאָל ניט געהאַט קיין חשק זיי אַרויס־צוּוואַרפן. אויך אַלטע פאַרזשאַווערטע שטייגלעך, וואָס שמעון, ווען ר'איז געווען יינגער, האָט געהאַלטן מיט קאַנאַריקלעך אין שטוב, און ליב געהאַט זיך איינצוהערן אין טרעלן פון די פאַרבענקטע זינג־פּיי־געלעך. אויך זענען דאָ געלעגן אַלטע קרבן־מנחה'ס, אַלטע חומשים, מחזורים, וואָס מ'האָט אַמאָל אינזינען געהאַט אוועקצוטראָגן אין שול־הויף, וואו ס'ליגן שמות, אָבער, וואָס מ'האָט געהאַט פאַרגעסן צו טאָן נאָכדעם ווי מ'האָט זיי אויף דערווייל געלאָזט ליגן דאָ אויפן בוידעם. אויך זענען דאָ געלעגן אַלטע מלבושים — הויזן, וועסטן, זשוביצעס, היטלען; אַלטע שיך, שטיוול, וואָס מ'האָט פיל מאָל גע־וואָלט אָראָפּנעמען און פאַרקויפן, ווען אַ שמאַטע־קלייבער איז זינ־גענדיק פאַרבייגעפאָרן, אָבער וואָס אויף צו טאָן עס, איז ביי איטלע־כער געלעגנהייט נישט געווען קיין צייט און מ'האָט עס אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער מאָל. אויך אַלטע קוישן פון וועגענער און אַלטע רעדער, וואָס זענען דאָ געלעגן פון יענע צייטן, ווען שמעון האָט געהאַט אַן אייגענעם פערד־און־וואָגן, כדי זיך איינצושפּאָרן אויף יאַזדע־הוצאות אין די הייף אַריין. אויך זענען דאָ געווען אַלטע פענער, וואָס מ'האָט אַמאָל אַרויסגעהאַנגען אין די מלוכה'שע פייער־טעג, ווען זיי זענען נאָכנישט געווען אָפּגעבלאַקירט. אויך זענען דאָ געלעגן סכך־ביימער, וואָס מ'באַדעקט מיט זיי איטלעכן יאָר די סוכה. אויך אַ פּעקל דראָטן אויף אַרומצוצאַמען אַ גאָרטן פאַרן הויז, אַ זאַך, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט אָנגעהויבן דורכצופירן. אויך אַ וויגל, אין וועלכן פערל האָט אויסגעוויגט אַלע קינדער און פאַר זיי געזונגען האַרציקע יידישע לידער, פול מיט גלויבן, מיט צוזאָג אויף גוטע דער־וואַרטונגען . . . אויך אַ צעבראָכענער וואַנט־זייגער, אַ שפּיגל, אַ ראַם, אַן אַלטע פּוטערנע הענטשקע, אַ צאַפּע — — — אַלץ, אַלץ איז געווען פאַרשטויבט, פאַרזשאַווערט, אָדער פאַרפוילט.

אַט די אַלע זאַכן, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ דומפּיקער, שימלדיקער ריח, האָט חוה מיט ענערגיע אוועקגעראַמט פון פּלאַץ,

וואָס אונטערן נידעריק זיך אראָפּלאָזנדיקן טייל דאַך, און אפילו נישט געמאַכט קיין קרומע מינע. אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז איר נישט אָנגעקומען שווער. און אַלץ, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן, איז געווען מיט אַן אָרדנונג, כאָטש אַלץ איז געשען אין גרויס געאייל.

בעת זי האָט אַזוי געאַרבעט, איז הינטער איר געשטאַנען שלמה און האָט געקוקט, ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרבייגייער, און דאָס, וואָס דאָ קומט פאָר, וואָלט פאַר אים געווען נישט גלויבלעך, מאָדנע.

חוה האָט זיך נישט אומגעקוקט. זי האָט אויך, כמעט גאָרנישט רעדנדיק, זיך אָפּגעזאָגט פון זיין הילף, ווען ער האָט זיך גענומען טאָן איר אַרבעט. אפילו באַלעמוטשען דאָ האָט זי נישט געוואָלט לאַנג. זי האָט נאָר באַגערט צוצוגרייטן דאָ אַ פּלאַץ פאַר אים און אַראָפּלאָזן אַ שטיין פון האַרץ: אָפּגערייניקט דאָס פּלאַץ, איז זי אַראָפּ אין איר שלאָף־שטוב, וואו זי האָט גענומען עטלעכע קישנס פון די בעטן, אַ פרישע ליילעך פון קופערט, און אַז זי איז צוריק אַרויפגעקומען דאָ, אויפן בוידעם, האָט זי אויסגעבעט אַ געלעגער מיט אַ בינטל שטרוי, וואָס די אַרבעטער האָבן געזאָלט נוצן פאַר זייערע שעניקעס, און זיך גענומען רוקן אויף הינטער זיך.

— אַצינד גיי איך . . . — גיט זי זיך אַ פּאַטש אָפּ איין האַנט אָן דער אַנדערער, אַז דער שמוץ זאָל אַראָפּ, און טוט אַ קוק אויף שלמה'ן, ווי מיט אַ באַפעל, אַז ער זאָל דאָ פאַרבלייבן.

שלמה האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר אויף איר געקוקט און נישט גערירט זיך.

— דאָ וועט זיין אַמבעסטן פאַר דיר . . . — זאָגט זי ווידער, חוה — ערשטנס, וועט מען ביי אונדז נישט זוכן. מ'ווייסט דאָך, אַז מיר זענען מער נישט קיין חתן־כלה . . . צווייטנס, וועט מען דאָ אהער גאָרנישט טרעפן . . . ס'איז טונקל און דאָס אַלטוואַרג פאַר־שטעלט דיין געלעגער . . .

שלמה האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און מיט די גרויסע טיף־שוואַרצע אויגן נאָר געקוקט . . . ערשט ווען זי האָט גענומען פאַרשליסן די טיר, האָט ער זיך צוגערוקט צו די טרעפ און צו איר אַראָפּגערעדט:

— פאַרוואָס האָסטו דאָס אַלץ געטאָן פאַר מיר, חוה? . . . פאַר וועלכן גוטס? איך האָב דאָך דיר אַזויפיל אומרעכט געטאָן! . . . זאָ טשטאָ? . . . אַ? . . .

חוה האָט גאָרנישט געענטפערט. אינאַנהויב האָבן זיך ביי איר

די פינגער ביים שלעסל פארהאקט. זיי האבן נישט געקענט מער שליסן. אבער נאך א ווילע האט זי זיך באהערשט און איז צוריק אראפ צום פאליציי־פלאץ . . .

---

ארויסגעקומען פארן הויז, איז איר אנטקעגן געקומען — יאקל זאנב.

יאקל — פארשוויצט, דער היטל־דאשיק אויפן מוח, דער העמד־קאלנער צעבראסטעט, דאס כאלאטל צעקנעפלט — איז איצט געקומען זען שמעונ׳ען. דערזען אבער חוה׳ן, האט ער זיך נישט געקענט באהערשן און פראכנדיק א שמייכל געטאן מיט דעם ארויסטאר־טשענדיקן צאן:

— א ליכטיקע בשורה, שמעונ׳ס טאכטער! . . . א ליכטי־קע! . . . — האט ער הויך געשריען.

חוה איז געבליבן שטיין און האט גענומען קוקן אויף יאקלען:

— וואסארא בשורה? . . .

— א ליכטיקע! א ליכטיקע! . . . — הילכט יאקל פריילעכער

— דו ווייסט דאך, אז איך האב האלד צו קומען נאר מיט פריילעכע בשורות . . .

— אבער וואס איז די בשורה?

— א געהויבענע! יא, גאר א געהויבענע! פאר דיר, פארן טאטן, פאר דער מאמען, פאר אלעמען . . . ס׳וועט זיין שמחה וששון . . . איז דער טאטע דא? . .

— ניין. ס׳הויז איז געשלאסן.

— וואס? . . . קיינער נישטא? וואו זענען אלע?

— אויפן פאליציי־פלאץ.

— דארטן? . . . מכוח וואס? . . . שוין ווידער א מלער? . . .

— צו זעגענען זיך מיט מארקלען.

— מיט מארקלען? אך, יא . . . מ׳שיקט עם שוין טאקע היינט אוועק?

— יא.

— נו, מילא . . . טאקע א גרויס צער . . . אבער טאקע דער־פאר, וואס ס׳איז דעם טאטן און דער מאמען אזוי נישט־פאר־קיינעם־געדראכט אויפן הארצן, וועט ערשט די בשורה זיין פאר זיי א רפואה שלימה . . .

— אבער וועגן וואס איז די בשורה? . . .

— סטייטש וועגן וואס? כ'האב דען דיר נאכנישט געזאגט? ...
ס'איז דאך וועגן דיר! . . .

— וועגן מיר? . . .

— וואס, כ'האב דיר נאכנישט געזאגט? ער האט דאך חרטה, ער! . . כ'מיין, בן־ציון . . . יא, וואס כ'האב דיר נישט געזאגט? געווים. פשוטו כמשמעו . . דאס וואס דו הערסט . . . ער האט מיד אומישנע גערופן, באשר איך זאל לויפן ענק אנזאגן די בשורה, אז ער האט חרטה . . . געווים . . . אוודאי . . .

חוה האט איצט א נישט־פריינטלעכן קוק געטאן אויף דעם פאר־שוויצטן, פשוט'לעכן יאקלען, כאטש ער מיינט און טוט אלץ תמימות־דיק, און נאכדעם — באלד גענומען אים פארלאזן.

וואסי? . . . — איז יאקל געבליבן שטיין א געפלעפטער — וואס איז געשען? וואס אנטלויפסטו אזוי? . . . וואס ענטפערסטו מיר נישט? . . . כ'האב דאך אים פארהאפטעט צו ברענגען א תשובה! . . . וואס ענטפערסטו מיר נישט? וואס איז ס'געאייל? . . .

— כ'האב אייך שוין עטלעכע מאל געזאגט . . . — רעדט חוה אויף הינטער זיך צו יאקלען, בעת'ן גיין גיך — כ'האב אייך שוין געזאגט, אז מער וויל איך אים נישט קענען . . . זאל ער פריער וויסן. דער אינטעליגענט, אויף וואסארא וועלט ער איז, איידער ער איז בכלל גרייט עפעס זיך אונטערצונעמען . . .

יאקל זאנב האט איצט נאכגעקוקט חוה'ן, נאכגעקוקט אז איבער־ראשטער פון אירע רייד און זיך געלאסן געטראכט: אט האסטו דיר . . . גאר געווארן משה־גרוים ביי זיך . . . היינטיקע מיידלעך! . . . אבער נאך עטלעכע ווײַלעס — געווארן פארדראסיק: ניין, ער וועט נישט לאזן אזא ענין צו איר און ליבערשט פריער זיך זען מיט אירע עלטערן, ווארים ווער האט דען דעז איז אזא תוד־זאך די דעה, אויב נישט טאטע־מאמע? . . . ער האט זיך דערפאר באלד גערירט און זיך געלאזט צום פאליציי־פלאץ.

---

אראפגעקומען, זענען שוין די ארעסטאנטן געזעסן אויף די וועגענער.

ארום די וועגענער האבן זיך געפארעט קופעס מענטשן: טאטעס, מאמעס, ווייבער, קינדער, שכנים, פריינט, באקאנטע. עס איז געווען, ווי אין תשעה־באב אויפן בית־עולם. איינער האט געטראגן פאר אן ארעסטירטן ווארימע אונטערוועש. איינער — נייע שיך, שטיוול.

איינער — א פאטאגראפיע פון א קינד. איינער — טלית און תפילין, תנ"ך. איינער — א זעקעלע ברויט, איינגעטרוקנטן קעז. איינער — א לאנגן וואורשט, א טארבעלע מאכארקע. איינער — א זייגערל, א בליישטיפט, פאפיר. איינער — א קמיעה פון א באוואוסטן פוי־לישן רבין, אלס סגולה קעגן שלעכטס. איינער — א נאז־טיכל, א שאליקל, א ראזיר־מעסער, א שפיגעלע, א שטיקל זייף, א האנטעך...

מ'האט אנגעטראגן, וואס נאר ס'איז געווען דערלויבט.

אויך האבן פריילין זאשקע און די מיידלעך פון „קרייז טאל־סטאיאנער" דערלאנגט חפצים אין וועג אריין. אבער נישט, ווי אנדערע, בלויז צו נאנטע, נאר צו אלע. זיי זענען געגאנגען פון געשפאן צו געשפאן און געטיילט איטלעכן ארעשטאנט א גאנצן קאמפלעט פון די פארשידענע ארטיקלען, וואס זיי האבן מיט זיך מיטגעטראגן.

— פארניצן זי געזונטערהייט... — האט פריילין זאשקע איטלעכן איינעם צוגעוואונטשן און מיט א זוניקן שמייכל אויף איר שפיטאל־שוועסטער־פנים געמאכט לייכטער דאס געמיט — אין אינס ווארהאפטער אומשולד וועלן זי געפינען די טרייסט... פארגיבן זי מענטשנס אומרעכט צו אייך...

אויך איז ארומגעגאנגען דער דארער און איינגעבויגענער ליי־בעלע בית־דין־שמש, ביי וועמען דאס גרויע שיטער בערדעלע איז געווען ווי צוגעקלעפט ביי א פורים־שפילער. אבער ער איז נישט געגאנגען צו אלע ארעסטאנטן, נאר צו אזעלכע, וואס זענען פרום און האבן געשאנעוועט אלץ, וואס איז ארויס פון רב'ס מויל, אדער וואס איז באשטימט געווארן אויף די באלעבאטימס אסיפות ביים רב אין הויז. ער איז ארומגעגאנגען, ווי, להבדיל, א קעצל, וואס זוכט עפעס דורך שמעקן, און אז ר'האט דערזען אן אייגענעם, איז ער צו אים געדריקט יענעם די האנט:

— ניש באדארפט... באין אופן ניש באדארפט זיך מישן אין אזעלכע זאכן... ס'פאסט ניש פאר ענק... ס'איז ניש פאר א ייד... אבער דער רב, גאנץ בית־דין איז ענק מוחל און ווינטשט ענק, עץ זאלט מיט השי"ת'ס הילף בקרוב קריק זיין ביי ענקער וואב און קינדער און מיט אונדזער גאנצער קהילה קדושה, אמן...

אויך איז ארומגעגאנגען דער שקל־פארקויפער, שמואל ליפמאן. מיט א טרויער־געמיט אויפן גלות'דיקן לעמל־פנים איז ער געגאנגען, ווי אויף קבר־אבות, געקוקט רעכטס, געקוקט לינקס, ווי ער וואלט

געזוכט מצבות פון נאָנטע, און פון צייט צו צייט אַ שטרעק אויס געטאָן דאָס ווייבע, רויט־הויטיק הענטל צו אַן ארעשטאַנט:

— זאָל׳ם זיין אייער לעצטער טעות, ציוני, אחי . . . כ׳וויל אייך אין אַן עת־צרה נישט זאָגן קיין מוסר . . . איר האָט געלייענט דאָקטער הערצל . . . איר ווייסט . . . קיין פּראָגרעס אין דער וועלט קען נישט זיין קיין במקום פאַר אונדזער ציון־בענקעניש . . . אָבער פּאַרפאַלן . . . איר קענט שוין איצט נישט צוריקכאַפּן אייער קרומען דרך . . . זייט געזונט און קומט אינגיכן צוריק. שלום . . .

אויך זענען דאָ אַרומגעגאַנגען פאָן קאַרפּ און די טאָכטער פאַניע. ביידע זענען אָבער צו קיינעם נישט צו. זיי זענען נאָר געגאַנגען און האָבן אַריינגעקוקט איטלעכן איינעם אַרעשטאַנט אין פּנים.

— איז עס נישט שאַקאַלהאַפט? . . . — ברומט ער צו דער טאָכטער — סלאַוואַ האָנאָרו, שאַקאַלהאַפט פון די פעלקער . . . און ביי זיי האָב איך געזען הומאַניטעט, ציוויליזאַציע, פּראָגרעס . . . יעזוס, מאַריאַ, ווי שאַקאַלהאַפט די פעלקער באַציען זיך צו מיין פאָלק . . .

פאַניע — אין אַ ווייסן ברייט־ראַנדיקן הוט, אין אַ שאַרכנדיקן, ווייסן קלייד, מיט אַ ווייסן פעכער ביים דעקאָלט — האָט זייער ווייניק געהערט, וואָס דער פּאַפּאַ רעדט צו איר. זי האָט נאָר געקוקט אין די אַרעשטאַנטנס פאַרוואַקסענע פּנימ׳ער, אין זייערע אויסגעלאָשענע אויגן און מעלאַנכאָליש־מיסטיש געשעפּטשעט:

— מאַמושו . . . מאַיאַ מאַמושקאַ . . .

חוה — מיט אַן אָפן מויל פון לויפן, אַ צעטומלטע — איז איצטער, נאָך לאַנג זיך פּאַקן אין דער ענגשאַפט, צוגעקומען צו מאַרקלען, וואָס איז מיט געקייטלטע הענט געזעסן אויף אַ וואָגן, צווישן אַנדערע אַרעשטאַנטן.

לעבן וואָגן זענען געווען שמעון, פּערל, בלומע, קאַפּקע, די שוועסטער, די אַרבעטער, ראובנ׳לע, מאָשקע, בער „פּאַרטאַטש", די אַנדערע בעל־מלאכה׳ס און אויך איינער פון די גרעסטע למדנים אין שטאָט, באַזשע לעדער־סוחר.

— וואו ביסטו געווען, חוה? — האָט פּערל זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם און געקוקט איר אין פּנים אַריין — מ׳האָט דאָך דיך געזוכט . . .

— לאָזט זי געזעגענען זעך מיט מאַרקלען, שוויגער . . — איז צוגעקומען בלומע, וואָס האָט די מעשה מיט שלמה׳ן נאָך קיינעם

נישט געהאַט דערציילט, און אומישנע איבערגעריסן פּערלם חקירה־ודרישה . . .

ביי מאַרקלען איז איצטער געשטאַנען דער גרייז־גרויער, שוין עטוואָס איינגעבויגענער באָזשע לעדער־סוחר, וואָס האָט אַמאָל, ווי אויף להכעים די חכמי־התלמוד, פון וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן גרעסער, געפאַלשעוועט אין מסחר. ער, באָזשע, וואָס קיין עונש אויסגערעכנט אין די וויכטיקסטע מוסר־ספרים, איז פאַר אים נישט געווען אומבאַקאַנט, האָט זיך אַ לאַנגע צייט גע׳יישוב׳ט, צי ער זאָל זיך מתוודה זיין, און ענדלעך היינט, נאָך חדשים, און איבערהויפּט איבער מאַרקלס לאַגע, באַשלאָסן: יאָ. איז אָט שטייט ער איצט לעבן אים, מאַרקלען, האַלט זיין האַנט און רעדט זייער שטיל, פאַרכטיק, ממש ווי אין יום כפור, בעת קלאַפּן זיך „אשמנו".

— און דאָס, וואָס דו ביסט מיר שולדיק אַ חוב פון יענע צייטן, ווען ביסט געווען בעל־הבית פאַר זיך, — זאָגט ער פאַמעלעך — מאָן יעך דיך ניש און כ׳וויל, אַז ס׳זאָל דיר אויכעט ניש ליגן אין זכרון . . .

בעת׳ן רעדן האָבן ביי אים געציטערט די ציין און אַז אַדער אין אַ שלייף האָט געצוקט, ווי ביי אַ גוסס.

מאַרקל, ענלעך אויף אַ שקעלעטישן סוכאָטניק, די אויגן — טיפע גריבער, האָט ווי אַ געבונדענער לאַם פאַר שחיטה, געקוקט אויף באָזשען:

— פאַרוואָס זאָלט׳יר מיר שענקען? — פרעגט ער צוגעלייגט — איר האָט דען ניש געאַרבעט? כ׳וועל קריקקומען, וועל׳ך אייך בכבוד־גדול אָפּגעבן . . .

— ניין . . . — דרייט באָזשע מיטן קאָפּ — כ׳האָב דערפאַר איבער דער גאַנצער צייט ביי דיר ניש געמאָנט . . . יעך בין דיר מער שולדיק . . .

מאַרקל — נשתומם׳דיק:

— איר — מיר?

באָזשע, אַוועקקוקנדיק, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ.

— ווי אַזוי? פאַרוואָס?

באָזשע האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט געוואָלט אויפן שטעל דערציילן וועגן די שטיינער, וואָס ער האָט געפלעגט אַריינלייגן אין זעק מיט לעדער, איידער ער האָט זיי, די זעק מיט לעדער, פאַר מאַרקלס אַדער בלומעס אויגן געוואויגן. אָבער עפּעס האָט אים איצט נישט

געלאזט ארויסקומען מיט דער דאזיקער ווידוי און ער האט זייטיקלער
א בורטשע געטאן:

— דיר שוין זאגן, ווען וועסט אים ירצה השם קריק אהיים
קימען . . .

מארקל האט זיך איצט גענומען געזעגענען מיט חוה'ן און אין
דערזעלבער צייט געקוקט אויפן פארטרויערטן, זייטיקלעך־שטייענדיקן
פאטער.

— די מאמע האט מיר פארציילט וועגן עם . . . — זאגט ער
צו חוה'ן — כ'מיין וועגן טאטן האט זי מיר פארציילט . . . וואס
קענען מיר אצינד טאן? דער רבונו של עולם האט אונדז געשלאגן
אין אלע זייטן . . . וואלט יעד כאטש געווען אין דער היים — — —

אויף זיינע רייד האט חוה אנגעהויבן זייער שטארק צו קלאגן.
זי האט אזוי געיאמערט, אז מענטשן זענען אוועק פון אנדערע ארעש־
טירטע און דא צוגעקומען. אבער אין עטלעכע מינוט ארום האט זיך
דערהערט א שרייענדיק קול פונעם סטארשי סטראזשניק, שולגערן, און
א וואלד בלאנקע ביקסן־שפיזן פון באוואכנדיקע פאליציי־לייט האט
זיך א וויג געטאן.

דער לאנגער טראנספארט מיט ארעשטאנטן האט זיך איצט
געלאזט אין וויטן וועג אריין . . .

— זיי געזונט טאטע, מאמע, קאפקע, שוועסטער . . . — האט
מארקל מיט אן אויפגעהויבענער האנט געשאקלט אין לופטן.

בלומען האט ער ערשט אויסגערופן צום לעצט, און דאס —
מיט א שטיל קול. קיינער האט נישט געוואוסט — פארוואס. די
איינציקע, וואס האט יא געוואוסט, איז געווען — בלומע גופא. זי
האט געוואוסט, אז ער האט עס געטאן דערפאר, ווייל ער גלויבט נאך
אלץ, אז אין זיין איצטיקער לאגע איז קיינער נישט שולדיק, נאר
זי, בלומע . . .

ער וועט שוין קליגער ווערן . . . — טראכט זי איצט, בלומע,
וועגן אים פארדראסיק. — דאס עגמת־נפש איז נאר וואס דאס וועט
געשען ביי אומדערבארעמדיקע צרות . . .

---

אויפן וועג אהיים איז יאקל זאנב געגאנגען לעבן שמעונ'ען און
האט אין אים אריינגערעדט וועגן בן־ציונ'ען.

שמעון איז אבער געגאנגען, ווי ער וואלט גארנישט געהערט,
און האט געטראכט וועגן עפעס אנדערש. אינגאנצן וועגן עפעס

אנדערש. נאָך איידער מ'וועט היינט גיין צינדן ליכט, האָט ער גע־טראַכט, וועט ער, שמעון, דאַרפן אַריינפאַלן צו יוסף סאַבאַלן אין הויז און נעמען פון אים ס'געלט. יאָ. נאָך היינט. ערשטנס, וועט ער שוין זיכער דעמאָלט זיין אין דער היים, יוסף סאַבאַל, וואָרים אויף שבת וועט ער נישט בלייבן אונטערוועגנס. ער איז נאָך קיינמאָל נישט געבליבן. צווייטנס, ווייל ער, שמעון, נאָך היינט האָבן ס'געלט, כדי ער זאָל זיך קענען נעמען עפּעס טאָן פאַר מאָרקלען. אַז ער וועט האָבן ס'געלט, וועט ער קענען מאַכן פּלענער, צי ער זאָל פאָרן אַליין אין יענער שטאָט, וואוהין מאָרקל ווערט פאַרשיקט, און נעמען דאָרטן אַדוואָקאַטן צו באַפרייען דעם זון, צי זאָל ער אויך מיטנעמען בלומען. אפשר וועט מיט איר מיטפאָרן זיין בעסער. אַ פרוי רירט דאָך פאָרט מער אין אַן אומגליק, איידער אַ מאַנספּאַרשוין. די הויפּט זאַך איז אָבער צו האָבן ס'געלט. אַז דאָס וועט זיין, וועט מען קענען באַ־שטימען וואָס . . .

און נאָך:

אויך ווייל ער נאָך היינט האָבן ס'געלט פון יוסף סאַבאַלן, ווייל ער וויל מיטגעבן די יינגען, וואָס גייען אַוועק אין דער מלחמה אַריין, אַ געוויסע סומע. איבערהויפּט וועט ער באַזאָרגן מיט אַביסל מער — איציקן. אים? ווייל ער, שמעון, האָט זיך באַשטימט צו מאַכן מאָרגן אויף דער נאַכט, באַלד נאָך דער הבדלה, אַ שטיקל שמחה'לע פאַר אים און פייגען. יאָ, אַ קליין שמחה'לע, אָבער פאָרט עפּעס. דער זין דערפון? ווייל ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט — יאָ צו שטעלן אַ חופּה פאַר זיי. מחמת אויב ס'איז אַ זיווג מן השמים, טאָ פאַרוואָס זאָל ער, שמעון, זיי שטיין אין וועג? און אַז ס'איז אַ זיווג, האָט ער געהאַט אַ סך געלעגנהייטן צו זען. דעריבער בעסער נישט שטיין אין וועג. איי, מלחמה? נו, וואָס שייך אַנדערע זאַכן קען מען יאָ האָפן צום רבונו של עולם, נאָר פון וועגן איציקס צוריקקערן זיך פון דעם קריג אַ געזונטער קען מען נישט? אָט איבער דעם האָט ער ביי זיך אָפּ־געמאַכט אָפּצוהאַלטן איציקן אויף נאָך אַ טאָג אין דער היים און צוליב טאָן פייגען דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט.

בעת זיין טראַכטן זענען די אַנדערע פון דער פאַמיליע, אויך די יינגען, געגאַנגען אַזוי, ווי ס'וואָלט זיך זיי נישט געגלוסט אהיימצוגיין. פּערל איז געגאַנגען מיט בלומען; חוה, גיטל, שרה'לע מיט קאָפּקען; פייגע, איציק צוזאַמען מיט די אַנדערע פיר יינגען. אַלע זענען גע־גאַנגען שווייגנדיק, אַריינגעטאָן אין זיך. פון צייט צו צייט האָט זיך

אַן אַנדערער פון זיי אומגעקוקט אויף הינטער זיך. מ׳האָט געקוקט אַריבער דער בריק, וווּ צום שאָסיי, וואָס שלענגלט זיך צווישן טעלעגראַף־סלופּעס, צווישן פעלדער, העט אַוועק אין דער פרעמדער סופלאָזער וועלט אַריין . . . דאָרטן, אויפן שאָסיי, האָבן זיי פריער, די פאַמיליע און די יינגען, באַגלייט מאַרקלען. זיי האָבן אים אַזוי ווייט באַגלייט, ווי ווייט שולגער האָט דערלויבט. איצט, כאָטש מער ווי דער אויפגעהויבענער שטויב אין לופטן איז נישט געבליבן פון דעם לאַנג זיך ציענדיקן טראַנספּאָרט אַרעשטאַנטן, דאָך קוקט מען זיך נאָך אַלץ אום — אפשר איז אויפן וועג געשען אַ נס: מ׳האָט מאַרקלען דערלויבט צוריקצוקערן זיך אַהיים . . . אָבער מער ווי דער לײדיקער שאָסיי אונטערן בלאָען הימל האָט זיך נישט געזען . . .

— הכלל, — זאָגט פּלוצים יאָקל זאַנב צו שמעון׳ען נאָך אַ סך רעדן — גייסטו אַרויף צו בן־ציון׳ען? זאָל מען קומען צו אַן אויס־גלייך . . .

שמעון האָט זיך איצט געוואָלט אָפּשטעלן און זאָגן מיט פאַר־דראָס: צו אַן אויסגלייך? . . . ווי מאָדנע! . . . וואָסאַרא אויסגלייך? וואָסאַרא אויסגלייך קען, למשל, זיין מיטן רעיענטס מענטשן? מיטן נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי? מיט די יודקעס? קען אַ מענטש מיט יהדות האָבן אַ האַרץ צו מאַכן אַן אויסגלייך מיט זיי? ע? אַט אַזוי קען ער, שמעון, נישט קומען צו אַן אויסגלייך מיט בן־ציון׳ען . . . אָבער ער האָט דאָס אַלץ נישט געזאָגט. שטאָט דעם האָט ער זיך אויסגעדרייט צו יאָקלען און נאָר אַ ברום געטאָן:

— אַ דאַנק פאַר דיין טרחה . . .

— דאָס אַלץ? . . .

— דאָס אַלץ . . . — און ער איז אַריין מיטן עולם אין הויז.

יאָקל האָט אים איצטער נאָכגעקוקט, געהאַלטן זיך מיט אַ האַנט בײַ דער גאָמבע און מיטן לאַנגן, אַרויסשטאַרטשענדיקן צאָן געביסן אין דער אונטערשטער ליפּ:

— און אפשר איז ער אינגאַנצן נישט אומגערעכט... אפשר...

# קאַפּיטל איין־און־צוואַנציק

ווען די באַנגאַס וואָלט געווען פון עק ביז עק אויסגעליידיקט פון מענטשן, פון הינט, קעץ, עופות, פערד, בהמות, אויסגעליידיקט זינט וואַכן צוריק, וואָלט עס דאַך אויף איר נישט געקענט זיין אַזוי אומ־היימלעך שטיל, אַזוי טויט־שטיל, ווי עס איז געווען אין משך פון אַ שטיק צייט, נאָכדעם ווי שמעון און יאַקל זענען זיך צעגאַנגען. עס איז געווען אַ מדבר־שטילקייט — אַן דורכוואַנדערער, אַן קאַראַוואַנען.

פון הייזער האָט מען נישט געהערט קיין קלאַנג, קיין באַוועגונג, קיין שאָרך. אויף דער גאַס האָט מען נישט געזען קיין מענטש, קיין אַנדער מין באַשעפעניש. עס איז געווען ליידיק, ווי בעת אַ פאַרשלאָ־פענעם פאַרטאָג. אויפן שטיינערנעם ברוק האָט זיך בלויז די זון געראַנגלט מיט אַ פּאָר'עקשנ'טן, אַלץ מער זיך אויסשפּרייטנדיקן, גרויען שאָטן און פאַרזיכטיק זיך גערוקט אויף צוריק, צוריק, זוכנ־דיק הינטער זיך אַ ווינקעלע פאַר אַן אָנשפּאַר, פאַר שוץ. אויסער דעם — גליווער.

אין דער דאָזיקער פאַרגליווערטער רו האָבן זיך, ווי פון פריער, געצויגן מינוטן, שעה'ן. שטיקער טאָג זענען אַריינגעזונקען אין דער ערד. אָבער ווען ס'לעצטע ביסל האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרשלונגען ווערן פון דער טונקלקייט, ווי אַ בייט זאַנגען, ביים פעלד־ראַנד, אונטערן מעסער פון אַן אָנפאַרנדיקער שנייד־מאַשין, האָט די גאַס פּלוצים געקראָגן אַן אַנדערע צורה — אַ יום־טוב'דיק פּנים.

אין די פענצטער איז פייערלעך ליכטיק געוואָרן. פון די שטובן האָבן אַרויסגעברענט ליכט, אויך לאָמפּן. פון הייזער האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטראָמען מאַנסבילן — אַלט און יונג. אַלע זענען געווען אָפּ־געוואַשן, אָנגעטאָן אין די בעסטע און ציכטיקסטע מלבושים, די בערד צעקאַמט, די שטיוול, די קאַמאַשן — אויסגעפּוצט. זיי האָבן געטראָגן סידורים אין די הענט, גאַרטלען אין די קעשענעס פון די קאַפּאָטעס און זענען געגאַנגען ווייט אַריין אין דער שטאָט, וואו ס'געפינען זיך די שול, דאָס בית־מדרש און אַנדערע דאַוון־פּלעצער.

צווישן די שטראַמענדיקע האָבן זיך אָנגעהויבן הערן באַגריסונגען:

— גוט שבת.

— גוט שבת.

מ׳איז געגאַנגען צו קבלת־שבת.

---

צווישן דעם עולם איז אויך געווען קאַפּקע.

פּונקט ווי אַלע פריִיטיק, ווען דער פאַטער איז געווען פריי, איז ער אויך היינט געגאַנגען אין בית־מדרש אַריין צו קבלת־שבת. היינט איז ער אָבער נאָר געגאַנגען אַליין און זייער שטאַרק דערשלאָגן.

פריִער, ווען ר׳האָט פאַרלאָזט די שטוב, האָט די מוטער אָן אויפהער געוויינט. און דאָס — נישט נאָר מחמת דעם, וואָס דער פאָטער איז נישטאָ אין הויז, וואָס דער שבת איז אַ פאַרשטערטער, נאָר אויך, און טאָקע מערסטנס, איבער דעם, וואָס מ׳וועט שוין איצט גאָרנישט נישט קענען טאָן, כדי צו העלפן דעם פאַטער — ער זאָל ווערן באַפרייט. ביז אַ שטיק פאַר ליכט־צינדן האָט מען נאָך געטראַכט צו פאָרן, צו לויפן, צו נעמען אַדוואָקאַטן, צו זען זיך מיט גרויסע לייט, מיט מלוכה־מענטשן, מיט קאַבלעפל. אָבער איצט — אַלץ אויס. און די אורזאַך: ס׳געלט ביי יוסף סאַבאָלן. מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז אויך דאָס געלט, וואָס איז געווען די לעצט־פאַרבליבענע, אָפּגעשפּאָרטע סומע פון זיידנס אַרבעטן זיין גאַנץ לעבן, איז אויך שוין פאַרפאַלן געוואָרן. יוסף סאַבאָל טענה׳ט, אַז די רעגירונג האָט אים געלאָזט נאַקעט און בלויז . . . נו, האָט זיך שוין אַלץ, וואָס שייך העלפן דעם טאַטן, אויסגעלאָזט, און די מוטער זיצט דערפאַר אין שטוב און כליפּעט, יאָמערט.

ער אָבער, קאַפּקע, פּונקט ווי אַלע פריִיטיק, איז אויך איצט, ווי אַ פרום יידיש יינגל, געגאַנגען אין בית־מדרש אַריין, כדי צו שטעלן זיך מיט פאַרכט, אויך מיט ליבע, פאַר גאָט און דאַנקען אים פאַר אויסדערוויילן דאָס יידישע פאָלק פון צווישן אַלע אַנדערע פעלקער אַלס זיינע קינדער און פאַר געבן זיי דעם זיבעטן טאָג פון דער וואָך אַלס רו־טאָג, — רו פון וואָך, פריי פון זאָרג, פון עגמת־נפש, און אַלס טאָג פון ביטחון אויף בעסערע צייטן, אויף משיח׳ס קומען . . .

אין ביתמדרש איז געווען געפּאַקט פון מתפללים — קעפּ אויף קעפּ. שוין לאַנג ווי ס׳איז אַזאַ געדרענג נישט געווען ווי איצט. ס׳האָט אויסגעזען ווי מענטשן וואָלטן היינט געוואָלט זיין וואָס מער צוזאַמען

מיט אנדערע. ביים עמוד איז געשטאַנען דער חזן, איינגעהילט אין א קלאָרינקן, באַ'עטרה'טן טלית, און, מיט דער הילף פון עטלעכע יונגינקע משוררים'ס קול'כלער, אַרויפגעזונגען צו דער הויך, אַריבער די לוחות, וואָס זענען געהיטן געוואָרן פון צוויי לייבן. און די פיל ליכט אין די מעשענע הענגלייכטערס, אויך די פייערן אין די בליצ־לאָמפּן, — אַלע מיט זייערע העלע, פאַרכטיקע פלאַמען האָבן אַרומ־גענומען דעם עולם פון ברעג ביז ברעג און אים געוואָרעמט, געהיצט, געטראָגן, געהויבן, ביז דער עולם, אַליין שוין אויך ווי אַ פייער, האָט זיך געטראָגן מיט באַגייסטערנדיקע תפילות אין דער וועלטס הויכ־קייטן, געטראָגן זיך מיט עקשנות און מיט פרייד פאַרביי דער פאַר־בלענדנדיקער כסא־הכבוד און געזונגען:

— כי בא, כי בא לשפוט הארץ, ישפוט תבל בצדק . . .

— תוך אמוני עם סגלה . . .

— בואי כלה, בואי כלה שבת מלכתא . . .

דער פאַר'חלומ'טער, בלוי־אויגיקער, קליינער קאַפקע האָט זיך זייער אַ סך אָנגעוואָרעמט פון מקבל־שבת־זיין. ער האָט פיל פון זיין צער און טרויער געהאַט פאַרגעסן, און אינאיינעם מיטן עולם גע־זונגען, אָבער אויך געבעטן פאַר זיין שטאַרק געליבטן פאָטער:

— גאָט אין הימל . . . כ'וועל זיין דער בעסטער ייִד אַלעמאָל און באַווייז אַ נס, מ'זאָל צוריק אַהיימשיקן מיין טאַטן . . . און אַז נישט דאָס, טאַ, זע־זשע, אַז מ'זאָל אים דאָרטן, אין פאַרשיקונג, קיין שלעכטס נישט טאָן . . . דו ווייסט דאָך, אַז ער איז נישט קיין גע־זונטער . . .

אָבער ווען ר'איז צוריק אַהיימגעקומען, האָט זיך צו אים אַלץ צוריקגעקערט. און דאָס מאָל — מערסטנס איבער עפּעס אַנדערש.

---

אין שטיבל איז געזעסן די הויכע, בלאַסע גיטל און האָט זייער שטאַרק געוויינט. די מוטער, קאַפּקעס, איז דאָ נישט געווען. זי איז, אַ שטיק צייט צוריק, אַריבער צום זיידן, און דאָ איז געבליבן גיטל. נישט ווייל זי האָט געדאַרפט היטן די שטוב איז זי געבליבן, נאָר פשוט, ווייל זי האָט נישט געקענט צוריקגיין אַהיים.

— וואָס איז געשען? — האָט קאַפּקע געפרעגט.

— וואָס איז ניש געשען, קאַפּקעשי? . . . — האָט די בלייכע, שמאָל־פּנימ'דיקע גיטל געענטפערט פרענגנדיק — דער טאַטע איז שוין

געוואָרן אַ גוי . . . ער וויל ניש טון, וואָס אַ ייד אום שבת דאַרף טון . . . ער לאָזט ניש צו קיינעם צו זעך . . . זיצט נאָר אין אַ ווינקל און שווייגט . . .

אין אמת'ן, האָט זיך קאַפּקע נאָך אין בית־מדרש גע'חידוש'ט, פאַרוואָס דער זיידע איז נישט געקומען צו קבלת־שבת. ער קומט דאָך אַלע מאָל — צי אין אַ שניי, אַדער אין אַ רעגן. אָבער ער האָט זיך אַליין אויך געענטפערט: אפשר פילט ער זיך נישט גוט, דער זיידע, איבער זיין שוואַכן הארץ?! דערהערט אָבער איצט פון גיטלען וועגן אפיקורסות, וועגן זיידנס אַראָפּגיין פון יידישן דרך, האָט ער שוין לענגער דאָ נישט געוואָלט באַלעמוטשען און זיך אַרויס־געלאָזט פון שטיבל.

ביים זיידן אין אויפנעם־צימער, נאָכן דורכפּאַקן זיך צווישן די אַרבעטער־יינגען, צווישן שרה'לען, פייגען און חוה'ן, צווישן דער פאַרכליפּעטער באָבען פּערל און זיין מוטער בלומע, האָט ער גע־טראָפן שלמה'ן.

שלמה — עטוואָס אַראָפּגעבויגן, ווי פון טראָגן אַ משא אויף די פּלייצעס, מיט איין האַנט, אַ פאַרפויסטער, אין דער הויזן־קעשענע, — איז געשטאַנען ביים טיש, אויף וועלכען ס'האָבן געברענט ליכט, און האָט, אַן אויפגערעגטער, גערעדט צו שמעונ'ען, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל.

— משמאַ־זשע טאַ זאַ דיעלאָ? — האָט ער געוואָרפן מיט די שוואַרצע אויגן אויף רעכטס, אויף לינקס, וואו דער עולם איז גע־שטאַנען, און גערעדט צו שמעונ'ען — וואָסער זין האָט דאָס? מענטש און גאָט זענען דען פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן אַנ־דערן? אומזין! . . . צאַרנט איר שוין יאָ קעגן די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן שלעכטס אין דער וועלט, טאַ, טוט עס קעגן די מענטשן, וואָס זענען שולדיק, אָבער נישט קעגן דעם, אין וועמען איר האָט אַלע אייערע יאָרן געגלויבט און גלויבט נאָך, אַן צווייפל, אויך איצט. נישט קעגן גאָט צאַרנט. ניין. אומבאַדינגט נישט. וואָרים ער, גאָט, האָט נישט געפירט און פירט נישט די „דיעלאָס" פון פאַן רעיענט און זיין קלוב, אויך נישט די „דיעלאָס" פון די רעב יודקעס און אויך נישט פון הער יוסף סאַבאַל. נישט נאָר דאָס, נאָר ער האָט אפילו זיי נישט אַנגערעגט צו אָט די אַלע אומגליקן. טאַ, פאַרוואָס האָט איר זיך אוועקגעזעצט צו קריגן זיך מיט אים? איר ווילט צערנען? איך בין נישט קיין גלויביקער, — איר ווייסט עס אַלע שוין פון לאַנג

צוריק. איך ווייס נישט, צי ס'איז יאָ דאָ, אָדער נישט פאַראַן אַ גאָט. איך ווייס נישט. איך באַמי זיך אפילו נישט צו דערגיין. עס איז, גלויב איך, נישט פאַר דעם מענטשס גייסטיקע באַגרעניצטע מעגלעכ־קייטן צו דערגיין אַזאַ זאַך. אָבער כאָטש איך בין אַן אומגלויביקער, דאַרף וויל איך וואָרנען: הער שמעון, גייט נישט אַוועק פון אייער אַלטן גלויבן! טאָמער זעצט איר יאָ פאַר דאָס, וואָס איר האָט אָנ־געהויבן, זאָלט איר געדענקען, אַז איר וועט זיך טאָן מער שאָדן, ווי דאָס, וואָס פרעמדע האָבן ביז איצט אייך פאַרשאַפן. גייסטיקע רואינע איז צעשטערעריש שטאַרקער, טיפער. זעלטן קען זי צוריק געזונט ווערן. געדענקט־זשע, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. און געדענקט אויך, אַז אייער שאָדן וועט אויך ברענגען שאָדן צו אייער גאַנצער פאַמיליע. איר הערט, וואָס איך זאָג, הער שמעון?

אַ נעכטיקער טאָג. שמעון האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז נאָר געווען אַריינגעטאָן אין זיך זעלבסט.

שוין לאַנג ווי ער, שמעון, האָט געהאַט תרעומות צום רבש"ע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ סך ספקות. אָבער היינט האָט ער זיי שוין מער נישט געקענט ביישטיין און האָט זיך אונטערגעגעבן. איז אָט זיצט ער איצט נישט אָפּגעוואַשן, זיצט אין די וואָכעדיקע, שמוציקע מלבושים, רירט זיך נישט צו צו קיין סידור, אויך נישט צום וויין, כדי צו מאַכן קידוש. ער זיצט אַזוי, ווי ער וואָלט נישט געווען דאָ, נאָר אין אַ גאָלער פרעמדער, ווייטער, פוסטער וועלט.

שלמה האָט אָבער ווייטער געוואָרנט, גע'מוסר'ט:

— און מיינט נישט, ווייל איך אייך נאָך וואָרנען, אום איר זאָלט שפּעטער נישט אַנטוישט ווערן, אַז איר וועט מיט צערנען קענען די, וואָס לעבן פון שווינדל, פון זייען האַס צווישן מענטשן, יאָ עפּעס דערגרייכן. אומזין! יענע לייט וועלן אַלעמאָל זיין שטאַר־קער, אַלעמאָל פון אויבן, כל־זמן שווינדל וועט מען רופן „באַשעפּ־טיקונג", „פּראָפעסיע", און זייער האַס — אַ „פילאָזאָפישע טעאָריע". דער גאַנצער סטראָי, — האָט ער פּלוצים אַ שריי אויס געטאָן — די גאַנצע היינטיקע געזעלשאַפט איז אַ קרימינאַלע אַסאָציאַציע. נישטאָ קיין איין הויז, וואו מ'זאָל נישט באַגיין קיין פאַרברעכן. אָרעם און רייך. פרומע, אָדער וועלטלעכע. אומעטום אַ מאָראַל־זינקעניש, אַן אַראָפּפאַלן צום אָפּגרונט . . .

און נאָכדעם האָט ער אויפגעהערט און אַ מידער אַראָפּגעקוקט צום דיל, ווי ער וואָלט פאַרפלויגן צו־ווייט און נישט דערקענט דאָס

פלאַץ. אָבער נאָך עטלעכע מינוט — ווידער גענומען קוקן צו שמעון'עז און ווידער רעדן.

— אָבער מיינט נישט, אַז אַלץ איז שוין פאַר אייך פאַרלוירן. ניין. עס וואַרט נאָך פאַר אייך פון אַלעם גוטן. אָבער איר דאַרפט אָנהויבן פונסניי. אַלץ פונסניי. אַ גאַנץ אַנדער לעבן מוזט איר אָנהויבן בויען. אַ לעבן, וואָס האָט אייך ביז היינט אויסגעזען פרעמד, נישט גלויבלעך, אָבער וואָס וועט אייך ערשט איצט, נאָך אייערע אַלע דערפאַרונגען און ליידן, זיין פאַרשטענדלעך. אַ לעבן אַן הערשער אין די באַשעפטיקונגען און אין די באַציאונגען פון פעלקער. אַ לעבן אָן רויב און אָן האַס. און אַזאַ־אַ לעבן קענט איר העלפן בויען מיט אייער גלויבן אין גאָט. עס וועט אייך קיין שטערונג נישט זיין. פאַרקערט. וואָס שטאַרקער, וואָס טיפער אין אייך דער גלויבן, אַלץ ברויזנדיקער, אומדערמידלעכער אויך אייער גלויבן אין נייעם לעבן . . . אַלזאָ, לאָזט אָפּ אייער אומזיסטן, אומזיניקן פּראָטעסט. שטייט אויף און פאַרגרינגערט דאָס שווערע געמיט פון אייער פאַמיליע. מאַכט פון אייער הויז אַ היים און נישט קיין טויט־גרוב. אַלזאָ, איר ענטפערט מיר?

שמעון האָט אָבער ווידער נישט געענטפערט. ער איז נאָר ווידער געזעסן ווי פריער און זיך אפילו נישט גערירט.

שלמה האָט שוין איצט מער נישט גערעדט. ער האָט פּשוט שוין נישט געקענט מער. ער איז געווען מיד. חוץ דעם — אויך אַנטוישט און אין גרויס ספק, צי ס'וועט שוין עפּעס העלפן. ער האָט שמעון'עז געקענט פון דערפאַרונג און אויך פון אַ סך אָנהערן זיך וועגן אים. ער האָט געוואוסט, אַז טאָמער נעמט ער זיך, שמעון, עפּעס אין קאָפּ אַריין, איז עס שווער פון דאָרטן אַרויסצושלאָגן. עס ווערט אַן אַריינגעוואַקסענער טייל פון אים. ער האָט דערפאַר אויפגעהערט רעדן און געטראַכט — מער נישטן אָנצוהויבן, כאָטש עס איז געווען קעגן זיין געוואוינהייט.

אַריינגעקומען איז ער דאָ, שלמה, אַ לאַנגע צייט צוריק — אויף חוה'ס פאַרלאַנג. ביז דעמאָלט האָבן זיך די הויז־מענטשן שוין געהאַט געזעגן מיט אים. און נישט נאָר האָבן זיי זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צום, אינאָנהויב אויפשווידערנדיקן, געדאַנק, אַז זיי באַהאַלטן אויס אַ געזוכטן פון דער רעגירונג, נאָר זיי זענען אויך געווען ווילי‌ק, דורכגענומען מיט ליבשאַפט צו טאָן אַלץ, וואָס קען זיין אַ צושטייער אין אויסהיטן אים פון דער פּאָליציי. און ער, שלמה, האָט זיך דערפאַר

געפילט אַן־אַ־שיעור איבערגעגעבן צום הויז. ער האָט, צוליב דעם אויך, גערעדט צו שמעונ׳ען ווי אַן איינגענער, ווען ס׳טוט ווי אַן אומגליק ביי אַ גאַר־נאָנטן. אָבער וואָס האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט?

— גיי צוריק אין דיין פּלאַץ . . . — איז חוה, אַ פּאַרוויינטע, פּלוצים צו אים צו און האָט אים אָנגענומען ביי אַן אָרעם — ס׳אַ סכנה דאָ פאַר דיר. עמעצער אין דרויסן קען דיך זען דורך די פענצטער און לאָזן וויסן דער פּאָליציי . . . און אפשר קען יענער גאָר זיין איינער פון די יודקעס . . .

ביי שלמה׳ן האָבן אַ ציטער אויף געטאָן די אויגן, ווי פון אַ ראַפּטום אַריינשלאָגנדיקן זאַמדיקן ווינט. אמת, ער האָט עס גע־וואוסט נאָך פריער, אַז אַזעלכעס קען געשען, אָבער כל־זמן קיינער האָט אים נישט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער סכנה, איז ער געווען גלייכגילטיק צו איר. דאָך איז ער איצט, נאָך דער שרעק־איבערלעבונג, ווידער גלייכגילטיק געוואָרן. וואָרים ווי קען ער איבערלאָזן דאָ אַלע אין אַזאַ אומבאַשטימטער, אַזאַ כאַאָטישער לאַגע?

אָבער אַז נאָך חוה׳ן זענען צו אים צו אויך בלומע, פּערל, די יינגערע טעכטער, אויך איציק און די אַנדערע פריינט, האָט ער זיך נישט געוואָלט קעגנשטעלן און נאָכגעגעבן.

— רופט מיך אָבער אַרונטער, — האָט ער, אַ באַצוואונגענער, גענומען קוקן אויפן עולם — ווען איר וועט זיך נויטיקן אין מיין זיין דאָ . . .

דער עולם איז איצט אויך אַרויס פון אויפנעם־צימער. זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען, ווי זיי וואָלטן באַגלייט אין אַ וויטן וועג אַריין.

---

עס איז געווען שטיל.

די ליכט, וואָס האָבן געברענט אין די מעשענע לייכטערס אויפן טיש, זענען געווען איינגעבויגן און האָבן אַראָפּגעטריפט אויפן ווייסן טישטעך. נישט ווייט פון חלב זענען געלעגן אויסגעצויגן זומער־פייגעלעך. די פליגעלעך — צעשפּרייט, די קעפּלעך — שוואַרץ. זיי זענען געלעגן טויט, נאָכן שפּיל מיט די פאַר׳כישוף׳נדיקע ליכט־פלעמ־לעך. נישט ווייט פון די קרבנות׳לעך זענען געלעגן געגרייט חלות, גאָפּל, מעסער, זאַלץ. זיי האָבן אָבער פון אונטער דעם געשטריקטן, קאָלירטן שבת־טישטעכל אַרויסגעקוקט דורך די לעכלעך, ווי פאַר־שעמטע. פון דער מזרח־וואַנט, וואו ס׳זענען געהאַנגען אויסגענייטע בילדער — אַ כותל־מערבי, אַ פּאַווע, — אויך פאָטאָגראַפיעס, האָבן

אראָפּגעקוקט צוויי צענדליק אויגן פון איין באַגלאָזטער ראָם, אין וועלכער עס זענען אויף איין גרויסער קאַרטע אויסגעשטעלט געווען אַ מנין מענטשעלעך. געווען זענען זיי: צדיקים, רבנים, פירער פון דורות, גאונים, צווישן זיי — רמב״ם, רש״י, רבינו תם, דער בעל־שם־טוב, דער ווילנער. אַלע — מיט געקאַרבטע שטערנס, מיט דורכ־דרינגנדיקע אויגן, מיט לאַנגע בערד, פול מיט געדולד, מיט חכמה, אַלע האָבן איצט געקוקט אַראָפּ צו שמעון'ען, וואָס איז, פונקט ווי פריער, געזעסן אַ וואָכעדיקער אין ווינקל, נישט ווייט פון די זומער־דיק־צעפּראַלטע פענצטער, און האָט זיך נישט גערירט.

דער איינציקער, וואָס איז דאָ, חוץ שמעון'ען, געבליבן פון עולם, איז געווען קאַפּקע. אָבער ער, דער תפילין־בחור, האָט איצט געוויינט. ער איז געשטאַנען מיטן רוקן צום זיידן, געווישט זיך מיט אַ האַנט ביי דער נאָז, אַרום די אויגן און אַראָפּגעיאָמערט צום דיל:

— דו גייסט אַצינד אַליין אויף זעד ברענגען דאָס, וואָס קורח ... דו גייסט אַצינד אַליין אויף זעד ברענגען דאָס, וואָס אלישע בן־אביה, דער אחר ... דו ווייסט, אפשר, אַליין ניש, וואָס דו טוסט ... זועסט ברענגען, חס־וחלילה, אויף זעד קיצור־ימים און אויף אַלעמען, וואָס קימען אַרוים פון דיר, גאָטס צאָרן ...

שמעון האָט אָבער, ווידער ווי פריער, גאָרנישט געזאָגט און אויך זיך נישט אומגעקוקט. ער איז נאָר געזעסן, ווי אַ פעלז, דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, אַ פויסט אונטער דער גאָמבע, און אין מויל אַ שטיק באָרד, וואָס איז אַן אויפהער געביסן געוואָרן פון די ציין.

קאַפּקע איז איצט אַריין אין דער קיך און האָט זיך געזעצט.

אין קיך איז אויך געזעסן פערל. זי האָט געהאַלטן אַ שבת'דיק וויים פאַרטעך ביי די אויגן און געוויינט. אַלע אַנדערע — בלומע, חוה, פייגע, שרה'לע, איציק, די איבעריקע יינגען — זענען געווען אין פינצטערן דרויסן, פאַרן הויז, און האָבן נישט געהאַט קיין חשק צוריקצוקערן זיך אין הויז. זיי האָבן בעסער געוואָלט בלייבן אין דרויסן.

קאַפּקע — אַ מענטשל, וואָס האַלט פאַר אַן עוולה אָפּצוטרעטן אין אַ זייט בעת אַן אומגליק, האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסרירן פון דער קיך. ער האָט זיך דורך אומגעזעענע פעדים מער ווי אַנדערע מאָל צוגעבונדן צו דער באָבען און געהאָלפן איר טראָגן די לאַסט פון לײדן. ער האָט אָבער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, ווייל פשוט, ס'זיינען נישט געווען קיין ווערטער — נישט אויף צו באַדויערן און

נישט אויף צו טרייסטן. עס איז בלויז געווען אַ חוילקייט, וואו ס'האָט האָט אַרומגעפּלאָטערט איבער אַן אָפענעם תהום.

אינדעם — טריט. טריט נישט זיכערע. טריט פאַרשלאָפענע. טריט פון אַ פאַרטאָגיקן מענטש, וואָס טאַפּט אין דער פינצטער, נאָכן אַראָפּגיין פון בעט. נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ פּלוצימדיקער טרייסל פון אַ שטול. נאָכדעם — אַ הוסט. נאָכדעם אַ פּראַל אויף פון דער מלבושים־שאַנק־טיר. נאָכדעם — פאַרען זיך מיט שטיוול.

קאַפקע איז שוין איצטער נישט געזעסן. ער איז געשטאַנען אין מיטן קיך און האָט אַריינגעקוקט אין אויפגעם־צימער אַריין. און נישט נאָר ער. אויך פּערל איז געשטאַנען אין מיטן קיך. אויך בלומע, חוה, פייגע, שרה'לע, איציק. אַלע האָבן געקוקט, ווי אויף אַ בייזר וואונדער, און מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט. זיי האָבן נאָר געוואַרט, וואָס עס וועט ווייטער געשען.

— וואָס שטייט עץ און קיקט מיך אַזוי אָן ? — האָט שמעון פּלוצים אויפגעהערט זיך אָנצוטאָן די שבת'דיקע מלבושים און גענומען קוקן אויפן עולם אין קיך — עץ קענט מיך ניש ? . . .

קיינער האָט נישט געענטפערט.

— גייט און רופט אַריין שלמה'ן . . . — טוט ער נאָך אַ ווײַלע ווידער אַ פאַריבלדיקן קוק אויפן עולם.

— שלמה'ן ? — האָט זיך חוה די ערשטע אָנגערופן — צו וואָס ?

— ער זאָל זיצן ביים טיש און עסן . . .

דער עולם האָט זיך איצטער גענומען איבערקוקן איינער מיטן אַנדערן. נישט איבער שלמה'ן האָט מען אַזוי אי צעטומלט און אי פאַר'חידוש'ט געקוקט, נאָר איבער דעם, וואָס ער, שמעון, האָט דער־מאָנט „זיצן ביים טיש און עסן". אין די אויגן האָט זיך פּלוצים אָנ־געהויבן באַווייזן אַ ליכטיק פייערל.

— דו ווייסט, אַז ס'אַ סכנה פאַר אים . . . — האָט ווידער חוה גענומען דערווידערן דעם פאָטערס בקשה.

— סכנה ? . . . — האָט זיך איצט שמעון אַ שטעל געטאָן שאַרף און באַפעלעריש פאַרן עולם אין שבת'דיקן סאַק און אין שבת'דיקן היטל מיטן הויכן דעניק און גענומען קוקן, ווי נישט גע־דולדיק צו הערן דערווידערונגען — כ'האָב געהייסן גיין נאָך עם, טאָ פאַרוואָס גייט מען ניש ? . . .

חוה האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט און איז אַרויס נאָך שלמה'ן.

אַז זי איז צוריקגעקומען מיט אים, זענען די שוועסטער איר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ בשורה, אַז די געפּאָר פאָר שלמה'ן איז שוין פאַרביי.

— דער טאַטע — זאָגט פייגע — וועט שענקען די יודקעס דעם חוב, וואָס עס קומט ביי זיי, אויב זיי וועלן קומען אַרעשטירן שלמה'ן. . . .

— ער וועט זיי פּשוט באַצאָלן פאַר שלמה'ס פרייהייט . . . — האָט שרה'לע אַ שאָקל־צו געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעפּינטלט מיט די שוואַרצע אייגעלעך — און זיי וועלן געווים זעך נישט אָפּזאָגן . . . ס'וועט זיין פאַר זיי אַ מציאה . . .

חוה, אַ ביסל אַ פריטשמעליעטע פון דעם מסחר, וואָס דער פאָטער גייט מאַכן מיט די יודקעס, האָט אָבער באַלד אָנגענומען שלמה'ן אונטערן אָרעם און איז מיט אים אַריין אין אויפנעם־צימער.

אַרום דעם טיש מיט די ברענענדיקע ליכט זענען שוין איצט געשטאַנען אַלע אַנדערע הויז־מענטשן און זיך צוגעהערט צום קידוש, וואָס שמעון, שבת'דיק אָנגעטאָן, האָט געמאַכט. איבערהויפּט האָט פּערל געשלונגען יעדעם וואָרט. זי האָט איצט אַ געוויינט פון פרייד און אַ נאָך מחמת די פריערדיקע פיינלעכע שעה'ן.

חוה און שלמה האָבן זיך אויך צוגעשטעלט צום טיש און מיט פרייד פון אַ צווייפאַכיקער שמחה, — פון צוריקגעקערטן פרידן אין הויז און פון זייער ביידנס צוריקגעקומענעם פערזענלעכן גליק — האָבן זיי אויסגעהערט די קידוש־ווערטער, וואָס זענען איצט געווען אַן אומפאַרגלייכלעכער קוואַל פון דערפרישונג און היילונג.